

ביכער-סעריע

# דאָס פּוילישע ייִדנטום

## 127

רעדאַקטאָר:

מאַרק טורקאָוו

פֿאַרלאַגס-לייטער:

אַבֿרהם מיטלבערג

מ. פייגנבלום

די רשימה פון דערשינענע בענד — צום סוף פון בוך.

אברהם זאַק

# קנעכט זענען מיר געווען

באַנד צוויי



אַרויסגעגעבן דורכן
צענטראַל־פאַרבאַנד פון פוילישע יידן אין אַרגענטינע
בוענאָס־איירעס, 1956 — תשי״ז

## אינהאַלט פון באַנד צוויי:

# אין די טייגעס פון קאָמי

זייט



זייט

# 1

## „פּראָלעטאַריער פון אַלע לענדער, פאַראייניקט אייך!...“

מיר זענען שוין, הייסט עס, ביי א ו נ ד ז ע ר „זאַנע“.

איך קוק אויפמערקזאַם פאַראויס. איך זע פון ווייטנס דעם טויער פון דער „זאַנע“. פאַרנט אַזוי פיל „ג. ק. וו. ד.יסטן“, וואָס דאַרפן אונדז אויפנעמען. דער טויער איז שטאַרק באַלויכטן. איבערן טויער — אַ ברייטער רויטער טראַנספּאַרענט מיט דער אָנשריפט: „פּראָלעטאַריער פון אַלע לענדער, פאַראייניקט אייך!“... איבער דעם טויער פלאַטערט אויך אַ רויטע פאָן מיטן האַמער און סערפּ און מיט די אותיות „סססר“.

— איר זעט? — זאָג איך שטיל צו מיין שכן, דעם „חבר חיים“. — איר זעט ווו דער לאַזונג געפינט זיך?...

— חוזק! באַליידיקונג! — רופט ער אויס שטיל, אָבער מיט אַ סך אויסדרוק און טיפן ווייטיק אין דער שטים.

ער קאָן זיך נישט באַהערשן און רעדט ווייטער אין זיין ווייטיק:

— וועלכע פּראָלעטאַריער רופט מען עס דאָ צו פאַראייניקן זיך?... אפשר די אַלע, וואָס אַרבעטן דאָ אין לאַגער?... און קעגן וועמען רופט מען זיי צו פאַראייניקן זיך?...

— רעדט שטילער אַביסל... — מאַך איך אים אויפמערקזאַם.

ער הערט נישט וואָס איך זאָג אים און ער שיסט ווייטער מיט זיינע פיילן:

— עס וואָלט געווען מער נאַטירלעך, מער אויפן אָרט און עס וואָלט שוין איצט מיך גאָרנישט געחידושט, ווען מיר זעען דאָ הענגען איבערן טויער פון לאַגער אַ האַקן־קרייץ! — — —

איך האָב אין דער רגע געהאַט רעספּעקט פאַר דעם דאָזיקן מענטש: ער איז געווען ערלעך און קאָנסעקווענט, ווען די האַרטע וואָר האָט זיין חלום צעשטערט! — — —

אַזאַ ווייטיק, אַזאַ צער האָט געקאָנט נאָר פילן אַ לויטערע נשמה...

— ווילִיעזאַי!

מיר קריכן אַראָפּ פון די פּלאַטפּאָרמעס און גייען אַריין אינעווייניק דורכן ברייט פֿאַנאַנדערגעעפֿנטן טויער.

מען פֿאַרהאַלט אונדז אויפֿן אינעווייניקסטן פרייען פּלאַץ ביים טויער ביז אַלע „געסט" קומען ביסלעכווייז אַריין. איך וואַרף אַ בליק פון דער ווייטנס. איך זע אַ סך באַראַקן. באַראַקן צעשאָטן אויף אַ גאַנץ גרויסן שטח. עס מאַכט דעם איינדרוק פון אַ היפּשן ישוב. פון דאָ און דאָרט סטאַרטשען הויכע עלעקטרישע לאַמטערנעס, וואָס וואַרפן דאָס גרעלע ליכט אַרום און אַרום.

אַז אַלע זעקס הונדערט פּאַרשוין זענען שוין געווען פון אינעווייניק האָט זיך דאָס טויער פון דער „זאָנע" צוריק פֿאַרשלאָסן.

— פֿאָראויס! נאָך מיר! — דערהערט זיך אַ קאָמאַנדע.

מען פירט אונדז צווישן די באַראַקן. עס אַנטפּלעקט זיך כמעט אַ גאַנצע גאַס. אַ גאַס ווי אין אַ קליין שטעטל. נישט ברוקירט און אָן טראָ־טואַרן. אנשטאָט נאַרמאַלע הייזער — באַראַקן. לאַנגע הילצערנע באַ־ראַקן. טייל באַראַקן זעען אויס לייטישער און מאַכן דעם איינדרוק פון מענטשלעכע וווין־הייזער. אָבער קיין איינציק פֿאָרהאנגל זעט מען נישט אין ערגעץ ביי קיין שום פענצטער. קיין וואַזאָן, קיין בלום, נאָר נאַקעטע, וויסטע שויבן! אָן אַ צייכן פון היימישע ד׳ אמות... אָן אַ סימן פון גע־מיטלעך, משפּחהדיק לעבן...

די קאַרג־באַלויכטענע פענצטער קוקן אומעטיק אַרויס צום דרויסן. קיין דורכגייער זעט מען נישט. אַפּנים, עס איז שוין געגוג שפּעט און די מענטשן פון אַרבעט — די „פּראָלעטאַריער", ווען מען רופט ביים טויער צו „פּאַראַייניקן זיך"... — זיי רוען שוין אַלע נאָכן טאָג קאַטאָרגע...

פֿאַר איין קליין באַראַקל, אויף אַ שטיקל פרייען פּלאַץ, פֿאַרהאַלט מען דעם גאַנצן עולם. אונדזער פירער פֿאַרשווינדט.

פון באַראַקל קומט אַרויס אַן עלטערער רוס, אָן אַ העמד, מיט אַ האָריקער ברוסט.

— וויפל עולם! — רופט ער אויס. — אַרבעט אויף אַ גאַנצע נאַכט.

ווייזט זיך אַרויס, אַז מיר געפינען זיך עס נעבן דער לאַגער־באָד; אַז דער רוס איז עס דער בעדער. מיר מוזן אַלע דורכגיין די באָד. אַזוי „פּאָלאַגאַיעט" זיך לויטן לאַגער־רעגולאַמין. דאָס איז קודם־כל. אַזוי נעמט

מען דאָ אויף די נייע, די פריש־געקומענע. אַזוי דערקלערט אונדז דער בעדער.

— גאַנץ פיין, גאַנץ ווויל, אָבער מיר זענען טויט־הונגעריק! העכער אַ מעת־לעת אין מויל נישט געהאַט... — הערן זיך טענות פון עולם.

— נאָך דער באָד באַקומט איר „אָביעד".

— נו? טאָ לאָז אונדז אַריין אין באָד!

— די באָד איז נאָך קאַלט.

— מאַך עס גיכער, טאָוואַרישטש!

— באַלד, באַלד, — ענטפערט דער „באַנשטשיק".

ער איילט זיך אָבער נישט, דער אַלטער. ער באַקוקט נייגעריק דעם עולם.

— פון וואַנען זענט איר? דייטשן? — פרעגט דער אַלטער תמי־מותדיק.

— וואָס פאַר אַ דייטשן! פּאָליאַקן!

— פאַראַן ביי אונדז אין לאַגער סיי דייטשן, סיי פּאָליאַקן... אַלערליי סוואָלאָטשעס... — רעדט דער „באַנשטשיק" אין זיין גוטן הומאָר.

אונדזער עולם נעמט קריכן אינעווייניק. מען קומט אָבער אַרויס באַלד צוריק.

— אין באָד איז אַ קעלט ווי אין אַן אייז־קאַסטן... — חכמהט זיך איינער.

— שנעלער, טאָוואַרישטש! מיר זענען הונגעריק...

— סוקינסי סיני! געשריען אַ גאַנצן טאָג, מען זאָל ברענגען „טאָפּ־קאָ" (הייץ־מאַטעריאַל)! פון וואַנען זאָל די באָד זיין וואַרעם?

דער אַלטער פאַרעט זיך, שלעפּט ביסלעך האָלץ פון אַ דערנעבנדיקער שאָפּע, וואַרפט צו אין אויוון אַריין.

— באַלד, באַלד — טרייסט ער די אומגעדולדיקע.

אָבער דער „באַלד" דויערט שעהען. מענטשן צעלייגן זיך דערווייל אויף דער ערד פאַר דער באָד. ס'איז אָבער קאַלט. אַ קאַלטע אומהיימלעכע נאַכט. מען שוידערט פון קעלט.

— ווי געפעלט אייך דער קבלת־פּנים?... — פרעגט דער בריסקער.

— מסתמא, — ענטפערט ווער, — וועט מען אונדז אַריינפירן אין פּאַלאַצן... מוז מען פריער גיין צו טבילה...

לסוף הייבט מען אָן מיט מזל אַריינלאָזן אין באָד אַריין. מער ווי אַ

דרייסיק מענטשן מיט אַמאָל נעמט די באָד נישט אַריין. און דאָ 600 מענטשן — ווי לאַנג וועט עס דויערן? יעדע פּאַרטיע מוז דאָך פאַרברענגען אינעווייניק כאָטש אַ פערטל שעה מינימום. הײנט דאָס אויסטאָן און אָנטאָן זיך, דאָס אָפּגעבן און אָפּנעמען די מלבושים אין דער דעזינפעקציע. עס איז אַ פאַרשלעפּעניש ווער ווייס ביז וואַנען.

קיין שטופּעניש, קיין רייסן זיך צו זיין פון די ערשטע איז גראָד נישט געווען, ווייל אַז די ערשטע פּאַרטיע איז אַרויס, האָט זי סיי־ווי־סיי געמוזט וואַרטן אין דרויסן גלייך מיט אַלעמען, ביז וואַנען אַלע וועלן פאַרטיק ווערן. איז וואָס זשע די איילעניש? בפרט אַז דאָס באָדן זיך איז נישט אַזאַ תענוג: אַ באָד אָן הייס וואַסער...

— ווען מיר ווייסן, אַז דאָ איז נישטאָ מיט וואָס צו הייצן, וואָלטן מיר דאָך מיטגענומען אַביסל האָלץ פון ביאַליסטאָק... — חכמהט זיך ווער.

— ווי געפעלן אייך די „פּאָזשאַנדקעס״? מ׳ליגט צווישן וועלדער און — נישטאָ מיט וואָס די באָד אויסצוהייצן.

— פאַניע בלייבט פאַניע... צי ביים רודער איז געשטאַנען ניקאָלאַיקע, צי איצטער סטאַלין — אַלצאיינס! דער זעלבער פאַניע.

אַזוי איז געגאַנגען דער שמועס אַרום דער באָד אין די רעדלעך ליגנדיקע מענטשן.

אַז איך בין אַריין אינעווייניק, איז געווען נאָך אַ צרה: אַפילו קאַלט וואַסער האָט אויסגעפּעלט אין קראַן... נאָכן איינזייפן זיך מיטן באַקומענעם פּיצל זייף איז נישט געווען אַפילו מיט וואָס זיך אָפּצושווענקען... אַלע ווײַלע פלעגט דער קראַן „שטרייקן״ און דער בעדער פלעגט זיך נעמען פאַרען אַרום וואַסער־קעסל.

— ווי לאַנגזאַם עס קריכט דאָס וואַסער! העי, טאָוואַרישטש באַנשטשיק!

— דאָ איז נישטאָ זיך וואָס צו איילן... — ענטפערט דער בעדער, — דאָ איז פאַראַן אַ סך צייט... עד ווי, נאָוויטשקי!... (איר „גרינע״!).

# 2

## „מיר, קאַמי׳קער!“...

אַז כ׳בין אַרויס פון באַד, האָב איך געטראָפן אַ פּאָר לאַגער־מענטשן. דאָס זענען אָרדנערס, וואָס דאַרפן זיך מיט אונדז פאַרנעמען נאָכדעם ווי אַלע וועלן דורכגיין די באַד. היטן היט אונדז שוין קיינער נישט. צו וואָס? וווהין קאָנען מיר שוין איצט אַנטלויפן? אַז אַרום און אַרום איז אַ הויכער פּאַרקאַן, פאַרזיכערט מיט שטעכיקן דראָט און מיט „סטריעלקי“ (שי־סערס) אין די וואַך־טורעמלעך פון אַלע זייטן...

פון דער אַנדערער זייט באַד איז פאַראַן אַ טיר אין דער וועש־שטוב.

דאָ איז מאַגאַזינירט די וועש פאַר די לאַגערניקעס. פאָרנט שטייט אַן אַרבעטער ביי אַ קופּע לאַגער־וועש אויף אַ ברעט און ער פאַרנעמט זיך מיט סאָרטירן און איינלייגן די וועש, העמד צו העמד, קאַלעסאָנען צו קאַלעסאָנען. איך בלייב שטיין האַרט ביי דער טיר און קוק זיך צו ווי ער אַרבעט. באַלד פאַרבינד איך מיט אים אַ שמועס. עס ווייזט זיך אַרויס, אַז דאָס איז אַ ייד. אַ ייד פון לענינגראַד. סיי לויט זיין אויסזען, סיי לויט זיין רעדן מאַכט ער דעם איינדרוק פון נישט קיין גרויען מענטש. כ׳זע פאַר זיך אַן אינטעליגענט. ער דערציילט מיר, אַז ער איז שוין דאָ אַן „איינוווינער“ פון זינט אַ יאָר זעקס...

— וויפל איז אייך נאָך געבליבן?

— נאָך אַזוי פיל סך־הכל...

— גאַנצע 12 יאָר?!

— נעמט זיך נישט איבער מיט יאָרן... מיר, „קאַמיקער“, זענען שוין געוווינט דערצו... איר וועט זיך אויך מיט דער צייט צוגעוווינען...

— פאַרוואָס עפּעס „מיר, קאַמיקער“? — פרעג איך איבער תמי־מותדיק.

— אַך, אַזוי גאַר! איר ווייסט אפילו נישט, ווו איר געפינט זיך איצט... אין וועלכער רעפּובליק...

— איך ווייס טאַקע נישט.

— טאָ זייט־זשע וויסן, אַז איר געפינט זיך איצט אין דער רעפּובליק קאָמי... פאַרדאָן! אין דער קאָמי־אויטאָנאָמישער סאָציאַליסטישער ראַטן־רעפּובליק... פאַרשטאַנען?

— אַ צו לאַנגער טיטל אַפילו... — ענטפער איך איראָניש, — אָבער איצט פאַרשטיי איך שוין אייער קאַלאַמבור: „מיר, קאָמיקער"...

— פראַווילנאָ! ריכטיק! — שמייכלט מיין נייער באַקאַנטער. — איצט זענט איר אויך שוין אַזאַ „קאָמיקער" ווי מיר אַלע דאָ... און מסתמא אויך אויף לאַנגע יאָר...

ווי מאָדנע, ווי אויסטערליש קלינגט דאָ דאָס וואָרט „יאָרן", דערצו נאָך דאָס ווי־צלען זיך איבער די „יאָרן"... אונדזער אויער איז געוווינט תמיד גאַנץ אַנדערש אויפצונעמען דעם דאָזיקן באַגריף: י אָ ר ן — דאָס באַדייט ל ע ב ן . . . דאָס באַדייט ש ו ל... דאָס באַדייט א ו נ י ו ו ע ר ז י ט ע ט, ש ט ו ד י ו ם... דאָס באַדייט דערוואַקסנ־קייט... יאָרן אין עושר און אין כבוד... יאָרן — פשוט אריכת ימים... נחת... פרייד... מיט איין וואָרט: פערזענלעך גליק.. און דאָ אין לאַגער, אין מויל פון די „זע־קאַ", פון די „קאָמיקער" — דאָ באַדייטן יאָרן „סראָק"... לאַגער... פאַרלוירן לעבן — — — —

— פאַראַן אַ סך יידן דאָ אין לאַגער? — פאַלט מיר איין צו פרעגן דעם לענינגראַדער ייד.

— צו קיין „מנין" פעלט אונדז נישט... — ענטפערט ער מיר שוין אין מאַמע־לשון. — אין סאָוויעטסקי סאָיוז מאַכט מען נישט קיין אונ־טערשייד צווישן ייד און גוי. אַלע האָבן גלייכע רעכט צו גיין אין לאַגער אַריין...

זיין סאַרקאַזם געפעלט מיר. איך פרעג אים ווייטער:

— און וואָס פאַר אַ „סטאַטיאַ" האָט איר?

— די 58סטע. דאָס הייסט קאָנטררעוואָלוציאָנערע טעטיקייט... אַזאַ לונג־און־לעבער האָט מען מיר אָנגעטשעפּעט אויף דער נאָז... פאָניאַלי? איר וועט נאָך געוווירן ווערן. איר זענט נאָך „נאָוויטשקי"...

— ווי דאַרף מען אַהער אַדרעסירן? — פרעג איך.

— וואָס? — שמייכלט יענער, — איר ווילט שוין שרייבן בריוו? ס'איז נאָך אַ פראַגע, צי איר האָט רעכט... וואָס פאַר אַ „סטאַטיאַ" האָט איר?

— מיר זענען „ביעזשענצעס".

— דאַ יערונדאַ! (שטותעריי!) אָבער וואָס פאַר אַ „סטאַטיאַ"? אַ פּאָליטישע?

— ווער ווייס. מ'האָט אונדז גאָרנישט געזאָגט.

— ניין, גאָלובטשיק! אויב אייער „סטאַטיאַ“ איז אַ פּאָליטישע, האָט איר נישט קיין רעכט צו שרייבן בריוו. פּאָניאַטנאָ? אויב מען האָט אייך נאָך ביז איצט נישט צו וויסן געגעבן, וועט מען עס נאָך טאָן... אַז איר זענט שוין אַריינגעפאַלן דאָ אַהער, איז פאַראַן אַ סך, אַ סך צייט...

פון זיין „טרייסט“ ווערט מיר גוט קאַלעמוטנע אויפן האַרצן...

— אָבער, טאָווארישטש... זאָגט מיר פונדעסטוועגן דעם אַדרעס... כ'וויל סתם וויסן געגנט, ווו מיר זענען דאָ אויף דער מאַפּע...

— פּאַזשאַלויסטאַ... דער אַדרעס איז: קאָמי־אסס״ר, ראַבאָטשי פּאָ־סיאָלאָק אוכטא 226, טרעטי לאַג־פונקט, וטאָראָי ניעפטאָ־פּראָמיסל... נו, איצט ווייסט איר שוין ווו איר זענט?

— יאָ, איך ווייס... הינטער די הרי־חושך...

— פּראַווילנאָ... פּראַווילנאָ...

איך דריי זיך אום אַביסל הין און צוריק אין שכנות פון דער באָד. אַרום און אַרום איז טויט־שטיל. מ'זעט נישט קיין לעבעדיקן נפש. פון דער ווייטנס זע איך נאָר די צעוואָרפענע באַראַקן מיט די קאַרג־באַלויכ־טענע פענצטערלעך. איך קום צו צוריק צו אונדזער עולם. איך דערצייל וועגן מיין שמועס מיט דעם אַרבעטער אין וועש־מאַגאַזינדל און חזר־אי־בער, וואָס יענער האָט מיר געזאָגט.

— אָבער ווער ווייס, — גיב איך צו — צי מען וועט אונדז דערלויבן צו שרייבן בריוו.

— מ'וועט נישט וויסן, ווו אונדזער געביין איז אַהינגעקומען... — באַמערקט ווער.

— בלויז די „נ. ק. וו. ד.“ וועט וויסן...

זייער פּאַוואָליע גייט־צו דאָס באָדן זיך. פון אינעווייניק הערן זיך קולות. עטלעכע היציקע פאַרשוינען האָבן שוין באַוויזן זיך צו צעקריגן מיטן „באַנשטשיק“ — פאַרן קאַלטן וואַסער אָדער פאַרן פעלן פון וואַ־סער...

— אויף אַזעלכע „פּאַנעס“ האָב איך זיך נישט געריכט... — טענהט דער „באַנשטשיק“. — אויב אייך געפעלט דאָ נישט, קענט איר זיך גיין באָדן ערגעץ אַנדערש... אין אייער וואַרשע...

אויך אונדזערע בלייבן נישט שולדיק קיין תשובה:

— מיר זענען אייך מוחל אייער באָד מיט אייערע לייז... אדרבה,

עפּנט אונדז דעם טויער, גייען מיר אַוועק אַפילו צופוס זיך באָדן קיין וואַרשע...

— פּאַרזיכטיק, גאָלובטשיק — אַ צו שווערער וועג... — חכמהט זיך דער בעדער, — איר וועט זיך דערוויייל אַ צען יאָרעלעך אָפּרוען...

עס ווערט שוין גרויער. די נאַכט צעקריכט ביסלעכווייז. פון דער ווייטנס דערהערן מיר אַ באַוועגונג. ס'גייען פאַרביי גרופּעס מענטשן. דאָס גייען שוין בריגאַדעס צו דער אַרבעט. אַ סך, אַ סך בריגאַדעס. איי־נע נאָך די אַנדערע ציען זיי. פון אַלע זייטן, פון אַלע ווינקעלעך. נישט אַלע גרופּעס מענטשן האָבן מיר געקאָנט זען. דער לאַגער איז צעוואָרפן, געוווג גרויס. מיר זעען נאָר די יעניקע, וועלכע גייען־דורך נישט ווייט פון אונדז. די מענטשן טראָגן מיט זיך אַרבעטס־מכשירים: זעגן, העק, רידלען, לאָמען, קירקעס.

— וויפל מענטשן זענען דאָ פאַראַן אין לאַגער? — פרעג איך ווי־דער מיין נייעם באַקאַנטן אין וועש־מאַגאַזינדל.

— וויפל פאַרשוין זענען אייערע? — פרעגט ער מיך צוריק.

— ביי די 600.

— אויב אַזוי, וועלן מיר שוין איצט צוזאַמען מיט אייך פאַרמאָגן ביי די 3.000.

— אַ גאַנצער ישוב.

— וואָס האָט איר געמיינט? — איראָניזירט דער לעניגראַדער ייד, — אונדזער „גליקלעך היימלאַנד" איז רייך אין מענטשן. מיר האָבן מענטשן ווי מיסט...

און אין אַ ווײַלע אַרום גיט ער מיך אַ פרעג:

— און אין אייער פּאָלשאַ זענען פאַראַן אַזעלכע לאַגערן?...

— ניין, פּוילן איז נעבעך אַן אָרעם לאַנד... זי פאַרמאָגט נישט אַזעלכע לאַגערן...

— זעט איר... איר דאַרפט זיך פילן „גליקלעך", וואָס איר זענט אַריינגעפאַלן צו אונדז... אַ שמאַלצגרוב... קיין בעסער אָרט וועט איר נישט געפינען אויפן גאַנצן ערד־קוגל...

— דאָס שמאַלץ איז אויסגערונען — דער גרוב איז געבליבן... — ענטפער איך אים אין זיין טאָן...

איך רעד שפּעטער מיט דעם „חבר חיים" און מיר חשבונען:

— אויב מיר האָבן שוין ביז איצט געזען אויפן וועג אַזוי פיל לאַ־

גערן... לאַגערן אין די צענדליקער, צענדליקער... און אויב אין אַ לאַגער קאָן זיין אַ 2.000־3.000 מענטשן, (פאַראַן דאָך אויך גרעסערע...) און אויב מיר נעמען נאָך אין אַכט, אַז די לאַגערן זענען דאָך נישט נאָר אויפן צפון, נאָר אויך אין אַנדערע טיילן פון גרויסן רוסלאַנד — אין סיביר, אין קאַזאַכסטאַן, אויף אוראַל און וווּ נישט? — הייבט פרעגט זיך: וויפל־זשע מיליאָנען סאָוויעטישע בירגער (און נישט נאָר בירגער, נאָר אויך פרעמדע, ווי, אַ שטייגער, מיר...) שמאַכטן אין די לאַגערן? — — —

— מיליאָנען שקלאַפן!

— יאָ, דער חשבון שטימט!

# 3

# אין דער נייער „היים"

ערשט זייגער 10 אינדערפרי האָט מען אונדז געפירט פון באָד אין די באַראַקן. מידע און צעבראָכענע. קוים וואָס מיר האָבן געשלעפט די פיס. דער תענית, וואָס דויערט שוין באַלד צוויי מעת־לעת, און די לעצטע צוויי נעכט אָן שלאָף האָבן אויסגענאָגט דאָס רעשט ביסל כוחות.

אויפן וועג באַגעגענען מיר כמעט נישט קיין מענטשן. ס'איז אַר־בעטס־צייט. אַלע זענען אויסער דער „זאָנע", ביי דער אַרבעט. בלויז איינצלנע לאַגערניקעס, וועלכע זענען מסתמא באַשעפטיקט אין דער „זאָ־נע", קומען אונדז אַנטקעגן און קוקן אונדז נייגעריק אָן. אַ סימן, אַז זיי אַרבעטן דאָ אויפן פלאַץ, איז דאָס, וואָס זיי גייען נישט מיט ליידיקן: איינער שלעפט אויף די אַקסלען אַ פולן זאַק; צוויי אַנדערע טראָגן אַ קעסל וואַסער; אַן אַנדערער פירט אויף אַ וועגעלע אָנגעהאַקטע שטיקער האָלץ. גאָר אַן אַנדערער טרייבט אָן אַ מאָגער פערדל, איינגעשפּאַנט אין אַ דאָרפיש פורל. איך קוק זיך צו צו דער משא, וואָס ער פירט: אַ לענג־לעכער קעגנשטאַנד, איבערגעדעקט מיט אַ דעקע.

— וואָס איז דאָס? קוקט נאָר! — זאָג איך צום בריסקער ביי מיין זייט.

— איר זעט נישט, וואָס דאָס איז? אַ בר־מינן...

— טאַקע אַ בר־מינן... מען פירט אים אַרויס.
— אַזוי זעט דאָ אויס אַ לוויה... אַזוי עלנט... אַזוי הינטיש...
— אַ שלעכטער סימן... דער מלאך־המוות מוז דאָ זיין אַן אָפטער גאַסט...

דאָס נעבעכדיקע פערד און וועגעלע מיטן מת האָט ממש אַרויסגע־רופן אַ שוידער. דער אַנטרייבער איז רואיק געגאַנגען ביי דער זייט פון וועגעלע, ווי אויספירנדיק מעכאַניש זיין „נאָרמע"...

— וויאָ! — — — —

מען פירט אונדז צו צו דריי באַראַקן, וועלכע געפינען זיך פאַררוקט אין אַן עק פון דער „זאָנע". די דאָזיקע דריי באַראַקן זענען אַרומגענומען מיט שטעכיקן דראָט. לכתחילה פאַרשטייען מיר נישט די באַדייטונג פון דער „זאָנע" אין „זאָנע"... שפּעטער האָט מען דאָס אונדז אויפגעקלערט: היות ווי אין לאַגער זענען פאַראַן אַ סך „זשוליקעס" און גנבים, וויל מען עס די ערשטע צייט אונדז אָפּהיטן פון זיי, יענע זאָלן צו אונדז נישט קאָנען פריי צוקומען, ביז מיר וועלן זיך באַקענען מיט די באַדינגונגען און וויסן, ווי זיך צו באַגיין מיט די דאָזיקע עלעמענטן.

מיר האָבן פאַרנומען די באַראַקן. צו 200 מאַן לערך אין אַ באַראַק. לאַנגע נאַרעס ביי די ווענט. הוילע נאַרעס, אַפילו אָן שענניקעס. ווי אין תפיסה. אין מיטן לאַנגע, פּראָסטע הילצערנע טישן מיט בענק פוןביידע זייטן. דאָס איז דאָס גאַנצע „מעבל"...

און דאָס איז אונדזער נייע „היים"...

צו דער דאָזיקער „היים" האָט מען אונדז געפירט טויזנטער, טויזנ־טער קילאָמעטער דורך יבשה און וואַסער, דורך פיינלעכע מעת־לעתן און וואָכן...

אונדזער נייע „היים" אין דעם „גליקלעכן היימלאַנד" — — — —

עס פאַרנעמען זיך מיט אונדז אַ חברה אָרדענער פון לאַגער. מסתמא קיך־אַרבעטער. מען גרייט טאַקע פאַר אונדז דעם צוגעזאָגטן „אָביעד", דעם ערשטן „אָביעד". אויפן טיש האָט מען גענומען אויסלייגן „פּייקעס" ברויט. היפּשע „פּייקעס". נעבן איטלעכער „פּייקע" איז געשטאַנען אַ שיסעלע מיט אַ לעפל ביי דער זייט. עולם זעצט זיך אויס ביי די טישן. באַלד האָט מען אַריינגעבראַכט אַ ריזיקן קעסל „קאַפּוסטאַ" (קרויט) און דער טיילער האָט גענומען אָנגיסן אין די שיסעלעך צו צוויי שעפּ־לעפל.
עס איז געוואָרן אַ זופּעריי און אַ דזשאַמדזשעריי. נאָר אַ זאַטער, פון

דער זייט, וואָלט געקאָנט אויפכאַפּן דאָס דאָזיקע טראַגי־קאָמישע בילד פון הונגער... ווי אַזוי מענטשן, נאָך אַ לאַנגן, לאַנגן הונגער, פאַלן צו מיט דער גאַנצער זשעדנעקייט צו אַ שיסעלע וואַרעם געקעכטס. די פּנימער האָבן זיך צעגליט אין דער פּאַרע, וואָס איז אויפגעגאַנגען פון די שיסע־לעך. די אויגן זענען געוואָרן ווילד, צעגלאַנצט. די קעפּ האָבן זיך נישט אונטערגעהויבן. אַלע זענען געווען איבערגעבויגן איבער די שיסעלעך. די לינקע הענט ביי אַלעמען האָבן אַלע ווײַלע אונטערגערוקט דאָס ברויט צום מויל און די רעכטע — די לעפל געקעכטס. דאָס האָט אַזוי לאַנג נישט געדויערט. ווי לאַנג קאָן עס דויערן ביי טויט־הונגעריקע דאָס איינשלינגען אַ שיסעלע זופּ? דאַן האָבן זיך די קעפּ איינציקווייז גענומען אונטערהייבן און אַרומקוקן, צי מען גיט נאָך עפּעס צום קייען...

פאַר דער צייט האָט מען שוין אויך געבראַכט די „ווטאָראָיע" (צוויי־טע געריכט): פיש! גרויסע פאָרציעס פיש! דאָס איז טרעסקאַ, אַ מין געזאַלצענע פיש, ווייך אויסגעקאָכט. אַזוי געזאַלצן, אַז עס קאָן זייער שנעל פון הונגעריק מאַכן דורשטיק... צו די פיש האָט מען צוגעלייגט אַ היפּש ביסל קאַשע. דער הונגעריקער עולם האָט ברייט צעעפנט די אויגן און די מיילער. מען האָט גאָרנישט גערעדט, נאָר געווען פאַרעסקט אין דער אכילה.

פאַר די לאַנגע טישן האָט זיך געוויזן אַן עלטערער מענטש אין מילי־טערישע קליידער. מיר ווערן באַלד געוויר, אַז דאָס איז דער „נאַטשאַלניק סנאַבזשעניאַ" (אַפּראָוויזאַציע־נאַטשאַלניק). מען האָט גענומען עסן פאַר־זיכטיקער, מיט מער „באָן טאָן"...

דער נאַטשאַלניק האָט געהאַלטן אַ גאַנצן „ספּיטש" פאַר די נייע „געסט". ער האָט גענומען כמעט אַ „פּייערלעכע" נאָטע:

— ווי איר זעט, נעמען מיר אייך אויף זייער גאַסטפריינדלעך... אויב איר וועט אַרבעטן ערנסט, „דאָבראָסאָוויעסטנאָ" (געוויסנהאַפט), וועלן מיר שטענדיק זיין צו אייך גאַסטפריינדלעך... מיר שאַצן שטענדיק אָפּ די אַרבעטער, וואָס אַרבעטן מיט פלייס, וואָס מאַכן זייער „נאָר־מע"... פאַראַן אַפילו ביי אונדז סטאַכאַנאָווצעס, וועלכע מאַכן צוויי און מער „נאָרמעס" אַ טאָג... יענע זענען ביי אונדז קיינמאָל נישט הונגעריק...

צום סוף האָט נאָך דער נאַטשאַלניק צוגעגעבן:

— היינט און מאָרגן זענט איר ביי אונדז געסט... רוט אייך אויס... פון איבערמאָרגן אָן — צו דער אַרבעט!

בעת דער דאָזיקער דרשה זענען די מענטשן געווען אין פאַרלעגנ־הייט: דער „באָן־טאָן" האָט געפאָדערט מ'זאָל זיך צוהערן, און דער הונ־גער, פון זיין זייט, האָט גערייצט צום עסן. נישט אַלע האָבן זיך באַ־הערשט און ווי בגנבה אַריינגעכאַפּט איין ביס און אַ צווייטן...

אַז דער נאַטשאַלניק האָט געענדיקט זיין „פּייערלעכן" „ספּיטש", האָט ער דורכגעמאַרשירט לענגאויס די טישן, באַקוקט די „געסט" — די „זאַפּאַדניקעס" (די מענטשן פון מערב) — וועלכע זענען דאָ אַ נייעס אין אַזאַ גרויסער צאָל, און איז אַרויס פון באַראַק. עולם האָט פרייער אָפּגע־אָטעמט און זיך ווידער גענומען מיט דער גאַנצער „פאַרע" צו דער אכילה.

איז אַוועקביים טיש אַ שמועס.

— ווי געפעלט אייך עפּעס די דרשה?

— שיין געדרשנט... מען פאָדערט אַ פּלייצע...

— ווי דען, אומזיסט וועט מען אונדז געבן „קעסט"?...

— מוחל דעם שידוך מיט די „קעסט"...

— מ'האָט אונדז חתונה געמאַכט בגראַנדע...

נאָך דער „ווטאָראָיע" האָט מען געבראַכט אַ קעסל „קיפּיאַטאָק" און מען האָט איטלעכן איינגעטיילט צו צוויי „ציגעלעך" צוקער. דער עולם האָט געזופּט און זיך „פּאָסמאַקעוועט".

דער שמועס ביים טיש גייט ווייטער. די לצים האָבן דאָס וואָרט:

— נו, וואָס זשע זאָגט איר, רבותי, צום מיטיק? אַ כפּרה וואַרשע־ווער „פּיקאַדיללי"... אַבי איר זינדיקט...

— מיר געפעלט בעסער דער „מעניו" אויף דער אַטוואָצקער לי־ניע.... *).

— קנאַפּ וועלדער האָט איר דאָ? נאָך מער ווי אין אָטוואָצק...

— טאָמער וואָלט איר זיך ווייניקער אַביסל געחכמהט — פאַלט אַ כעסדיקע באַמערקונג פון בריסקער. — ווי ווייניק איר דאַרפט צו אייער גוטן „הומאָר"...

— אַז איך בין געוואָרן בגילופין פונעם „קיפּיאַטאָק"...

— סיידן אַזוי... מיר ווערן זען, ווי אַזוי איר וועט זיך חכמהנען אַביסל שפּעטער... בעת איר וועט ווערן אויס „גאַסט"...

געענדיקט מיטן „אַביעד", האָט זיך דער עולם פאַרקליבן אויף די

---

*) אָטוואָצק — אַ קוראָרט הינטער וואַרשע.

נאַרעס. מ׳האָט זיך אויסגעלייגט אין ענגשאַפט. צו הונדערט מענטשן לערך פוןביידע זייטן. מ׳איז געלעגן צוגעפּרעסט איינע צו די אַנדערע, גלייך ווי אין עשאַלאָן. אַזוי וועט עס דאָ דאַרפן אויסזען דאָס „נאָרמאַ־לע״ לעבן... שוין אין די ערשטע מינוטן פילן מיר שוין און ווייסן, וואָס פאַר אַן ענג לעבן מיר וועלן דאָ האָבן אין דער נייער „היים״...

אָנגעגעסענע נאָכן לאַנגן הונגער, — פון דער „פּייקע״ ברויט איז כמעט ביי קיינעם קיין ברעקל נישט געבליבן... — אָנגעזופּט זיך מיטן הייסן „קיפּיאַטאָק״ אַלס „דעסער״, אויסגעמאַטערטע פון לאַנגן וועג, פון די לעצטע קאַלטע נעכט אָן שלאָף — זענען די מענטשן אויף די נאַרעס גיך פאַרזונקען געוואָרן ווי אין אַ תהום... זיי זענען האַרט און געשמאַק געשלאָפן, און טייל האָבן אַפילו אין שלאָף געהאַט גוטע חלומות אויך...

## 4

## איך ווער אַ „דניעוואַלני״

אין אָוונט זענען צו אונדז אין באַראַק געקומען עטלעכע באַאַמטע פון די קאַנצעלאַריעס אין לאַגער. די באַאַמטע — אויך „זע־קאַ״ — האַלטן רשימות אין די הענט און בעטן, אַז אַלע פאַכלייט זאָלן זיך צו זיי מעלדן. עס אינטערעסירן זיי ספּעציעל בוכהאַלטערס.

— ליטעראַטן און זשורנאַליסטן פאַרשרייבט איר אויך?... — פרעג איך זיי אין שפּאַס.

— דערווייל נאָך נישט...

זיי פאַרשרייבן אויך אַלעמען אין פאַרשיידענע אַרבעטס־בריגאַדעס. יעדער מוז האָבן זיין בריגאַדיר, זיין דירעקטן באַלעבאָס.

עמיץ פרעגט די באַאַמטע, פאַרוואָס מען גיט אונדז נישט קיין שע־ניקעס אויף די האַרטע נאַרעס?...

די באַאַמטע שמייכלען. ווי איינער זאָגט: „נאַאיווע מענטשן״...

— לאַדנאָ! לאַדנאָ! — ענטפערן זיי פון יוצא וועגן. — איר וועט נאָך באַקומען.

עס ווייזט זיך ווידער דער „נאַטשאַלניק סנאַבזשעניאַ״. ער קלערט

אונדז ווידער אויף וועגן „דער גרויסער וויכטיקייט פון אַרבעט"... אַז „די אַרבעט וועט אונדז מאַכן חשוב ביי נאַטשאַלסטוואָ"... אַז מיר „דאַרפן נישט טראַכטן פון דער היים"... אַז דאָ אין „סאָוויעטסקי סאָיוז" לעבן אויך מענטשן און אַרבעטן... אַז אויב מיר וועלן אַרבעטן „דאָבראָסאָ־וויעסטנאָ", וועט אונדז דאָ גאָרנישט פעלן.

— נאַדאָ ראַבאָטאַט'! (מען דאַרף אַרבעטן!) — פאַרענדיקט ער זיין נייע דרשה.

איך הער דעם נאַטשאַלניקס דיבורים און טראַכט בעת מעשה: צי קען מען איבערצייגן מיט „שיינע רייד" אַ פויגל אין שטייג, אַז ער זאָל פאַרגעסן אָן דער פרייקייט פון די הימלשע רוימען? די פרייע וועלדער און פרייע לאָנקעס?... אַז אין שטייג איז גוט און וויל און ער דאַרף ווייטער טרילערן זיינע מונטערע לידער? — — —

— וואָלטן זיי בעסער נייזוט געדרשנט, די נאַטשאַלניקעס! וואָלטן זיי געהאַלטן זייער בוימלדיקע פּראָפּאַגאַנדע פאַר זייערע אייגענע, נישט פאַר די מענטשן פון „זאַפּאַד"...

דאָס באַמערק איך דעם בריסקער, וועלכער שטייט ביי מיין זייט.

— ווען זיי קענען אונדזער מענטאַליטעט, וואָלטן זיי זיך אַביסל צוגעשעמט פאַר אונדז, — ענטפערט דער בריסקער. — אָבער זעט אויס, אַז זיי וועלן אונדז שוין „איבערדערציען"...

שפּעטער, אַז דער נאַטשאַלניק איז אַוועקגעגאַנגען, זענען נאָך אַרייַנגעקומען אַנדערע פאַרשוינען צו פאַרשרייבן מענטשן מיט פאַכן. דאָס מאָל זענען עס געווען בריגאַדירן פון וואַרשטאַטן. מען האָט געפרעגט אויף שוסטערס, שניידערס, שלאָסערס, עלעקטראָמאָנטערן. עס האָט זיך געמאָלדן אַ היפּש ביסל מענטשן. ס'האָט זיך נאָכדעם אַרויסגעוויזן, אַז עס האָבן זיך פאַרשריבן אַלס שניידערס אַפילו אַזעלכע יידן, וועלכע האָבן קיינמאָל קיין נאָדל נישט געהאַלטן אין האַנט. זיי האָבן עס געטאָן, ווייל זיי האָבן פאַרשטאַנען, אַז אין שניידער־וואַרשטאַט איז אַוודאי לייכטער צו אַרבעטן איידער ערגעץ אַנדערש.

— סטייטש! ווי אַזוי האָט איר זיך פאַרשריבן, נישט קענענדיק די מלאכה? — פרעגט ווער איינעם. — דו ביסט דאָך אין דער היים געווען אַ סוחר.

— אַ וואַזשנע קונץ אין לאַגער צו זיין אַ שניידער! — ענטפערט

יענער. — וואָס מיינט איר, אַז דאָ נייט מען פראַקן? אַ לאַטע וועל איך זיך אויסלערנען צו לייגן...

גערעכט דער ייד. אין די וואַרשטאַטן וועט מען זיכער האָבן אַ בע־סערע מערכה. אָבער נישט אַלע האָבן דאָך געהאַט די חוצפה צו זאָגן, אַז זיי זענען שניידערס צי שוסטערס, בעת זיי זענען אין דער אמתן געווען עפּעס אַנדערש. אַזוי צי אַזוי — די פאַרשריבענע האָט מען דערוייל מקנא געווען.

אויף דעם אַנדערן טאָג האָבן מיר געגעסן אין אונדזערע באַראַקן. עמיצער פון קיך איז געקומען נאָך אַ פּאָר מענטשן צו ברענגען די קעסלען.

מען רוט זיך טאַקע אויס דערווייל די פּאָר טעג: מען עסט מיט אַפּע־טיט די „פּייקעס" ברויט, די „שטשי", די צווייטע געריכט, וואָס באַשטייט פון פיש מיט קאַשע — שוין קלענערע פּאַרציעס ווי נעכטן... נאָכן עסן ליגט מען אויף די נאַרעס און מ׳כאַפּט אַ דרימל. שפּעטער קריכט מען אַרום אין דרויסן, צווישן די באַראַקן, אין קליינעם שטח פון אונדזער אַרומצוימונג. מ׳טרעפט זיך מיט דעם, מיט יענעם, מען שמועסט, מ׳רעדט זיך אַראָפּ פון האַרץ, מען קאָנסטאַטירט, אַז — מיר זענען אין „פּעקל"...

עס כאַפּן זיך צו צו אונדז רוסן פון יענער זייט פאַרצוימונג און מען רעדט זיך אַריבער דורך די דראָטן. עס קומען אויך צו אַ פּאָר רוסישע יידן. די יידן וואָרענען אונדז פאַר די רוסן:

— היט די קעשענעס... דאָס זענען די ערגסטע זשוליקעס...

די רוסן פרעגן, צי מיר פאַרקויפן עפּעס: אפשר אַ פּוילישן פּידזשאַק? אַ פּויליש העמד? זיי לייגן־פאָר צו צאָלן אין „נאַטור": מיט „פּייקעס" ברויט, מיט צוקער.

— מאַכט מיט זיי נישט קיין געשעפטן! — זאָגן־אונטער די יידן. דערביי בעטן זיי, אַז אויב מיר האָבן עפּעס צו פאַרקויפן, זענען זיי אויך בעלנים...

— ווי לעבט זיך אייך דאָ, יידן? — פרעגט מען זיי.

— אויף אַלע יידישע שונאים געזאָגט... — ענטפערט איינער פון זיי. — איר וועט שוין פאַרזוכן דעם טעם...

— פאַרוואָס זענט איר אַוועק פון אייער פּאָלשאַ? — פרעגט אַ צוויי־טער ייד.

— איר ווייסט דען נישט, דער דייטש... ער טוט דאָך אָן געברענ־טע צרות יידן...

— אַלץ בעסער ווי דאָ... איר מיינט, אַז דאָ וועט איר לעקן האָ־ניק?... אָ־האָ!...

אין אָוונט קומט־אַריין דער קאָמענדאַנט פון אונדזערע באַראַקן און גיט אונדז צו וויסן, אַז פון מאָרגן אָן גייען מיר צו דער אַרבעט. דער „פּאַדיאָם" (דאָס אויפשטיין) איז 5 אַזייגער באַגינען.

אונדזער עולם האָט עס אויפגענומען מיט טרויעריקע ווערטלעך:

— אויס יום־טוב!

— ווי האָט געזאָגט דער נאַטשאַלניק? „נאַדאָ ראַבאָטאַט'!"...

— וואָס־זשע? בחינמדיקע „קעסט" ווילט איר?

— מען וואַשט זיך צו אונדז...

— פאַר די סאָוויעטישע „פּייקעס" וועלן מיר טייער באַצאָלן...

דער קאָמענדאַנט הייסט אונדז אויסקלייבן אַ „דניעוואַלני" פאַרן באַראַק. די אויפגאַבע פון „דניעוואַלני", דערקלערט ער, איז צו האַלטן ריין דעם באַראַק, די נאַרעס, די פּאָדלאָגעס, אַריינטראָגן וואַסער און, דער עיקר, אָפּהיטן פון גניבות.

— קלייבט אויס אַזעלכן, — זאָגט ער, — וואָס איז אַליין נישט קיין גנב...

אין פלוג האָבן אַלע געמיינט, אַז זיין אַ „דניעוואַלני" איז אַ גרויסע „פּריווילעגיע": אַ קלייניקייט, נישט דאַרפן גיין צו דער קאַטאָרגע אין וואַלד!

— וועמען לייגט איר פאָר? איר קענט דאָך אייערע לייט, — ווענדט זיך דער קאָמענדאַנט צום באַראַק.

מ'האָט אויסגערופן מיין נאָמען. דאָס האָבן געטאָן די מענטשן, וועל־כע האָבן מיך געקענט פון וואַרשע (געקענט מיך אַפילו פון לייענען...) און זיי האָבן געהאַלטן, אַז אַזאַ „בכבודיקער" פּאָסטן קומט נאָר מיר...

איך האָב זיך נישט קעגנגעשטעלט: איך האָב טאַקע אויך געמיינט, אַז די דאָזיקע אַרבעט וועט פאַר מיר זיין גרינגער. עס האָט מיך גע־שראָקן דער וואַלד! און כ'בין באמת געווען דאַנקבאַר די מענטשן, וועלכע האָבן מיר אַרויסגעוויזן אַזאַ חסד...

דער קאָמענדאַנט נעמט־אָן מיין „קאַנדידאַטור".

— אַז די מענטשן וועלן מאָרגן נאָכן „פּאַדיאָם" אַרויסגיין צו דער אַרבעט, בלייב דו אין באַראַק, — גיט ער מיר אַ פאַראָרדענונג.

און ער וואָרנט מיך דערביי מיט זיין גאַנצן „אויטאָריטעט“ און דערמאָנט מיר מיינע פליכטן:

— אָבער זע, היט אָפּ די אָרדענונג און די ריינקייט!

מיט אַ שווער געמיט האָבן זיך די מענטשן אויסגעלייגט אויף די נאַרעס אין דערוואַרטונג פון מאָרגנדיקן טאָג.

## 5

## דער ערשטער „פּאַדיאָם“

— פּ־אַ־ד־י־אָ־אָ־אָם־ם־ם!

ס'איז נאָך געווען פינצטער, ווען דער דאָזיקער שניידיקער, גראָבער רוף האָט זיך צעטראָגן איבערן באַראַק. מענטשן אויף די נאַרעס האָבן זיך אויפגעריסן פון שלאָף. דאָס רוב איז געלעגן אין די זאַכן, ווייל די נאַרעס זענען דאָך געווען הוילע, האַרטע. אַנדערע האָבן נאָר אַראָפּגעוואָרפן די מאַרינאַרקעס און זיך דערמיט איבערגעדעקט איבערן קאָפּ. נאָך אַזאַ שלאָף אויף די האַרטע ברעטער איז קיינער נישט אויפגעשטאַנען קיין אויסגערוטער. עס האָט אויך ווייניק אָפּגעפרישט דאָס אויבערפלעכלעכע כלומרשטע וואַשן זיך ביים בלעכענעם וואַש־געשטעל מיט דער שורה אַראָפּהענגענדיקע קראַנדלעך, אין דרויסן פאַרן באַראַק. נישט אַלע האָבן געהאַט מיט וואָס זיך אָפּצווווישן. איך האָב זיך כסדר באַנוצט מיט מיין איינציקן נאָז־טיכל, ווי מיט אַ האַנטוך... איך האָב עס כסדר געמוזט איבערוואַשן, און כסדר איז עס מיר געווען נאַס אין דער טאַש...

פיר פון אונדזערע מענטשן זענען באַגלייט געוואָרן דורך אונדזער קאָמענדאַנט אין דער „סטאָלאָווקע“ נאָכן פרישטיק: אין איין קעסל האָט מען געבראַכט אַ שיטערע גרויפּן־זופּ און אין צווייטן — „קיפּיאַטאָק“. די זופּ האָט מען איינגעטיילט צו איין שעפּ־לעפל אויף אַ פּערזאָן און „קיפּיאַטאָק“ האָט מען געקאָנט אַליין זיך נעמען אַפילו צוויי טעפּעלעך. אָבער גיי טרינק — אַז עס איז נישט געווען מיט וואָס צו עסן. דאָס ברויט וואָס מען האָט נעכטן באַקומען האָבן שוין אַלע אויפגעגעסן: דאָס געפיל פון הונגער איז ביי קיינעם נישט פאַרביי, און קיינער האָט נישט

געקאָנט ביישטיין דעם נסיון און איבערלאָזן כאָטש אַ פּיצל ברויט צו פרישטיק.

— שנעל, שנעל! — האָט דער קאָמענדאַנט אונטערגעטריבן דעם עולם, וואָס האָט נאָך געהאַלטן אין זופּן דעם „קיפּיאַטאָק", וועלנדיק אַזוי אַרום אָפּנאַרן דעם הונגער.

באַלד האָבן זיך געוויזן אין באַראַק עטלעכע רוסן — די בריגאַדירן.

— קומט אַרויס, רעביאַטאַ! — צעליאַרעמען זיך די בריגאַדירן.

יעדער בריגאַדיר לייענט אויס פון אַ רשימה זיינע מענטשן און פירט זיי אַרויס פון באַראַק. אין משך פון אַ פינף מינוט איז דער באַראַק געבליבן ליידיק. בלויז איך איינער — דער „דניעוואַלני" — בין געבליבן.

אין ערשטן אויגנבליק האָב איך זיך געפילט מעשה „יחסן": אַלע זענען טאַקע אַוועק צו דער שווערער פּראַצע און איך בין געבליבן אין באַראַק.

צו וואָס נעמט מען זיך פריער?

אין אַ ווײַלע אַרום קומט אַריין דער קאָמענדאַנט.

— נו־קאַ, דניעוואַלני! צו דער אַרבעט! אָט דאָ אין ווינקל האָסטו אַ בעזים. באַגיס פריער די פּאָדלאָגע מיט וואַסער.

צוערשט מוז איך אָפּרייניקן די טישן, וועלכע זענען פאַרשמוצט געוואָרן ביים עסן. איך געפין אויס אַ שמאַטע, נעם אָן אַ בלעכל וואַסער, וואַש און רייב די לאַנגע טישן. נאָך דעם נעם איך זיך צום בעזים. אַ ריזיקער געדיכטער בעזים מיט פרישע ריטער: דער מין דאַרף דאָ נישט פעלן צווישן די אומענדלעכע וועלדער. איך קער פּאַמעלעך און גרינדלעך, אָנהייבנדיק פון סאַמע אויבן־אָן אין באַראַק, אין דער ריכטונג צו דער טיר. איך קער אויך אָפּ די נאַרעס, פון אונטער די נאַרעס — קיין שמוץ פעלט נישט... אַזוי פיל מענטשן טאָפּטשען אָן מיט די שיך, אַזוי פיל ווערט עס דאָ פאַרחזירט... אָבער איך אַרבעט „דאָבראָסאָוויעסטנאָ" — ווי דער „נאַטשאַלניק סנאַבזשעניאַ" האָט געפאָדערט... איך מוז דאָך אַגב אָפּהיטן מיין „פּריווילעגירטן" פּאָסטן... דער קאָמענדאַנט כאַפּט זיך אַריין פון צייט צו צייט אַ בליק צו טאָן ווי איך אַרבעט.

— לאַדנאָ! לאַדנאָ! — מאַכט ער מיר אַ קאָמפּלימענט. — אָבער זע נאָר זע, די נאַרעס. די נאַרעס זענען נאָך נישט אַזוי ווי מען דאַרף. וויפל בלאָטע!

— דאָס איז אַלטע, איינגעגעסענע בלאָטע — דערקלער איך אים

— מען מוז עס וואַשן מיט הייס וואַסער. איך האָב נאָר מיטן בעזים אָפּ־געפּוצט.

— פּאַרפּאַלן. אַ „דניעוואַלני" מוז אַלץ מאַכן. האָסט צייט אַ גאַנצן טאָג צו אַרבעטן. דער „נאַראָד" גייט דאָך פרי אַוועק, קיינער שטערט דיר נישט. דאָס איז דיין „אָביאַזאַננאָסט" (פליכט)...

פון דעם קאָמענדאַנטס „טיראַדן" זע איך, אַז די „לייכטע" אַרבעט פון אַ „דניעוואַלני" איז אַ נישקשהדיקע קאַטאָרגע... אדרבה, עס שיינט מיר, אַז צו האַלטן אַזאַ ריזיקן באַראַק אין אָרדענונג קאָן גאָר קיינמאָל נישט קלעקן נישט קיין צייט און נישט קיין כוחות. ס'איז אויך נישט דער־פּאַר, ווייל עס איז דער ערשטער טאָג; די דאָזיקע אַלע אַרבעטן וועלן זיך דאָך איבערחזרן כסדר, אַלע טאָג — די לאַנגע טישן, וועלכע ווערן צוויי מאָל אין טאָג פאַרשמוצט; רייניקן די ריזיקע פּאָדלאָגע, שלעפּן וואַ־סער און אַחוץ דעם — כסדר היטן דעם באַראַק פון גנבים; כסדר האָבן דעם באַראַק אויפן אויג; שטענדיק ציטערן אַרויסגיין אַ ווייל אויף דרויסן.

— איין מאָל אין וואָך, שבת, — „לערנט" מיך ווייטער דער קאָ־מענדאַנט, — מוז מען גרינדלעך וואַשן די פּאָדלאָגע! די פּאָדלאָגע מוז דעמאָלט גלאַנצן ווי... (דאָ באַנוצט ער אַ נישט־קאָרעקטן פאַרגלייך). פּאָניאַל?

— וועל איך עס אַליין קאָנען וואַשן אַזאַ ריזיקע פּאָדלאָגע?

— ניטשעוואָ, דו וועסט עס שוין מאַכן. דו גייסט דאָך נישט אין וואַלד...

— אָבער...

— וואָס־זשע מיינסטו, אין לאַגער שפּילט מען זיך? פאַרגעס נישט, אַז אין וואַלד איז אַ סך שווערער. איצט איז נאָך וואַרעם, אָבער ווינטער, אין די גרויסע פרעסט... אָ, די פרעסט! אין זייער זונהשער מאַמען אַריין... דאַרפסט זיין גליקלעך, שייערנדיק די פּאָדלאָגע.

פּרוּוו איך ווידער רייבן די נאַרעס מיט דער שמאַטע, מיטן בעזים. די שמוץ איז אַזאַ פאַרטריקנטע, איינגעגעסענע, אַז אַפילו ווען די היזד־ראַנטן פון פייערלעשער וואָלטן שעהען זיך געגאָסן אויף די נאַרעס, וואָלט דער שמוץ נישט אַוועק... אַפילו ביי מיין אויבנאויפיקן רייניקן נעם איך אַראָפּ שמוץ נישט ווייניקער ווי פון די פּאָדלאָגעס...

איך אַרבעט — און דער קאָמענדאַנט זעצט ווייטער פאָר זיינע „טי־ראַדן". ער האַלט מיך אין איין „לערנען", אין איין „דערציִען":

— דער עיקר, אַכטונג געבן. פאַראַן ביי אונדז זייער אַ סך זשוליקעס... פון אונטער דער האַנט וועלן די בליאַדעס צוציען אַ „פייקע" ברויט, אַ שטיקל זייף, אַפילו אַ פאָר שיך — וואָס עס לאָזט זיך. איך קען נישט אייער „נאַראַד", אָבער אונדזערער... אין זייער זונהשער מאַמען אַריין!

„ס'איז מיר גוט — טראַכט איך, — אַ שיין פעקל גענומען אויף מיינע פּלייצעס... און דאָס הייסט נאָך: געכאַפּט אַ מציאה."

אַ גאַנצן טאָג האָב איך מיר אַזוי אָנגעהאָרעוועט ביים עבודת פּרך. אַ קלייניקייט, זיין אַ „דינסט־מויד" פון אַזאַ גרויסן פאַרחזירטן באַראַק! פון אַזאַ האָרעוואַניע האָבן מיר אַלע אברים ווי געטאָן. מיינע הענט האָבן אַ גאַנצינקן טאָג נישט גערוט. רק שייער און רייב.

אין אָוונט איז דער עולם צוריקגעקומען פון וואַלד — פון ערשטן טאָג אַרבעט: פאַרחושכטע, פאַרמאַטערטע, הונגעריקע ווי די וועלף. אַ גאַנצן טאָג מוז מען אין וואַלד אָפּקומען מיטן בלויזן נישטיקן פרישטיק — די פּאָר לעפל זופּקע פון באַגינען און דער „קיפּיאַטאָק". דערצו האָט מען נאָך געמוזט מאַכן אַ לאַנגן מאַרש הין און צוריק — שוין מיט די לעצטע כוחות... ערשט איצט הייבט מען אָן אַרויסגעבן די „פייקעס" ברויט און דעם „אָביעד", וואָס פיר אונדזעריקע ברענגען פון דער „סטאָלאָווקע".

די שטילקייט פון גאַנצן טאָג האָט פּלוצלונג געפּלאַצט. עס הייבט זיך ווידער אָן דער טומל, דער יאַרידל. מען שטויסט זיך איינע אָן די אַנדערע. עס הערן זיך שוין קריגערייען, זידלערייען. אַלץ מחלוקת צוליב נישטיקייטן, נאַרישקייטן.

באַלד נעמט מען זיך אויך צו מיר — צום „דניעוואַלני":

— דניעוואַלני! ווי אַזוי גיסטו אַכטונג?... ווער האָט געלקחנט מיין ברויט?

עס דערמאָנט אים ווער, אַז די גאַנצע „פייקע" האָט ער נאָך נעכטן פאַרצוקט ווי אַ הונגעריקער וואָלף.

— אַנטשולדיקט, גאָר פאַרגעסן. — פאַרענטפערט ער זיך פאַר מיר. — מיר האָט זיך עפּעס געחלומט, אַז איך דאַרף נאָך האָבן אַ פּיצל ברויט אונטערן צוקאָפּנס.

— דניעוואַלני! — שרייט אַן אַנדערער — האָסט נישט געזען מיין האַנטוך? ווו איז מיין האַנטוך?

— דניעוואַלני! — שרייט אַ דריטער — פאַרוואָס איז פאַראַן אַזוי ווייניק וואַסער אין באַראַק?

פון אַלע זייטן האָבן זיך געשאָטן אויף מיין אַדרעס טענות און פּרעטענזיעס — נאָך אַזאַ ביטערער האַרעוואַניע! הייגט למה זה אנוכי? צו וואָס טויג עס מיר דער גרויסער „חסד"?...

איך פרעג אויס דעם און יענעם ווי אַזוי עס איז צוגעגאַנגען דער ערשטער טאָג אין וואַלד.

— איר זענט אַ גליקלעכער מענטש... — זאָגט מען מיר. — אַ גאַנצן טאָג האַק און זעג דיביימער, האַק און זעג...

— און קיין לעפל עסן גיט מען נישט...

— און קיין פּיצל ברויט איז נישטאָ...

— אַפילו קיין וואַסער נישטאָ אין וואַלד די קעל אָפּצופרישן...

— הייגט דאָס קאַרטשעווען! ס'אַראַ ריזיקע פניאַקעס!

פון אַלע זייטן האָבן זיך געשאָטן די „אינפאָרמאַציעס" וועגן דער פּראַצע אין וואַלד.

— ס'איז מיר אויך נישטאָ וואָס מקנא צו זיין... — „טרייסט" איך זיי.

און אויך איך רעכן זיי אויס אַ צעטל פון אַלע מיינע אַרבעטן פאַרן טאָג.

— מ'האָט אונדז לייטיש איינגעזייפט... — באַמערקט ווער.

נאָך די אַלע דערציילונגען פון וואַלד טראַכט איך, אַז מען דאַרף פּרוון נאָך עטלעכע טעג צו געניסן פון מיין „זכות". אפשר? עס גייט דאָך צו ווינטער...

באַלד דערהערן זיך ווידער קולות:

— דניעוואַלני! דאָס פעסל איז שוין ליידיק... ברענג נאָר אַריין וואַסער!

— דניעוואַלני! ווער האָט איבערגערוקט מיין רוקזאַק צום עק נאַרע? אַזוי אַלע ווילע מיט אַנדערע טענות.

ווי איך זע, איז זיין אַ „דינסט־מויד" אין באַראַק אַ ביטערער ענין, גאָרנישט קיין דאַנקבאַרע מלאכה. און שוין נאָכן ערשטן טאָג גלוסט זיך מיר אָפּצודאַנקען. איך האַלט זיך אָבער איין ווי מיט צוואַנגען.

# 6
# אַן אומגעריכטע באַגעגעניש

איין טאָג האָב איך געהאַט אַן אויסטערלישע באַגעגעניש אין לאַגער.

בעת אַ פּאָר מענטשן פון מיין באַראַק זענען געגאַנגען נאָך „קיפּיאַ־טאָק״, האָבן זיי מיר געבראַכט אַ גרוס פון עפּעס אַן אומבאַקאַנטן ייד, וועלכער אַרבעט דאָרטביים „טשאַן״ (רעזערוואַר־קעסל). ער וויל מיך זען. ער האָט זיי געזאָגט, אַז ער קען מיך און בעט מיך זייער, איך זאָל צוקומען. עס האָט מיך שטאַרק פאַרחידושט: אין דער דאָזיקער וויסט־קייט, אין „עק וועלט״, זאָל זיין אַ מענטש, וואָס קען מיך?... און פון וואַנען ווייס ער עס, אַז איך בין דאָ? כ׳בין געווען זייער פאַראינטערע־סירט און נאָך דעם זעלבן טאָג בין איך מיטגעגאַנגען מיטן קעסל נאָך „קיפּיאַטאָק״.

איך בלייב שטיין פאַרן „טשאַן״. אַ ריזיקער קופּערנער קעסל, וואָס באַזאָרגט דעם גאַנצן לאַגער מיט „קיפּיאַטאָק״.

באַלד וואַקסט אויס פון הינטערן קעסל אַן אַרעסטאַנט פון נידע־ריקן וווקס, בלויע מילדע אויגן און ווינקלדיקן שטערן.

איך פרעג אים לכתחילה אין רוסיש, הגם איך דערקען, אַז דאָס איז אַ ייד:

— אפשר ווייסט איר, עמיצער האָט היינט אויף מיר דאָ געפרעגט.

— איר זענט עס אברהם זאַק פון וואַרשע?... — איבערראַשט ער מיך גלייך מיט אַ פראַגע און דווקא אין יידיש.

— יאָ, איך.

— דאָס האָב איך אייך טאַקע געבעטן צו קומען.

— זאָגט מיר, כ׳בעט אייך, ווער זענט איר?

— כ׳בין אייערס אַ לייענער...

— פון וואַנען? פון ווען?

און כ׳קוק אַן נאָך מער פאַראינטערעסירט דעם דאָזיקן „זע־קאַ״: זיין לאַגער־הולך, זיין אַלטע בלוזע און כאַקי־הויזן, די גרויסע צעכליאַ־פּעטע אַרבעטס־שיך. זיין דיקלעך פּנים איז געווען שוין לאַנגע טעג נישט ראַזירט און אויסגעשאָטן מיט בלאָנדע הערעלעך. נאָר די אויגן — די

יידישע אויגן — פאַרמאָגן דעם ספּעציפישן פונק, וואָס נאָר אַ ייד קאָן זיי דערפילן.

און דער דאָזיקער ייד פון דער פאַרוואָרפענער טייגע צערעדט זיך:

— אַ סך, אַ סך צו רעדן... קוקט נישט אויף מיין „עלעגאַנטן" הולך... אויף מיין „ספּעצאָווקע"... כ'בין אַמאָל געווען אַנגעטאָן ווי אַ נאָרמאַלער קולטור־מענטש, ווי אַן אייראָפּייער... דאָ האָבן „אַלע יוונים איין פּנים"... אָבער מיר וועלן נאָך שמועסן... איר זענט דאָך שוין, צום באַדויערן, אַ היגער... איך קען אייך פון וואַרשע. נישט פּערזענלעך, נאָר פון אייער „אונטער די פליגל פון טויט"... איך קאָן אייך אַפילו דערמאָנען אַ גע־וויסן פראַגמענט, וואָס איז מיר געבליבן אין זכרון...

און ער דערמאָנט מיר אַ שטעלע פון בוך מיט אַזאַ גענויאיקייט, און דאָס האָט מיך נאָך מער גערירט.

— ווען און ווי אַזוי קומט איר אַהער? פון וואַנען?

— איך האָב געוווינט אַמאָל אין וואַרשע. באַלד נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה. געווען אַן אַקטיווער מיטגליד פון די לינקע „פּועלי ציון". געווען באַקאַנט מיט זרובבלען, מיט בוקסבוימען. פלעג אָפט אַרויפקומען אין לאָקאַל אויף קאַרמעליצקע. איך אַליין אָבער בין פון וויטעבסק — און דאָ הייבט זיך אָן מיין אומגליק... היות ווי מיין גאַנצע משפּחה איז געווען אין וויטעבסק, איז מיר מעשה־שטן אין יאָר 1923 איינגעפאַלן דאָס משוגעת אַריבערצוכאַפּן זיך קיין וויטעבסק. נו, האָב איך פונדעסט־וועגן אָפּגעלעבט אין רוסלאַנד ביז 1937. ווי אַזוי — דאָס איז אַ טעמע אויף אַן אַנדערש מאָל... מיר וועלן נאָך שמועסן... אין יענעם פאַטאַלן 1937 — אפשר האָט איר אין פּוילן געהערט? — איז ביי אונדז פאָר־געקומען די גרויסע „טשיסטקע"... מ'האָט דאַן אויסגערייניקט די אַלע, וועלכע זענען אַמאָל געווען אין אויסלאַנד... נו, אַזוי ווי איך האָב דאָך אַמאָל געוווינט אין וואַרשע, בין איך אויך אַריינגעפאַלן אַהער...

— אין ווי לאַנג זיצט איר שוין דאָ?

— רעכנט פון 1937. שוין פיר יאָר באַלד...

— איר האָט אַ „סראָק"?

— אַוודאי, ווי דען? 10 יאָר... ווי איז עס דאָ מעגלעך אַ מענטש אָן אַ „סראָק"?...

— צען יאָר? פאַרוואָס? פאַרוועץ?

— אַזוי איז עס, ליבער פריינד. ס'איז אונדזער אַלעמענס בראָך...

אַ סך צו רעדן. נישט על רגל אחת... אַז כ׳האָב דערהערט, עס זענען אָנ־געקומען יידן פון פוילן, האָב איך גענומען נאָכפרעגן אויף וואַרשעווער. נו, האָט מיר עמיצער פון אייער באַראַק אָנגערופן אייער נאָמען... האָט עס מיך געפרייט און, פאַרשטייט זיך, גלייכצייטיק געקרענקט: געפרייט, וואָס עס וועט זיין מיט וועמען אַ וואָרט אַמאָל אויסצורעדן, אָפּנעמען אַ גרוס פון דער פרייער וועלט... געקרענקט, וואָס אויך אַ יידישער שרייבער נעבעך פון פוילן איז אַריינגעפאַלן אין אונדזער אומגליק...

די דאָזיקע באַגעגעניש האָט מיך גערירט ביז טרערן. ווו יידישע נשמות ווערן פאַרוואָגלט! פאַרוואָס אַזאַ קללה אויף די מענטשן?...

ביים אַוועקגיין האָט ער מיר שטאַרק געדריקט די האַנט:

— זייט געשטאַרקט: דאָ דאַרף מען קאָנען אויסדויערן... אפשר... אפשר וועט נאָך אַמאָל געשען אַ נס אין אונדזער לאַנד און די פאַרשאָל־טענע לאַגער־טויערן וועלן זיך פאַר אונדז אָן עפן טאָן? — — — —

— זאָגט מיר אייער נאָמען.

— איך הייס גורעוויטש, מיך קאָנט איר שטענדיק זען דאָ ביים „טשאָן״. נאָר איך וועל שוין קומען צו אייך.

— איך דאַנק אייך באמת, פריינד גורעוויטש! נישט געריכט זיך צו טרעפן אַ היימישן ייד אין די טייגעס...

## 7

## אויס „דינסט־מויד״ — בעסער אין וואַלד אַריין!

פיינלעד־שווער האָבן זיך געצויגן די ערשטע טעג אין באַראַק. טעג פון וויסטן יאָך. אַ יאָך פון אַ „דינסט־מויד״, וואָס דאַרף באַדינען אַ צוויי הונדערט „פענסיאָנערן״, אויסהערן אַלעמענס טענות און אויסשטיין אַלע־מענס קאַפּריזן, און דערצו נאָך „פענסיאָנערן״ אומצופרידענע, אומ־גליקלעכע, וואָס זוכן אויסצולאָדן אויף עמיצן זייער אָנגעלאָדן האַרץ... איז אויף וועמען זשע קאָן מען דאָ אויסלאָדן דעם כעס, אויב נישט אויף אַן „אייגענעם״, פאַר וועמען מען האָט קיין מורא נישט?... און דאָס איז דאָך דער „דניעוואַלני״... נאָך אַ גאַנצן טאָג רוימען און רייניקן דעם באַ־

ראָק און אַרום באַראַק, נאָך דער גאַנצער שװערער האַרעװאַניע מײנער פּלעגן די קאַפּריזן פון דערשלאָגענעם עולם זײן פּאַר מיר װי זאַלץ אויף די װונדן...

אײן טאָג, בעת אַ קלײנער הפסקה אין דער אַרבעט, כאַפּ איך אַ שמועס מיטן קאָמענדאַנט. עס איז מיר געלונגען צו פּאַקן מאַכאָרקע אויף עטלעכע פּאַפּיראָסן און כ׳בין אים מכבד. ער גיט מיר אַ שטיקל צײטונגס־פּאַפּיר און מ׳דרײט אויף די ציגאַרעטלעך. מיר רויכערן בײדע און ציען אַרײן דורשטיק דעם רויך מער פונעם צײטונגס־פּאַפּיר װי פון מאַכאָרקע. דער קאָמענדאַנט איז בעסער אויפגעלײגט און רעדט מיט מיר אָפּנהאַרצי־קער. איך װײס, אַז ער הײסט קאַמינסקי, אַז ער איז אַ „זע־קאַ״ גלײך װי מיר אַלע און אַז ער זיצט אין לאַגער װי אַ „ביטאָװיק״ (שטײגער־פּאַרברע־כער), נישט װי קײן פּאָליטישער. דערפאַר טאַקע איז ער פּריװילעגירט און איז קאָמענדאַנט איבער אַ רײ באַראַקן.

מיר זיצן אויף דער שװעל פון באַראַק. ס׳איז אַ זוניקער טאָג. אַ בלויער הימל שפּרײט זיך װײט צום האָריזאָנט, איבער די װעלדער.

— װי מײנט איר, טאָװאַרישטש קאָמענדאַנט, איז נישט בעסער אין אַזאַ טאָג צו גײן אין װאַלד?

— יאָ, גײן אויף „פּראָגולקאַ״ איז בעסער. אָבער אויב צו דער אַר־בעט... איז זײ נישטאָ װאָס צו זײן מקנא... דאָס זאָגט דיר אַן אַלטער לאַגערניק.

װי לײכט ער זאָגט מיר „דו״... עס שאָקירט אַזױ...

— װי לאַנג פאַרברענגט איר שוין דאָ?

— שוין 5 יאָר. איך דאַרף נאָך דערציען ביז נאָך 5 יאָרלעך...

— און מיר, „ביעזשענצעס״, האָבן אינגאַנצן נישט קײן „סראָק״...

— װילט זיך מיר הערן אויך זײן מײנונג װעגן אונדזער מצב.

— ניטשעװאָ... — זאָגט ער איראָניש. — מ׳װעט אײך שוין באַ־זאָרגן מיט אַ „סראָק״... װאָס איז די אײלעניש?... פון װאַנען ביסטו? פון װעלכער שטאָט?

— פון װאַרשע...

— דײן לינקן אויער זעסטו? אַזױ װעסטו שוין אָנזען דײן װאַרשע...

— סטײטש?

— װעסט זיך איבערצײגן. אַזױ פירט זיך שוין בײ אונדז...

— און איר? נאָך די פינף יאָר?

— איך וועל יאָ אַרויס, אויב כ׳וועל נאָר דערלעבן...

— פאַרוואָס מיינט איר אַזוי?

— ווייל איך בין נישט קיין פּאָליטישער. איך האָב אַ „ביטאָוואַיאַ סטאַטיאַ״.

— איך ווייס נישט וואָס פאַר אַ פּאַראַגראַף מען וועט אונדז געבן...

— פאַרוואָס האָט מען דיך אַרעסטירט? פאַר כוליגאַנסטוואָ? פאַר גנבה? פאַר מאָרד?

— ניין.

— קלאָר, אַ פּאָליטישע „סטאַטיאַ״... איר מעגט זיך אַלע צוגרייטן צו אַ שווער לעבן... די אַרבעט דאָ לייגט אַוועק דעם גרעסטן גבור... ווי דו קוקסט מיך אָן, בין איך שוין אַן אינוואַליד... נאָך נישט אַלט אין יאָרן — עטלעכע און דרייסיק סך־הכל — אָבער אַ רואינירטער פון דער צינגאַ... (סקאָרבוט). זעסט?

און ער טוט בעת־מעשה אַן עפן דאָס מויל און ווייזט מיר כמעט אַ ליידיק מויל, אָן ציין...

— געהאַט אַלע ציין אין מויל... בלויז עטלעכע געבליבן... זע!

דאָ טוט ער אַ שאַר אַרויף די הויזן און ווייזט מיר די נאַקעטע פיס פול מיט געשווירן...

— דאָס איז די צינגאַ! — זאָגט ער. — אין אַ פּאָר חדשים אַרום וועסטו עס אויף דיין אייגענעם לייב דערפילן...

„פריילעכע נביאות״... — טראַכט איך ביטער.

— גיב נאָך צו פאַררויכערן! — בעט ער — איך שפּיר אַ גאַנצן טאָג אַ נישט־גוטקייט אין מויל.

איך גיב אים אַוועק דאָס לעצטע ביסל מאַכאָרקע. ער נעמט עס צו פון מיר אַזוי לייכט, מיט אַ גרינג געוויסן...

— אפשר האָסטו פאַר מיר אַ פּויליש העמד? — פרעגט ער מיך פּלוצלונג. — באַקומסט פון מיר צוויי „פּייקעס״...

— ניין, טאָוואַרישטש קאָמענדאַנט. מ׳האָט מיך אַרעסטירט אַזוי ווי איך שטיי און גיי, נישט געלאָזט גאָרנישט מיטנעמען.

— וואָט בליאַדי!

איך פאַרשטיי, אַז איך וואָלט אים געדאַרפט עפּעס געבן אין „יד״ אַריין... אָבער איך האָב דאָך גאָרנישט, גאָרנישט...

— זאָגט מיר, טאָוואַרישטש קאָמענדאַנט, זענט איר נישט קיין פּאָ־ליאַק? קאַמינסקי איז אַ פּוילישע פאַמיליע.

— אפשר איז מיין זיידע געווען אַ פּאָליאַק... דער טייוול ווייסט עס...

ער הייבט זיך אויף צום אַוועקגיין.

— נו, נעם זיך צו דער אַרבעט! — זאָגט ער מיר שוין מעשה־קאָ־מענדאַנט...

כ׳בין זיכער, אַז ווען איך גיב דעם קאָמענדאַנט יאָ אַ העמד, וואָלט ער מיך נישט אונטערגעטריבן צו דער אַרבעט... די פּאָר פּאַפּיראָסן, וואָס כ׳האָב אים געגעבן, זענען צו ווייניק. זיי זענען דאָך באַלד אַוועק מיטן רויך און ער האָט תיכף פאַרגעסן...

דערפילט האָב איך עס באַלד צומאָרגנס, ווען ער איז געווען צו מיר דער אמתער „נוגש". מיט דער גאַנצער אַכזריותדיקער שטרענגקייט.

ס׳איז געווען שבת — דער טאָג, ווען איך האָב געדאַרפט וואַשן די פּאָדלאָגע. דער טאָג האָט מיך ממש פיזיש צעבראָכן. מאָראַליש זענען מיר סיי־ווי־סיי געווען שוין דערשלאָגענע. אַ גאַנצן טאָג בין איך אומגע־קראָכן אויף אַלע פיר און געאַרבעט איבער אַזאַ ריזיקן פעלד ממש, גע־שייערט מיט נאַסע שמאַטעס. איין מאָל געשווענקט מיט וואַסער, אַ צווייט מאָל — דער שמוץ איז געווען איינגעפרעסן. ס׳איז אַן אַרבעט נישט פאַר איינעם, נאָר פאַר אַ פינף מענטשן לכל הפחות. פון באַגינען אָן האָב איך געשוויצט. דער קאַרק האָט מיר שרעקלעך ווי געטאָן און כ׳פלעג זיך מוזן פון צייט צו צייט אונטערהייבן אויף די קני און אויסציען, אויסגלייכן די אברים. דערצו זענען קיין פּאַסיקע מכשירים אויך נישט געווען: נישט קיין באַרשט אויף אַ שטעקן, כדי נישט צו מוזן ליגן אויף אַלע פיר; נישט קיין וואַש־סאָדע, וואָס העלפט אַרויסנעמען דעם שמוץ. איך האָב זיך נאָר געקאָנט באַנוצן מיטן בעזים און מיט דער שמאַטע. דערפאַר האָט די אַרבעט נישט געקאָנט אַרויסקומען אַזוי „פּערפעקט", און דערפאַר האָט עס אַזוי לאַנג געדויערט, און דערפאַר האָט עס מיך אַזוי צעבראָכן אין משך פון לאַנגן קאַטאָרגע־טאָג, אַז כ׳האָב נאָכדעם געפילט אַ שאַרפן ווייטיק אין אַלע געלענקן.

דער קאָמענדאַנט איז פון מיין שבתדיקער אַרבעט געבליבן נישט צופרידן: עס האָט צו לאַנג געדויערט... די פּאָדלאָגע האָט נישט אַזוי גע־גלאָנצט ווי... (לויט זיין נישט־קאָרעקטער דעפיניציע...). דערצו האָב

איך נישט באַוויזן אויסצופירן די איבעריקע פונקציעס פון מיין „רע־סאָרט”: אָנטראָגן אַ פול פעסל וואַסער אין באַראַק; פאַרקערן די מיסט אַרום באַראַק וכדומה.

— האָסט שוואַך געאַרבעט — וואַרפט ער מיר פאָר.

— טאָוואַרישטש קאָמענדאַנט, ס׳איז אַן אַרבעט נישט פאַר איין מענטש... — זאָג איך.

— אפשר ביי אייך אין פּאָלשאַ אַרבעט מען אַזוי... דאָ שפּילט מען זיך נישט מיט דער אַרבעט...

— אַוודאי אַרבעט מען נישט אַזוי אין פּוילן... — ענטפער איך סאַרקאַסטיש, — אין פּוילן זענען דאָך נישטאָ אַזעלכע לאַגערן...

— ווער האָט אייך אַלעמען געהייסן אַוועקגיין פון פּאָלשאַ?

— דאָס זענט איר טאַקע גערעכט... דערפאַר טאַקע קומט אונדז צו שמייסן...

מיין באַשלוס צו באַפרייען זיך פון „דניעוואַלסטוואָ” איז פאַר־שטאַרקט געוואָרן די זעלביקע נאַכט, פון שבת אויף זונטיק, — צוליב אַן „אינצידענט” מיטן קאָמענדאַנט קאַמינסקי:

אין מיטן נאַכט, אַז כ׳בין געלעגן איינגעפּרעסט צווישן עולם שלאָפנ־דיקע אויף דער נאַרע, טוט מיך עמיץ אַ שלעפּ פאַרן פוס:

— דניעוואַלני!

איך רייס מיך אויף — קאַמינסקי.

— וואָס איז געשען? — פרעג איך.

— וואָס עפּעס פאַר אַ שלאָפן? אַ „דניעוואַלני” מוז ביינאַכט דע־זשורירן אין באַראַק.

— כ׳האָב דאָך אַ גאַנצן טאָג געאַרבעט. ווען זשע וועל איך רוען?

— אין אַ פרייער שעה ביי טאָג קאָנסטו רוען. קריך אַראָפּ, שנעל!

אין זיינע אויגן האָב איך געזען אַ רשעותדיק פייערל. ער וועקט מיך נאָר דערפאַר, כדי מיך צו פּייניקן... דעם סאַדיסט פאַרדריסט אַוודאי פאַרוואָס איך האָב אים גאָרנישט געגעבן אין „יד” אַריין... מיין איינציק העמד, וואָס איך טראָג אויף זיך, האָט זיך אים פאַרגלוסט...

— ווען האָב איך אַ „פרייע שעה”? — זאָג איך, — איר האָט דאָך אַליין געזען ווי איך האָב אַ גאַנצן טאָג שווער געאַרבעט.

— האָסט געקאָנט אַרבעטן שנעלער... נו, שנעל, שנעל! אַראָפּ פון דער נאַרע!

און ער נעמט מיך ציען פאַר אַ פּוס.

כ׳בין קוים אַראָפּגעקראָכן פון דער נאַרע. כ׳האָב זיך געוואַקלט פון מידקייט און נישט געקאָנט האַלטן זיך אויף די פיס.

— אויב אַזוי — זאָג איך אים, — וויל איך בעסער גיין אין וואַלד אַריין...

— לאַדנאָ, לאַדנאָ. עס פעלן נישט קיין בעלנים אויף „דניעוואַלני״...

— מיטן שענסטן פאַרגעניגן... פון מאָנטיק אָן גיי איך אין וואַלד אַריין...

— וואָס עפּעס פון מאָנטיק? פון מאָרגן באַגינען! — רופט ער אויס אין סאַדיסטישער הנאה.

— מאָרגן איז דאָך זונטיק — „וויכאָדנאָי״ (רו־טאָג)...

— וואָס עפּעס פאַר אַ „וויכאָדנאָי״! וואָס זשע מיינסטו, ביסט אויף דער פריי?... איין מאָל אין דריי וואָכן איז „וויכאָדנאָי״. מאָרגן איז אַן אַרבעטס־טאָג.

— גוט, זאָל זיין פון מאָרגן. אָבער אויב איך וועל שטיין היינט בייַנאַכט אַלס „דניעוואַלני״, ווי אַזוי וועל איך עס מאָרגן באַגינען קאָנען גיין צו דער אַרבעט?

— איצט איז דער זייגער 12. שטיי ביז דריי בייַנאַכט. וועסטו נאָך האָבן צוויי שעה צו רוען.

דאָס אָפּגעדרשנט, איז ער אַרויס, דער סאַדיסט. ווי נאָר ער איז שוין געווען אויף יענער זייט טיר, בין איך צוריק אַרויפגעקראָכן אויף דער נאַרע. אַזוי ווייט לאָזן זיך טרעטן פון אַ נאַטשאַלניק־אַרעסטאַנט האָב איך ביי זיך נישט געקאָנט פועלן. זאָל זיין וואָס עס וועט זיין!

איך האָב נאָר געהאַט אַ צרה מיט מיין פּלאַץ אויף דער נאַרע. מחמת ענגשאַפט האָבן זיך מיינע שכנים פון ביידע זייטן, נאָך מיין אַראָפּגיין צונויפגעדרעגנגט, אַזוי אַז איך האָב זיי געמוזט אויפוועקן און זיך ווי עס איז צוריק אַריינשטופּן צווישן זיי. איינער פון זיי האָט געוואָרטשעט און דער בריסקער פון דער צווייטער זייט האָט יענעם באַרואיקט.

— וואָס איז ער נעבעך שולדיק, אַז דער רשע האָט אים אַראָפּגעשלעפּט...

אין אַ האַלבע שעה אַרום, איידער איך האָב נאָך באַוויזן איינצושלאָפן — דער קאָמענדאַנט איז ווידער דאָ אויף אַ קאָנטראָל און ער ציט מיך שוין ווידער ביי די פיס:

— דניעוואַלני!!

— לאָזט אָפּ! — רוף איך שוין אויס מיט אַ העכערער שטים. — כ׳בין שוין נישט מער קיין דניעוואַלני. איך גיי מאָרגן אין וואַלד אַריין.

— גיי אַראָפּ, זאָג איך דיר!

איך ענטפער נישט.

— געדענק, וועסט גיין אין איזאָליאַטאָר פאַר „אָטקאַז״ (אָפּזאָגן זיך פון אַרבעט).

— גוט, גוט. איצט מוז איך רוען.

— זע, געדענק, סוואָלאָטש!

— איר האָט נישט קיין רעכט מיך אַזוי צו זידלען. כ׳וועל אייך אָנקלאָגן פאַר דער העכערער מאַכט!

— בליאַד׳! — טוט ער ווידער אַ שיס־אַרויס מיט שוים אויף די ליפּן און גייט אַרויס האַסטיק פון באַראַק.

— איך אויף אייער אָרט, — באַמערקט מיר דער בריסקער, — וואָלט אים מיט אַ פּוס אויסגעהאַקט אַלע ציין, דעם מנוול!

— איר וועט נאָך אויך האָבן געלעגנהייטן... — זאָגט איך אים. — מיר וועלן זען ווי אַזוי איר וועט האַנדלען...

אַנטשלאָפן ווערן האָב איך שוין סיי־ווי־סיי מער נישט געקאָנט. עס האָט מיך געפּייניקט דאָס מענטשלעכע רשעות, דער ווילדער סאַדיזם פון אַ שקלאַף צו אַ שקלאַף; די מענטשלעכע געפאַלנקייט; דאָס שרעקלעכע שפלות און הפקרות, אין וועלכע מיר זענען אַריינגעפאַלן... מיט אָט אַזעלכע רשעים וועלן מיר מוזן לעבן צוזאַמען... אויסהערן זייערע געמיינקייטן... זיי וועלן עס דאָ זיין אונדזערע עלטסטע... אין זייערע הענט וועלן מיר עס דאַרפן זיין... דאָס זענען נאָך די ערשטע טעג — וואָס וועט שוין זיין ווייטער? — — —

אין אָט דער שלאָפלאָזער נאַכט בין איך עס געוואָרן אויס „דינסט־מויד״ פון באַראַק.

# 8
# די אַרבעט אין דער טייגע

כ׳בין שוין, הייסט עס, אויס „דניעוואַלני״, אויס „יחסן״. איך גיי שוין אַלע טאָג אַרבעטן אין וואַלד גלייך מיט אַלעמען. פינף באַגינען — ס׳איז נאָך פינצטער — איז דער „פּאַדיאָם״. אין געציילטע מינוטן מוז מען זיך אָנטאָן, אַריינכאַפּן די שיטערע זופּקע — דעם פרישטיק — און דאָס טעפּעלע „קיפּיאַטאָק״. מען דאַרף תיכף גרייט זיין צו דער אַרבעט.

מיין ערשטער בריגאַדיר איז דער רוס פּרוטניקאָוו. פאַרשטייט זיך, אויך אַ „זע־קאַ״, אַ „ביטאָוויק״. פּרוטניקאָוו איז שוין נישט קיין יונגער. אַן אויסגעהאָרעוועטער, אַן אויסגעמאָגערטער, מיט פאַרהאָרטעוועטע, שוואַרצלעכע, גראָבע פינגער. ער איז אַ גאַנץ פּרימיטיווער. אין פלוג מאַכט ער אויף אונדז נישט קיין איינדרוק פון אַ שלעכטן. צי איז עס אפשר דער־פאַר, ווייל מיר זענען נאָך „געסט״, דערצו נאָך אויסלענדער, ווי די רוסן רופן אונדז: „זאַפּאַדניקעס״? — צי אפשר דערפאַר ווייל די ערשטע טעג אַרבעטן מיר אַן „נאָרמעס״ און באַקומען אַלע איין און די זעלבע „פּייקע״ ברויט? פּרוטניקאָוו רעדט מיט אונדז אַמאָל אויך מענטשלעך, ווי איינער פון אַלע. אָבער נישט שטענדיק. עס ווענדט זיך אָן זיין שטימונג. בעת ער איז גוט צו אונדז, חבריש, קוקן זיינע גרויע אויגן מיט גוטסקייט און זיין שטים איז אַ מילדע. בעת ער איז ערגער געשטימט, איז ער אָנגעכמו־רעט, רעדט בייזלעך און זיינע בליקן זענען שפּיזיקע.

פופצן מינוט נאָכן „פּאַדיאָם״ איז ער שוין דאָ אין באַראַק, גלייך מיט אַלע אַנדערע בריגאַדירן.

— שנעלער, רעביאַטאַ! — טרייבט ער אונטער, און נעמט באַלד אַרויס די בריגאַדע.

אַלע בריגאַדעס ווערן צוערשט געפירט צו דער „אינסטרומענטאַלקע״ (מכשירים־ווערקשטעל). דאָרט באַקומט יעדער איינער געצייג צו דער אַר־בעט: ווער אַ רידל, ווער אַ האַק, ווער אַ זעג, ווער אַ לאָם, ווער אַ קירקע. און דאַן לאָזט מען זיך צום טויער פון דער „זאָנע״. דער בריגאַדיר גיט אי־בער דער וואַך אַ רשימה פון די מענטשן, וועמען ער פירט אַרויס און פאַר וועמען ער איז פאַראַנטוואָרטלעך, און מען לאָזט זיך אין וואַלד אַריין. דער

אַרבעטס־פּלאַץ איז ווייט אויסער דער „זאָנע״, אין די געדיכטעניש פון די וועלדער.

מיר קריכן נאָך אין דער פינצטער. ס׳איז צפונדיקער סעפּטעמבער און דער טאָג קומט דאָ אָן שפּעטער, אַ סך שפּעטער ווי אין אונדזערע היימישע געגנטן. מיר קריכן דורך וואַלד, דורך פּליינען, טיילווייז דורך וועגן, טייל־ווייז דורך ווילדעניש. עס גערויערט גענוג לאַנג, ביז מיר קומען אָן צו אונדזער אַרבעטס־פּלאַץ. אַ שטיק אויסגעהאַקטער וואַלד, וואָס איז נאָך פול מיט פּניאַקעס. אָט די דאָזיקע פּניאַקעס דאַרפן מיר אויסקאָרטשעווען. דאָס איז איצט אונדזער אַרבעט.

אַז מיר זענען אָנגעקומען, איז שוין געוואָרן גרויליך דער דרויסן. אויפן גרויען הימל איז נאָך אומגעשוווימען אַ בלאַסער פלעק פון דער לבנה, וואָס איז מיט יעדער מינוט געוואָרן ווייניקער אָנזעעוודיק. דער בריגאַדיר האָט אונדז צוגעטיילט די פּניאַקעס און מ׳האָט זיך געשטעלט אַרבעטן — זאַל־בענאַנד, זאַלבעדריט. לויט דער גרויס פון די פּניאַקעס, ביי וועלכע מ׳האָט געאַרבעט. עס האָבן זיך צעקלונגען אין וואַלד די העק, די זעגן, די לאָמען.

דער בריגאַדיר קריכט אום הין און צוריק, גייט פון גרופּע צו גרופּע און גיט מעשה־„פּראָפעסאָר״ זיינע אָנווייזונגען:

— פּאָנימאַיעטיע? אַ פּניאַק דאַרף מען אַרויסרייסן נישט מיט די הענט, נאָר מיטן קאָפּ... אַז מ׳גראָבט אים גוט אונטער, אַז מ׳צעהאַקט גוט די וואָרצלען און אַז מען לייגט נאָכדעם אונטער אַ פעסטן דראָנג, גיט מען אים צוזאַמען אַ שטאַרקן הייב, אַזוי ווי אַ ציין־דאָקטער רייסט אַרויס אַ צאָן... פּאָניאַלי?

— פּאָרשטאַנען, טאָוואַרישטש בריגאַדיר!

פריער האָב איך געאַרבעט ביי קלענערע פּניאַקעס און ס׳איז פּאַמעלעך געגאַנגען. שפּעטער אַרבעט איך שוין אין אַ גרופּע פון דריי ביי אַ פּניאַק — אַ ריז. ער האָט געהאַלטן העכער צוויי מעטער די ברייט. מסתמא פון אַ בוים נאָך פון נחס צייטן... מיר האָבן זייער אַ שווער „לייענען״. מיר פּאָ־רען זיך אַרום אים גאַנצע שעהען און קאָנען זיך קיין עצה נישט געבן. מיר באַנוצן זיך מיט אַלע מכשירים: מיטן לאָם, מיט דער קירקע, מיט דער האַק, מיטן רידל. וויפל מען זאָל אים נישט אַרומגראָבן און אַרומהאַקן — דער ריז לאָזט זיך נישט נעמען. דאָס איז אַ פּניאַק מיט אַ מאַסע דיקע וואָרצלען, איינגעגעסן אין דער ברייט און אין דער טיף. מיט דער ברייט קאָן מען זיך נאָך געבן אַן עצה — מען האַקט אַרום; אָבער מיט דער טיף

— דאָ ליגט די צרה. דער ריז האָט זיך איינגעפונדעװעט אין דער טיפקייט פון באָדן אפשר משׂשת ימי בראשית... װיפל מאָל האָבן מיר שוין אונטער־געלייגט דעם דראָנג, זיך אַרויפגעלייגט צוזאַמען מיט דער גאַנצער לאַסט פון אונדזערע גופים, געדריקט, געדריקט — ער רירט זיך נישט אַפילו!

דער בריגאַדיר קומט צו און הייבט אָן געבן עצות. אַלע, — זאָגט ער, מוזן דעם דרוק אויפן דראָנג מאַכן גלייכצייטיק. דערין שטעקט דער גאַנ־צער שׂכל.

ער קאָמאַנדעװעט מיט אַ ניגון:

— ראַז, דװאַ — װזיאַלי! (איינס, צװיי — גענומען!).

— יעשטשאָ ראַז — װזיאַלי! (נאָך אַמאָל — גענומען!).

און אַז עס האָט װידער נישט געהאָלפן, האָט דער בריגאַדיר אַליין צוגעלייגט אַ האַנט און דאָן דעם גאַנצן קאָרפּוס און צוגעגעבן שװערקייט צום דרוק אויפן דראָנג, שרייענדיק דערביי:

— העי, רעביאַטאַ! ראַז, דװאַ — װזיאַלי! װזיאַלי!

און אַז עס האָט װידער נישט געהאָלפן, האָט ער צוגערופן נאָך אַ פּאָר מענטשן פון דער זייט זיי זאָלן העלפן אַ דריק טאָן. דער פּניאַק האָט זיך אָבער געהאַלטן עקשנותדיק און זיך בשום אופן נישט געלאָזט נעמען.

— װען דאָ זענען אונדזעריקע, רוסישע, װאָלטן מיר אים גענומען...

— זאָגט דער בריגאַדיר. — איר פּאָליאַקן זענט „פּאַנעס“... נישט גע־װוינט צו אַרבעטן...

עס האָבן זיך גענומען שיטן צו אים תשובות פון אונדזערע יידן:

— ביי אונדז אין פּוילן אַרבעט מען נישט אַזוי שװער...

— ביי אונדז זענען נישטאָ קיין לאַגערן...

— ביי אונדז זענען אויך נישטאָ קיין בריגאַדירן...

פּרוטניקאָװ איז נאָך נישט אין כּעס. ער הערט אויס רואיק װי מען זאָגט אים אַריין.

— טאָ װאָס זשע טוען דאָרטן די מענטשן?

אחינו בני ישׂראל האָבן זיך צעלאַכט פון בריגאַדירס שאלה.

— גייט קלערט אים אויף, װאָס מענטשן טוען אין פּוילן אָן לאַ־גערן... — באַמערקט װער. פאַרשטייט זיך, אין יידיש. און אַ צװייטער גיט צו:

— טאָמער איז אין פּוילן געװען איין קאָרטוז־בערעזע — איין לאַ־

גער בלויז! — האָט דאָס גאַנצע לאַנד — און די גאַנצע וועלט — דערמיט געקלונגען... און דאָ... אין רוסלאַנד...

אַ גאַנצן טאָג האָבן אַ צענדליק מענטשן זיך אָפּגעמוטשעט ביים דאָזיקן פּניאַק. מ'האָט אַרומגעגראָבן אויף אַ זעקס־זיבן מעטער אַרום און אַרום, צעהאַקט און צעזעגן די וואָרצלען, וואָס האָבן שוין כמעט אַלע אַרויסגעסטאַרטשעט אין דרויסן. דער אויסגעגראָבענער גרוב איז שוין געווען גענוג טיף — אַזוי אַז מען האָט שוין געקאָנט טייל וואָרצלען אויך פון אונטן אַרונטערזעגן. די דאָזיקע אַרבעט האָט אַלעמען שרעקלעך אויסגעשעפּט און דער שווייס האָט ביי אַלעמען געקאַפּעט פון די שטערנס. עטלעכע מאָל האָט מען געמוזט מאַכן הפסקות — „פּריקורקאַ“ (פּאַר־רויכער־פּויזע).

— טאָוואַרישטש בריגאַדיר! — וואַרפט ווער אַריין — ווי אַזוי קאָנען הונגעריקע מענטשן אַרבעטן?... מיט דעם ביסל זופּקע באַגינען ווילט איר, אַז מענטשן זאָלן אַ גאַנצן טאָג אַרבעטן? און נאָך אַזאַ קאַטאָרגע?...

— איר מיינט, אַז איר זענט אויף דער פריי?... — ווערט ער שוין בייז, דער בריגאַדיר, און זיינע אויגן קריגן שוין פּלוצלונג אַ שלעכטן גלאַנץ, — אין אייער פּאָלשאַ זענט איר געווען „פּאַנעס“... דאָ זענט איר „זע־קאַ“... דאָ מוזט איר אַרבעטן...

— רעדט נישט מיט דעם עשו... — זאָגט דער בריסקער.

דער „חבר חיים“ קאָן זיך נישט באַהערשן און שיסט אויס:

— אין אַ סאָציאַליסטיש לאַנד האָט געדאַרפט זיין בעסער און נישט ערגער ווי אין פאַשיסטישן פּוילן...

— גענוג גערעדט! — טוט אַ געשריי דער בריגאַדיר מיט אַ באַפע־לערישן טאָן — צו דער אַרבעט!

די „פּריקורקאַ“ ווערט איבערגעריסן. מען נעמט זיך ווידער צום פּניאַק. מען אַרבעט שוין מיט די לעצטע כוחות. די הענט דינען שוין נישט. אַ גאַנצן טאָג אַפילו קיין טראָפּן וואַסער נישט געהאַט.

אַז ס'איז שוין געוואָרן פינצטערלעך, האָט דער בריגאַדיר צוגערופן די גאַנצע בריגאַדע צום ריז. מען האָט אונטערגעלייגט אַ פינף־זעקס דרענגער פון אַלע זייטן און אַלע צוזאַמען זענען באַפאַלן דעם „עקשן“...

דער בריגאַדיר האָט געזונגען דעם לאַגער־ניגון:

— ראַז, דוואַ, ווזיאַלי!

— יעשטשאָ ראַז — ווזיאַלי! ווזיאַלי! ווז־ז־יאַ־לי!!! — וואָט בליאַד׳!

דאָס זידל־וואָרט אויפן חשבון פון פניאַק איז שוין געווען דער פי־נאַל — ווען דער ריז האָט זיך אונטער אַלעמענס דרוק לסוף געגעבן מיט אַ קרעכץ... מיט אַ קרעכץ, וואָס דערמאָנט טאַקע דאָס אַרויסרייסן אַ פעסטן באַק־צאָן... כמעט אַלע מענטשן האָבן זיך דאַן אַ וואָרף געטאָן אויפן גראָז צו כאַפּן דעם אָטעם. אַלע זענען שוין געווען אַזוי דערשעפּט און פאַר־חלשט, אַז מ׳האָט זיך אויף די פיס נישט געקאָנט האַלטן.

דער בריגאַדיר האָט זיך געהייסן אויסשטעלן צום גיין אין דער „זאָנע".

— לאָמיר אַביסעלע אָפּרוען. נישטאָ קיין כוחות... — האָט מען זיך געבעטן.

ס׳איז אָבער געוואָרן אַלץ פינצטערער. דער וואַלד איז געוואָרן איינ־געהילט אין שוואַרצקייט. מ׳איז געקראָכן ווי מיט פרעמדע פיס. פון צייט צו צייט האָט זיך עמיץ אַנדערש פאַרטשעפּעט אָן אַ טרוקענעם צווייג אינעם גראָז און אַ פאַל געטאָן. דער גוף האָט פון אָפּגעשוואַכטקייט פאַר־לוירן די גלייכגעוויכט.

דער בריגאַדיר גייט פון דער זייט און טרייבט אונטער:

— שנעלער! געגאַנגען! צום מיטיק...

אין מיטן צערעדט ער זיך און לייגט אַוועק אַ פאָרציע „מוסר":

— די נאָרמע האָט איר נישט געמאַכט און נישט פאַרדינט די „פּיי־קע" ברויט, וואָס איר באַקומט. מער ווי 500 גראַם ברויט וואָלט איך אייך היינט נישט פאַרשריבן. אָבער אַזוי ווי איר האָט דערווייל נישט קיין „נאָרמע", וועט איר נאָך באַקומען 900 גראַם. געדענקט אָבער. אַז די אַנדערע וואָך וועט איטלעכער באַקומען ברויט לויט זיין אויסאַרבע־טונג. ביי אַזאַ אַרבעט וועט איר געשוואָלן ווערן פון הונגער. דאָס רעדט צו אייך אַן אַלטער אויסגעפּרוווטער לאַגער־מענטש. נעמט עס גוט אַריין אין זינען...

הערן זיך שטימען פון די פאַרמאַטערטע מענטשן — צווישן זיך גע־רעדט:

— וואָס קראַקעט ער ווי אַ וואָראָנע?

— ער דערמאָנט אונדז, אַז מיר ליגן טיף אין דער אדמה...

— מיר ווייסן עס אַליין נאָך צו גוט. מיר ווייסן ווו מיר זענען...

פּרוטניקאָוו רעדט ווייטער:

— אַז איר וועט מאַכן די נאַרמע, זענט איר געזיכערט מיט אייע־רע 900 גראַם ברויט. איך וועל קיינעם קיין עוולה נישט טאָן...

— טאָוואַרישטש בריגאַדיר! אַז קיינער האָט אונדז נישט געלערנט צו מאַכן נאָרמעס... — וואַרפט ווער אַריין.

— דאָ וועט מען אייך שוין אויסלערנען... — ענטפערט דער ברי־גאַדיר. — אויב איר וועט עס נישט קאָנען, איז פאַר אייך ערגער... וועט איר פגרן...

— אַז נישט דערלעבן זאָל ער... — רופט ווער אויס אין יידיש. —

— פּאָניע גנבֿ! אַ שיינע ריינע כּפּרה!

— יידן, ווייניקער געדברט!

קריכט מען שטיל אַזוי צווישן די טונקעלע וועלדער. פון פאַרשיי־דענע זייטן ווינקען פייערלעך פון די נאַפט־טורעמלעך און דערמאָנען שטעט, מענטשלעכע ישובים...

— אין לאָדזש האָט איר אַמאָל געמאַכט „נאָרמעס"?... — פרעג איך דעם „חבר חיים", דעם געוועזענעם קאָמוניסט, וועלכער האַלט זיך ביי מיין זייט.

„חבר חיים" איז, זע איך, זייער אָפּגעשוואַכט, קוים ,קוים וואָס ער שלעפּט די פיס. ער קריכט מיט אַ געזונקענעם קאָפּ אַזוי ווי אַ שכור.

— די בריגאַדירן, — זאָגט ער מיט אַ שוואַכער שטים, — זענען דאָ אַזוי ווי די שוטרים און נוגשים פאַר די יידן אין מצרים ביי פּתום ורעמסס.

די בריגאַדע איז קוים אָנגעקומען פאַר דער „זאָנע". די ב. ק. וו. ד.־שומרים ביים טויער קאָנטראָלירן אונדז לויט דער איבערגעלאָזטער רשימה פון באַגינען ביים אַרויסגיין. דערשלעפּט זיך צום באַראַק. מען האָט שוין געבראַכט דעם „אָביעד", די „פּייקעס" ברויט. היינט באַקומט מען אַ שי־טערע „פּשענאָ" (הירזש) און אויף „וטאָראָיע" — דראָבנע הערינגלעך מיט אַביסל קאַשע. אַלע טאָג גיט מען דאָ הערינג, אַ שלל דאָ פון הערינג. מסתמא צוליב דער שכנות פון די ימען: דער ווייסער ים פון איין זייט און פון דער צווייטער זייט, אויפן עקסטרעמען צפון — דער באַרענטס־ים, וואָס פאַראייניקט זיך מיטן אַרקטישן אָקעאַן. דעריבער אנשטאָט מיט פלייש באַשפּייזט מען מיט די הערינג דאָס גאַנצע אַרעסטאַנטן־פאָלק אין דער לענג און אין דער ברייט פון צפון. נאָך די געזאַלצענע הערינגלעך

קלעקט קיינמאָל נישט קיין וואַסער אין פעסל און דער „דניעוואַלני" נע־
בעך דאַרף כסדר שלעפּן עמערס וואַסער.

נאָכן „אָביעד" רוט מען אָביסל אויס די פאַרמאַטערטע גלידער אויף
דער נאַרע. מען רעדט אין דער שטיל וועגן דער ביטערער מערכה אין
וואַלד.

— ס'איז דאָך נאָך ערשט אַן אָנהייב. ווי אַזוי זשע וועט מען עס
אַריבערטראָגן?...

— גאָט ווייס...

— מיר זענען ביים וואָלף אין פּיסק...

גאָר אַ סך פון אונדזער עולם האָבן שוין באַלד אין די ערשטע טעג
די האָפענונג פאַרלוירן.

צווישן 9 און 10 אַזייגער באַקומט מען דעם „אוזשין" (אָוונט־ברויט):
אַ פּאָר לעפל קאַשע און „קיפּיאַטאָק". מ'עסט אויף דאָס רעשט ברויט פון
דער „פּייקע", צוטרינקענדיק דאָס קאָכעדיקע וואַסער, מיט אַביסל זאַמד־
צוקער. דעם צוקער האָט מען באַקומען אויף פינף טעג; אָבער דער גרעס־
טער טייל האָט אים פאַרטיק געמאַכט אין איין טאָג: זעלטן ווער עס האָט
געהאַט כוח אָפּצושפּאָרן זיך אַ שטיקל ברויט אויף מאָרגן מיטצונעמען
אין וואַלד אַריין, אָדער לכל הפחות צום פרישטיק אין באַראַק.

נאָכן אָוונט־ברויט הערט מען ווי דער ראַדיאָ־הילכער — אין יעדער
באַראַק איז אינסטאַלירט אַ ראַדיאָ־הילכער — גיט איבער אַ ספּעציעלע
אוידיציע פאַר די אַרעסטאַנטן: קאָמוניקאַטן וועגן אויסצייכענונגען ביי
דער אַרבעט; וועגן סטאַכאַנאָווצעס, וואָס מאַכן 3־4 נאָרמעס; עטלעכע
ידיעות פון לאַנד: וועגן דער אַרבעט אויף די פעלדער אין קאָלכאָזן, וועגן
דעם אָנהייב פון ווינטער־פּאַרזיי; וועגן פאַרשיידענע פאַרמעסטן וכדומה.
דער אויסגעמאַטערטער עולם קריכט אַרויף אויף די נאַרעס און גאַרט
אַביסל שלאָף, אַביסל רו. די ביינער טוען וויי פון די האַרטע ברעטער.
ווער עס ליגט אין די מלבושים, ווער עס וואַרפט נאָר אַראָפּ די מאַרי־
נאַרקע און דעקט זיך איבער. פון די אויסגעמאַטערטע, דורכגעשוויצטע
פיס טראָגט זיך אַ שטיקנדיקער ריח. אַן איבלונג עסט זיך איין אין איט־
לעכן און מאַכט שווער דעם אָטעם. פּרוווסטו אָטעמען אין פויסט אַריין;
אָבער עס העלפט נישט. דוכט זיך רק, ווערסט פאַרסמט...

— פאַרמאַכט אים דאָרט דעם פּיסק! — שרייט מען פון דער נאַרע

אַראָפּ צום ראַדיאָ־הילכער, — וואָס האָקט ער דאָרט אַ טשייניק מיט די „נאָרמעס" און מיטן ווינטער־פּאָרזיי?...

---

אַזאַ טאָג איז אין לאַגער געווען ענלעך צו די אַנדערע טעג. תמיד דער זעלבער קאָשמאַר. איטלעכן טאָג — עבודת פּרך; איטלעכן טאָג — הונגער... פּלאָג... און מיט יעדן טאָג זענען די כוחות געוואָרן ווייניקער, דער גוף — אָפּגעצערט... דאָס רוב האָט מען געאַרבעט ביים האַקן ביימער און קאָרטשעווען פּניאַקעס. איין טאָג האָבן מיר געאַרבעט ביי אַ קאַנאַל. יעדער האָט געהאַט זיין „נאָרמע", זיינע פּאָר מעטער צו גראָבן. אָבער דער קאַנאַל איז געווען אַ היפּשער. און וויפל מען האָט נישט געאַרבעט מיטן רידל, איז עס אַלץ געווען נישט קענטיק. ביים קאַנאַל האָבן גע־אַרבעט אַ סך בריגאַדעס. די בריגאַדירן זענען אומגעקראָכן הין און צוריק, לענגאויס דעם קאַנאַל און אונטערגעטריבן:

— לעבעדיק! נישט געגעניצט!

די אַרבעט האָט אַלע טאָג געדויערט פון פינצטער ביז פינצטער. עס האָט יעדער געמאַכט אין זינען דעם חשבון ווי לאַנג אַ מענטש קאָן אָנ־ציען ביי אַזאַ אַרבעט, ביי אַזאַ הונגער. ווען די מענטשן וואָלטן געווען זאַט, וואָלט די אַרבעט נישט אַזוי צעבראָכן, צוגענומען דאָס חיות. אָבער דאָ . . .

ביי איין „פּריקורקע" ליג איך איינגעצונגן אַ פאַרחלשטער, די הענט ביי דער זייט אויסגעצויגן, דער קאָפּ אויפן גראָז און קוק מיט פאַרנעפּל־טע אויגן צום וואַלד.

— שטיי אויף! — טוט מיך אַ שטופּ דער בריגאַדיר מיטן פוס.

— איך קאָן נישט... ס'איז מיר נישט גוט...

— דו לייגסט!

און ער שטויסט מיך ווידער מיטן פוס. איך ליג און ריר זיך נישט פון אָרט.

— אויב דו ביסט קראַנק, וועסטו ביינאַכט גיין צום דאָקטער. דער־וויל אַרבעט.

איך האָב נישט געענטפערט.

— כ'וועל דיר פאַרשרייבן אַן „אָטקאַז".

איך ענטפער נישט. עס קומט צו צו מיר דער בריסקער און בייגט זיך אָן איבער מיר:

— איר פילט זיך שלעכט?

— ס׳וועט באַלד איבערגיין.

— ליגט, ליגט, רוט זיך אָפּ. הערט אים ווי דעם קאָטער...

כ׳בין אַזוי אָפּגעלעגן אַ שעה לערך און בין אַביסל צו זיך געקומען. כ׳בין אויפגעשטאַנען און גענומען ווידער דעם רידל.

נעבן מיר שטייט דער בריגאַדיר און רעדט אין מיר אַריין:

— אין לאַגער צערעמאָניעט מען זיך מיט קיינעם נישט. ווער עס אַרבעט נישט, ווערט געשוואָלן פון הונגער.

— און אַז מען אַרבעט, הונגערט מען דאָ נישט?... — ענטפער איך מיט אַ פראַגע.

איך נעם זיך גראָבן. שוין בעסער גראָבן מיט די לעצטע כוחות איי־דער דיסקוטירן מיטן בריגאַדיר.

— אַזוי ווייניק ערד נעמסטו אָן אויפן רידל?... וואָס ביסטו, אַ קינד? — זאָגט מיר דער בריגאַדיר.

— אַפילו אַ ל יי ד י ק ן רידל איז מיר איצט אויך שווער צו האַלטן...

— ווען דו וואָלסט געוואָלט אַרבעטן, וואָלט דיר נישט געווען שווער... — מאַכט ער זיך פאַר קלוג.

איך ענטפער אים נישט מער. איך וואַרף נאָר צו אים אַ זייטיקן בליק פון פאַראַכטונג: ווי ברוטאַל איז זיין איראָניע! ווי ווילד קוקט מיר אויס אַזאַ פאַרשוין. סוף־כל־סוף איז ער דאָך אויך אַ לאַגערניק. ער זעט דאָך ווי מענטשן פלאָגן זיך. פאַרוואָס טוט אים זיין געוויסן נישט קיין צופּ?... צי איז ער אַהערגעקומען אַזעלכער אָדער דער לאַגער האָט אַזוי טעמפּ געמאַכט זיין האַרץ?... אמת, דאָס איז אַ מענטש אין גרונט אַ רויער, אַ פּרימיטיווער; אָבער גראָד אין דעם פּשוטסטן פאָלקס־מענטש ווערן דאָך אָפט געבוירן די שענסטע געפילן פון רחמנות צום ליידנדיקן ברודער. פאַרוואָס רעדן דאָ די לאַגערניקעס מיט אַזאַ קאַלטער אכזריות?... אין די ערשטע טעג האָב איך געמיינט, אַז פּרוטניקאָוו איז נישט קיין שלעכטער מענטש; אָבער וואָס ווייטער זע איך אין אים אַלץ מער רשעות. איך קען שוין צוויי אַזעלכע לאַגער־רשעים: קאַמינסקין און דעם בריגאַדיר. משמעות, אַז נאָר אַ רשע קאָן דאָ ווערן אַ נאַטשאַלניק.

ס׳איז קילער סעפּטעמבער, אָבער זוניק. ווי דער בריגאַדיר דער־ציילט אונדז, איז היינטיקס יאָר אַ פאַרשפּעטיקטער זומער. אַלע יאָר אין

דער צייט איז שוין אַ סך קעלטער. מסתמא, זאָגט ער, האָבן מיר פון „זאַפּאַד“ געבראַכט אַזעלכע שיינע טעג.

איין טאָג האָבן מיר געאַרבעט אויף אַ בערגיקן פּלאַץ. פון דער ווייטנס האָט זיך געזען אַ זעלטן שיינער פּייזאַזש. אויף אַ הויכקייט האָט זיך דער וואַלד אַריינגעשניטן אין הימל אַריין, און ס'האָט אויסגעוויזן, ווי הימל אוןביימער האַלטן זיך אין די אָרעמס. אָבער די דערשעפּונג רויבט אַוועק איטלעכן נחת־רוח און דו קוקסט גלייכגילטיק אויף די נאַטור־שיינקייטן... פאַר וועמען איז עס דאָ? ווער דאַרף זי דאָ, די שיינקייט? — — —

## 9
## צוזאַמען מיט די רוסן

נאָך אַ צוויי וואָכן פון „סעפּאַראַציע“ האָט מען איין זונטיק — אין ערשטן „וויכאָדנאָי“ — צענומען די אינערלעכע דראָט־פאַרצוימונג אַרום אונדזערע דריי באַראַקן און מען האָט אונדז אויסגעמישט מיט די רוסן אין דער „זאָנע“. מ'האָט אונדז צעוואָרפן אין די אַלגעמיינע בריגאַדעס צוזאַמען מיט די היגע אַלטע לאַגערניקעס. פון די עקסטרא דריי פּוילישע באַראַקן האָט מען אונדז אַרויסגענומען און צעטיילט אין פאַרשיידענע אַנדערע באַראַקן און אויסגעמישט מיטן גאַנצן לאַגער־עולם.

איך בין אַריינגעפאַלן אין צוויי און צוואַנציקסטן באַראַק און האָב זיך „איינגעאָרדנט“ אויף אַן אויבערשטער נאַרע נעבן אַ משלנודיקן ייד — אַ פּליט פון פּוילן אַזוי ווי איך. דער דאָזיקער ייד — בערמאַן האָט ער געהייסן — איז אַ וואַרשעווער, פון פאַך אַ שוסטער, וואָס האָט שוין געאַרבעט אין לאַגער־וואַרשטאַט און איז געווען אַ „פּריווילעגירטער“. פאַר די פאַר וואָכן איז אים שוין אַפילו געלונגען זיך צו דערשלאָגן צו אַ קאָץ און ער באַמיט זיך איצט אויף וועגן אַ שעניק. אַזאַ בר־מזל, האָב איך געטראַכט, איז גוט צו האָבן פאַר אַ שכן. דער דאָזיקער ייד האָט געהערט, אַז כ'בין אַ שרייבער, האָט ער זיך באַצויגן צו מיר מיט אַ געוויסן דרך־ארץ, — הגם ער אַליין איז אַפילו קיין לייענער פון ביכער אויך ניִשט געווען...

ביינאַכט פלעגט מיר בערמאַן דערציילן מעשיות פון זיין „סאַפּאָזשנאַיאַ מאַסטיערסקאַיאַ“ (שוסטער־וואַרשטאַט), באַרימען זיך, אַז אַלע טאָג באַקומט ער 800 גראַם ברויט; אַז ער קען זיך שוין מיטן „ראַזדאַווטשיק“ (טיילער) פון קיך און באַקומט פון אים טאָפּלטע פּאָרציעס קאַשע... וכדומה נאָך אַזעלכע באַרימערייען. איך פלעג הערן און טראַכטן: ווער קאָן זיך עס טאַקע גלייכן צו אַזאַ „אַריסטאָקראַט“?... צו אַזאַ לאַגער־„יחסן“?... אין זיין גוטן געמיט פלעגט מיר בערמאַן מאַכן אַ זשעסט און אָפּטרעטן אַ שטיקל פון זיין קאָץ. און שוין דאָס איז פאַר מיר געווען נישט קיין קליינע „דערגרייכונג“... אַ קלייניקייט, ליגן אונטער אַ צודעק!...

דער דאָזיקער ייד פלעגט מיך אַ סך מאָל שטאַרק לאַנגווייל, און אַמאָל ממש דערעסן, מיט זיינע נאַאיווע, קינדיש־פּרימיטיווע פראַגן. איך פלעג עס אָבער מוזן אָננעמען פאַר ליב: אַלץ בעסער צו ליגן נעבן אַ ייד און נישט נעבן עפּעס אַן אומבאַקאַנטן רוס, וואָס ווער ווייסט ווער ער איז — אפשר אַ גאָרגל־שניידער? אַ כוליגאַן? מיין שכן פון דער צווייטער זייט איז געווען אַ יידישער יוגנטלעכער, אויך פון אונדזערע פּוילישע פּליטים, אַ לאָדזשער. עפּעס אַ פּראָסטער בחור. ווי ער אַליין זאָגט: אַ „מענטש“ אין אַ מאַנופאַקטור־געשעפט. ווי כ'בין שפּעטער געווויר געוואָרן, נישט קיין ערלעכער. ער האָט געליטן אויף „קלעפּטאָמאַניע“. איך אַליין טאַקע בין אויך געווען זיין קרבן: כ'בין איינמאָל אין מיטן נאַכט אַראָפּ פון דער נאַרע און אַרויס אויף אַ פּאָר מינוט פון באַראַק, איז מיין העמד צוקאָפּנס נישט געוואָרן... מיין איינציק אויבערהעמד, וואָס איך האָב געהאַט פון דער פריי... נאָכדעם ווי איך האָב אין דער באָד באַקומען לאַגער־וועש האָב איך מיין וואַרשעווער העמד אויסגעוואַשן און געהאַלטן ווי אַ טייערן זכר. אָ, איך געדענק זייער גוט מיין וואַרשעווער זיידענע העמד פון סעלעדין־קאָליר, מיט סובטעלע שטרייפלעך. כ'האָב עס בשום אופן נישט געוואָלט קיינעם פאַרקויפן — אַפילו נישט פאַר פינף „פּייקעס“... נו, האָט זיך אויף מיין העמד „מרחם“ געווען דער דאָזיקער לאָדזשער „מענטש“, דער יוגנטלעכער גנבל, און — אויס „זכר“... נאָך מיין אַראָפּגיין האָט ער דאָס העמד ערגעץ פאַרשטעקט און בייטאָג עמעצן פון אַן אַנדער באַראַק פאַרקויפט פאַר אַ פּאָר „פּייקעס“... מיינע אַלע רייד, מיינע אויספרעגענישן האָבן נישט געהאָלפן.

אַביסל ווייטער אויף דער זעלבער נאַרע האָט „געוווינט“ אַן עלטערער בחור: זילבערמאַן, אַ בריסקער. זילבערמאַן איז דאָ שוין אַ תושב זינט

1936. אַ קאָמוניסט פון פוילן, איז ער מחמת איבערצייגונג און אויך צו־ליב פּאָליצייאישע רדיפות געלאָפן קיין רוסלאַנד און געכאַפּט געוואָרן אויף דער גרענעץ. פון דעמאָלט אָן „זיצט“ ער... כ׳האָב מיט אים גע־כאַפּט אַ שמועס, אָבער ער זשענירט זיך צו רעדן אַ סך וועגן זיין אַמאָ־ליקן קאָמוניזם... ער רעדט נאָר מיט צער און ווייטיק וועגן זיין היימ־שטאָט בריסק, וואָס ער וועט שוין אַוודאי קיינמאָל פאַר די אויגן נישט זען...

— פאַרוואָס טראַכט איר אַזוי? — פרעג איך אים — בריסק איז דאָך איצט אין סאָוויעטישן באַזיץ.

— יאָ, צי וועט מען מיך דען אַרויסלאָזן פון דאַנען?...

— אַז איר וועט ענדיקן אייער „סראָק“, וועט איר פאָרן קיין בריסק.

— איך זע, אַז איר זענט נאָך גאָר אַ „גרינער“... ערשטנס, האָב איך נאָך צו זיצן אַ 5 יאָר; צווייטנס, אַז מען ענדיקט דעם „סראָק“, באַקומט מען נאָך אָפט אַ „דאָבאַווקע“ (צולאָג)...

— וואָס פאַר אַ פּאַראַגראַף איז אייערער?

— „פּ. ש.“ (פאַרדאַכט אין שפּיאָנאַזש).

— אויב מען האָט אייך אַרעסטירט ביי דער גרענעץ, האָט איר דאָך נאָך רוסלאַנד נישט אָנגעקוקט?

— כ׳האָב רוסלאַנד געזען נאָר דורך די קראַטן־פענצטערלעך פון עשאַלאָן. אָבער איצט בענק איך שוין נישט נאָך רוסלאַנד... ס׳איז מיר ליבער דאָס פאַשיסטישע פוילן... אָבער, צו מיין גרויסן בראָך, איז פוילן שוין פאַר מיר נאָר אַ חלום...

— מ׳קאָן קיינמאָל נישט וויסן..

— דאָ, ליבער פריינד, שטאַרבן גיך אַלע האָפענונגען...

זילבערמאַן איז אַנטשוויגן געוואָרן. זיינע פייכטלעכע בליקן זענען געווען געווענדט צום סופיט. ס׳איז אים אין דער רגע שווער געווען אַפּנים זיך צו טרעפן מיט מיינס אַ בליק.

אין אַ ווייַלע אַרום פרעג איך אים:

— פונדעסטוועגן, כ׳בעט אייך, אויף וועלכן סמך איז מען אייך, אַ קאָמוניסט, חושד אין שפּיאָנאַזש?

— ווער סמך! וואָס סמך! אַזוי איז עס דאָ. איך טענה בעת דעם „דאָפּראָס“, אַז איך בין אַ קאָמוניסט און דער אויספאָרשער רעדט אין מיר אַריין: „ביסט אַ פּוילישער שפּיאָן“!... איך גיב „זיי“ אָן נעמען פון

באַקאַנטע פּוילישע קאָמוניסטן, וואָס קענען מיך, אָבער רעד צו דער וואַנט!... חדשים אָפּגעפּינצטערט אין מינסקער טורמע און איצטער דאָ... אויף צען יאָר! איר ווייסט וואָס הייסט אַזעלכעס אין לאַגער יאָרן?...

— יאָ, איך פאַרשטיי אייך אויסגעצייכנט... איך ווייס שוין וואָס עס הייסט אַ טאָג אין לאַגער, אַ נאַכט אין לאַגער, אַ וואָך! לויט דעם קאָן איך שוין מעסטן דעם גורל פון אַ יאָר... און ווער רעדט נאָך פון י אָ ר ן!...

און דער קאָמוניסט פון פּוילן — איצט שוין אַ ג ע ו ע ז ע נ ע ר קאָמוניסט — דעפינירט די צייט פון לאַגער אויף זיין שטייגער:

— י אָ ר ן אין לאַגער — דאָס איז אַ לאַנגזאַמער טויט פון גוף און נשמה...

דער בריסקער אינטעליגענט האָט זיך דאָ אַריינבאַקומען אין דער „שוואַלניע" און פאַרנעמט זיך מיט לייגן לאַטעס אויף די אַלטע לאַגער־„ספּעצאָווקעס". נישט אַזוי גרינג איז עס אים אָנגעקומען. פריער האָט ער געגנוג כוחות געפּטרט אין וואַלד. זינט ער איז אין „שוואַלניע" האָט ער זיך אַביסל דערכאַפּט. עס גייט אים דאָ בעסער מיט דער דערנערונג. קודם־כל זענען דאָ נישטאָ קיין נאָרמעס. מען אַרבעט טאַקע אַ סך. דאָס רוב ביינאַכט, ווייל נאָר ווען די לאַגערניקעס שלאָפן, קאָן מען לאַטען זייערע טראַנטעס. און די נאָדל העלפט אים אַרויס צו קריגן אַמאָל אַ „פּייקע" פאַר אַן עקסטראַ־אַרבעט פאַר אַ נאַטשאַלניק, צי פאַר די קיך־אַרבעטער. דער עיקר באַמיט ער זיך צו לעבן גוט מיט די אַרבעטער פון „סטאָלאָווקע"... פון זיי קאָן מען עפּעס דאָ דערלעבן: אַן איבעריקע פאָר־ציע קאַשע, אַמאָל אויך אַ קאָטלעטל פון דער שפּיטאָל־דיעטע קומט טאַ־קע צונוץ דעם אָפּגעשוואַכטן אָרגאַניזם. ווער רעדט נאָך אַ ביסל צוקער, אַ שטיקל „סאַלאָ" (חזיר־פעטס).

זילבערמאַן האָט אָנגעהויבן זוכן מיין געזעלשאַפט. ער האָט גערן געשמועסט מיט מיר און נישט איין מאָל מיר אויך געמאַכט אַ זשעסט: מכבד געווען מיט אַ שטיקל ברויט, מיט אַ פאָר קרישקעס זאַמד־צוקער צום „קיפּיאַטאָק", מיט אַביסל מאַכאָרקע. איך, פון מיין זייט, האָב זיך דערפאַר „רעוואַנשירט" מיט אָנשרייבן אַ „זאַיאַוולעניע". און נישט סתם אַ „זאַיאַוולעניע" צו עפּעס אַן עלטסטן אין לאַגער, נאָך צום „פאָטער פון די פעלקער" — צו סטאַלינען אַליין.

— וועלכע זענען אייערע אַרגומענטן? — פרעג איך אים ביים שרייבן.

— שרייבט, אַז איך בין פון 20סטן יאָר אָן געווען אַ מיטגליד פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי אין פּוילן.

— זאָל אייך גאָט אָפּהיטן! דאָס גיט נישט אָן! — וואָרן איך אים.

— פאַרוואָס עפּעס נישט? אדרבה!

איך דערצייל אים, אַז די קאָמוניסטישע פּאַרטיי אין פּוילן איז אַ יאָר לערך פאַר דער מלחמה געוואָרן אויפגעלייזט און אַז די אָנפירער פון „צ. ק." — מיט סאָכאַצקין בראש — זענען פאַרנאַרט געוואָרן קיין מאָס־קווע און דאָרט זענען זיי דערשאָסן געוואָרן...

זילבערמאַן כאַפּט זיך פאַרן קאָפּ און שטעלט אויס אויף מיר אַ פּאָר ווילדע אויגן:

— ווי איז עס מעגלעך?

— זעט איר דאָך. אין רוסלאַנד איז אַלץ מעגלעך... אַ חידוש: איז צו אייך נאָך נישט דערגאַנגען די דאָזיקע ידיעה?

— פון וואַנען? קיין פּוילישע זענען פאַר דער צייט דאָ נישט צוגע־קומען. מען לעבט דאָך דאָ ווי אויף אַן אַנדער פּלאַנעט.

— איך וועל אין דער „זאַיאַוולעניע" אָנגעבן נאָר, אַז איר זענט געווען סתם אַ קאָמוניסט, נישט דערמאָנענדיק די פּוילישע קאָמפּאַרטיע.

— גוט.

— וואָס זשע בעט איר סטאַלינען?

— אַ רעוויזיע פון פּראָצעס. אַ תיכפדיקע רעוויזיע!

— גוט, איך שרייב אַזוי. זאָגט מיר אָבער, צי איר גלויבט טאַקע דערין?...

— גלויב יאָ — גלויב נישט, אָבער פּרווון מעג איך דאָך... — ענט־פערט ער מיט אַן אומעטיקן שמייכל — איר ווייסט נישט? אַז אַ מענטש טרינקט זיך, כאַפּט ער זיך אָן אויך פאַר אַ שטרוי...

זילבערמאַן עצהט מיר איך זאָל פאַרקויפן מיין אָנצוג...

— אַ שאָד, — זאָגט ער, — מ'וועט אים סיי ווי סיי אַרויסגנבענען ביי אייך פון אונטערן צוקאָפּנס. אגב וועט איר דאָך פון אים מאַכן אַ תל ביי דער שוואַרצער אַרבעט אין וואַלד. אויף קיין באַל וועט איר אין אים שוין נישט קאָנען גיין... פאַרקויפט אים, וועלן אייך די פּאָר הונדערט רובל צונוץ קומען. איר וועט קאָנען צוקויפן אַ „פּייקע" ברויט, צוקער. דער עיקר איז אין לאַגער: דערהאַלטן דעם גוף! איבערדויערן און וואַרטן אויף בעסערע צייטן...

— גלויבט איר נאָך אין „בעסערע צייטן״?

— מען מוז גלויבן. ווען נישט, וואָלט דאָך נישט געלוינט קיין איין טאָג זיך דאָ צו מוטשען... די וואָס גלויבן נישט, הענגען זיך אויפן ערשטן־בעסטן בוים אין וואַלד!

— טרעפן דאָ אַזעלכע פאַלן?

— אָ, וויפל מענטשן פאַר מיין צייט זענען דאָ שוין באַגאַנגען זעלבסטמאָרד! געווען אַ מאָמענט — בעת איך האָב, נישט היינט גערדאַכט, געאַרבעט אין וואַלד... — ווען איך בין שוין זייער נאָענט געווען פון אַזאַ סוף... דאָס אַריינבאַקומען זיך אין דער „שוואַלניע״ האָט מיך אָפּגעהאַלטן פון דעם פאַרצווייפלטן שריט: אין לעבן, האָב איך געטראַכט, קאָנען אַמאָל געשען ניסים אויך... מען דאַרף וואַרטן... אויסדויערן...

— דעריבער ראַט איך אייך, — חזרט ער איבער, — פאַרקויפט דעם אָנצוג און נעמט אַרויס אין מאַגאַזין אַ „ספּעצאָווקע״ צו דער אַרבעט. אמת, איר וועט נישט אויסזען אַזוי „עלעגאַנט״... אָבער פאַר ווּעמען דאַרף מען זיך דאָ אָנטאָן?... מען לעבט דאָך דאָ ווי חיות צווישן חיות...

אין פלוג איז ער טאַקע גערעכט, זילבערמאַן. וואָס טויג מיר דאָ דער אָנצוג? און ווי לאַנג וועט ער דען קאָנען אויסהאַלטן ביי דער שוואַרצער וואַלד־אַרבעט? אָבער עס איז מיר שווער געווען זיך צו שיידן מיט מיין ציווילן מלבוש און אַריינגיין אין דער לאַגער־פּעל און ווערן דאָ איינער פון אַלע גרויע אַרעסטאַנטן... אַ „זע־קאַ״ ווי אַלע... דאָס העמד שוין פאַרלוירן... געבליבן נאָר ביים אָנצוג. דער אָנצוג גיט מיר נאָך אַ מאָל אַ פּיצל אילוזיע, אַז איך בין נאָך א י ך . . .

אין עטלעכע טעג אַרום האָב איך אָבער יאָ געפאָלגט די עצה פון זילבערמאַנען. דאָס איז געווען נאָך אַ שווערן טאָג אַרבעט ביי אַ קאַנאַל, אין אַ זומפּיקן אָרט. נאָך דער אַרבעט האָט דער אָנצוג אויף מיר אויסגעזען ווי אַ שטיק שמאַטע. צומאַרגנס, אַז ער האָט זיך אויסגעטריקנט, האָב איך אים קוים אויסגעריבן, אַ היפּש ביסל פלעקן זענען אויף אים שוין פאַרבליבן.

אין אָוונט בין איך אַוועק אין לאַגער־מאַגאַזין און באַקומען אַ „ספּעצאָווקע״ פון „2טן סראָק״ (אַלטע, געטראָגענע). כ׳האָב זיך אָנגעטאָן ווי אַן אמתער לאַגערניק: אַ פאַרלאַטעטע פופייקע, אַ לייוונטענע ברוינע אויבער־העמדל, אַ פּאָר לייוונטענע הויזן פון אַן אומבאַשטימטן קאָליר...

לאַטעס אויף לאַטעס... איך האָב אויף מיין אויסזען אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט. אין אַ שפּיגעלע האָב איך מורא געהאַט אַריינצוקוקן...

איינער אַ פּוילישער ייד, אַ פּליט, מילער, האָט געאַרבעט אַלס „גרוז־טשיק" (טרעגער) ביי אַ טאַרטאַק. דאָרט אַרבעט ער מיט אַ סך רוסן. אויף דער „פּראָאיזוואָדסטוואָ" (אַרבעטס־פּלאַץ) קומען אויך „וואָלנאָנאַיאָמניע" (פריי־אָנגעדונגענע). די דאָזיקע רוסן זוכן שטענדיק צו קויפן אנציגער פּאָר גוט געלט. איך לאָז זיך פון אים אָנרעדן און גיב אים מיט צו דער אַרבעט מיין אנצוג צו פאַרקויפן. אָבער אין אָוונט, אַז כ'בין צוריקגעקו־מען פון דער אַרבעט, בין איך געוווייר געוואָרן פון מיין אומגליק: די רוסן, דערציילט מיר מילער, האָבן ביי אים „פון אונטער די הענט" אַרויסגע־גנבעט די מאַרינאַרקע און ער איז נאָר געבליבן ביי די הויזן.

אין זיינע אויגן האָב איך דערקענט, אַז דאָס איז אַ שווינדל. יענער האָט טאַקע די מאַרינאַרקע זיכער פאַרקויפט און דאָס געלט אַראָפּגעלאָזט צו זיך אין טאַש.

— אַזוי איז עס אין לאַגער, — האָט מיר אויפגעקלערט מיין שכן, דער שוסטער בערמאַן, — אונדזערע יידן האָבן זיך שוין אויסגעלערנט פון די רוסן... פון די „זשוליקעס"...

— אָבער אויף מילערן האָט זיך מיר נישט געגלויבט.

— ווען איר פרעגט מיך, וואָלט איך אייך נישט געלאָזט אים געבן דעם אנצוג. זאָל איך עס פאַרמאָגן, וואָס איך וואָלט אים נישט געטרויט...

איך האָב ביי מילערן גלייך צוגענומען די הויזן, כדי מען זאָל ביי אים אויך די הויזן נישט „צוגנבענען פון אונטער די הענט"...

פון מיינע ציווילע לאַטשן בין איך אויך שנעל פריי געוואָרן — נאָך אין די ערשטע נעכט: געלאָזט זיי שטיין אונטער דער נאַרע און אינדער־פרי זיי נישט געפונען. געמוזט גיין צו דער אַרבעט אין עפּעס אַלטע לאַפּטשעס, וואָס האָבן זיך הפקרדיק געוואַלגערט אין באַראַק.

היינט צו וואָס, פרעגט זיך, טויג מיר נאָך צו היטן די הויזן? האָב איך אַליין פאַרקויפט די הויזן איינעם אַ רוס אין לאַגער פאַר דריי„פּיי־קעס" ברויט און 10 רובל מזומנים.

פּטור געוואָרן שוין פון אַלץ. אין מיין איצטיקן הולך — קיין זכר, קיין סימן פון אַ פרייען מענטש. איך „פּאַראַדיר" אין מיין פופייקע. ס'איז שוין קיל און מען מוז טראָגן וואַרעמערע מלבושים. איך טראָג שוין אויך אַפילו אַ רוסישע אַרבעטס־היטל מיט „נאַאושניקעס", וואָס הענגען

אַראָפּ ווי עקן פוןביידע זייטן איבער די אויערן. אויף די פיס טראָג איך די אַזוי גערופענע „קאַרדאָווע״ שיך, וואָס כ׳האָב באַקומען אין מאַגאַזין — גרויסע אומגעלומפּערטע לאַגער־שיך, נישט פון לעדער, נאָר פון עפּעס אַ מאַסע. קיינער וואָלט שוין איצט, אויף מיר קוקנדיק, נישט געזאָגט, אַז איך בין אַ „זאַפּאַדניק״... איך בין שוין אַ „היגער״... אַ „פּאָלנער״ לאַ־גער־מענטש... אַ „זע־קאַ״...

# 10

## קאַטאָרגע און הונגער

נאָכן אויסמישן אונדז מיט די רוסן בין איך נאָך אַלץ געבליבן אין פּרוטניקאָווס בריגאַדע. אין דער דאָזיקער בריגאַדע זענען שוין איצט נישט געווען נאָר פּוילישע; אדרבה, אונדזערע יידן־פּליטים זענען דאָ געווען אין דער מינדערהייט.

מיר זענען שוין מער נישט קיין „יחסנים״: פּאַר אונדז גילט שוין די נאָרמע ווי פּאַר אַלעמען. און ברויט גיט מען איטלעכן לויט דער נאָרמע. אונדז גלייך ווי די רוסן. לויטן אייגזען פון בריגאַדיר. די אַרבעטס־פּלע־צער בייטן זיך כמעט יעדן טאָג: אַמאָל נאָענט, אַמאָל גאָר ווייט, אַ צען־צוועלף קילאָמעטער פון דער „זאָנע״: אַמאָל ביים האַקןביימער, קאָר־טשעווען, מאַכן „נאַקאַטניקעס״ (אָרומגעטעסעטע סלופּעס); אַמאָל ביים אויסלייגן הילצערנע שאָסייען פון די „נאַקאַטניקעס״; אַמאָל ביי גראָבן קאַנאַלן.

די נאָרמע האָב איך ביי קיין שום אַרבעט נישט געמאַכט. איך האָב זי בשום אופן נישט געקאָנט מאַכן. ערשטנס, זענען די נאָרמעס געווען צו גרויסע און שווערע. אפשר ביי אַ נאָרמאַלער דערנערונג וואָלט איך עס אַמאָל געקאָנט באַווייזן. אָבער פון וואַנען זאָל אַ הונגעריקער האָבן כוחות צו דער דאָזיקער קאַטאָרגע? פּלעגן זייער ווייניקע — אפשר די יינגסטע, די שטאַרקסטע — מאַכן די נאָרמע. דאָס רוב מענטשן זענען תמיד געווען הינטערשטעליק און דער בריגאַדיר פּלעגט האַלטן אין איין מוסרן, אין איין זאָגן און אַריינזאָגן. אַזוי אַרום פּלעג איך כסדר קריגן נאָר 500 גראַם

ברויט אַ טאָג. ביי די לאַנגע מאַרשן פון און צו דער אַרבעט, ביי דעם אַר־בעטן אויף דער פרייער לופט איז דער אַפּעטיט און דער הונגער גע־וואקסן. אַ הונגער, וואָס האָט תמיד גענאָגט, גענאַגט און געזויגן דאָס חיות פון די ביינער. די חלשותן אין וואַלד פלעגן זיך ביי מיר אָפּט אי־בערחזרן. אַ סך מאָל פלעג איך מוזן אַ פּאַל טאָן אויפן גראָז און ווי עס איז צו זיך קומען. היינט וואָס האָב איך שוין געקאָנט אויפטאָן מיט מיי־נע מכשירים: מיט דער האַק, מיט דער זעג אָדער מיטן רידל? דער ברי־גאַדיר פלעגט זיך רייסן אויף מיר, זידלען, מוסרן; אָבער די איינציקע שטראָף זיינע איז דאָך געווען — בלויז 500 גראַם ברויט און אַמאָל — אַז דער עשו האָט זיך אין אים שטאַרק צעקאָכט — בלויז 300 גראַם. אַזאַ „פּייקע" פון 300 גראַם איז געווען אַ שטראָף־נאָרמע, וואָס עס פלעגט באַקומען אַן „אָטקאַזטשיק", ד"ה אַזעלכער, וועלכער זאָגט זיך אָפּ לחלו־טין פון יעדער אַרבעט.

נאָכן אויסמישן אונדז מיט די רוסן האָבן מיר אויך אָנגעהויבן צו עסן גלייך מיט אַלעמען אין דער „סטאָלאָוואַיאַ" — אַ ריזיקע הילצערנע געביידע, מיט ברייטע טרעפּ אין פראָנט, מיט גרויסע פענצטער. אינע־ווייניק זענען געשטאַנען אַ סך לאַנגע טישן — ווי פאַרן מאַסן־געברויך... דאָס ריזיקע עס־צימער האָט אויסגעזען ווי אַ לאַנגער בופעט־זאַל, דריטע קלאַס, אין אַ פּראָווינצער וואָקזאַל. אין איין וואַנט זענען געווען קליינע פענצטערלעך פון דער קיך, און דורך אָט די פענצטערלעך פלעגן עס די אַרעסטאַנטן באַקומען זייערע פּאָרציעס פון קיך — יעדער לויט זיין טאַ־לאָן, וואָס ער האָט באַקומען פון זיין בריגאַדע: די זופּקע, די קאַשע און די הערינגלעך, און אַמאָל אויך אין אַ יומא דפגרא — אַ שטיקל געזאַל־צענע טרעסקאַ.

געגעסן האָט מען טומלדיק, ליאַרעמענדיק ביי די לאַנגע טישן, אין ענג־שאַפט און אין שטיקעניש. ווער עס האָט נישט געהאַט קיין פּלאַץ ביי די טישן, האָט געגעסן שטייענדיק. צו די פענצטערלעך זענען שטענדיק גע־שטאַנען מענטשן אין די הונדערטער. צווישן די רייען איז געגאַנגען אַ זידלעריי. אין דער לופט האָבן זיך געטראָגן די גראָבסטע, די געמיינסטע ווערטער. דאָ זעט מען רויע מאַסע. פּאָליטישע זענען אין דער מינדערהייט. דאָס רוב זענען עס קרימינעלע פאַרברעכער, גנבים, כוליגאַנעס, שווינד־לער, — די אַלע, וואָס ווערן באַצייכנט ווי „ביטאָוויקעס". דאָס זענען פאַרברעכערישע טיפּן, וואָס האָבן אויף זייער געוויסן רציחות, מענטש־

לעכע לעבנס. די רציחה ליגט זיי אויף די פּראָסטע רויע פּנימער, אין זייערע קליינע מאָנגאָלישע אויגעלעך. און דאָס זענען עס אונדזערע „חברים". מיט זיי דאַרפן מיר עסן צוזאַמען, שלאָפן אויף איין נאַרע, אַר־בעטן צוזאַמען, פאַרברענגען אונדזערע טעג און נעכט מיט זיי...

אָבער גראָד זיי, די קרימינעלע פאַרברעכער — די אייגנטלעכע קאַנ־דידאַטן פאַר אַ לאַגער — גראָד זיי זענען דאָ דער פּריווילעגירטער קלאַס. די „פּאַטריציער"... זיי ווערן דאָ מיט דער צייט די בריגאַדירן, נאַטשאַל־ניקעס און זיי ווערן דעה־זאָגער איבער אַלעמען אין זייער בריגאַדע. פון זייער „גוטן ווילן" איז אָפּהענגיק די „נאָרמע", דאָס ביסן ברויט... און, פאַרקערט, די „פּאָליטישע" — די וואָס האָבן אַ פּאָליטישן פּאַראַגראַף, ווי: „ק. ר. ד." אָדער „פּ. ש." — די דאָזיקע זענען אין לאַגער די „פּאַ־ריער", וועלכע זענען שטענדיק אונטערגעוואָרפן די קאַפּריזן פון די לאַ־גער־„פּאַטריציער".

איך אַליין האָב שוין געהאַט די געלעגנהייט צו זען אַזאַ מין סצענע: איין „ביטאָוויק" האָט אַרויסגעשטויסן פון זיין פּלאַץ ביים טיש, אין „סטאָ־לאָוואַיאַ" אַ פּאָליטישן. דער פּאָליטישער האָט פּראָטעסטירט, זיך נישט געלאָזן:

— העי, וואָס שטויסטו זיך אַזוי! איך זיץ דאָך דאָ פון פריער.

— שווייג, בליאַד'! דו קאָנטררעוואָלוציאָנער! — צעדונערט זיך דער „ביטאָוויק".

„קאָנטררעוואָלוציאָנער"! — דאָס דאָזיקע זידל־וואָרט איז ביי די „ביטאָוויקעס" שטענדיק געלעגן אויף דער צונג. זיי האָבן געוווסט פון זייער העכערקייט לגבי די פּאָליטישע, זייער חשיבות אין לאַגער. דערפון זייער עזות, זייער חוצפּה.

איין אָוונט, נאָכן „אָביעד", רו איך אויף דער נאַרע. פון דער וייטנס הער איך זיך צו צו אַ געשפּרעך צווישן רוסן, אַלטע לאַגערניקעס. עס שיטן זיך פון זיי אַזעלכע גראָבע רייד, אַזאַ נבול־פּה־זשאַרגאָן, איין וואָרט געמיינער און עקלדיקער פון אַנדערן. איך ווייס נישט צי די ערגסטע אונ־טערוועלט באַנוצט זיך מיט אַזאַ „בלומיקער" שפּראַך.

איך פרעג וועגן דעם אַ בעסערן רוס, אַן אינטעליגענט:

— זאָגט מיר, איך בעט אייך, צי עטלעכע און צוואַנציק יאָר קאָמו־ניזם האָבן נישט באַוויזן אויסצורייניקן אַביסל די צינגער ביים המון?...

— נעמט נישט אַראָפּ קיין ביישפּיל פון לאַגער, — פאַרענטפערט

זיך יענער, — דאָ זענען דאָך דאָס רוב „ביטאָוויקעס״, קרימינעלע פאַר־ברעכער. אויף דער פריי איז נישט אַזוי ווי דאָ.

אָבער אין דער אמתן האָב איך אין דער „זאָנע״ געהערט געמיינע רייד אויך פון אַ סך „ק. ר. ד.ניקעס״, שוין פון די בעסערע רוסן. עס האָט מיך תמיד שאָקירט זייער גערייד, זייער באַזונדערער רעדנסאַרט, באַזאַלצן און באַפעפערט מיט „פעטע״ עפיטעטן. עס האָט פשוט געעקלט פון די אומגעצוימטע, טמאדיקע מיילער. איך קוק זיך צו צו די רוסישע מענטשן און בין דערשטוינט ממש. פאַרוואָס אַזאַ נישט געצוימטקייט אין דער באַנעמונג? און אפשר איז עס די ווירקונג פון לאַגער? פון רויען לאַ־גער־לעבן? אפשר דאָ ווערן פאַרווישט די גרענעצן פון מאָס און אַנ־שטענדיקייט און עס קומט די דעמאָראַליזאַציע?...

# 11
# איך גיי זיך קלאָגן צום דאָקטער

איינמאָל, דערפילנדיק זיך זייער אָפּגעשוואַכט פון דער שווערער פּראַצע און הונגער, בין איך אין אָונט אַוועק אין לאַגער־אַמבולאַטאָריע, ביים „סטאַציאָנאַר״. דער גאַנצער קאָרידאָר דאָרט איז געווען אויסגע־לייגט מיט מענטשן. געווען צווישן זיי שווער קראַנקע, וואָס אויף זייערע פּנימער איז שוין געלעגן אויסגעלייגט די מאַטע בלייכקייט פון טויט. קוים וואָס זיי האָבן מיט דער נשמה געפּאַכט. איך פיל, אַז קיין סך איז נישט בייטיק צו זיין אין לאַגער, כדי צו קומען צו זייער מעמד...

כ׳האָב געוואַרט ביז עלף ביינאַכט איידער עס האָט מיך אויפגענו־מען דער דאָקטער.

אויך דער דאָקטער איז געווען אַ „זע־קאַ״. בעקער האָט ער געהייסן. אַ דייטש, פון די וואָלגע־דייטשן.

— וואָס איז אייך?

— כ׳פיל מיך קראַנק. עס טוען מיר וויי אַלע גלידער: דער קאָפּ, די הענט, די פיס.

— אַלץ פאַראַמאָל?... — שמייכלט ער.

— פאַרגעסן צוצוגעבן נאָך דאָס האַרץ...

— אייער באַרוף?

איך זאָג אים.

ער ווערט אויפמערקזאַמער. עס אימפּאָנירט אים אגב וואָס איך רעד מיט אים דייטש. ער באַטראַכט מיך גרינדלעכער.

— ליידער קאָן איך פאַר אייך גאָרנישט טאָן. איר זענט טאַקע זייער דערשעפּט. אויך אייער האַרץ־מוסקל איז דערשעפּט. אָבער... ניין צענטל פון אַלע מענטשן אין לאַגער געפינען זיך אין נישט קיין בעסערן — און טייל אין אַ פיל ערגערן — מצב וואָס איר... פאַרשטאַנען? איך האָב נאָר אַ רעכט צו געבן אַ באַפרייאונג אויף עטלעכע טעג ביי אַ געשטייגערטער טעמפּעראַטור. ביי אייך איז די טעמפּעראַטור נאָרמאַל... ליידער!...

— אָבער אפשר וואָלט איר מיך פאַרשריבן צו אַ לייכטערער אַר־בעט? איך בין דאָך צווייטע קאַטעגאָריע...

— ליידער... דער גרעסטער טייל אין לאַגער איז פון צווייטער קאַ־טעגאָריע... אָבער ליידער...

האָב איך, הייסט עס, אומזיסט פאַרלוירן עטלעכע שעה. אומזיסט אָפּגעריסן עטלעכע שעה פון מיין רו. געקאָנט שוין לאַנג ליגן אויף דער נאַרע. קוים זיך דערשלעפּט אין באַראַק, אַרויפגעקראָכן אויף די האַרטע ברעטער, זיך ווי עס איז אַריינגעשטופּט צווישן מיינע שכנים, זיך צוגע־דעקט מיט אַ פּיצל קאָץ פון מיין שכן דעם שוסטער; אָבער נישט געקאָנט קיין אויג צומאַכן. אַלע אברים האָבן משונהדיק געבראָכן, ווי בעת אַ שטאַרקער אָנטצינדונג.

אין באַראַק הער איך כסדר אַ באַוועגונג פון מענטשן. דאָס איז די קללה פון די לאַגערניקעס: אָפּגעשוואַכטער אורין־פּענכער. עס גייט כסדר אַ געגייעריי פון דער נאַרע אויף דרויסן און צוריק. די אַלטע לאַגערני־קעס ליידן אַלע פון דער דאָזיקער קראַנקייט. צווישן די פּוילישע זענען נאָך פאַראַן ווייניק אַזעלכע חולאים. מיט דער צייט וועלן מיר זיך אויך אין דער הינזיכט זיכער אויסגלייכן... דאָס קומט פון דער שלעכטער דער־נערונג און פון די שווערע לאַגער־באַדינגונגען. צו דער מחלה העלפט שוין נישט קיין דאָקטער — דער דאָקטער קאָן נאָר העלפן קרעכצן...

די אַלע, וואָס ליידן אויף דער אָפּשוואַכונג פון אורין־פּענכער, קאָ־נען זיך קיינמאָל ביינאַכט נישט אויסרוען, ווייל אַלע שעה — אָפּטמאָל אַלע האַלבע שעה — וועקט עס זיי אויף און זיי מוזן לויפן... אַ סך באַ־ווייזן נישט צוריק אַנטשלאָפן צו ווערן — און שוין, זיי דאַרפן שוין ווי־

דער לויפן... אַזוי אַ גאַנצע נאַכט. אַ גאַנצע נאַכט דויערט ביי זיי דער „שפּאַציר" אַרויף און אַראָפּ, אַרויף און אַראָפּ... אויף אַלע נאַרעס באַוועגט מען זיך אַזוי, און אויך די, וואָס האָבן נאָך געזונטע פּענכערס, קאָנען אויך צוליב די לויפערס נישט שלאָפן...

די לויפערס ביים אַראָפּגיין פון דער נאַרע זענען דענערווירט און זיי זידלען סתם אין דער וועלט אַריין:

— וואָט בליאַד׳! — בייזערט זיך אַ רוס ביים אַראָפּקריכן פון דער נאַרע.

— פּשיאַ קרעוו! — זידלט אַ פּאָליאַק.

— צו אַלדע רוחות! — גיסט אויס זיין פאַרביטערונג אַ ייד. — עס לאָזט גאָרנישט אַנטשלאָפן צו ווערן.

## 12

## כ׳האָב מזל: כ׳פּאַק אַ ווונד...

די זעלביקע וואָך, וואָס כ׳בין געווען ביים דאָקטער, האָט מיך אָפּגעגליקט: איך בין פאַרוווּנדעט געוואָרן ביי דער אַרבעט אין וואַלד. דאָס איז געווען ביים אויסלייגן אַ וועג מיט „נאַקאַטניקעס". אַ פּאָר חברה־לייט האָבן האַסטיק אַ וואָרף געטאָן אַ „נאַקאַטניק" גלייך מיר אויף דער האַנט. די ווונד איז נישט געווען קיין געפערלעכע, אָבער צוויי פינגער זענען מיר אויפגעגלאָפן מיט אַ געשווילעכטס — אַזוי אַז איך האָב באַלד געמוזט איבעררייסן די אַרבעט. דער בריגאַדיר איז צוגעקומען אַליין אַ קוק געבן, צי ער קאָן מיך לאָזן נישט אַרבעטן... ער האָט געקוקט, געקוקט מעשה מבין און געמוזט מסכים זיין, אַז איך קאָן אין דער רגע נישט אַרבעטן.

— זאָלסט היינט גיין אין אַמבולאַטאָריע. — באַפעלט ער מיר.

— נאַטירלעך.

האָב איך אַזוי אַרום געהאַט עטלעכע שעה זיך אַרומצוקוקן אין וואַלד, זיך אויסציען אויפן גראָז מיט די אויגן צום הימל. ליגנדיק באַמערק איך אַ קוסט מיט יאַגדעס. איך נעם צופן, דערקוויק דאָס פאַרחלשטע האַרץ. אָבער דער ווייטיק! ער לאָזט נישט הנאה האָבן פון דער רו, פון די יאַגדעס...

אין אָוונט בין איך געווען ביי ד״ר בעקער. דאָס מאָל בין איך שוין אומזיסט נישט געגאַנגען. דאָס געשווילעכטס פון די פינגער האָט מיך געראַטעוועט און ער האָט מיר געגעבן אַ באַפרייאונג אויף גאַנצע דריי טעג. גאָט מיינער! גאַנצע דריי טעג! איך בין אַרויס מיט דער באַנדאַזשירטער האַנט ווי אַ „טריאומפאַטאָר״... אין באַראַק האָבן מיר אַלע מקנא געווען: באַשערט אַ גליק!...

אָבער אין די דריי טעג האָט מען מיר אויך נישט געגעבן בחנם די „פייקע״: מ׳האָט מיך געשיקט אין וואַלד אַריין צו קלייבן יאַגדעס פאַרן „סטאַציאָנאַר״. כ׳בין, פאַרשטייט זיך, נישט געגאַנגען אַליין. געווען נאָך אַזעלכע לייכטע חולאים ווי איך און מען האָט פאַרמירט אַ גאַנצע יאַגדעס־בריגאַדע פון אַ 10־12 מאַן. מ׳האָט אונדז נישט געלאָזט אַליין, נאָר מיטגעגעבן אַ בריגאַדיר, אַ רוס, ער זאָל אונדז פירן מחוץ דער „זאָנע״. אויסגעפּראַוועט האָט אונדז דער קאָמענדאַנט קאַמינסקי.

אין די דאָזיקע טעג האָבן מיר זיך געשפּילט מיט דער אַרבעט. קיין נאָרמע איז דאָך נישט געווען. אַלע האָבן מיר געקליבן קאָלעקטיוו, אין עטלעכע עמערס. פאַרשטייט זיך, אַז בעתן קלייבן פלעגט מען זיך גופא אויך נישט באַוואַרענען... יאַגדעס אין טייגע פעלן נישט. ס׳איז בלויז נישטאָ קיין צייט ווען צו קלייבן. איצט אָבער האָט מען אויסגענוצט דעם מאָמענט. בעת קיין ברויט איז נישטאָ, זענען יאַגדעס אויך אַן עסן. אַלנפאַלס, די אילוזיע פון עסן האָט מען דאָך זיכער...

אין ערשטן טאָג איז אַפילו געשען אַ קוריאָז מיט אונדזער בריגאַדיר.

דער בריגאַדיר — אַ „ביטאָוויק״ ווי אַלע בריגאַדירן — ווייזט אונדז אַרויס אַ באַזונדערן „חסד״ און לייגט אונדז פאָר:

— איר, רעביאַטאַ, קלייבט אייך דאָ די יאַגדעס. אָבער גייט נישט אַוועק פון דעם אָרט. איך מוז צוגיין דאָ נישט ווייט פון דאַנען, נעבן שטעטל, עפּעס קויפן. אויב איר ווילט, קאָן איך פאַר אייך קויפן בולאָטשקעס...

— אַ גרויסן דאַנק, חבר בריגאַדיר!

איטלעכער פון דער בריגאַדע האָט אים געגעבן געלט און געבעטן צו קויפן וויפל עס וועט זיך נאָר לאָזן — וואָס מער! איך האָב אים אויך געגעבן עטלעכע רובל, וואָס איך האָב נאָך געהאַט פון די פאַרקויפטע הויזן.

— לאַדנאָ! לאַדנאָ! וואַרט אויף מיר אָט דאָ.

און דער בריגאַדיר איז אַוועק.

עס גייט אַוועק אַ שעה, צוויי, דריי — ער קערט זיך נישט אום. עס ווערט שוין שפּעט. די זון זעצט זיך שוין. עס ווערט טונקעלער — נישטאָ. וואָס איז דאָ געשען? און וואָס טוען מיר אָן בריגאַדיר?

עס ווערט גוט שפּעט — אַלץ נישטאָ. ווי אין וואַסער אַריין. מיר באַמערקן פון דער ווייטנס ווי בריגאַדעס קערן זיך שוין אום פון דער אַרבעט. מיר ווען, אגב, פאַרשפּעטיקן צום „אָביעד".

— איר ווייסט, רעביאַטאַ? — פאַלט מיר איין — דער בריגאַדיר האָט אונדז זיכער באַשווינדלט.

— עס קאָן נישט זיין. ווי איז עס מעגלעך? — ענטפערט ווער.

— און מיר שיינט — האַלט איך זיך ביי מיינס, — אַז עס איז יאָ מעגלעך. וואָרום ווער איז דען אַ בריגאַדיר? אַ „ביטאָוויק". מעגלעך, אַ פּראָפעסיאָנעלער קעשענע־גנב...

אַז עס איז גוט טונקל געוואָרן זענען מיר אַליין אַוועק אין דער ריכטונג צום טויער פון אונדזער „זאָנע". ס'איז פונקט ביים טויער געשטאַנען אַ בריגאַדע און געוואַרט מען זאָל עפענען. איך דערצייל דעם בריגאַדיר פון דער דאָזיקער בריגאַדע די מעשה מיט די „בולאָטשקעס" — צעלאַכט ער זיך:

— ווען איר וואַרט אַפילו אַ גאַנץ יאָר, וואָלט ער אייך נישט צוריקגעקומען...

מיר דערציילן נאָכדעם וועגן אונדזער פּאַסירונג דעם „ב. ק. וו. ד.יסט" ביים טויער — שמייכלט ער אויך:

— וואָט בליאַד'! סוקין סין!...

ער טוט אונדז די „טובה" און לאָזט אונדז אַריין אין דער „זאָנע" אָן אונדזער בריגאַדיר.

די אָנגעקליבענע יאַגדעס האָבן מיר איבערגעגעבן קאַמינסקין און אים, פאַרשטייט זיך, אויך דערציילט וועגן דעם שווינדל.

— אַזאַ מערזאַוויעץ געטרויט איר געלט? דוראַקי! — חוזקט נאָך איבער אונדז קאַמינסקי.

— קאָן מען אים גאָרנישט צוציען צו פאַראַנטוואָרטלעכקייט?

— חכמים זענט איר... יענער האָט שוין געכאַפּט ערגעץ אַ „גלעזל" פאַר אייער געלט...

זעט אויס, אַז אין לאַגער קאָן מען אַלצדינג אָפּטאָן — אַפילו די גרעסטע געמיינקייט — גאָר אומבאַשטראָפט.

— רעביאַטאַ, — מעלדעט אונדז קאַמינסקי — מאָרגן באַלד אין דער פרי קומט ווידער צו מיר. מען מוז האָבן אַ סך יאַגדעס פאַרן „סטאַציאָנאַר״.

נאָכן „אָביעד״ האָבן מיר פונדעסטוועגן אויסגעזוכט דעם שווינדלער. ס׳איז מיט אונדז מיטגעגאַנגען קאַמינסקי. מ׳האָט אים געפּאַקט אַ כראַפּנדיקן אויף דער נאַרע. קאַמינסקי האָט אים אַ טרייסל געטאָן פאַר די אויסגעצויגענע פיס און אים אויפגעוועקט:

— ווו זענען די בולקעלעך?...

יענער האָט אויפגעריסן די אויגן. זיי זענען נאָך געווען רויטלעך־פאַרלאָפן פון שכרות.

— וואָס ווילסטו, הינטישע טינופת? — האָט ער זיך גענומען זידלען.

מיר זענען אַלע אַרויסגעפאָרן מיט אונדזערע טענות:

— גיב אונדז אָפּ דאָס געלט!

— מיינע צוויי רובל!

— מיינע דריי רובל!

— גיב דאָס געלט צוריק!

יענער האָט זיך ערשט דערמאָנט...

— מאָרגן, מאָרגן, יעי באָגו...

— גיב איצט, סוקין סין! — שרייט קאַמינסקי.

ער האָט כלומרשט גענומען גראַבלען אין די טאַשן:

— נאַט, זעט...

ער האָט אויסגעקערט די טאַשן און געוויזן, אַז זיי זענען ליידיק...

און דער בריגאַדיר איז צוריק אַ פאַל געטאָן אויף דער נאַרע, נישט קאָנענדיק איינזיצן און האַלטן דעם קאָפּ אויף זיך...

— איר זעט דאָך, רעביאַטאַ, — זאָגט אונדז קאַמינסקי — נישטאָ מיט וועמען צו רעדן... זיך אָנגעזויפט ווי אַ חזיר...

און אַזוי זענען מיר אַוועק מיט גאָרנישט... טו, מאַך — אַז אונדזער געלט איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין שנאַפּס... און דערצו נאָך שוין נישט אין פלעשל, נאָר אין יענעמס איינגעווייידן און אינעם קאָפּ...

צומאָרגנס זענען מיר ווידער געגאַנגען אויפן זעלבן פּלאַץ קלייבן

יאַגדעס. צום טויער האָט אונדז צוגעפירט קאַמינסקי און געמאָלדן דעם שומר די רשימה פון די מענטשן, וואָס גייען אַרויס פון דער „זאָנע״.

— און ווו איז דער בריגאַדיר? — פרעגט דער שומר.

קאַמינסקי באַקוקט אונדז אַלעמען און שטעלט זיך אָפּ אויף מיר:

— זאַק וועט זיין בריגאַדיר.

— לאַדנאָ!

און דער שומר עפנט פאַר אונדז דאָס טויער.

— זע, קום צוריק מיט די מענטשן אין פולן קאָמפּלעט. ביסט פאַר אַלעמען פאַראַנטוואָרטלעך! — וואָרנט מיך קאַמינסקי.

— גוט, — ענטפער איך — איך וועל נאָך קיין „בולאָטשקעס״ נישט גיין...

„אַ קלייניקייט אַביסל! — טראַכט איך — זיך דערדינט צו אַזאַ „טשין״ (אַמט), צו אַזאַ „כבוד״: אַ בריגאַדיר פון אַ „יאַגדעס־בריגאַדע״... כאָטש כ׳בין נישט קיין „ביטאָוויק״, כאָטש כ׳בין נישט קיין גנב״...

ביי דער אַרבעט האָב איך געהאַט אַ שטיקל שרעק פאַר דער פאַראַנט־וואָרטלעכקייט און האָב זיך כסדר געבעטן ביי מיינע מענטשן:

— חברה, צעקריכט נישט איבערן וואַלד... כ׳בעט אייך... קלייבט אַלע אָט־אָ־דאָ, דאָ זענען דאָך פאַראַן גאַנצע חמרים יאַגדעס...

כ׳האָב מיטן אויג אַלע ווײַלע געציילט די מענטשן: צי זענען פאַראַן אַלע 12?... טאָמער חס־ושלום פעלט עמיצער, איז — אַל תפתח פה לשטן!...

היות ווי איך בין דאָך היינט בריגאַדיר (איך פיל מיך אַזוי ווי איך דער ראָל פון אַ „פורים־רב״) פאַרגין איך מיר אַרומצוקוקן צו דער נאַטור אַרום. ביי אַ ברעג וואַלד ציט זיך אַ גראָזיקער וועג. דער וועג ווערט פאַרפאַלן אין דער ווייטעניש פון די וועלדער. דער גרינער וועג לאָקט. עס וואָלט זיך געוואָלט אַוועקלאָזן מיט אים אין דער גרינקייט. אין דער ווײַ־טעניש. אָבער די היגע וועגן פירן נישט צו דער פריי... זיי פירן דאָך נאָר פון „זאָנע״ צו „זאָנע״...

פאַרנאַכט איז דער זון־פאַרגאַנג געווען אַזוי מאָלעריש־שיין. אַזוי פיל פאַרבן האָבן זיך צעגאָסן איבערן הימל! די פאַרבן האָבן זיך גע־שפּילט איבער דער גרינקייט פון די וועלדער.

די דאָזיקע רחבותדיקע שיינקייט האָט אָבער נאָר ווײַ געטאָן אין דער נשמה: עס איז דאָך אויף קיין איין מינוט נישט אַוועק דער באַוווסט־

זיין, אַז נישט ווייט פון אונדז, אַ קילאָמעטער, אפשר, נישט מער, וואַרט אויף אונדז דאָס לאַגער־טויער, וואָס וועט אונדז אָט באַלד איינשלינ־גען — — —

## 13

## עס פאַרבעט מיך אַן אַרמענישער דראַמאַטורג

איין אָוונט, אַז כ׳בין געקומען פון וואַלד, גיט מיר איבער דער „דניע־וואַלני״, אַז דער נאַטשאַלניק פון קלוב וויל מיך זען; אַז כ׳זאָל צו אים אין אָוונט אַרויפקומען.

וואָס קלוב? וועלן קלוב? כ׳פרעג זיך נאָך — ווייזט זיך אַרויס, אַז אין לאַגער איז „זייער קולטורעל״... (ווי די רוסן באַרימען זיך תמיד...); אַז דאָ איז פאַראַן אַ קלוב, וווּ מען גיט פון צייט צו צייט פאָרשטעלונגען, מען דעמאָנסטרירט אויך אַמאָל אַ פילם. אין ערשטן אויגנבליק פאַלט מיר איין: ווער ווייסט? אפשר וועט מיך דער דאָזיקער נאַטשאַלניק ראַטעווען פון וואַלד?...

צווישן „אָביעד״ און „אוזשין״ דערפרעג איך זיך צום קלוב. ס׳איז אַ געווײנלעכער קלענערער באַראַק. כ׳גיי־אַריין אינעווייניק: אַ „זאַל״ מיט אויסגעשטעלטע לאַנגע בענק. אַזאַ לאָקאַל קאָן אַריינעמען אַ 400 מענטשן. פאַראַן דאָ אַ סצענע מיט „הינטער־קוליסן״. ביי דער זייט פון דער סצענע זע איך אַ טיר מיט עטלעכע טרעפלעך. אַ קליין לעמפּל אי־בער דער טיר באַלויכט אַביסל דעם פינצטערן „זאַל״. איך לאָז זיך גיין צו יענער טיר. איך קלאַפּ־אָן:

— מ׳קאָן אַריינגיין?

— אַריין!

הינטער די קוליסן, אין קליינעם חדר, וווּ די ווענט זענען רוי און נישט געקאַלכט, איז געזעסן ביי אַ טישל מיט פּאַפּירן אַ מיטע־לער מענטש פון אַ יאָר 40, אַ פול, טונקל געזיכט, שוואַרצע אויגן און שוואַרצע געדיכטע האָר, פּינקטלעך צוגעקעמט. אין דער ערשטער רגע האָב איך געמיינט, אַז דאָס איז אַ ייד.

— דאָס זענט איר דער נאַטשאַלניק פון קלוב? — פרעג איך.

— יאָ, איך בין עס. מיט וועמען האָב איך דעם כבוד?

איך זאָג אים מיין נאָמען.

— אַך, עס פרייט מיר זייער אייך צו קענען. איך האָב געהערט, אַז צו אונדז אין „זאָנע״ איז געקומען אַ יידישער שרייבער — אַ פּאַן־קאָ־לעגע, הייסט עס... — נו, האָב איך אייך געבעטן אַרויפקומען.

— זייער גערן. אדרבה, ס׳איז אויך פאַר מיר אַ פרייד.

און באַלד ריזיקיר איך מיט אַ פראַגע:

— זענט איר אויך אַ יידישער שרייבער?

— ניין, כ׳בין אַן אַרמענער.

— אַלצאיינס אַ קאָלעגע.

— נו, יאָ. אַזוי איז עס.

— איר שרייבט פּראָזע, צי לידער?

— כ׳בין אַ דראַמאַטורג, — ענטפערט ער, — כ׳האָב אגב איצט פאַרענדיקט דאָ אַ פּיעסע און וואָלט וועלן פאַר אייך זי איבערלייענען.

— אדרבה, מיטן גרעסטן כבוד. אָבער ווען?... אַז אַ גאַנצן טאָג אַר־בעט איך אין וואַלד און אין אָוונט פאַל איך אַוועק אויף דער נאַרע אַזוי ווי אַ סנאָפּ פון דערשעפּונג און הונגער...

— איר הונגערט? ביעדניאַגאַ! (אָרעמער, נעבעך). איך וועל פּרווון איבעררעדן מען זאָל אייך איינאָרדענען ביי עפּעס אַן אַרבעט אין דער „זאָנע״. גיין אין וואַלד — קאַקאָיאַ גאַדאָסט׳! (ס׳אַרא פּאַסקודנער ענין!).

— איך דאַנק אייך זייער פאַר אייער אויפמערקזאַמקייט. עס וואָלט פאַר מיר געווען אַ ישועה, ווען עס געלינגט.

— כ׳וועל זיך באַמיען.

— אַנטשולדיקט מיר פאַר מיין פראַגע: זענט איר דאָ אַ פרייער מענטש אָדער אַ „זע־קאַ״?

— אַ „זע־קאַ״... אין לאַגער זענען נישטאָ קיין פרייע מענטשן...

— זענט איר דאָ שוין לאַנג?

— אָ, כ׳בין שוין דאָ אַ „פּענסיאָנער״ זינט אַ יאָר זעקס...

פּלוצלונג שטייט ער אויף פון זיין פּלאַץ, ווי ער וואָלט זיך אָן עפּעס דערמאָנט. ער גייט צו צו אַ פּאָליצקע אין ווינקל, נעמט פון דאָרט אַ שטיקל ברויט און איז מיך מכבד:

— עסט, טאָווארישטש!

עס רירט מיך זיין גאַסטפריינדשאַפט.

— אַ גרויסן דאַנק אייך!

פון ווייטערדיקן שמועס ווער איז געוווּיר, אַז אין קלוב גיט מען אַמאָל — נישט זייער אָפט — אַן אַגיטאַציע־פילם פון אַ ספּעציעלן אינ־האַלט. איך פאַרשטיי, אַז דאָ גייט יענער ביליקער מין „אַגיטקעס". דאָ נישט לאַנג, דערציילט ער מיר, האָבן זיי אַפילו אויפגעפירט אָסטראָווס־קיס „גראָזאַ" („דער שטורעם").

— דער „שטורעם", זעט איר, איז שוין אַן ענין. — זאָג איך, — ווער זענען עס אייערע אַרטיסטישע קרעפטן און וואָס טוען זיי דאָ?

— אַלץ „זע־קאַ". זיי טוען דאָ פאַרשיידענע לאַגער־אַרבעטן: ווער פיזישע, ווער אין קאַנצעלאַריע. פאַראַן עטלעכע גאַנץ פעאיקע, מיט סצע־נישער באַגאַבונג. איר וועט אַמאָל באַזוכן אַ ספּעקטאַקל, וועט איר זען.

— נו, און וואָס גרייט איר איצט?

— טאַקע וועגן דעם וויל איך מיט אייך זיך מיישב זיין. איך וואָלט געוואָלט אויפפירן מיין נייע פּיעסע. כ'וואָלט אייך זי וועלן איבערלייענען.

— כ'מיין, — זאָג איך, — אַז פריער ווי אַלץ דאַרף זי דאָך לייענען די „צענזור"...

— אָ, דאָס וועט שוין גיין... די פּיעסע וועט דעם נאַטשאַלניק פון לאַגער זיכער געפעלן ווערן...

מיט זיין לעצטער באַמערקונג האָט דער אַרמענישער דראַמאַטורג לחלוטין זיך דעגראַדירט אין מיינע אויגן: הייסט עס, אַז ער שרייבט „אויף באַשטעלונג"... פאַרן לאַגער־געבורויך... פונדעסטוועגן, טראַכט איך, איז כדאי צו הערן די פּיעסע. איבעריקנס, אַפילו אין אַ טענדענציע־זער ליטעראַרישער אַרבעט קאָן מען אויך זען דעם גראַד פון מחברס באַ־גאַבונג.

— גוט, — זאָג איך, — מאָרגן אין אָוונט וועל איך צו אייך אַרויפ־קומען, וועט איר מיר פאָרלייענען. היינט האָב איך געהאַט זייער אַ שווערן טאָג אין וואַלד... קוים וואָס איך האַלט זיך אויף די פיס...

— אויסגעצייכנט! גייט לייגט זיך אָפּרוען, טאָוואַרישטש!

איך האָב זיך שוין געהאַט גענומען געזעגענען מיט אים; אָבער אין מיטן עפנט זיך די טיר און עס קומט אַריין אַ יונגע פרוי, אַ גאַנץ סימפּאַ־טישע, אָנגעטאָן גאָרנישט לאַגערמעסיק...

— אָט איז רעגינאַ איסאַקאָווּנאַ... אונדזער בעסטע קראַפט... זייט באַקאַנט... דאָס איז אַ יידישער שרייבער...

אַ פריינדלעכער שמייכל. אַן ערשטער האַנט־דרוק פון אַ פרוי זינט מיין אַרעסט אין גראָדנע.

— דאָס איז טאַקע אייערע אַ „זעמליאַטשקאַ"... אַ וואַרשאַוויאַנקאַ.

— טאַקע? — ווער איך איבערראַשט. — ווי לאַנג זענט איר שוין פון וואַרשע? איך קום אויך פון וואַרשע.

זי נעמט מיך אויספרעגן וועגן וואַרשע — וועגן מענטשן און גאַסן.

זי דערציילט מיר בקיצור איר געשיכטע:

געווען אַ קאָמוניסטקע פון די ייִנגסטע יאָרן. אַ גרויסע ענטוזיאַסט־קע אין דער באַוועגונג. געזעסן שוין אַפילו 8 חדשים אין דער מאָקאָטאָ־ווער תפיסה אין וואַרשע... אין 1933 זיך אַריינגעשמוגלט קיין סאָוויעט־רוסלאַנד...

זי האָט געמאַכט אַ הפסקה...

— נו, און ווייטער? פרעג איך זי.

זי פאַרשטייט מיין כוונה.

— ווייטער איז שוין אַ באַנאַלע געשיכטע: געקומען דאָס יאָר 1937... די גרויסע „טשיסטקאַ"... נו, האָט מען זיך אָן מיר אויך דערמאָנט...

— נישט נאָר זי אַליין... — גיט צו דער אָרמענער, — אויך איר מאַן — אַ סטאַרשי לייטענאַנט! — איז צוזאַמען מיט איר אַרעסטירט געוואָרן אין מאָסקווע... איר מאַן געפינט זיך טאַקע נישט ווייט פון דאַ־נען... אין אַ שכנישן לאַגער...

איך האָב אויסגעהערט און מער נישט איבערגעפרעגט: איך קען זיי דאָך נישט אַזוי נאָענט... ווער ווייס ווער זיי זענען... פאַרוואָס זענען זיי פאַר מיר אַזוי אָפנהאַרציק... אין לאַגער דאַרף מען האָבן אויערן... מיט דער צונג דאַרף מען זיך וואָס ווייניקער באַנוצן...

— עס פרייט מיך באמת דאָ צו טרעפן אַ וואַרשעווערין... — פיר איך דעם שמועס אַריבער צום ערשטן ווערטער־אויסטויש.

— ווי איך בענק נאָך די לאַזיענקעס! נאָך מאַרשאַלקאָווסקאַ!... — רופט זי פלוצלונג אויס, און אירע אויגן צעגלאַנצן זיך, — פאַרוואָס? פאַרוואָס איז מיר איינגעפאַלן אַזאַ משוגענער געדאַנק צו אַנטלויפן פון פוילן?...

איך ענטפער איר דערויף נאָר אין דער מחשבה:

„דו ביסט נישט, מיין טייבעלע, די איינציקע, וואָס באַדויערט אַזאַ טאָט!" — — —

און צו איר זאָג איך אויפן קול:

— גלויבט איר נישט, אַז איר וועט נאָך אַמאָל זיין אין וואַרשע?...

— טו, פּאַניע, וו׳טים פּיעקליע גינאָן ושעלקיע באַדזיעיע... (דאָ, מיין הער, אין דאָזיקן גיהנום ווערן פאַרלוירן יעדע האָפענונגען...), — זאָגט זי מיר מיט רעזיגנאַציע אין טאָן, בכוונה אין פּויליש, כדי צו זיין מער אָפנהאַרציק און כדי דער דריטער צווישן אונדז, דער אַרמענער, זאָל עס נישט פאַרשטיין.

כ׳בין געווען געריירט דערפון, וואָס אין מיר האָט זי געזען אַ נעענטערן מענטש, פאַר וועמען מען קאָן אויסגיסן דאָס האַרץ. און כ׳האָב טאַקע אין דער אמתן געפילט איר טראַגעדיע אַ סך מער, אַ סך טיפער ווי דער אַר־מענער — דער מחבר פון פּיעסן פאַרן „לאַגער־געברויך״... אין דער דאָזי־קער רגע האָט זי ביי מיר אויך געוווּנען פולשטענדיקן צוטרוי און איך אליין וואָלט פאַר איר געקאָנט רעדן אַזעלכע רייד, וואָס נישט פאַר אַלע־מען קאָן מען זיך עס דאָ דערלויבן...

פאַרן אַוועקגיין נעם איך אַ לייכטן טאָן:

— זיך נישט פאַרגעשטעלט, אַז אין לאַגער וועל איך טרעפן אַזאַ שיינע פרוי, און דערצו נאָך אַן אייגענע, אַ וואַרשעווערין...

רעגינאַ איסאַקאָווגאַ האָט געשמייכלט:

— טרייבט נישט איבער...

— אָ, רעגינאַ איז טאַקע די שענסטע אין דער „זאָנע״! — באַשטע־טיקט דער אַרמענער.

— די שענסטע פון וויפל? — פרעג איך.

— פון לערך 20 פרויען. מער ווי 20 פרויען פאַרמאָגן מיר נישט אין לאַגער. דערצו זענען מער ווי אַ העלפט סטאַרוכעס (זקנות)... איר פאַר־שטייט? 20 פרויען אויף 3.000 מענער!

— אָ, — זאָג איך צו איר, — איך שטעל מיר פאָר אייער דערפאָלג...

— אַזאַ דערפאָלג פרייט מיך ווייניק... — ענטפערט זי פילדייטיק.

און ביי זיך האָב איך בעת־מעשה געטראַכט: „דעם גרעסטן דער־פאָלג מוז זי אַוודאי האָבן טאַקע ביי דעם דאָזיקן אַרמענער״... אין דער רגע בין איך אַפילו אַ קאָפּעטשקעלע אייפערזיכטיק געווען...

— נו, אַלדאָס גוטס! — געזעגן איך זיי ביידן.

— ביז מאָרגן — דערמאָנט מיר דער נאַטשאַלניק פון קלוב.

— קומט מאָרגן! קומט! — גיט צו רעגינע.

— איר וועט אויך זיין מאָרגן? — פרעג איך.

— זי וועט זיין! זי וועט זיין! זי וועט דאָך דאַרפן אויספירן די הויפּט־ראָל אין דער פּיעסע, — זאָגט פאַר איר דער אַרמענער, ווענדיק אַפּנים מיר צוגעבן מער חשק צו קומען...

## 14

## אַ פּיעסע מיט סאָוויעטישן בוימאייל

צומאָרגנס נאָך אַ שווערן טאָג אַרבעט ביי אַ קאַנאַל, נאָכן אָפּעסן מיין נעבעכדיקן „אַביעד" מיט די 500 גראַם ברויט אויף אַ גאַנצן מעת־לעת — בין איך ווידער אַוועק אין קלוב.

רעגינאַ איסאַקאָוונאַ איז שוין דאָרט אויך געווען. ביידע באַגעגענען מיך פריינדלעך:

— ווי איך בין צופרידן, וואָס עס איז דאָ צוגעקומען אַ היימישער מענטש! — רופט זי אויס אַ שמייכלענדיקע.

— אָבער איך בין נישט צופרידן... — זאָג איך שפּאַסיק.

— איך פאַרשטיי אייך... — לאַכט זי, — אָבער איך גלויב, אַז אויך איר פאַרשטייט וואָס איך האָב געמיינט...

— יאָ, איך פאַרשטיי אייך, פּאַני רעגינאָ! — אַקצענטיר איך בכוונה די פּוילישע ווענדונג צו איר.

איך האָב איר טאַקע דאָס מאָל צוגעטראָפן, און זי האָט רעאַגירט:

— איך האָב פריער קיינמאָל נישט ליב געהאַט דאָס וואָרט „פּאַני"; אָבער דאָ... איצט. פון אַ וואַרשעווער... איך הער עס איצט גערן...

אין אירע רייד, אין דער וויברירונג פון איר שטים איז געווען אַזוי פיל נאָסטאַלגיע!...

דער נאַטשאַלניק פון קלוב האָט פאַר אונדז צוגעגרייט כיבוד: ברויט — עטלעכע היפּשע „פּייקעס", שטיקלעך „סאַלאָ" און אַ קעסעלע „קי־פּיאַטאָק" מיט צוקער. הגם כ'בין שוין געווען נאָכן „אַביעד", האָב איך דאָך געגעסן מיט גרויס אַפּעטיט. דער הונגער אין לאַגער מיידט גאָר קיינמאָל נישט, וויפל מען זאָל שוין דאָ נישט עסן... די הנאה פון אַזאַ עסן איז אויך אַן אויסטערלישע. עפּעס האָב איך געפילט אינעם ברויט אַן

אויסערגעוויינלעכן טעם, אַזאַ רייץ. הייגט די „סאַלאָ״! טעם גן־עדן ממש. פון די בעסטע, ראַפינירטסטע געריכטן אויף די רייכסטע מאָלצייטן האָב איך קיינמאָל אין לעבן נישט געפילט אַזאַ טעם, אַזאַ תענוג...

— נו, איצט, אַז מיר זענען שוין זאַט, וועל איך אייך פאַרלייענען, — זאָגט דער גאַסטגעבער.

— פּאַזשאַלויסטאַ!

ער נעמט אַ געדיכט פאַרשריבענעם העפט און לייענט פאָר.

הייסן הייסט די פּיעסע „פאַר ליבע און פאָטערלאַנד״ (פּיעסע אין דריי אַקטן פון אַרבעטער־לעבן). פון זיין לייענען שווימט ביסלעכווייז אַרויס דער סוזשעט: צוויי בחורים ליבן זיך אין איין מיידל, ביידע „פאַר־פאַלגן״ זי מיט זייער ליבע. יעדער באַזונדער, ווען זיי זענען זאַלבעגאַנד, אַנטפּלעקט פאַר איר זיין האַרץ און זיין ליבע. יעדער אויף זיין נוסח. דאָס מיידל געפינט זיך אַ צייט צווישן צוויי פייערן. לסוף דערקלערט זי ביידן, אַז ווער עס וועט זיך אויסצייכענען ביי דער אַרבעט; ווער עס וועט מאַכן מער נאָרמעס אין משך פון אַ וואָך צייט — צו יענעם וועט זי געהערן... אין דער אַקציע קומען, נאַטירלעך, פאַר סצענעס פון אייפערזוכט... אַמאָל קושט זי זיך מיט איינעם, אַמאָל מיטן אַנדערן... דער סוף איז, אַז זי האָט חתונה מיטן זיגער — מיט דעם בחור, וואָס האָט געשלאָגן דעם רעקאָרד מיט פינף נאָרמעס אין משך פון דער וואָך... געווען איז עס אין אַ קוילן־גרוב און דער דירעקטאָר פון דער קוילן־שאַכטע איז דער הויפּט־מחותן, וועלכער האַלט אויף דער שמחה אַ גאַנצן „ספּיטש״ לכבוד די שלאָגלער און סטאַכאַנאָווצעס... ער פאַרענדיקט פּאַטעטיש זיין טאָסט לכבוד דעם נייעם שלאָגלער, וועלכער האָט געוויזן אַ ביישפּיל פון טרייער און איבערגעגעבענער אַרבעט פאַר זיין ליבע, פאַר זיין אויסדערוויילטער און גלייכצייטיק אויך פאַרן פאָטערלאַנד...

די דאָזיקע „מאַכערייקע״ איז פול געווען מיט פּראָפּאַגאַנדע־לאָזונ־גען, מיט דער ביליקסטער „אַגיטקע״ און סאָוויעטיש־פּאַטריאָטישן בוימ־אייל... איך האָב זיך געמאַכט אַ כוח און אַלץ געהערט, כאָטש עס האָט מיך פון צייט צו צייט געהויבן אין דער לופטן. עס האָט מיר פּשוט גע־שלאָגן אַ נישט־גוטקייט צום האַרצן. כ׳האָב אויך אַ פּאָר מאָל אויפגע־כאַפּט רעגינעס אַן איראָנישן ווינק צו מיר בגנבה, ווען יענער איז געווען פאַרטיפט אין זיין לייענען און עס האָט מיך געפרייט, וואָס אויך זי נעמט עס אויף אַזוי ווי איך.

אַז דער מחבר האָט סוף־כל־סוף געענדיקט לייענען, איז מיר אַראָפּ ווי אַ שווערער שטיין פון האַרץ.

— נו, ווי געפעלט עס אייך? — פרעגט ער מיך — צי האַלט איר נישט, אַז מען דאַרף דאָ עפּעס ענדערן? צוגעבן?

ס'איז פאַר מיר געווען אַ צו דעליקאַטער שמועס. כ'האָב געמוזט אָנ־ווענדן מיין גאַנצע „דיפּלאָמאַטיע".

— ס'איז אָנגעשריבן געוואָרן, — זאָג איך — מסתמא גענוי לויט אייער אויפגאַבע: אין סאָוויעטיש־טענדענציעזן סטיל... ביי אונדז אין מערב־אייראָפּע איז מען נישט געוווינט צו אַזאַ סטיל... אינטערעסאַנט, ווי אַזוי האָט איר אַ מאָל געשריבן? איך מיין אין אייער היים? אין ערעוואַן? אויף דער פריי?...

— אויף דער פריי פלעג איך אויך שרייבן פון אַרבעטער־לעבן...

— יאָ, אָבער אויך פון אַרבעטער־לעבן קאָן מען שרייבן פאַרשיידן... דער פראַנצויז עמיל זאָלאַ האָט אויך אַמאָל געשריבן פון אַרבעטער־לעבן... אויך פון קוילן־שאַכטעס... מסתמא האָט איר געלייענט זיין „זשער־מינאַל"?...

— איך האָב געשריבן ווי אַ פאַרטיי־מענטש... כ'בין געווען אַ קאָ־מוניסט...

— ג ע ו ו ע ן — און איצט?

— איך בין איצט אויך אַ קאָמוניסט, אָבער נישט ווי „זיי"...

— ווער זענען עס די „זיי"?... — מאַך איך זיך תמעוואַטע.

— אָט די דאָזיקע נייע „קולאַקעס", וואָס געוועלטיקן איצט אין לאַנד... וועלכע שיקן מיך, און זי, און אייך אין די לאַגערן...

איך האָב הנאה פון זיין לעצטן זאַץ... ער, אַז ער וויל, מעג רעדן... איך דאַרף נאָר הערן... איך באַוווּנדער אין דער רגע מיט וואָסער אָפּנקייט ער רעדט עס קעגן „מלכות"... און פּונקט ווי ער אַזוי אויך אַנדערע לאַ־גערניקעס. פאַר דער קורצער צייט געגנוג אַזעלכע רייד שוין אָנגעהערט זיך פון די רוסן אין לאַגער... דאָס נעמט זיך מסתמא דערפון, וואָס די דאָזיקע מענטשן זענען רעזיגנירטע. זיי ווייסן, אַז זיי האָבן שוין סיי־ווי־סיי נישט וואָס צו פאַרלירן... איז רעדן זיי אויס זייער גאַנצע פאַרבי־טערונג.

נאָך זיינע לעצטע ווערטער באַקום איך מער מוט וואָס שייך זיין „מאַכערייקע" און זאָג:

— אַ פּראָפּאָ אייער פּיעסע... קודם־כּל מוז דאָך זיין קינסטלערישער אמת. איז עס דען דענקבאַר, אַז דאָס מיידל שענקט איר ליבע — און זיך אינגאַנצן! — דווקא אַ שלאָגלער?... אַז שלאָגלעריי איז דער איינציקער וואַלאָר, וואָס דעצידירט אין אַזאַ לעבנס־וויכטיקן פאַל?... אַפילו אין אַ קאָמעדיע, אַפילו אין אַ בורלעסק מוז זיין אַ געוויסע דאָזע לאָגיק... אָבער איך פאַרשטיי, אַז דאָ, אין אונדזערע באַדינגונגען, האָט איר געמוזט דאָך בויען אייער פּיעסע אַזוי, אַז זי זאָל נושא־חן זיין ביי דער לאַגער־צענזור... אָדער פּשוט געזאָגט: ביים נאַטשאַלניק פון לאַגער...

— זאָגט מיר, איך בעט אייך, — פאַלט פלוצלונג אַריין אין די רייד רעגינע, — שפּילט נאָך אין וואַרשע „טעאַטר פּאָלסקי”? ס'אַראַ שיין טעאַטער די פּאָליאַקן האָבן!

— נישט נאָר „טעאַטר פּאָלסקי”. אויך „נאָווי” און „מאַלי” האָבן געשפּילט ביז דער דייטשישער אינוואַזיע. אויך יידן האָבן געהאַט שיינע טעאַטערן אין פּוילן. כאָטש פּוילן איז געווען אַ האַלב פאַשיסטיש לאַנד, פונדעסטוועגן איז דאָס טעאַטער געווען זעלבסטשטענדיק. פון דער טעאַ־טער־בינע האָט מען אַפילו געקאָנט אַמאָל הערן קריטיק קעגן רעזשים... נישט אמת, פאַני רעגינאַ?

— יאָ, אמת... — ענטפערט זי. — אָבער אין פּוילן זענען דאָך נישט געווען אַזעלכע באַדינגונגען ווי ביי אונדז...

— קיין לאַגערן מיינט איר?...

— יאָ. איר האָט מיך פאַרשטאַנען...

— איר ווייסט דאָך ווויל, — פּרוווט זיך פאַרענטפערן דער מחבר פון דער „מאַכערייקע”, — דאָ אין לאַגער ווער מען דען דערלויבן עפּעס אַנדערש?

— דאָס זענט איר גערעכט. דאָס פאַרשטיי איך.

בעת־מעשה לויפט מיר דורך אַ געדאַנק: „נישט אומזיסט איז ער נאַטשאַלניק פון קלוב... האָט זיך אויף דעם וועג דערשלאָגן צו אַ בע־סערער מערכה אין לאַגער”...

דער אַרמענישער דראַמאַטורג איז אינגאַנצן געפאַלן אין מיינע אויגן.

— איר פאַרשטייט? — רעדט ווייטער דער אַרמענער, ווי וועלנדיק זיך דורכאויס פאַרזיכערן אין מיין גוטער מיינונג וועגן אים... — איר זענט דאָך אויך אַ שרייבער... טיילמאָל גלוסט זיך שרייבן... שאַפן... עס

ווילט זיך נישט בלייבן שטום... פון דער וועלט איז מען דאָך אָפּגעריסן... מוז מען זיך אַמאָל אויך באַנוגענען מיט אַזאַ זשאַנר...

— ווי איינער פאַרשטייט און פילט... — ענטפער איך אים. — טייל שרייבער ווילן בעסער אויס די שטומקייט — אויב זיי האָבן קיין ברירה נישט... ס'איז אַ געשמאַק־זאַך.

איך האָב געזאָגט: „אַ געשמאַק־זאַך"... כאָטש געוואָלט האָב איך זאָגן: „אַ זאַך פון ג ע וו י ס ן"... אָבער מחמת קורטואַזיע צום גאַסט־געבער האָב איך עס מילדער געמאַכט...

— אַז איר וועט אויפפירן די פּיעסע, רעפלעקטיר איך אויף דער הויפּט־ראָל — די ראָל פון בײדנס געליבטער, — ווענדט זיך רעגינע צום מחבר.

— זיכער, זיכער, רעגינאַ איסאַקאָוונאַ! איך האָב עס אייך דאָך שוין געזאָגט. קיין פּאַסיקערע פאַר דער ראָל איז דאָך דאָ נישטאָ. אָבער איך וועל נאָך די זאַך אַביסל באַאַרבעטן... — טוט ער אַ בליק אין מיין ריכטונג. — אגב מוז עס נאָך איבערקוקן דער נאַטשאַלניק פון לאַגער...

— ווער איז דאָ דער לאַגער־נאַטשאַלניק?

— אַ סטאַרשי־לייטענאַנט פון „ג. ק. וו. ד.".

— דער נאַטשאַלניק פון לאַגער וועט עס על פּי שכל זיכער כשרן...

— באַמערק איך.

און ביי זיך טראַכט איך: „איצט ווייס איך שוין וועמען דער אַר־מענישער דראַמאַטורג וויל אימפּאָנירן"...

— האָט איר נישט פאַרגעסן קיין יידיש? — פרעג איך דאַן מיין וואַרשעווער „זעמליאַטשקאַ".

— כ'האָב גאָר קיינמאָל גוט נישט געקענט קיין יידיש. ביי אונדז אין שטוב האָט מען גערעדט פּויליש. כ'האָב זיך דערצויגן אויף מיצקע־וויטשן און סלאָוואַצקין, אויף פּרוסן און ריימאָנטן. אויך קאַרל מאַרקסן האָב איך געלייענט אין פּויליש. אין סאָוויעט־רוסלאַנד ווידער בין איך אַריינגעפאַלן אין אַ רוסישער סביבה. מיין מאַן אגב איז אַ רוס.

— עך, ביעדניאַגאַ! — פאַרענדיקט זי מיט אַ זיפץ, דערמאָנענדיק דעם מאַן, — ער איז נעבעך געפאַלן אַ קרבן צוליב מיר...

— און צוליב וועמען זענט א י ר געפאַלן אַ קרבן?... — וואַרף איך אַריין אַ פראַגע.

מיר גייען איבער צום לאַגער־לעבן. איך דערמאָן דעם נאַטשאַלניק

פון קלוב, ער זאָל טאָן פאַר מיר וואָס ער קאָן, כדי מיך אַרויסצוראַטעווען פון וואַלד.

— אין וואַלד וועל איך קיין סך נישט אָנציִען...

— טוט, טוט וואָס איז קאָנט פאַר מיין „זעמליאַק"! — האָלט מיך אונטער רעגינע.

— איך האָף... — טוט אַ מורמל דער נאַטשאַלניק פון קלוב.

אָבער איך בין אַוועק פון קלוב מיט ווייניק האָפענונג. און די שולד איז זיכער מיינע: מיין היינטיקע קריטיק וועט אים אַוודאי נישט אָנרעגן עפּעס צו ווענלן טאָן פאַר מיר... איבעריקנס, עס איז נאָך אויך אַ גרויסע פראַגע, צי קאָן מען בכלל עפּעס טאָן פאַר עמיצן אין לאַגער?...

# 15

# מיט דער „טאָפּ־גרופּע" אין אַ „קאָמאַנדיראָווקאַ"

איין טאָג, קומענדיק פון וואַלד אַן אויסגעווייקטער פון אַ גוס־רעגן, גיט מיר דער „דניעוואַלני" איבער, איך זאָל זיך נאָך היינט צושטעלן אין דער קאַנצעלאַריע פון דער פּלאַניר־אָפּטיילונג. וואָס פאַר אַ נייס פאַר מיר?

איך קום אַהין אַריין און ווער געוווּיר, אַז כ'בין באַשטימט געוואָרן אין אַ „קאָמאַנדיראָווקאַ" מיט דער „טאָפּ־גרופּע" (טאָפּאָגראַפישע גרופּע). די דאָזיקע גרופּע פון אַ 10 מענטשן דאַרף מיטגיין מיטן „וואָלנאָ־נאַיאָמני" אינזשעניער־טאָפּאָגראַף ליכאַטשאָוו און מיטהעלפן אים ביי זיינע אויסמעסטונגען פונעם טייך טשיביו.

כ'האָב פאַרשטאַנען, אַז דאָס איז נישט קיין שווערע אַרבעט און בין געווען צופרידן פון דער „קאָמאַנדיראָווקאַ".

צומאָרגנס אין דער פרי איז שוין די גאַנצע „טאָפּ־גרופּע" געווען פאַרזאַמלט אין דער קאַנצעלאַריע. כ'זע פאַר זיך אַביסל אַ בעסערן עלע־מענט. פאַראַן דאָ אין דער גרופּע עטלעכע אינטעליגענטן: דער אינזשע־ניער ליכאַטשאָוו; דער טעכניקער באַקאַנאָוו — אַ געוועזענער „זע־קאַ" און איצט אַ „וואָלנאָנאַיאָמני". דער בריגאַדיר פון דער גרופּע, בולאַנאָוו, אַ „זע־קאַ", די לעצטע ביידע — האַלב־אינטעליגענטן. די אַלע דריי זע־נען געווען „מאָסקוויטשעס" (מאָסקווער). די איבעריקע זיבן — סתם אַר־

בעטער פון דער גרויער לאַגער־מאַסע. צווישן זיי צוויי יידן: איך און אייזנער הייבלום, אַ בחור פון אַ יאָר 7־26 פון אַ פּראָווינץ־שטאָט אין פּוילן.

מען האָט אונדז, די זיבן אַרבעטער, צוגעטיילט צו טראָגן פאַרשיידענע מכשירים, וועלכע זענען נייטיק ביי דער דאָזיקער אַרבעט: צוויי מעסט־אַפּאַראַטן, געשטעלן, לאַנגע הילצערנע ווייזערס, געפאַרבט אויף שוואַרץ און רויט, העק, אַ זעג וכדומה. אַ חוץ דעם האָט מען אונדז אַרויסגעגעבן אויף אַ פּאָר טעג שפּייז — „סוכים פּאַיקאָם" (טרוקענער פּאַיאָק): ברויט, 800 גראַם אַ טאָג פאַר אַלע גלייך, הערינגלעך און צו 100 גראַם זאַמד־צוקער.

אינזשעניער ליכאַטשאָוו פירט אונדז אַרויס פון דער „זאָנע" און מיר לאָזן זיך גיין נאָך אים.

ער דערקלערט אונדז:

— צוערשט גייען מיר צו אונדזער „באַזע" אין „סען־זאַג" (סיענאָזאַגאַטאָווקאַ). אַ פּונקט, ווו עס ווערט פאַרגעברייט היי. דאָרט באַקומען מיר אַ באַראַק.

מיר גייען וואַלד־אויס, וואַלד־איין, שטעג־אויס, שטעג־איין. מיר גייען אַזוי אָפּ אַ קנאַפּע צוויי שעה לערך, ביז מיר קומען אָן. נישט זייער וויט, אַ צען קילאָמעטער פון אונדזער „זאָנע". דאָ איז נישט קיין אָפּגעצאַמטער לאַגער. דאָ איז נאָר אַ „פּאָסיאָלאָק" (זידלונג). דאָ זענען פאַראַן ביי אַ וואַלד אַ גרופּע הילצערנע כאַטקעס, ווו עס וווינען „ספּעץ־פּערעסעלענצעס". די באַוווינער פון די דאָזיקע כאַטקעס — די פאַרשיקטע — וווינען דאָ מיט זייערע פאַמיליעס און אַרבעטן ביים „סיען־זאַג". איך קוק זיך אַרום צו דער געגנט און זע טאַקע אַ סך לאָנקעס. עס וואַקסט דאָ געדיכטער הויכער גראָז. דער „סיענאָקאָס" (היי־קאָסיען) מוז דאָ זיין אַ שפּעדיקער.

מיר אָרדענען זיך איין אין אַ קליין באַראַקל, לייגן אויס היי אויף די נאַרעס — קיין היי פעלט דאָ נישט... — און האָבן „ווייכע געלעגערס". דער אינזשעניער האָט זיך איינגעאָרדנט ערגעץ אין אַ כאַטע; דער טעכניקער באַקאַנאָוו — מיט אונדז. ער איז ערשט דאָס ערשטע יאָר „וואָלנאָנאַיאָמני"; געווען דאָך אַ „זע־קאַ" ווי מיר אַלע — אַזוי אַז ער איז מער געוווינט מיט די לאַגערניקעס. מיט זיי האָט ער אַ געמיינזאַמע שפּראַך...

דער אינזשעניער האָט אָפּגעמאַכט מיט דער קיך פון „פּאָסיאָלאָק"

מען זאָל אונדז געבן צוויי מאָל אין טאָג „קיפּיאַטאָק“ און איין מאָל — „אָביעד“. דאָס זעלבע, וואָס זיי קאָכן פאַר זיך.

באַקאַנאָוו, שוין ווי אַ פרייער מענטש, האָט געהאַט די מעגלעכקייט צו דערנערן זיך בעסער. אָבער ער האָט נאָר געהאַט מיט זיך אַ זעקעלע הירזש און ער האָט געלאָזט זיך אין קיך קאָכן דערפון אַ קאַשע. די קאַשע האָט ער געגעסן אין באַראַקל ווי אַ „מיוחס“... אַ קלייניקייט, אַ „וואָלנאַ־נאַיאָמני“!... ער האָט איינמאָל געוויזן אַ „זשעסט“ און איבערגעלאָזט אַ ביסל קאַשע דעם בריגאַדיר — זיין „זעמליאַק“ בולאַנאָוו.

אָנגעהויבן אַרבעטן האָבן מיר צומאָרגנס. ווי איך האָב טאַקע משער געווען, איז די אַרבעט נישט געווען קיין שווערע. טייל האָבן געמאַכט די „טאָטשקעס“ (פּונקטן): אַזעלכע קורצע, אַרומגעטעסעטע דרענגלעך, וואָס מ׳האָט געדאַרפט אַריינשלאָגן אין דער ערד אַריין אין געוויסע ערטער און אויף געוויסע דיסטאַנצן. לויט די אָנווייזונגען פון אינזשעניער. מיין אַר־בעט איז געווען צו טראָגן די ווייזערס און זיך אָפּשטעלן אויף געוויסע פּונקטן, מיט די ווייזערס אַנטקעגן דעם אינזשעניערס אַפּאַראַט. ערטער־ווייז האָבן די אַנדערע אַרבעטער געדאַרפט אַריינשלאָגן די „טאָטשקעס“. אַזוי אַרום זענען געגאַנגען די אויסמעסטונגען. מיר האָבן זיך כסדר באַ־וועגט אין דער שכנות פונעם טייך. קיין גרויסער טייך איז עס נישט גע־ווען. גיכער איז עס געווען אַ טייכל. אַ שמאָל וואַסערל, אַ גאַנץ שטראָ־מיקס, וואָס האָט זיך געשלענגלט אין אויסטערלישע זיגזאַגן. געפלאָכטן זיך אַהין און צוריק און אויך אונדז, די אַרבעטער, געצוווּנגען נאָכצומאַכן די דאָזיקע זיגזאַגן, לויט זיינע קאַפּריזן און קרומקייטן...

אַזאַ מין אַרבעט האָט נישט מיד געמאַכט. מ׳האָט זיך געשפּילט מיט דער אַרבעט. די איבערגאַנגען זענען אויך נישט געווען קיין צו לאַנגע. עס איז שטענדיק געווען צייט זיך אָפּצורוען. זייער אָפט פלעגט מיר אויס־קומען צו שטיין אויף אַן אָרט מיט די ווייזערס און דער אינזשעניער פון דער ווייטנס פלעגט מיר געבן זיינע צייכנס: מער רעכטס, מער לינקס. אַמאָל פלעגט ער גאָר אין מיטן העלן טאָג איבעררייסן די אַרבעט צוליב די שלעכטע אַטמאָספערישע באַדינגונגען. „די זעבאַרקייט איז אַ שלעכטע“ — פלעגט ער אַ זאָג טאָן צו אונדז און הייסן זיך פאַרנעמען אַהיים. ווער רעדט נאָך בעת אַ רעגן — דעמאָלט איז מען בכלל נישט אַרויס צו דער אַרבעט.

דער אינזשעניער איז געווען אַ מענטש מיט אַ זייער סימפּאַטישן כאַ־

ראַקטער. ער האָט קיינעם פֿון אונדז נישט געוואַגט צו זאָגן „דו"; האָט מיט אַלעמען גערעדט אויף אַ נאָרמאַל־מענטשלעכן אופֿן, אָן זידל־ווערטער, אָן גראָבקייטן. כאָטש ער איז געווען אַ „וואָלנאַנאַיאָמני" האָט ער לגבי אונדז נישט אַרויסגעוויזן מיט קיין שום זאַך זיין העכערקייט, זיין פּריווילעגירטקייט. זיין איידל באַנעמען זיך מיט אונדז האָט אונדז אַלעמען דערמוטיקט. „זייט אַזוי גוט!", „זייט אַזוי פֿריינדלעך!" — אָן דעם פּלעגט ער זיך צו קיינעם פֿון אונדז נישט ווענדן, ווען ער האָט אונדז געדאַרפֿט הייסן עפּעס טאָן.

פֿון דער אַרבעט פּלעגט מען קומען נישט שפּעט — אַזוי אַז מיר האָבן אַלע געהאַט גענוג פֿרייע צייט. איך פֿלעג זיך אַרומדרייען איבער דעם שטח, אַריינכאַפּן זיך אַמאָל אין איינער פֿון די כאַטעס, כאַפּן אַ שמועס מיט די „פּערעסעלענצעס", צוגעקוקט זיך צו זייער אומעטיק לעבן; צו זייער אָפּגעריסנקייט פֿון דער וועלט...

פֿאַר מיר איז די דאָזיקע צייט געווען ווי אַן „אָטעם־פּויזע"; ווי אַ מין צייטווייליק באַפֿרייען זיך פֿון אַן אייזערנער קלעם, פֿון אַ שטריק אויפֿן האַלדז... איך בין דערייבער אומגעגאַנגען אין די פֿרייע רגעס ווי אַ בגי־לופֿינדיקער. דערצו האָב איך נישט אָנגעקוקט אַרום זיך די דראָט־פֿאַרצוימונגען מיט די בייזע שומרים אויף די וואַך־טורעמלעך, וואָס הוקען ווי די נישט־גוטע, ווען מען דערנענטערט זיך צופֿעליק צו די פֿאַרצוימונגען: „גיי אַוועק, כ׳וועל שיסן!"...

הייבלום פּלעגט אין די פֿרייע מינוטן „צופֿאַרדינען" אין קיך. ער איז דאָרט געוואָרן אַ גאַנצער בן־בית. ער פּלעגט דאָרט שאָבן קאַרטאָפֿל, אָנברענגען וואַסער. דערפֿאַר פּלעגט ער באַקומען אַ פֿול קעסעלע „שטשי", אַביסל נאָך צוגעשמאַלצן מיט עפּעס אַ פֿעטס, און אַ היפּשע פּאָר קאַרטאָפֿל אויף „ווטאָראָיע". עס האָט אים אַפֿילו געקלעקט אויך מיך מכבד צו זיין — אַזוי זאַט איז ער שוין געווען.

בכלל האָבן מיר דאָ נישט געפֿילט קיין דרוק פֿון דיסציפּלין. מיר האָבן זיך באַוועגט אין דעם גאַנצן שטח נישט ווי אַרעסטאַנטן, נאָר — אויב נישט ווי פֿרייע מענטשן — איז ווי די „ספּעץ־פּערעסעלענצעס", וואָס ווינען דאָ אין די כאַטקעס.

איין טאָג האָבן מיר זיך זאַלבעדריט — איך, הייבלום און אַ רוס — דערווייטערט אין וואַלד, אין מיטן דער אַרבעטס־צייט און זיך פֿאַרנומען מיט קלייבן יאַגדעס. דאָס יאַגדעס־קלייבן האָט אונדז געלאָקט און פֿאַר־

פירט אין דער טיפקייט פון וואַלד. קיין מורא פאַרן אינזשעניער איז דאָך ביי אונדז נישט געווען — האָבן מיר זיך לחלוטין פאַרגעסן אָן אונדזער אויפגאַבע צוצוגרייטן „טאַטשקעס". מיר האָבן שוין געהאַט אָנגעהאַקט אַביסל ביימלעך צו דעם צוועק, און דאָס אַרומטעסען אָפּגעלייגט נאָך די יאַגדעס... מיר האָבן זיך אָבער צופיל דערווייטערט און שוין נישט געקאָנט צוריקגעפינען יענעם פלאַץ אין וואַלד. זענען מיר אַזוי אַרומגעקראָכן, זוכנ־דיק דעם וועג און קלייבנדיק יאַגדעס דערביי, אַ גאַנצן טאָג. די ווילדעניש פון דער טייגע האָט אַלץ מער פאַרשלונגען אין איר געדיכטעניש. אין מיטן האָט שוין אָנגעהויבן ווערן טונקעלער. מיר זענען געוואָרן אומרואיק. גע־נומען זוכן, בישטערן נערוועזער. צום גליק זענען מיר צוגעקומען צום טייכל.

פון טייכל טאָרן מיר נישט אַוועקגיין. מיר הייבן אָן צו גיין מיטן טייכל — דורך וואַלד און דורך פליין. אָבער מיר ווייסן דאָך נישט די ריכטונג. און דאָ איז שוין גוט פינצטער. פון ערגעץ קיין פייערל, קיין צייכן פון לעבן. די משוגעהדיקע זיגזאַגן פון טייכל צעמישן אונדז אינ־גאַנצן. מיר ווייסן שוין בכלל נישט אין וועלכער ריכטונג מיר גייען. אַהין אָדער צוריק... מיר בלייבן שטיין אין דער טונקלקייט.

— וווהין?

— די רוחות האָבן אונדז פאַרפירט...

אין מיטן איז זיך דער הימל מיישב און איז אונדז מכבד מיטן ערשטן שניי... לויטן לוח איז איצט סוף סעפּטעמבער. אין אונדזערע מקומות איז נאָך איצט פריער האַרבסט, גאָלדענער האַרבסט. און דאָ אין דער פּאָליאַר־געגנט שנייט שוין מיט מזל. עס שיטן זיך אויף אונדז פליטערלעך. גרויסע ווייסע פליטערלעך מאַכן אונדז גיך ווייס. אויך דער שטח אַרום — די ביימער, דאָס גראָז, ווו מיר טאַפּטשען — אַלץ ווערט ווייס. קאַלט אָבער איז נישט. אדרבה, אַן אָנגענעמע לינדקייט, אַ שמעקעדיקע פרישקייט דרינגט אַריין אין די לונגען.

עס כאַפּט זיך איינער פון אונדז, אַז מיר דאַרפן גיין מיטן שטראָם פון טייכל. מיר בייגן זיך איבער און קוקן אַריין אין וואַסער; אָבער מחמת טונקלקייט זעט מען נישט די באַוועגונג פונעם וואַסער. עס רוישט שטיל און איינגעהאַלטן און מען זעט נישט וווהין עס ציט זיך. פאַלט מיר איין אַריינצוּוואַרפן אַ שטיקל פּאַפּיר אין טייכל.

און דאָס האָט אונדז טאַקע געראַטעוועט. דאָס פּאַפּירל איז גלייך

פאַרטראָגן געוואָרן דווקא אין דער פאַרקערטער ריכטונג און נישט ווי מיר זענען ביז אַהער געגאַנגען.

— צוריק! איצט טאָרן מיר דאָס טייכל נישט אָפּלאָזן פון אויג.

און אַזוי אַרום האָבן מיר זיך אין מיטן נאַכט דערשלעפּט צו אונדזער באַראַקל. דער בריגאַדיר בולאַנאָוו האָט אונדז גאַנץ שאַרף „אויסגע־מוסרט״.

— זעט אויס, — זאָגט ער, — אַז מען דאַרף אייך שיקן צו דער אַר־בעט מיט אַ „סטריעלאָק״?

דאָס איז געווען אַן אײדעלע „קאָפּוליער אָנצוהערעניש״...

מיר האָבן אָבער געהאַט אַן ערגערע שטראָף: מיר האָבן פאַרשפּע־טיקט צום „אוזשין״ און זיך געלייגט הונגעריקע אויף די נאַרעס. דער עיקר אָבער האָבן מיר זיך געריכט, אַז דאָס מאָל וועט דער אינזשעניער אונדז מכבד זיין מיט אַ גאַב. אָבער קעגן אונדזער דערוואַרטונג האָט ער צומאָרגנס אַפילו מיט קיין איינציק וואָרט נישט רעאַגירט. ער איז צו איידל געווען און נישט געקאָנט נעמען קיין העכערן טאָן.

## 16

# דער אינזשעניער ווערט „נייגעריק״...

איינמאָל האָב איך באַגלייט דעם אינזשעניער אין דער טיפעניש פון וואַלד. מיר זענען געווען זאַלבענאַנד. דער גאַנצער עולם האָט געאַרבעט אויף אַן אַנדער פּלאַץ מיטן טעכניקער באַקאַנאָוו. מיר זענען בשכנות פון טייכל. אַ פּאָר מאָל האָט ער געקוקט דורכן אַפּאַראַט, געמאַכט צו מיר צייכנס פון דער ווייטנס איך זאָל זיך איבעררוקן מיט די הילצערנע ווײ־זערס. לסוף רופט ער מיך ווייטער און מיר גייען צוזאַמען איבער אַ שטעג. געגאַנגען באַזאַכט, כמעט שפּאַצירנדיק. מיר טוישן זיך מיט ווערטער. דערוויסנדיק זיך, אַז איך בין אַ שרייבער, איז ער געוואָרן זייער רעדעוו־דיק און מיך אָנגעצויגן אויף אַ ברייטערן שמועס. עס האָט אים אַלץ אינ־טערעסירט: צי ס׳איז אמת, אַז אין פּוילן הערשט גוואַלדיקע עקספּלואַ־טאַציע? אַז אַן אַרבעטער אַרבעט 12־14 שעה אַ טאָג? אַז אין פּוילן איז אַ מאַנגל אין פּראָדוקטן? אַז אַן אַרבעטער קען זיך קיינמאָל נישט פּאַר־

גינען צו עסן אַ שטיקל פלייש, אַ פּיצל פּוטער? אַז צוקער זעט ער נישט פאַר די אויגן?... וכדומה.

ער איז שוין נישט דער ערשטער רוס, וואָס שטעלט מיר אַזעלכע פראַגן. ווי אייפעריק עס אַרבעט אין רוסלאַנד דער „פּראָפּאַגאַנדע"־אַפּאַראַט! אָבער אין מיינע אויערן קלינגט עס לעכערלעך, ממש אידיאָטיש: מען האַקט אַריין דער מאַסע אין קאָפּ אַריין וועגן אַ מאַנגל ערגעץ אַנדערש, אין די קאַפּיטאַליסטישע לענדער, דאַן ווען דער דאָזיקער מאַנגל פּייניקט די בירגער פון אייגענעם קאָמוניסטישן לאַנד. דאָס פילט דאָך יעדער בירגער אויף זיין אייגענער פעל... צי פון די דאָזיקע שקרים וועט שוין דער בירגער זאַט ווערן?...

איך האָב אין שמועס מיטן אינזשעניער אויסגעמיטן מיין איראָניע, אפשר האָב איך נאָר איראָניש געשמייכלט, בעת ער האָט גערעדט. אַזוי ווייט באַהערשן זיך האָב איך שוין נישט געקאָנט. איך האָב אים זאַכלעך געענטפערט אויף אַלע זיינע פראַגן, געגעבן אים גענויע אויפקלערונגען וועגן לעבן אין פוילן, גערעדט סיי וועגן די גוטע זייטן, סיי וועגן די שלעכטע. דערציילט אים פשוט דעם אמת. איך האָב באַמערקט זיין גרויסע איבעררעשונג. ער האָט צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ, האָט אָבער גאָרנישט גערעדט: אויב רעדן — קאָנען זיך נאָר אַפּנים פאַרגינען צו רעדן די לאַגערמענטשן, וועלכע האָבן שוין סיי־ווי־סיי פאַרלוירן זייער פרייהייט. ער אָבער, דער „וואָלנאָנאַיאָמני" — ער מוז זיך היטן מיט אַ וואָרט...

ער האָט ממש די אויגן אויפגעריסן פון פאַרוווּנדערונג, ווען איך האָב אים, למשל, דערציילט, אַז אין פוילן — און נישט נאָר אין פוילן — האָט זיך דער אַרבעטער דערשלאָגן צו אַ גאַנצער ריי סאָציאַלע דעראָבערונגען: 8־שעהדיקער אַרבעטס־טאָג, אורלויבן, קראַנקן־קאַסע א. ד. גל. אַז פאַר צווינגען אַן אַרבעטער צו אַרבעטן מער ווי 8 שעה ווערט מען באַשטראָפט דורכן געזעץ.

איך האָב נאָך אונדזער שמועס „דערגאַנצט" מיט נאָך אַנדערע אינפאָרמאַציעס; געגעבן אים תשובות אויך אויף נ י ש ט ־ ג ע ש ט ע ל ט ע פראַגן, — אויף פראַגן, וועלכע ער האָט אפשר נאָר אין זינען געהאַט, אָבער מורא געהאַט צו פרעגן... איך האָב אים היינו דערציילט, אַז אין פוילן — אין דעם האַלב־פאַשיסטישן פוילן — איז פאַראַן אַן אָפּאָזיציע וואָס באַקעמפט די רעגירונג. אַפילו פון דער סיים־טריבונע קעמפן די דעמאָקראַטן און סאָציאַליסטן קעגן רעזשים... אַז כאָטש ביים רודער

שטייען רעאַקציאָנערע לידערס, פונדעסטוועגן זענען די אָפּאָזיציאָנעלע פּאַרטייען אין לאַנד לעגאַל — אַ חוץ די קאָמוניסטישע, — און אַז אין סיים זענען אויך פאַראַן אַפילו אַ פּאָר קאָמוניסטישע דעפּוטאַטן...

— צי איז עס טאַקע אַזוי? — כאַפּט זיך ביי אים אַרויס.

— איך זאָג אייך אַזוי ווי עס איז. נישט אַנדערש.

— נו, און קאָנצלאַגערן זענען פאַראַן אין פּוילן?

— נאָר איין איינציקער — קאַרטוז־בערעזאַ. דאָס איז נישט קיין אַרבעט־לאַגער, נאָר אַ שטראָף־לאַגער. אין דאָזיקן לאַגער קאָנען זיין מסתמא העכסטנס אַ פּאָר טויזנט מענטשן, נישט קיין מיליאָנען... גענוי די ציפער קאָן איך נישט זאָגן, ווייל איך בין דאָרט קיינמאָל נישט גע־ווען... נאָר דאָ איז מיר באַשערט געווען דאָס „גליק"... יאָ, איז וועגן דאָ־זיקן קאַרטוז־בערעזאַ ווייס מען אומעטום. מען ליאַרעמט, מען קעמפט קעגן דעם. דער רעאַקציאָנערער רעזשים קאָן נישט פאַרמאַכן די מיילער ביי אַ גאַנץ פאָלק...

דעם אינזשעניערס שפּאַנונג איז אַלץ געוואַקסן. ער האָט מיך ממש „פּראָוואָצירט" און „ביי דער צונג געשלעפּט", איך זאָל רעדן, דערציילן וועגן „צעפוילטן מערב"... איך האָב עס אים צוליב געטאָן. ער האָט בעת־מעשה אינגאַנצן פאַרלוירן די לוסט צו דער אַרבעט, צו זיינע אויסמעס־טונגען פון שטח. עס האָט אים אינטערעסירט וואָס כ'האָב אים דערציילט. די שלאַבעריקע אַרבעט האָט ער פאַרענטפערט מיט דער כלומרשטער אומ־גינסטיקער אַטמאָספערישער לאַגע. „אַ שלעכטע זעבאַרקייט!" — האָט ער זיך אויסגעדריקט. ס'איז צו נעפּלדיק און עס שטערט צו באַאָבאַכטן דורכן אַפּאַראַט אויף אַ ווייטערדיקער דיסטאַנץ.

— און וואָס רעדט מען אין אויסלאַנד וועגן אונדז? — פרעגט ער פּלוצלונג.

— ווי־ווער. פאַרשיידן. עס ווענדט זיך פון פּאָליטישער איינשטעל־לונג. וואָס שייך מיר, קען איך סאָוויעט־רוסלאַנד ליידער נאָר פון דאַנען — פון קאָנצלאַגער... אדרבה, אפשר וועט איר מיר עפּעס דערציילן פון לעבן אויף דער פריי?...

ער האָט זיך געמאַכט נישט הערנדיק און מיין לעצטע פראַגע איז געבליבן אָן תשובה... אָבער איך האָב בעת־מעשה אַרויסגעפילט, אַז דאָס שווייגן איז אויך אַן ענטפער...

שפּעטער זענען מיר צוגעקומען צום פּלאַץ, ווו ס'האָט געאַרבעט די

בריגאַדע. די מענטשן האָבן שוין געהאַט אַריינגעשלאָגן דאָ־דאָרט אַביסל „טאָטשקעס“ און נאָך מער זיך פאַרנומען מיט קלייבן יאַגדעס און באַ־רוועקעס, וואָס זענען דאָ אויף דעם פּלאַץ געווען לרוב. מ׳האָט זיך גע־דאַרפט נאָר אַראָפּזעצן ביי אַ קוסט — און ס׳האָט שוין געקלעקט, אַזוי פּיל, אַזוי גערדיכט אָנגעשאָטן זענען דאָ געווען די דאָזיקע שוואַרצע און בלויע מיניאַטור־פּירות.

אין מיטן דערינען פאַלט גאָר אַרויס אַ רעגנדל און דער אינזשע־ניער הייסט גיין אין „פּאָסיאָלאָק“.

קומט מען צוריק אין באַראַקל, מ׳עסט אָפּ דעם „אָביעד“, וואָס מען באַקומט פון דער דערבייאיקער קיך; מען זופט זיך נאָך אָן מיט „קיפּיאַ־טאָק“ און מען ציט זיך אויס אינעם היי אויף די נאַרעס. פאַרמאַטערט איז מען נישט — צעשמועסט מען זיך. יעדער אייגער דערציילט וועגן זיין היים, וועגן זיין סביבה.

דער בריגאַדיר, דער „מאָסקוויטש“ בולאַנאָוו, קומט אַרויס מיט אַ פאָרשלאַג:

— רעביאַטאַ! זאָל איטלעכער אַרויסזאָגן זיין ווונטש: וואָס וואָלט איר געוואָלט אין דעם מאָמענט?

און דער בריגאַדיר ענטפערט אַליין דער ערשטער:

— איך וואָלט איצט געוואָלט זיצן ביי מיר אין דער היים אויף פּו־שעטשנאַיאַ. ביים טיש זאָלן זיצן מיין פרוי און מיינעביידע קינדערלעך. אויפן טיש זאָל ליגן אַ גרויסער לאַבן ברויט, עס זאָל אויך שטיין דער סאַמאָוואַר מיט אַ וואַזע סמאָראָדינאַ, און איך זאָל שניידן פון ברויט און עסן און טרינקען וויפל נאָר איך וויל...

— און איך וואָלט געוואָלט צום ברויט אַ פולע סקאָוואָראָדע גע־פּרעגלטע „סאַלאָ“... — זאָגט אַרויס אַ צווייטער זיין ווונטש.

— און איך וואָלט געוואָלט...

און אַזוי שיטן זיך די ווונטשן כסדר.

און מיין יידישער שכן אויף דער נאַרע, הייבלום, זאָגט מיר שטיל אין יידיש:

— און איך וואָלט איצט געוואָלט אַנטשלאָפן ווערן און זיך אויפ־כאַפּן אין מיין היימישן שטעטל... אויפכאַפּן זיך ווי פון אַ בייזן חלום...

— איר ווייסט? — דערמאָנט ער מיר באַלד דערויף, — מאָרגן איז

ערב יום־כיפור. אין באַראַק האָט מען געמאַכט געגוי דעם חשבון ווען עס פאַלט אויס. קאָזלאָווסקי פון וואַרשע האָט אַ לוחל.

— נו, — שפּאַס איך, — ווילט איר גיין אין שול אַריין צו כל־נדרי?...

— אַי, וואָלט איך געגאַנגען!

— פּאַרפאַלן, — גיט ער צו נאָך אַ פּויזע, — אין שול אַריין גיין קאָן איך נישט; אָבער פאַסטן קאָן איך דאָך...

— רעכנט איר טאַקע פאַסטן?

— זיכער! אומעטום מוז מען געדענקען, אַז מען איז אַ ייד...

## 17

## צוגאַסט ביי די פּאַרשיקטע

אין אָוונט זיץ איך אין איינער פון די כאַטעס ביי אַ רוסישער פאַמי־ליע. עס האָט זיך מיר שטאַרק געוואָלט זען אַ שטוב פון אַ פאַמיליע. אַ פרוי, אַ קינד... אָבער די שטוב איז קיין שטוב נישט געווען... אַ באַראַקל ווי אַלע באַראַקן דאָ. נישטאָ דאָ קיין בעטן, נאָר נאַרעס, אַזוי ווי ביי אונדז. אַפילו דאָס קינד — אַ מיידעלע פון אַ יאָר פינף־זעקס — ליגט אויך אויף דער נאַרע... וואָס פאַר אַ „פריילעכע" קינדהייט קאָן זיך שוין אויסוועבן אויף אַ נאַרע?... וואָס פאַר אַ זכרונות וועט דעם מיידעלע בלייבן אין לעבן?...

דאָס גאַנצע מעבל אין דער כאַטע איז: אַ צונויפגעקלאַפּטער טיש פון ברעטער, אַפילו נישט רעכט אַרומגעהובליעוועט; צוויי לאַנגע בענק־לעך פון ביידע זייטן טיש — און דאָס איז אַלץ. אויף איין וואַנט זענען צוגעטשעפּעט מיט טשוועקלעך דריי בילדער: פשוטע אויסשניטן פון „פּראַוודאַ" — לעניך, סטאַלין און קאַלינין. און דאָס איז די גאַנצע באַ־פוצונג. אויף עטלעכע טשוועקעס הענגען אַביסל „לאַכעס" — אַלטע „ספּע־צאָווקעס": אַ פּאָר פופייקעס, וואַטענע הויזן, אַן אַלט־אָפּגעטראָגענער שי־נעל און אַ באַראַשקאָווע היטל מיט „נאָאושניקעס".

די גאַנצע פאַמיליע באַשטייט פון דריי נפשות: מאַן און ווייב און דאָס קינד. אויך די פרוי טראָגט אַרבעטס־הויזן און גרויסע מאַנסבילישע

שיך. דער דלות שרייט פון אַלע ווינקעלעך. אויפן טיש רויכערט זיך אַ „קאָפּטילקע״ — אַ נאַפּט־באַנקעלע, אָן אַ גלעזל.

די פאַמיליע זיצט ביי „אוזשין״. דער זעלבער אָוונטברויט, וואָס מיר האָבן געגעסן. דאָ קומט נאָך אַ צוגאָב פון אַ שיסעלע קאַרטאָפל. דאָס איז אַן עקסטראַ־„בליודאָ״ (געריכט): מסתמא „פּאָ בלאַטו״... (הינטן־אַרום, מחמת גוט־ברודערשאַפט). מען פאַרבעט מיך גאַסטפריינדלעך צום טיש און די פרוי איז מיך מכבד מיט עטלעכע קאַרטאָפל.

— מיט קיין בעסערע זאַכן קאָנען מיר, צום באַדויערן, נישט מכבד זיין אַ גאַסט...

— אַז קיין בעסערע זאַך ווי קאַרטאָפל איז פאַרן גאַסט איצט נישטאָ... — ענטפער איך דער פרוי.

זי שמייכלט, די פרוי. זי איז פאַקטיש יונג. אין די דרייסיקער לערך; אָבער ווי פאַרעלטערט זעט זי אויס אין איר „הולך״. דאָס פּנים אויסגע־מאַטערט פונעם שווערן לעבן... ממש אַ זקנה...

— ווי לאַנג זענט איר שוין דאָ? — פרעג איך.

— שוין העכער דריי יאָר.

— און ביז וואַנען?

— ווער קאָן עס וויסן?... — ענטפערט דער מאַן. — מיר ווייסן נאָר דעם אָנהייב; דעם סוף אָבער... עד־מאָ!...

— וועגן סוף וואָלט מען געדאַרפט „זיי״ פרעגן... — גיט צו די פרוי און טוט אַ ווייז צו די דריי בילדער אויף דער וואַנט...

— איז ווי זשע לעבט זיך אייך דאָ צווישן די וועלדער?

— אָט דאָס איז אונדזער גאַנצע וועלט! — טוט דער מאַן אַ ווייז צו די פוסטע באַראַק־ווענט. — וואָס פאַר אַ פרייד קאָן שוין דאָ אַ מענטש דערלעבן!... אונדזערע טעג גייען אַוועק פון פינצטער ביז פינצטער אין אַרבעט, אַרבעט און אַרבעט. מער גאָרנישט... אין דער היים האָט אַ מענטש געהאַט אויך אַנדערע אינטערעסן אין לעבן... געזעלשאַפט... קינאָ... אַ בוך... קיין צו גרויסע „גליקן״ זענען אויף דער פריי אויך נישט געווען... אָבער אין פאַרגלייך מיט דעם העק... דאָ לעבט מען דאָך ווי די בהמות...

— אין אָפּערע, זע איך, גייט איר דאָ נישט... — מאַך איך שפּאַס.

— אונדזער טעאַטער איז דער ווילדער וואַלד... — באַמערקט די פרוי. — אין דאָזיקן טעאַטער שפּילט זיך אָפּ אונדזער טראַגעדיע...

די לעצטע באַמערקונג פון דער פרוי האָט געוויזן, אַז זי איז נישט

קיין סתם דורכשניטלעכע פרוי. בכלל האָב איך אין די מענטשן דער־קענט אַ בעסערן עלעמענט. בלויז זייערע מלבושים האָבן אויף זיי אַרויפ־געצויגן די מאַסקע פון פשוטע גרויע לאַגער־טיפּן.

— נו און ווי זעט עס דאָ אויס מיט אַ צייטונג? אַ בוך?

— בלויז דער „קראַטקי קורס" *) וואַלגערט זיך דאָ... — ענטפערט דער מאַן. — דאָס פעלט אין ערגעץ נישט... אָבער סתם אַ בוך... ווער וועט עס אַהער באַזאָרגן? דאָ לעבט מען ווי די חיות. איבעריקנס, עס איז אַפילו נישטאָ קיין צייט און קיין כוחות אַריינצוקוקן אין אַ בוך. דאָ פאָ־דערט מען פון דיר איין זאַך: אַרבעט! גלייך ווי נאָר צו דעם ביסטו באַ־שאַפן געוואָרן, עפּעס אַנדערש פון לעבן קומט דיר נישט...

— מיר ווייסן אַפילו נישט וואָס אויף דער וועלט טוט זיך איצט.

— באַקלאָגט זיך די פרוי. — געהערט, עס גייט אָן אַ מלחמה... אַ מלחמה ווידער מיט „גערמאַניאַ"... ווי האַלט עס? ווער קעמפט אַלץ קעגן ווע־מען?...

פון די אַלע רייד זע איך, אַז די דאָזיקע מענטשן לעבן באמת „ווי די חיות אין וואַלד". קיין זאַך דערגייט נישט אַהער. אין די טייגעס ווערן נישט נאָר די פיזישע כוחות אויסגעלאָשן, נאָר אויך די נשמות ווערן טעמפּ...

כ׳בין מיט זיי געזעסן אַ גאַנצן אָוונט און זיי אָפּגעגעבן אַ „באַריכט" וועגן די וויכטיקסטע געשעענישן אין דער וועלט. זיי האָבן מיך ממש נישט געלאָזט אַוועקגיין.

— זיצט, גראַזשדאַנין! זיצט נאָך אַביסל! — האָט דער מאַן זיך געבעטן ביי מיר. — מיר האָבן שוין לאַנג נישט גערעדט מיט אַ מענטשן, וואָס קומט פון דער פריי.

— אפשר זענט איר הונגעריק? — פרעגט די פרוי. — אפשר אַ שטיקל ברויט מיט „קיפּיאַטאָק"?

— ניין, אַ דאַנק, גראַזשדאַנקאַ!

— אַז ס׳איז נישטאָ מיט וואָס מכבד צו זיין אַ גאַסט... — קלאָגט זי זיך. — ווען איר קומט צו אונדז אין דער היים... אין ריאַזאַן... אָבער דאָ...

*) קורצער קורס געשיכטע פון דער רוסלענדישער קאָמוניסטישער פּאַרטיי („באָל־שעוויקעס")

לאַנג, לאַנג האָבן מיר געשמועסט. מען האָט מיך כסדר פאַרשאָטן מיט נייע פראַגן, איידער איך האָב נאָך באַוויזן צו ענטפערן אויף די פריערדיקע. אַזוי ווי אויסגעהונגערטע האָבן זיי געשלונגען מיינע רייד.

— פונדעסטוועגן פאַרשטיי איך נישט, — זאָגט די פרוי, — פאַר־וואָס „אונדזערע" קעמפן אויך נישט קעגן היטלערן...

— אַ סך פאַרשטייען עס נישט... — ענטפער איך איר. — די גאַנ־צע דעמאָקראַטישע וועלט טאַדלט עס...

— און פאַרוואָס מיר פינצטערן דאָ פאַרשטייסטו?... — מישט זיך אַריין דער מאַן, — אדרבה, פרעג זיי... — טוט ער אַ ווייז צו די דריי בילדער אויף דער וואַנט. — זאָלן „זיי" דיר דערקלערן פאַרוואָס מען האָט אונדז דאָס לעבן צעבראָכן... צי האָב איך אַ מענטשן דערהרגעט?...

ס'איז שוין געווען שפּעט אין דער נאַכט, ווען איך בין אַוועק פון דער דאָזיקער כאַטע. איך האָב לאַנג, לאַנג נאָכגעטראַכט אויף מיין נאַרע וועגן דעם פאַרשאָלטענעם לעבן דאָ, וועגן די מענטשן פון אַרבעט... אַ טייוולשע מאַשין פירט אָן אין דעם דאָזיקן לאַנד מיט מענטשן... צע־וואַרפט זיי איבער די מרחקים, איבער טויזנטער, צענדליקער טויזנטער קילאָמעטער... פאַרוואַרפן פון לעבן און וועלט... און אין די אַלע פאַר־וואָרפענע עקן דרייט די מאַשין אַריין די אומגליקלעכע קנעכט אין דעם כסדרדיקן ראָד פון אַרבעט...

אַרבעט! פאַראַן דאָ נאָר איין אָפּגאָט: אַ ר ב ע ט ! נאָר צו דעם לעבט דאָ דער מענטש! נאָר דערפאַר קריגט ער זיין „פּייקע". מער וויל מען דאָ נישט פון אים, נאָר זיינע ה ע נ ט, זיינע מוסקולן, זיינע כוחות!

אַרבעט! אויב אין נאָרמאַלע באַדינגונגען, אין דער מענטשלעכער סביבה פון לעבן און וועלט, איז אַרבעט אַ ברכה — „אין דער סאָכע ליגט די מזל־ברכה"! — איז אָבער די אַרבעט אין דער טייגע אַ קללה, אַ שטראָף! די קאַטאָרגע צעמורשט דעם מענטשן פיזיש און גייסטיק.

# 18
# כל־נדרי ביי טשיביו

דער אַנדער טאָג איז געווען אַ לויטערער, מיט אַ גוטער זעבאַר־קייט. דער אינזשעניער האָט אויסגענוצט דעם טאָג און געמאַכט אַ סך אויסמעסטונגען. מען האָט היינט אַריינגעקלאַפּט זייער אַ סך „טאָטש־קעס". מ׳האָט זיך געדרייט מיט די זיגזאַגן פון טייכל טשיביו אויף אַ מרחק פון אַ היבש ביסל קילאָמעטערס. קריכנדיק צווישן די ווילדעניש, צווישן די הויכע גראָזן און ווילדע געוויקסן בין איך זיכער געווען, אַז מיר שטעלן דאָ די ערשטע מענטשלעכע טריט...

אַזוי אַ גאַנצן טאָג. דער אינזשעניער האָט היינט געהאַט אַ באַזונ־דער אויפגעלייגטקייט צו דער אַרבעט, אַן אמתדיקע התמדה.

פאַרנאַכט בין איך געבליבן אַליין מיט מיינע הילצערנע ווייזערס האַרט ביים טייכל. דער אינזשעניער האָט מיר געהייסן דאָ וואַרטן אויף אים. ער אַליין איז געגאַנגען אַרומקוקן די געגנט און האָט געזאָלט צו מיר צוקומען. איך האָב אים אינגאַנצן פאַרלוירן פון אויג. אַזוי האָט ער זיך דערווייטערט.

איך זיץ אויפן סאַמע ראַנד פון טשיביו, איבערן ריזלדיקן וואַסער.

איך דערמאָן זיך, אַז היינט איז דאָך ערב יום־כיפור. די זון פאַר־גייט דאָך שוין באַלד. כל־נדרי־צייט...

איך הער זיך איין אינעם מורמלען פונעם טייכל און עס דוכט זיך מיר, אַז דאָס דאַוונט מען... אַז ערגעץ זענען דאָ מתפללים... אַז תפילות דערגייען פון ערגעץ נישט ווייט, פון אַ פול־געפּאַקטער שול...

די שקיעה האָט זיך צעגאָסן אויפן הימל אין פלאַמען. אַזאַ רויטער הימל! דער זעלביקער הימל, וואָס אַמאָל אין מיין אַלטער היים... דער שטעטלשער הימל איבער די הילצערנע הייזלעך, איבער „סענדערס בית־מדרש"... אַלע מתפללים זענען איינגעהילט אין קיטלען, אין טליתים...

דער בעל־תפילה צעגיסט זיך אין זיין פייערלעכער נגינה:

— אַי־אַי־אַי, אַי־אַי־אַי, כל נדרי — — — —

פון האַרצן שפּאַרט זיך אַ געזאַנג... איך זינג מיט:

— כל נדרי — — — —

און צוזאַמען מיט די טענער רייסט זיך — געוויין — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

איך בין דאָך אַ מאַן. איך געדענק נישט ווען איך האָב אַזוי געוויינט וויביים טייכל טשיביו...

## 19

## צוריק אין יאָך!

כמעט צוויי וואָכן האָט געדויערט אונדזער „דאַטשע" אין „סען־זאַג". פאַר דער צייט איז געקומען אַביסל אָפּרו, אַ געוויסע אַנטשפּאַנונג — פאַרן גוף און אויך פאַר דער נשמה. אַביסל לויז געווען פון שווערן קלעם.

די דאָזיקע צייט איז אָבער שנעל פאַרביי. אין איין פרימאָרגן איז אונדז מודיע דער אינזשעניער, אַז נאָך היינט גייען מיר צוריק אין דער „זאָנע". די אַרבעט איז געענדיקט. ס'איז אונדז אַלעמען געוואָרן אומע־טיק. מ'איז געקראָכן דורך די וועלדער שווייגנדיק, מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ, ווי אויף אַ לוויה...

ווידער אין דער אַרומגעצוימטער „זאָנע", ווידער אין יאָך. ווידער אין דער בריגאַדע ביי פּרוטניקאָוון. ווידער עבודת־פּרך אין וואַלד. ווידער „נאָרמע". ווידער הונגער: 500 גראַם ברויט און „ערשטער קעסל".

„ערשטער קעסל" האָט באַדייט: אַ שיטער ביסל באָרשטש, אַ קליין לעפל קאַשע און אַ הערינגל אָדער צוויי. „ערשטן קעסל" האָבן באַקומען די אַלע, וואָס האָבן נישט געמאַכט די נאָרמע.

„צווייטן קעסל" האָבן באַקומען נאָר די, וואָס האָבן געמאַכט די נאָרמע: 900 גראַם ברויט, אַ גרעסערן שעפּ־לעפל באָרשטש, אַ גרע־סערן לעפל קאַשע און דערצו נאָך אַ „פּרעמבליודאָ". „פּרעמבליודאָ" איז געווען אַן עקסטראַ ביילאַגע צו דער קאַשע: אַ קליין, ווייס בולקעלע אָדער אַ מין „פּיראָגל". די, וואָס האָבן באַקומען די „פּרעמבליודאָ", זענען אַוועק פון קיך־פענצטערל מיט אַן אויפגעהויבענעם „קאָטיאָלאָק" (קעסעלע), ווי די זיגער...

אַז אַ בריגאַדיר אָדער אַנדער עלטסטער פלעגט וועלן אָנרעגן די

מענטשן צו אַרבעטן מיט מער התמדה, מיט מער אייפער, פלעגט ער תיכף צוזאָגן:

— וועסט באַקומען אַ „פּרעמבליודאָ״...

הגם ביי די אויסגעהונגערטע מענטשן האָט אַזאַ בולקעלע אָדער „פּיראָגל״ אויף אַ צאָן נישט געקלעקט.

אַחוץ הונגער איז צוגעקומען — קעלט. עס איז שוין געווען סוכות־צייט. אייגנטלעך שוין אַ פּאָר טעג נאָך סוכות. דער שמחת־תורה איז דאָ געווען גאָרנישט שמחהדיק...

אין מיין באַראַק דערציילט מען מיר ביים:

יום־כּיפּור ביינאַכט האָבן די יידן געפּרוווט „אימפּראָוויזירן״ אַ „מנין״. מ׳האָט זיך צונויפגענומען אין אַ ווינקל פון באַראַק און דער בעל־תפילה — אַ שניידער פון ביאַלאַ־פּאָדליאַסקאַ — האָט שוין געהאָט אָנגעהויבן זינגען כל־נדרי. אמת, אָן אַ קיטל, אָן אַ טלית און אָן אַ ספר תורה... דער יידישער עולם — פרום און נישט־פרום — האָט אין גרויס ערנסטקייט מיטגעזונגען. איין מאָל געענדיקט כל־נדרי און געהאָט שוין אָנגעהויבן דאָס צווייטע מאָל. אָבער אין מיטן פאַלט אַריין אַן אויפגעקאָכטער דער בריגאַדיר פישער — דווקא אַ ייד, אַ סאָוויעטישער ייד — און צעליאַרעמט זיך מיט באַנומענע קולות:

— מאָלטשאַט׳!! (שטיל זאָל זיין!).

דער יידישער עולם איז געבליבן געפּלעפט.

יענער איז אַרויס מיטן אמתן מענה־לשון:

— דאַלאָי (נידער) מיט די קלעריקאַלע מאַניפעסטאַציעס! וואָס־זשע מיינט איר, איר זענט אין אייער פּאָלשאַ?

מען פּרוווט אים איבערצייגן:

— טאָוואַרישטש בריגאַדיר! מיר שטערן דאָך קיינעם נישט... ס׳איז דאָך אין אונדזער פרייער צייט...

— מאָלטשאַט׳!!!

די יידן זענען געוואָרן שטאַרק אויפגעבראַכט. מען האָט ביי פישערן נישט געפּועלט נישט מיט גוטן, נישט מיט האַרבערע רייד.

— פאַרוואָס זאָלן יידן נישט קאָנען זאָגן כל־נדרי? — פרעגט מען אים — מיר צווינגען דאָך קיינעם נישט. ווער עס וויל, מעג דאָך דאַוונען יום־כּיפּור.

יענער איז אָבער געווען האַרט ווי אַ שטיין:

— אַז איר וועט זיין אין אייער פּאַלשאַ, וועט איר זיך „מאַליען" וויפל אירווילט; נישט דאָ אין לאַגער. דאָ איז נישט קיין סינאַגאָגע... פּאָניאַלי?...

און פון „מבין" איז שוין גאָרנישט געוואָרן. יענער איז לאַנג פון באַראַק נישט אָפּגעטראָטן און געהיט. דער יידישער עולם איז זיך צעגאַנגען. טייל האָבן נאָכדעם אויף די נאַרעס, ביחידות, געברומט פאַר זיך דעם ניגון פון כל־נדרי...

## 20
# אין שפּעטן האַרבסט

שפּעטער האַרבסט. קאַלטע ווערטן. אָפטע רעגנס און שנייען. נאַסע שנייען. אָבער די רעגנס זענען נישט קיין שטער צו גיין אין וואַלד. מעג ווי שטאַרק גיסן, מעג זיין אַ מבול — די בריגאַדעס קריכן דורך רעגן און פאַרגאָסענע שטחים. אַלץ אויף די מענטשן ווערט דורכגעווייקט. די נאַסקייט דערגייט ביז צום לייב. אַלץ קלעפּט זיך צום גוף. אין דער אַרבעט איז מען אָבער נישט „מפסיק"... אומזיסט גיט מען נישט קיין „פּייקע"...

דערצו איז דער אַרבעט־פּלאַץ מעשה־שטן אַזוי ווייט פון דער „זאָנע", אַ שיין ביסל קילאָמעטערס. מ׳קריכט גאַנצענע שעהען דורך זומפּיקן וואַלד, דורך בלאָטיקע פאַרגאָסענע וועגן און טאָלן. די מאַטערניש איבער די נאַסע וועגן צ׳ט אַרויס אַ שווייס פון לייב און דער שווייס מישט זיך אויס מיט דער נאַסקייט פון רעגן אָדער שניי, וואָס ווייקט אויס די קליידער. און אַז מען קומט שוין ווי עס איז אויפן אַרבעט־פּלאַץ איז מען שוין אַזוי דערשעפּט פון דעם לאַנגן מאַרש, אַז די הענט דינען שוין נישט צום זעגן, צום האַקן די דיקע יאָלקעס, צום קאָרטשעווען די פּניאַקעס, די צעשפּרייטע וואָרצלען זייערע, וועלכע ליגן איינגעגעסן אין דער פאַרגאָסענער ערד.

עס פלעגט מיך אינמיטן דער אַרבעט דענערווירן די שטים פון בריגאַדיר, זיין „מוסר":

— ווען וועסטו שוין זיין אַ לייט? ווען וועסטו שוין אויך פאַרדינען די „פּרעמבליודאַ״?...

— איך דאַרף נישט אייער „פּרעמבליודאַ״! — פלעג איך אים ענט־פערן מיט צאָרן — מאַכט מיך נישט גליקלעך...

אין דער דאָזיקער צייט פלעג איך זיך שוין באַנוצן מיט מיין געלט, וואָס איז אָנגעקומען פון גראָדנער תפיסה אין דער בוכהאַלטעריע. כ׳האָב באַקומען די ערשטע פופציק רובל פון דער סומע אויף אַ גאַנצן חודש. קום איך שוין מיט אַ געקויפטער צוגאָב־פּייקע צו דער אַרבעט. אָבער דער אָר־גאַניזם איז אַזוי אויסגעהונגערט פון די נישטיקע מאָגערע עסנס אין לאַ־גער, אַז אַפילו פינף „פּייקעס״ וואָלטן אויך נישט זאַט געמאַכט...

האָבן זיך אַזוי געצויגן די שווערע טעג. די טעג אין כסדרדיקער נאַסקייט. די מלבושים פלעגן אַפילו איבער נאַכט נישט אויסגעטריקנט ווערן ווי עס געהער צו זיין. מ׳האָט זיי באַגינען אַרויפגעצויגן אויף זיך פייכטערהייט. עס האָט ממש דאָס נישטיקע לעבן פאַרמיאוסט.

אויף אַ רו־טאָג האָט מען געמוזט וואַרטן גאַנצע דריי וואָכן. יעדער דריטער זונטיק בלויז איז דאָך געווען „וויכאָדנאָי״. האָבן זיך די טעג אַזוי געדרייט ווי אין אַ שדימשן, וויסטן קאַראַהאָד — — —

נישט געווען קיין פרייע רגע, ווען אַ קנעפּל איינצונייען אין דער פּו־פייקע; נישט געווען ווען אַריינגיין זיך אָפּצוראַזירן אין דער לאַגער־„פּאַ־ריקמאַכערסקאַיאַ״. שטענדיק פאַרוואַקסן, אָפּגעלאָזן. אגב, ביי דעם גע־פאַלענעם מוט איז גאָר קיין חשק נישט געווען צו זאָרגן פאַרן בעסערן אויסזען. פאַר וועמען?... צו וואָס?... נישט געווען קיין פרייע רגע אַרויס־צוגיין אַמאָל נאָך דער אַרבעט פאַרן באַראַק און קוקן אַביסל פריי, אומ־געשטערט אויפן הימל... קאָנצענטרירן די אייגענע מחשבות... נישט גע־ווען גאָר קיין שטילקייט... נישט מעגלעך געווען קיין רגע אָפּגעזונדערט־קייט... תמיד דער האַרמידער פון המון, פון הונדערטער נפשות — און דאָס רוב רויע, גראָב־הויטיקע... תמיד די זידל־ווערטער, די ווערימדיקע רייד... אַפילו אין די ערטער, ווו אַ מענטש דאַרף זיין אַליין — אין דער „אור־באָרנאַיאַ״ — אויך דאָרטן טרעפט מען זיך „קאָלעקטיוו״... דאָרט זיצן תמיד אַ צען־פופצן מענטשן מיט זייערע קראַנקע מאַגנס איבער די עפע־נונגען אויף אַ לאַנגער הילצערנער, ברייטער ברעט, און אויך דאָ הערט מען זיך אָן מיט די ערגסטע גראָבקייטן...

אויב טיף אין מיר האָט נאָך געטליעט אַ פונק האָפענונג, אַז... „די

װעלט װעט נישט שװייגן"... „די װעלט װעט אונדז ראַטעװען"... — איז אָבער שװאַכער געװאָרן מיין גלױבן, אַז איך װעל קאָנען אױסהאַלטן די קאַטאָרגע ביז יענער צייט...

צום נאַטשאַלניק פון קלוב גיי איך נישט מער: כ'האָב איינמאָל געטראָפן רעגינען אין דער „זאָנע", האָט זי מיר געזאָגט, אַז נישטאָ זיך אױף װעמען צו פאַרלאָזן; אַז ער קאָן גאָרנישט טאָן פאַר מיר, אַז ער היט נאָר אָפּ זיין אייגענע פעל.

מיין אייגענער אינסטינקט האָט מיך אַלאַרמירט: „ראַטעװע זיך פאַר יעדן פּרייז פון װאַלד! אויב נישט, װעסטו שנעל אומקומען!"...

האָב איך זיך דערװאַרט אױף אַ „װיכאָדנאָי", אױף אַ פּרייען זונטיק. כ'האָב גענומען אַרומקריכן איבער די באַראַקן אין דער „זאָנע", זוכנדיק נייע באַקאַנטשאַפטן מיט מענטשן, װאָס קאָנען טאָן אַ טובה. מיין פּלאַן איז געװען: אַריינכאַפּן זיך אַרבעטן אין אַ קאַנצעלאַריע!

איך קען שוין גוט די אַלע אַרבעטס־צװייגן אין לאַגער:

אונדזער „נעפּטאַפּראָמיסל" נעמט אַרום אַ גאַנצע ריי געביטן: עטלעכע הונדערט „װישקעס" (נאַפּט־טורעמלעך), הונדערטער „קאַטשעגאַרקעס" (אױװונס מיט דאַמף־קעסלען), אַ גאַנצע ריי „עלעקטראָסטאַנציעס" און „פּאָדסטאַנציעס". אַחוץ דעם אַ גאַנצע ריי מעכאַניקער־װאַרשטאַטן, װאָס באַדינען די אַלע איינריכטונגען פאַר דער נאַפּט־פּראָדוקציע.

די שקלאַפן זענען דאָ איינגעטיילט אין פאַרשיידענע אַרבעט־קאָלאָנעס: „בור־קאָלאָנאַ", װאָס פאַרנעמט זיך מיט בויערן די ערד, זוכנדיק די נאַפּט־קװאַלן; „עקספּלואַטאַציע", װאָס פאַרנעמט זיך מיט די אַרבעטן אַרום דעם נאַפּט ביי די „װ י ש ק ע ס"; „סטראָי־קאָלאָנאַ", װעלכע פאַרנעמט זיך מיט די בױ־אַרבעטן, װי: האַקן װאַלד, קאָרטשעװען פּניאַקעס, מאַכן „פּראָסיעקעס" (װאַלד־גאַסן), אָפּרייניקן פּלעצער אין װאַלד פאַר נייע „װישקעס" און „קאָטשעגאַרקעס" דאָרט, װו אינזשעניערן האָבן אַנטדעקט נייע נאַפּט־קװאַלן א. ד. גל.; „אי. ט. ר." — דאָס זענען איבערציאַלן פון דער גרופּע אינזשעניערן און טעכניקער. די דאָזיקע גרופּע איבערטעליגענטן באַדינט אַלע אָפּטיילונגען אין לאַגער, אַלע צװייגן פון אַלע „קאָלאָנעס".

אַחוץ די אַלע צװייגן קומען נאָך צו די פאַרשיידענע קאַנצעלאַריעס אין „זאָנע" גופא, װי: בוכהאַלטעריע, פּלאַניר־טייל, געאָלאָגישע אָפּטיילונג, דאָס ביוראָ פון די „נאָרמיראָװשטשיקעס", דער „פּראָדסטאָל" (פּראָ־

וויאַנטירונגס־אָפּטיילונג, וואָס נעמט־אַריין אויך די קיך), די באָד, די וועשעריי, דער „סטאַציאָנאַר" (שפּיטאָל און אַמבולאַטאָריע) און נאָך אַנ־דערע אָפּטיילונגען.

אַרבעט, בכן, אַ שלל, ווי אין אַן אינדוסטריעלער שטאָט. נישט בחנם רופט זיך טאָקע דער לאַגער מיט אַזאַ „אומשולדיקן" נאָמען „ראַבאָטשי פּאָסיאָלאָק אוכטאַ" (אַרבעטס־זידלונג אוכטאַ).

און מיין טענה צו מיין גורל איז אַ האַרבע: פאַראַן דאָ אַזוי פיל אַר־בעטן. טאָ פאַרוואָס־זשע קומט עס מיר צו אַרבעטן אין דער ערגסטער „קאָלאָנאַ" — אין דער „סטראָי־קאָלאָנאַ"? בפרט, אַז דער דאָקטער אין אוסטווים האָט פיקסירט לויט מיין געזונט־צושטאַנד, אַז איך געהער צו דער צווייטער קאַטעגאָריע, ד"ה צו די שוואַכערע, וועמען מען דאַרף באַ־שעפטיקן ביי אַ לייכטערער אַרבעט. ניין, ניין! פאַר יעדן פּרייז מוז איך זיך באַפרייען פון דער ערגסטער קאַטאָרגע!

צו דעם צוועק האָב איך אויסגענוצט דעם פרייען זונטיק. אין דער „זאָנע" גופא קען מען זיך דאָך באַוועגן „פראַנק און פריי", אַקוראַט ווי דער פויגל אין געביט פון זיין שטייגל... מיט מיר איז אומגעקראָכן איבער די באַראַקן מיין נייער באַקאַנטער, דער פּוילישער ייד אינזשעניער פעלד־היי, וועלכער „וווינט" לעצטנס אויך אין מיין באַראַק, אויף דער אונטער־שטער נאַרע, אונטער מיר. מיר האָבן זיך באַפריינדעט און ער וויל מיר העלפן זיך ראַטעווען פון וואַלד. ער אַליין אַרבעט אין דער בוכהאַלטעריע און האָט שוין אַ היפּש ביסל קאַנטשאַפט צווישן דעם אינטעליגענטן עולם אין לאַגער. ער פאַרזיכערט מיך, אַז ער האָט שוין אַפילו גערעדט מיט עט־לעכע פערזאָנען וועגן מיר. ער האָט מיך איצט באַקאַנט מיט אַ פּאָר וויכ־טיקע באַאַמטע פון דער בוכהאַלטעריע. און כ'בין בכלל צופרידן געווען צו זיין אין קאָנטאַקט מיט דעם בעסערן עלעמענט אין דער „זאָנע", הערן נאָרמאַלע מענטשלעכע רייד, אַ ריין לשון... ער האָט מיך באַקענט מיט עטלעכע רוסן, מיט אַ פּאָר יידן. אַלע האָבן מיר צוגעזאָגט צו האָבן מיך אין זינען, צו פאַראינטערעסירן זיך מיט מיין ענין.

די מענטשלעכע רייד האָבן מיך אַביסל אויפגעמונטערט, אויפגע־וועקט אַ שטראַל האָפענונג.

# 21

# די געשיכטע פון אַ צעבראָכן לעבן

דעם זעלביקן זונטיק האָב איך זיך אויך באַקענט מיטן אינזשעניער פריד, אַ לענינגראַדער, וועלכער אַרבעט אין ביוראָ פון דער „עקספּלואַטאַציע". פריד איז נאָך יונג. ער זעט אויס פון אַ יאָר עטלעכע און דרייסיק. שוין פון ערשטן אויגנבליק מאַכט ער אַ זייער ליבן איינדרוק און בינדט־צו צו זיך. ער איז זייער גאַסטפריינדלעך. באַלד אין די ערשטע מינוטן פון אונדזער שמועס איז ער מיך מכבד מיט אַ גאַנצער „פּייקע" ברויט.

— דאָס איז דאָס ווערטפולסטע אין לאַגער... — שמייכלט ער דערביי.

— יאָ, אמת. אָבער פאַרוואָס קומט עס מיר? — פרעג איך אַ געווירטער פון זיין איידעלן זשעסט.

— ס'איז פאַר מיר אַ פרייד מכבד צו זיין אַ יידישן שרייבער... — ענטפערט ער מיט אַ שמייכל.

מיר האָבן לאַנג געשמועסט. מיר זענען געזעסן אַ פּאָר שעה אויף זיין נאַרע און גערעדט אין דער שטיל. נאָכדעם ווי ער איז שוין געווען אינפאָרמירט וועגן מיין גורל, האָט ער מיר דערציילט וועגן זיך. עס האָט זיך פאַר מיר ביסלעכווייז פאַנאַנדערגעוויקלט אַ טראַגישע געשיכטע. פרידס פערזענלעכע טראַגעדיע.

ער איז דאָ אין לאַגער זינט צוויי יאָר. עס איז אים נאָך פאַרבליבן צו זיצן גאַנצע 13... אין דער היים האָט ער איבערגעלאָזט אַ יונגע פרוי מיט אַ קליין קינד. זיי האָבן זיך זייער ליב געהאַט. די פרוי, אַקצענטירט ער, איז אַ ווערטפולע פרוי און ער איז צו איר געווען צוגעבונדן מיט דער גאַנצער נשמה. תמיד זעט ער זי פאַר די אויגן...

— איך ווייס, — זאָגט אינזשעניער פריד, — אַז אויך זי האָט פאַר מיר די זעלבע געפילן... אָבער...

ער רייסט־אָפּ אַ ווייל און רעדט ווייטער:

— אָבער צי האָב איך אַ רעכט צו פאַרלאַנגען פון מיין פרוי, זי זאָל אויף מיר וואַרטן?... אַזוי לאַנג וואַרטן?... זי איז דאָך נאָך יונג. זי איז דאָך פול מיט לעבן. כאָטש דער געדאַנק פייניקט מיך אומגעהויער, פונ־

דעסטוועגן טראַכט איך צו שרייבן צו איר אָפן, אַז זי איז פריי... אַז זי האָט מער נישט קיין שום פליכטן צו מיר... אַז זי קאָן זיך פאַרבינדן מיט עמיצן אַנדערש... פאַרוואָס זאָל איר יונג לעבן איבער מיר צעבראָכן ווערן?...

— אָבער וואָס שרייבט זי אייך?

— זי שרייבט מיר גאָרנישט, ווייל איך האָב נישט קיין רעכט דערצו, מ׳זאָל צו מיר שרייבן... נישט איך צו איר און נישט זי צו מיר...

— טאָ ווי אַזוי זשע קאָנט איר איבערהויפּט איר צו וויסן געבן?

— איך מיין, אַז איך וואָלט אפשר דאָס געקאָנט באַווייזן אין אַן אָפיציעלער מעלדונג צו איר דורך די מאַכט־אָרגאַנען.

— אָבער אויב זי טראַכט אויך נאָר פון אייך?... אויב זי וויל דווקא אויף אייך וואַרטן?...

— יאָ, אָבער, ליבער פריינד, דרייצן יאָר! ווי איז עס מעגלעך? צו וואָס זאָל זי זיך פּייניקן? צו וואָס זאָל קומען דערצו, אַז זי זאָל מיך פאַרראַטן?... איז דאָך גלייכער זי צו באַפרייען... געבן איר פרייע הענט...

— איבעריקנס, — גיט ער צו אין אַ ווײַלע אַרום, — מיין לעבן האָט דאָך שוין סיי־ווי נישט קיין זין און קיין ווערט... כ׳וועל דען דאָ קאָנען אויסדויערן אַזאַ לאַנגע צייט?...

פון זיינע אויגן האָט זיך געגאָסן אין מיר אַריין זיין גאַנצער צער. איך האָב נישט געהאַט קיין איין וואָרט פון טרייסט פאַר אים. האָב איך געשטומט. איך האָב געפילט, אַז ער האָט אַ באַפרידיקונג אינעם אויסגיסן זיין האַרץ׳ פאַר מיר. האָב איך אים געלאָזט רעדן, נישט איבעררייסנדיק מיט קיין שום באַמערקונג.

— כ׳וועל אייך שטעלן אַ שאַבלאָן־פראַגע: וועלכן פאַראַגראַף האָט איר? — פרעג איך אים נאָך אַ לענגערער פּויזע. עס האָט מיך אינטריגירט די דאָזיקע פראַגע.

— מיין תשובה איז אויך אַ „שאַבלאָן": „ק. ר. ד."... אָדער פאַראַגראַף 58... אָט, מ׳האָט עס מיר סתם צוגעוואָרפן... ס׳שפּילט דען ביי „זיי" אַ ראָל...

— „צוגעוואָרפן"?

— נו, יאָ... אָן שום גרונט, אָן שום זין, פּשוט צוגעוואָרפן ווי אַ ממזר...

— אַזוי לייכט גייט עס דאָ צו?...

— נאָך לייכטער ווי איר מיינט. גענוג אַ וואָרט פון אַ פּערזענלעכן פיינט... פון אַ פּשוטן נישט־פּאַרגינער... פון עמיצנס אַ ווערטל אָדער אַ נאַרישן וויץ... — און דיין גאַנץ לעבן איז פאַרשפּילט!...

— איר קוקט מיך אָן מיט פאַרוווּנדערונג?... — גיט ער צו — ביי אייך, אין מערב־אייראָפּע, ווייס מען נישט פון אַזעלכע זאַכן... דאָס איז שוין אונדזער ווייטיק... אונדזער טראַגעדיע... אָבער... פאַרפאַלן! מען מוז נאָך שווייגן. פּתח שין...

מיר גייען דאַן איבער צו מיין ענין.

— איר ווייסט, — זאָגט ער, — ס'איז מיר איינגעפאַלן אַ פּלאַן.

— וואָס אַ שטייגער?

— ביי אונדז אין לאַגער — דערציילט ער מיר, — אַרבעט די פרוי פונעם אַמאָליקן באַקאַנטן סאָוויעטישן דיפּלאָמאַט אַדאָלף יאָפּע.

— דער, וואָס האָט אונטערגעשריבן דעם בריסקער שלום־אָפּמאַך מיט די דייטשן?

— יאָ, יאָ, דער זעלבער אַדאָלף יאָפּע.

—ער האָט, אגב, פאַרענדיקט שפּעטער מיט זעלבסטמאָרד?... — באַמערק איך נאָך.

— יאָ, יאָ.. ווי איך זע, ווייס מען אין אויסלאַנד אַלץ... איז טאַקע זיין פרוי אַרבעט דאָ אין דער קאַנצעלאַריע פון דער „סטראַי־קאָלאָנאַ".

— ווי אַ „זע־קאַ"?

— פאַרשטייט זיך, נישט פון איר גוטן ווילן... זי ענדיקט שוין דאָ באַלד צען יאָר...

— מיין גאָט! די פרוי פון אַדאָלף יאָפּע אין לאַגער!... ווי אַ „זע־קאַ"!

— וווּנדערט זיך נישט, מיין פריינד... ביי אונדז איז אַלץ מעגלעך... איינעם טשעפּעט מען צו „פּ. ש.", דעם אַנדערן — „טראָצקיזם"... דער לאַגער איז פאַר אַלעמען... אין דער פּאָטענץ איז יעדער סאָוויעטישער בירגער אַ קאַנדידאַט אויף לאַגער — אָנהייבנדיק פון אונטן ביז די סאַמע שפּיצן... אַזוי אינטערפּרעטירט מען ביי אונדז די אַלט־באַקאַנטע לאָזונג: „גלייכהייט!"...

— כ'בין טאַקע זייער פאַראינטערעסירט צו באַקענען זיך מיט דער פרוי יאָפּע.

— איר וועט זי קענען. זי איז זייער אַ סימפּאַטישער מענטש. איך וועל מיט איר נאָך היינט רעדן וועגן אייך. זייט ביי מיר אין אָוונט.

— אַ דאַנק אייך, ליבער פריינד!

איך שטעל זיך אויף צום גיין און גיב אים די האַנט.

— שטייט, שטייט אַ ווייל, — פאַרהאַלט ער מיך.

ער גייט־צו צו זיין צוקאַפּנס און נעמט עפּעס אַרויס פון דאָרט.

— איר זענט דאָך דאָ אַ „גרינער". איר האָט דאָך דאָ מסתמא נישט מיט וואָס זיך אָפּצווווישן. איך קאָן אייך שענקען אַ האַנטוכל. איך האָב גראָד דריי.

און ער דערלאַנגט מיר אַ קליין האַנטוכל אין בלוילעכע קראַטלעך.

— ווי איר האָט מיר צוגעטראָפן! איך וויש זיך כסדר אָפּ מיט מיין נאָז־טיכל... אַ דאַנק! אַ דאַנק אייך, חבר...

— עס קומט מיר נישט קיין דאַנק.

— עס קומט אייך, עס קומט אייך, ליבער חבר!

— אָבער זעט, היט עס אָפּ פון די „זשוליקעס". זיי וועלן עס ביי אייך צוציען. צום בעסטן טוט עס אָן אויפן האַלדז ווי אַ שאַליקל...

— גערעכט! אויסגעצייכנט!

איך פאַרוויקל באַלד דאָס האַנטוכל אַרום מיין האַלדז. דער לייוונט האָט מיר ממש געגלעט דעם האַלדז, ווי אַ צערטלעכע האַנט, ווי אַ האַנט פון אַ מאַמען... ווי טייער איז מיר די דאָזיקע מתנה פון דעם טייערן מענטש... כ'וועל עס אָפּהיטן ווי אַן אויג אין קאָפּ.

אין אָוונט, נאָך איידער עס איז צייט געווען צו גיין נאָכאַמאָל צו פרידן, איז פריד אַליין געקומען צו מיר.

— איך האָב פאַר אייך גוטע נייס.

— טאַקע? איר האָט שוין גערעדט מיט דער פרוי יאָפּע?

— יאָ, גערעדט. זי וויל אייך זען פערזענלעך. קומט אַרויף צו איר מאָרגן אין קאַנטאָר, ווי נאָר איר וועט קומען פון דער אַרבעט.

— אויסגעצייכנט! אַ דאַנק! אַ דאַנק!

איך האָב פרידן אַרויסבאַגלייט פון באַראַק און מיר האָבן נאָך אַ היפּשע צייט אַרומגעשפּאַצירט הין און צוריק איבער דער „זאָנע". ער האָט מיר דערציילט וועגן זיין לענינגראַד; איך אים וועגן וואַרשע. מען האָט גערעדט וועגן „אַלטע, גוטע צייטן"... וועגן דעם, וואָס איז שוין נישטאָ... פאַרגעסנדיק זיך אינעם שמועס, זענען מיר צוגעקומען, אַפּנים, צו נאָענט צו אַ ווינקל, וווּ עס שטייט אין זיין וואַך־טורעמל דער „סטריעלאָק"...

— ניע פּאַדכאָדי! סטרעליאַט׳ בודו! (גיי נישט צו! כ׳וועל שיסן...)
— דערהערט זיך פּלוצלונג אַ געבייזער פון וואַך־טורעמל אַראָפּ.
מיר קערן זיך גלייך אום.
— אַ צו קליינע „פּראָמענאַדע״ דאָ... — זאָג איך שפּאַסיק. — אין די וואַרשעווער „לאַזענקעס״ שפּאַצירט זיך אַ סך בעסער...
— דאָרט איז מער רוים ווי דאָ, איאָ?...
— מער רוים און מער — פרייהייט! — — —

## 22
# ביי דער פרוי פון אַדאָלף יאָפּע

אַ נאַסער טאָג איז געווען צומאָרגנס אין וואַלד. ביינאַכט איז אַנגעפאַלן אַ געדיכטער שניי. קיין פראָסט איז אָבער נישט געווען און אין דעם זומפּיקן אָרט, ווו מיר האָבן געאַרבעט, איז באַלד געוואָרן אַ טיפע בלאָטע. עס איז פּשוט שווער געווען אַרויסצושלעפּן די פיס פון דער קלעפּיקייט.

די אַרבעט איז היינט געווען: גראָבן גריבער פאַר עלעקטרישע סלופּעס. אַ גרוב דאַרף האַלטן אַ מעטער די טיף, אַ מעטער די לענג און 60 סענטימעטער די ברייט. די נאָרמע — צוויי אַזעלכע גריבער פאַרן טאָג. צוליב דער זומפּיקייט פונעם באָדן אויף דעם דאָזיקן פלאַץ איז די אַרבעט זייער באַשווערט געווען. מ׳פלעגט זיך נעמען גראָבן, אַרויסציען מיטן רידל די קלעפּיקע מאַסע; אָבער קורץ נאָכן אָנהייבן, אַז מען איז שוין ווי עס איז אַריינגעפאָרן אַביסל טיפער, פלעגט זיך ווייזן פון אונטן וואַסער און אַלץ פאַרגיסן. גראָבסטו, גראָבסטו; אָבער דער רידל קאָן שוין איצט גאָרנישט אָננעמען — אַלץ צעשווימט זיך און גיסט זיך צוריק אַראָפּ אין גרוב. עס איז געווען אַן אמתע סיזיף־אַרבעט...

דער טעמפּער קאָפּ פון בריגאַדיר האָט עס נישט געקאָנט — אָדער נישט געוואָלט — באַנעמען. ווי אַזוי עס זאָל נישט זיין — אים מאַך די נאָרמע! ווען נישט — איז 500 גראַם ברויט און „ערשטער קעסל״... ד״ה אַ הונגער־טאָג! כאָטש, צוריקגערעדט, אַז מען קריגט שוין 900 גראַם ברויט און „צווייטן קעסל״, איז מען נאָך אויך נישט זאַט: די אַלע דאָרע

מאַגערע עסנס, ביי דער שווערער פּראַצע, זענען נישט ביכולת צו דעקן דעם דעפיציט פון אָרגאַניזם. די אַלע עסנס אין לאַגער — אַפילו לויט דער העכסטער נאָרמע — פאַרמאָגן נישט קיין מינימום פון די אומבאַדינגט־נייטיקע נאַרונגס־שטאָפן פאַרן מענטשלעכן באַדאַרף, כדי דער גוף זאָל נישט דעגענערירן.

אַזוי צי אַזוי, הייסט עס, מוז דאָ דער מענטשלעכער אָרגאַניזם גיין אין אַ כסדרדיקן באַרג־אַראָפּ. ווער אַביסל פריער, ווער אַביסל שפּעטער. אָפּהענגיק פון איטלעכנס וויטאַלע כוחות און זיינע רעזערוון, וואָס ער האָט אַהער מיטגעבראַכט פון דער פריי. פאַרמשפּט איז דאָ יעדערער...

און פאַרשטייט זיך, אַז פון היינטיקע גריבער איז גאָרנישט געוואָרן. סיידן אַז עמיץ האָט צופעליק, אויף זיין מזל, געהאַט אַ האַרטן באָדן. און בלויז געציילטע האָבן היינט באַקומען ניין הונדערט גראַם ברויט מיט דער „פּרעמבליודאָ“, וואָס דער בריגאַדיר פלעגט שטענדיק דערמאָנען ווי וועגן אַ לעקעכל פאַר קינדער...

כ׳האָב זיך קוים דערוואַרט אויפן סוף פון טאָג. עס האָט מיך אינטריגירט דער היינטיקער באַזוך, וואָס מיר שטייט פאָר. דער וועג צוריק אין „זאָנע“ איז געווען אַ שוידערלעכער. געקומען אַן אויסגעווייקטער דורך און דורך. די בלאָטיקע שיך קוים אַרומגערוימט און אַרומגעוואַשן פון דער קלעפּיקייט. אַלץ איז אויף מיר נאַס געווען. עס וואָלט גוט געווען אַראָפּצוּוואַרפן אַלץ פון זיך און אויסטריקענען ביים אויוון. אָבער איך טאָר דאָך נישט פאַרשפּעטיקן דעם באַזוך ביי פרוי יאָפּע. איך טאָר בשום אופן נישט אָפּלייגן!

אָבער ווי גייט מען פאָרט אין אַזאַ „הולך“? אַ נאַסער, אַן אויסגעווייקטער. אַ חרפּה!

פון לעצטן געדאַנק האָב איך זיך אין דער מחשבה צעלאַכט: אַ חרפּה?! פאַר וועמען איז די חרפּה? ווער דאַרף זיך שעמען?...

און כ׳בין אַזוי אַוועק צו איר אין קאַנטאָר פון „סטראַי־קאָלאָנאַ“.

איך קלאַפּ אָן.

— דאַ! (יאָ! עס הייסט: אַריין!).

אַ פרוי אין די פופציקער, מיט אַ גוטמוטיק פּנים, איז מיר אַנטקעגן געקומען. קיינער אַ חוץ איר איז אין קאַנטאָר נישט געווען. עס איז שוין מסתמא געווען נאָך דער אַרבעט.

איך זאָג איר גלייך, אַז איך קום אין אינזשעניער פרידס נאָמען.

— זעצט זיך, פּאַזשאַלויסטאַ!

— זייט מיר מוחל, וואָס כ'בין געקומען צו אייך אַזוי אָ... אַ נאַסער פון וואַלד...

— ניטשעוואָ... וואָס זענט איר נעבעך שולדיק?... — זאָגט זי מיט אַ שמייכל. — זיצט, פאַרוואָס זיצט איר נישט?

— אַ דאַנק!

זי אַליין זעצט זיך ביי איר שרייבטיש און איך — אַנטקעגן איר.

— אינזשעניער פריד האָט מיט אייך גערעדט וועגן מיר... — הייב איך אָן.

— יאָ, יאָ, גערעדט. איך ווייס שוין אַביסל וועגן אייך. פאַר אַ שריי־בער איז דאָ זייער נישט קיין גינסטיקער פּלאַץ... קיין ביכער, קיין צײַ־טונגען דערשיינען דאָ נישט...

עס אימפּאָנירט מיר גלייך איר לייכטער טאָן, איר פריינדלעכער שמייכל.

— נישטאָ גאָר אַזאַ לאַגער, וווּ עס זאָלן דערשיינען ביכער און צײַ־טונגען?... — פרעג איך אויך אין זעלבן לייכטן טאָן.

— מיר איז עס יעדנפאַלס נישט באַקאַנט...

— אַ שאַד...

זי שטעלט מיר דאָן אַ ריי פראַגן וועגן וואַרשע, וועגן שרייבערישע פאַך־ענינים. כ'זע, זי רעדט ווי אַ באַהאַוונטע. ווי זי וואָלט געהאַט דערצו אַ נאָענטע שייכות. באַלד דערציילט זי מיר צווישן אַנדערן, אַז זי איז אין לעונינגראַד געווען רעדאַקטאָר פון אַ קינדער־זשורנאַל. זי קען גוט די לי־טעראַטור־„בראַנזשע".

— איך האָב שוין הייַנט גערעדט, — דערציילט זי מיר ווייטער, — מיטן נאַטשאַלניק פון „סטראָי־קאָלאָנאַ". ער האָט מיר צוגעזאָגט אייך אַריינצונעמען אין קאַנטאָר. איר וועט אַרבעטן אין מיין אָפּטיילונג. ווי מיינער אַ געהילף. קיין „גרויסע גליקן" האָב איך דאָ אויך נישט... מען מוז דאָ פּטרן אַ צוועלף שעה אַ טאָג... עס ציט אַרויס די כוחות... אָבער דאָך בעסער ווי צו גיין אין וואַלד און זיין אין אַזאַ מצב ווי איר אַט איצט...

— זיכער! זיכער! אין וואַלד וועל איך לאַנג נישט אָנציען... כ'בין

טאַקע פול מיט דאַנקבאַרקייט צו אייך פאַר אייער מיען זיך ביים נאַ־טשאַלניק...

— ס׳איז נאַר אַ מענטשלעכער חוב... כ׳מיין, — גיט זי צו, — אַז דאָ אין קאַנטאַר וועט אייך זיין לייכטער איבערצודויערן... מען דאַרף דאָך דאָ נאַר איבערדויערן... נישט איינברעכן זיך...

איר מענטשלעכער טאָן מאַכט מיך דרייסטער און איך וואָג זי צו פרעגן:

— און איר... איר זענט שוין דאָ לאַנג?...

כאָטש איך ווייס שוין פון פרידן, אַז זי ענדיקט שוין דאָ באַלד צען יאָר, פונדעסטוועגן האָב איך איר געשטעלט די פראַגע, כדי ביי דער גע־לעגנהייט צו הערן פון איר אפשר מער פרטים.

— אָ, דוכט כ׳בין שוין דאָ אַן אייביקייט... צענטער יאָר שוין... היינטיקס יאָר ענדיק איך שוין מיין „סראָק״... דוכט, כ׳האָב שוין מיין גאַנץ לעבן פאַרלוירן...

— פונדעסטוועגן... — ווילט זיך מיר איר זאָגן עפעס אַ טרייסט־וואָרט — פונדעסטוועגן... אויב איר ענדיקט שוין אייער „סראָק״, וועט איר אָנהייבן אייער לעבן אויף דאָס ניי...

— ווייס איך וואָס... מיינע פאַרלוסטן וועט מיר שוין קיינער נישט אומקערן... נאָר לאָמיר בעסער נישט רעדן וועגן דעם...

— קסטאַטי!... (אגב), — כאַפּט זי זיך פּלוצלונג, — די זאַך איז אַזאַ: איך פאָר מאָרגן אַרויס קיין „סאַן־גאָראָדאָק״ (סאַניטאַר־שטעטל). איך מוז דאָרט דורכמאַכן אַ קליינע אָפּעראַציע. מיך וועט דאָ פאַרטרעטן אין קאַנטאָר איינער אַ רוס, טימאָפּייעוו. איך האָב שוין אויך מיט אים גערעדט וועגן אייך. ער וועט זיך פאַרנעמען מיט אייך און אייך געבן די נייטיקע אָנווייזונגען אין די ערשטע טעג.

— אַ גרויסער שאָד! — זאָג איך — בעסער וואָלט געווען ווען איר אַליין זענט דאָ. כ׳וועל תפילה טאָן, איר זאָלט וואָס פריער צוריקקומען אַ געזונטע...

— אַ שיינעם דאַנק! — האָט זי אומעטיק אַ שמייכל געטאָן. — דאָס לעבן איז אַ קייט פון צופאַלן: גוטע און שלעכטע... מען מוז אַמאָל אויך דאָס שלעכטע אָננעמען פאַר ליב...

נאָך אַ קליינער פּויזע גיט זי צו:

— וואָס שייך אייער ענין, איז שוין אַלץ אָפּגערעדט.

— איז ווען זשע דאַרף איך שוין קומען אַהער צו דער אַרבעט?

— קומט איבערמאָרגן. אינדערפרי דאַרפט איר שוין אין וואַלד גישט אַרויסגיין און זייגער 8 קומט אין קאַנטאָר. מעלדעט זיך צו טימאָפייעוון.

— אויסגעצייכנט!

— אַז איר וועט דאָ אַרבעטן, וועט איר קאָנען אַרויסבאַקומען פון מאַגאַזין אַביסל בעסערע מלבושים. אַ שאָד, פאַרגעסן צו בעטן טימאָפייעוון ער זאָל איבעררעדן מיטן „זאַווכאָז״ פון מאַגאַזין. כ׳וועל מאָרגן מיט אים רעדן וועגן דעם.

— כ׳בין באמת גערירט פון אייער אויפמערקזאַמקייט!

— אָבער וואָס איז אייך עפּעס איינגעפאַלן צו מאַכן אַזאַ ווייטע ריי־זע אַזש פון וואַרשע קיין קאָמי?... — פרעגט זי מיך פּלוצלונג ווידער אין איר שפּאַסיקן טאָן.

— אַ „סטודיע״־רייזע... — ענטפער איך איר אויך שפּאַסיק און פאַרענדיק אָבער גלייך כמעט עלעגיש:

— צי קאָן אַ מענטש פאַראויס וויסן די וועגן פון זיין גורל?...

— איר האָט ריכטיק געזאָגט! — ענטפערט זי. — אַ מענטש איז אָפטמאָל אַזוי בלינד, אַז ער זעט נישט די געפאַר אונטער זיין אייגענער נאָז... די דאָזיקע בלינדקייט קאָסט אים אַמאָל אַ צו־טייערן פּרייז... בעת ער עפנט די אויגן, איז שוין צו שפּעט...

די דאָזיקע רייד האָב איך פאַרשטאַנען ווי אַן אַלעגאָריע פאַר איר אַליין, פאַר איר אייגענעם טראַגישן גורל...

בפרטיותדיק וועגן זיך האָט זי נישט גערעדט, די פרוי יאָפּע, און איך בין געווען גענוג טאַקטיש און זי נישט צופיל געפרעגט. נאָר פאַרשטאַנען האָב איך, אַז איר אַרעסט און פאַרשיקונג אין לאַגער האָט געוויס אַ שייכות צו איר מאַן, דעם גרויסן סאָוויעטישן מלוכה־מאַן און דיפּלאָמאַט... עס האָט אַ שייכות צו זיין לעצטער פּאַזע... צו זיין פינאַל... צו זיין זעלבסטמאָרד... און אפשר גאָרנישט קיין זעלבסטמאָרד, נאָר נאָך ער־גערס?... ווער ווייס?... מסתמא האָט מען אויך זי פאַרפּלאָנטערט אין זעלבן טראַגישן קנויל... ווי אינזשעניער פריד האָט מיר מרמז געווען, האָט מען צו איר „דיעלאָ״ צוגעטשעפּעט די באַשולדיקונג אין „טראָצקיזם״...

ביים געזעגענען זיך האָב איך איר געגעבן ברכות אויפן וועג און גע־ווונטשן, זי זאָל שנעל צוריקקומען אַ געזונטע פון „סאַן־גאָראָדאָק״.

איך האָב בעת־מעשה געהאַט אַזוי פיל דאַנקבאַרקייט פאַר דער דאָ־

זיקער איידעלער פרוי. אַ פרוי, וואָס איידער זי האָט מיך געקענט, איידער זי האָט מיך אַפילו געזען, האָט זי שוין געמאַכט באַמיאונגען מיר צו פאַרלייכטערן מיין גיהנום. דאָס האָט עדות געזאָגט וועגן איר הויכער מאָראַלישער מדרגה.

## 23

## מיין האָפענונג און מיין אַנטוישונג

מיט אַ געפיל פון דערלייכטערונג האָב איך געאַרבעט דעם אַנדערן טאָג אין וואַלד. דער באַוווסטזיין, אַז עס איז דער לעצטער טאָג פון מיין קאַטאָרגע, האָט מיך אָנגעפילט מיט מוט, מיט פרישן כוח. איך האָב עס דערציילט אַלעמען אין דער בריגאַדע. עס האָבן מיך אַלע מקנא געווען און דער בריגאַדיר האָט זיך צעדרשנט:

— ביי מיר אין בריגאַדע ביסטו אַ שלימזל... וואָס טויג אַ מענטש, וואָס קאָן נישט מאַכן די נאָרמע?... וואָס קאָן נישט פאַרדינען זיינע 900 גראַם ברויט?...

— מיט אַ „פּרעמבליודאָ“... — כאַפּ איך אונטער איראָניש.

— דאָ, ס׳פּרעמבליודאַם... — אַקצענטירט פּרוטניקאָוו אין זיין גאַנצן ערנסט. — אין קאָנטאָר איז יעדער בליאַד׳ אַ העלד... דאָרט איז דאָך נישטאָ קיין נאָרמע... יעדער באַקומט זיינע 800 גראַם ברויט, „צווייטן קעסל“ מיט אַ „פּרעמבליודאָ“... זאָלן זיי, סוקינני סיני, פּרוון דאָ אין וואַלד אַרבעטן, זאָלן זיי דאָ מאַכן די נאָרמע... זיי וועלן זיך אַלע באַדאַנקען... איך קען זיי, די אַלע בליאַדעס פון די קאָנטאָרן...

אין פּרוטניקאָווס זלזולים האָט זיך אַרויסגעפילט אַ נישט־פאַרגינערישקייט און פאַרביטערונג צו אַלע מענטשן אין לאַגער, וועלכע האָבן אַ לייכטערע מערכה, אַביסל אַ גרינגער לעבן. ער קאָן זיי דאָס גאָרנישט שענקען. עס גלוסט זיך אים אַפּנים אַלעמען האָבן אין וואַלד און ער זאָל זיין באַלעבאָס איבער אַלעמענס לייב און לעבן, איבער יעדערנס ביסן ברויט...

איך האָב זיך צוגעהערט צום בריגאַדירס „פּערלדיקע“ רייד און צופרידן געווען, וואָס איך ווער שוין פון אים פּטור; וואָס דאָס איז שוין דער

לעצטער טאָג אין זיין בריגאַדע. אויס מיט זיין אַפּוטרופּסות! מיט זיין „מאָראַל"...

צומאָרגנסביים באַגינענדיקן „פּאָדיאָם" בין איך געבליבן ליגן אויף דער נאַרע לענגער. איך האָב היינט צייט. אין קאַנטאָר דאַרף איך דאָך גיין ערשט אויף 8 אַזייגער. עס ליגן נאָך אויסגעצויגן אויף די נאַרעס אויך די אַנדערע עטלעכע מענטשן פון די קאַנטאָרן, ווי: אינזשעניער פעלדהיי און אַנדערע. צי איך מיך אויס רחבותדיקער אויף דער נאַרע און קוויק זיך מיט מיין „פּריווילעגיע"... אַלע אין באַראַק איילן זיך, יאָגן זיך. יאָגן פון זיך די נשמה אַרויס. און אָט באַלד קומט אַריין איין בריגאַדיר, אַ צווייטער, אַ דריטער. עס ווערט אַ בהלה.

— רעביאַטאַ, שנעלער!

— סקאָרעי!

— גיי אַרויס!

צו מיר דערנענטערט זיך פּרוטניקאָוו.

— פּאַרוואָס ליגסטו נאָך?

— איר האָט פאַרגעסן? איך גיי דאָך היינט אין קאַנטאָר.

— אינ־טע־לי־גענ־ציאַ? בליאַדי! — ציט ער אויס מיט איראָניע און גייט אַוועק פון מיר.

„ברוך שפּטרני!"... — טראַכט איך ביי זיך. — „הלוואי זאָל איך דיך מער נישט קענען מיט דיינע נאָרמעס, טאַטע־פּאָטער!"...

אין באַראַק איז פּלוצלונג געוואָרן ליידיק און שטיל. די מענטשן האָבן איילעוודיק אָפּגעטרונקען זייער ביסל „קיפּיאַטאָק" און זענען אַלע ארויס צו חושך און קעלט... צו דער שווערער, ביטערער האָרעוואַניע ערגעץ אין דער שנייאיקער טייגע...

זייגער זיבן האָב איך זיך אויפגעהויבן פון דער נאַרע, געמאַכט זיך פּאַמעלעך אין אָרדענונג, קוים אָפּגעריבן די פאַרטריקנטע בלאָטע אויף די הויזן, אויף דער פופייקע, זיך אַרומגעוואַשן אונטערן בלעכענעם האַנטפאַס לענגער און גרינטלעכער ווי תמיד, זיך גוט אַרומגעריבן דאָס געזיכט מיט אינזשעניער פרידס האַנטוכל. מעשה־מענטש!...

און אַוועק מיט מזל אין קאַנטאָר!

געקומען צו טימאָפייעוון און שטעל זיך פאַר אים פאַר:

— כ'בין געקומען צו דער אַרבעט... די גראַזשדאַנקאַ יאַפּע האָט מיר געזאָגט...

— אַך יאָ... דאָס זענט איר?... דער נאַטשאַלניק האָט שוין אויף אייער אָרט צוגענומען אַ רוסישן...

— וואָס הייסט?! — בלייב איך שטיין געפּלעפּט.

— כ'ווייס נישט. דער נאַטשאַלניק האָט צוגענומען אַ רוסישן און איר דאַרפט גיין אין וואַלד...

איך שטיי נאָך אַ ווייל ווי אַ פאַרגליווערטער און האָב נאָך בדעה עפּעס צו זאָגן. אָבער יענער רעדט ווייטער:

— דער נאַטשאַלניק האָט געהייסן אייך גלייך אָפּשיקן אין וואַלד. איר ווייסט ווו אייער בריגאַדע אַרבעט?

— ניין, איך ווייס נישט. — ענטפער איך ווי אַ פאַרמשפּטער.

— וועל איך באַלד געוווּיר ווערן און אייך געבן אַ באַגלייטער... וואַרט דאָ!

און ער גייט אַריין אין אַ צווייטן חדר.

אין אַ ווײַלע אַרום קומט ער צוריק אַריין מיט נאָך אַ פּאַרשוין, וואָס דאַרף מיך באַגלייטן אין וואַלד צו דער בריגאַדע. יענער ווייס שוין אויך וווהין צו גיין. דאָ אין קאַנטאָר פון דער „סטראָי־קאַלאָנאָ" ווייס מען דאָך ווו די בריגאַדעס אַרבעטן.

— קום! — רופט מיך דער באַגלייטער.

איך גיי נאָך דעם באַגלייטער אַ שווייגנדיקער, מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ, ווי געטראָפן פון אַ שווערן קלאַפּ.

שוין, די מינוט, פּירט מען מיך צוריק אין וואַלד אַריין... זיי קאָנען מיר אַפילו קיין איין־איינציקן טאָג נישט שענקען...

כ'בין געווען פול מיט פאַרביטערונג. וואָס האָט באַוויגן דעם נאַטשאַלניק צוצוזאָגן דער פרוי יאָפּע און תיכּף נאָך איר אַוועקפאָרן אין „סאַן־גאָראָדאָק" צונעמען אויף מיין אָרט אַן אַנדערן? נאָר גיי טענה! אַז די פרוי יאָפּע איז שוין נישטאָ און דער נאַטשאַלניק וועט אפילו מיך נישט וועלן אויסהערן...

דער וועג צו דער בריגאַדע איז פאַר מיר געווען אַלצאיינס ווי דער גאַנג צו מיין עקזעקוציע... ווען איך בין אַליין, אָן דעם באַגלייטער, וואָלט איך אין די רגעס פּעאיק געווען זיך אַ מעשה אָנצוטאָן...

אין דער בריגאַדע האָט מען מיך אויפגענומען מיט אַ „קאַצן־מוזיק"...

פון אַלע זייטן האָבן זיך אויף מיר געשאָטן „דעליקאַטע" פראַגן:

— שוין געענדיקט די אַרבעט אין קאַנטאָר?...

— שוין באַקומען אַן אויסצייכענונג?...

— זיך פאַרבענקט אין וואַלד?...

— סטייטש?

— פאַרוואָס? פאַרוועןִ?

גיי טענה זיך נאָך אויס מיט איטלעכן. האָב איך געשוויגן און זיך מיט קיין וואָרט נישט אָפּגערופן.

און דער בריגאַדיר גיט נאָך צו פון זיין זייט:

— היינט וועסטו ביי מיר אַפילו קיין 500 גראַם ברויט אויך נישט באַקומען... וואָס דו קאָנסט זיך שוין היינט אָנאַרבעטן... היינט באַקומסטו „שטראַפּנאָי פּאַיאָק" — 300 גראַם ברויט...

און ער האָט געהאַלטן וואָרט, דער בריגאַדיר: איך האָב היינט באַקו־מען דעם „שטראַפּנאָי פּאַיאָק": 300 גראַם ברויט און אַ שיטערע זופּקע, אָן דער „וטאָראָיע" (צווייטע געריכט) — אָן דעם ביסל קאַשע מיטן הערינגל...

דער פינאַל פון אַ געפּלאַצטער האָפענונג...

אין אָוונט, נאָכן „אָביעד" בין איך אַן אויפגערעגטער געלאָפן צו אינזשעניער פריד און אים אַלץ דערציילט. אויך פריד איז געווען אויסער זיך.

— אַ פּאַסקודנער אַנטיסעמיט דער נאַטשאַלניק פון „סטראָי־קאָלאָ־נאָ" — רופט ער אויס מיט פאַרדרוס. — איר פאַרשטייט? דער פרוי יאָפּע האָט ער נישט געקאָנט אָפּזאָגן... אָבער ווי נאָר זי איז אַוועקגע־פאָרן, האָט ער זיך אויסגעלאַכט... אַזאַ געמיינער אַנטיסעמיט!

— איז שוין גאָר נישטאָ וואָס אויפצוטאָן?

— ליידער נישט. נאָר די פרוי יאָפּע וואָלט געקאָנט אפשר עפּעס פועלן... אָבער זעט איר דאָך, נישט באַשערט געווען... אָבער זייט נישט פאַרצווייפלט... איך וועל פּרווון רעדן אין אַנדערע קאַנטאָרן... אפשר מיט דער צייט...

און אַזוי בין איך ווייטער געגאַנגען אין דעם שווערן לאַגער־יאָך. איין טאָג שווערער פון אַנדערן. איך האָב געפילט, אַז אויב עס געשעט נישט מיט מיר קיין נס, אויב איך ווער נישט פּטור פון וואַלד — קום איך אום! וואָרום וויפל רעזערוון כוחות האָט עס אַ מענטש, ער זאָל קע־נען אויסהאַלטן אַזעלכע כסדרדיקע פּלאָגענישן? — — —

אַזוי האָבן זיך געצויגן די גיהנומדיקע טעג. פון טעג זענען געוואָרן וואָכן.

איך האָב געוואַרט אויף דער פרוי יאָפּע און זיך דערוואַרט. העכער דריי וואָכן זענען פאַרביי און זי איז צוריקגעקומען אין „זאָנע". אין קאָנ־טאָר האָט זי נאָך נישט געאַרבעט, ווייל זי האָט געהאַט אַ באַפרייאונג אויף נאָך אַ וואָך צייט.

בעת איך האָב זי געטראָפן, האָט זי שוין געוווסט פון דער גאַנצער זאַך. זי איז שוין געווען אין קאַנטאָר און געוויר געוואָרן.

— אַזאַ אַנטיסעמיט! אַזאַ אַנטיסעמיט! — האָט זי זיך נישט גע־קאָנט שענקען.

עס האָט אָגב אויך געליטן איר אייגנליבע: יענער האָט איר פּייער־לעך צוגעזאָגט און הינטער די אויגן אויסגעשטעלט אַ צונג...

— צום באַדויערן, — זאָגט זי מיר, — קאָן איך שוין פאַר אייך אי־בערהויפּט גאָרנישט טאָן, ווייל אין גיכן — שוין אין אַ צען טעג אַרום — פאָר איך שוין פון דאַנען אַוועק: שוין געענדיקט מיין „סראָק"...

— טאַקע? איך באַגריס אייך!

— אַ דאַנק!

— נו, איצט צוריק צום לעבן... צוריק — לענינגראַד.. די ניעוואַ...

— אַ, ניין... נישט לענינגראַד... נישט די ניעוואַ... נאָר ווייטער די אוכטאַ...

— וואָס הייסט? וואָהין־זשע פאָרט איר?

— נישט ווייט פון דאַנען... אינעם שטעטל טשיביו... נישט ווייט טאַקע פון אונדזער „זאָנע"... כ'בלייב דאָ אַרבעטן ווי אַ „וואָלנאָנאַ־יאָמנאַיאַ"...

— וואָס הייסט? — קוק איך זי אָן פאַרוווּנדערט. — וואָס פאַר אַן אינטערעס האָט איר דאָ צו בלייבן?...

— אַזוי איז עס... — זאָגט זי מיט אַן אומעטיקן טאָן. — גלייכער נישט צו רעדן...

האָב איך זי מער נישט איבערגעפרעגט. מסתמא איז איר דאָך שווער צו רעדן... כ'האָב זיך האַרציק מיט איר געזעגנט. מיין דאַנקבאַרקייט צו איר איז נישט געמינערט געוואָרן: איר ווילן מיר צו העלפן איז געווען אַ גוטער. שולדיק איז דאָך דער נאַטשאַלניק פון „סטראָי־קאָלאָנאַ" — לויט איר אויסדרוק: „דער אַנטיסעמיט"...

כ׳האָב שפּעטער גערעדט מיט מײַנע נײַע באַקאַנטע אין דער „זאָנע״ וועגן פרוי יאַפּע. אַלע האָבן געוווּסט פאַרוואָס זי פּאַרט נישט אַוועק און בלײַבט אַרבעטן אין שכנותדיקן שטעטל ווי אַ „וואָלנאָנאַיאָמנאַיאַ״: ערשטנס, איז איר פאַרבאָטן צוריקצופאָרן צו זיך אַהיים קיין לענינגראַד, אַזוי אויך אין אַנדערע „רעזשימנע״ שטעט; צווייטנס, אַפילו ווען זי זאָל אַוועקפאָרן ערגעץ אַנדערש, אין אַ פּראָווינץ־שטאָט, איז זי נישט זיכער, אַז אין אַ חודש, צי צוויי חדשים אַרום וועט מען זי ווידער נישט „פאַר־בעטן״ אין אַ לאַגער אַרײַן... אַזוי איז מען זיך נוהג מיטן גרעסטן טייל פּאָליטישע — אויב זיי באַקומען נישט קיין „דאָבאַוואָקאַ״ צו זייער „סראָק״ און ווערן טאַקע „באַפרייט״...

# 24

## גוטע מלאכים, וואָס העלפן מיר

אין מײַן באַראַק האָב איך שוין אַ שטיקל געזעלשאַפט: צו אינזשע־ניער פעלדהיי זענען נאָך צוגעקומען אַ פּאָר מיטאַרבעטער פון דער בוכ־האַלטעריע: גיזענבורג און שיקער, אינזשעניער ראָזענבלאַט, פון לאָדזש, וועלכער אַרבעט אין די וואַרשטאַטן; דער וואַרשעווער פרידמאַן, וועלכער אַרבעט אַלס טיילער אין „סטאָלאָוואָקע״; די עטלעכע שניידערס און שוס־טערס פון „שוואַלניע״ און „סאַפּאָזשנאַיאַ״. אַלע פּוילישע ייִדן.

אַחוץ זיי אַלע האָט זיך אין מײַן באַראַק אָפּגעזוכט מײַנער אַ „זעמ־ליאַק״ — אַ גראָדנער. דאָס איז דער שניידער רוזשאַנסקי, וועלכער אַרבעט אויך אין „שוואַלניע״. רוזשאַנסקי איז צו מיר צוגעפאַלן ווי צו אַן אייגע־נעם. ער האָט מיר אויסדערציילט זײַן שווער האַרץ; זײַן ביטערן צער, וואָס ער איז פאַרוואָגלט געוואָרן פון זײַן פאַמיליע — אַ פרוי מיט צוויי קינדער. אין גראָדנע האָט ער געלעבט גליקלעך און ער האָט אַזוי ליב געהאַט די היימישע שטאָט, דעם ניעמאַן, קאָלאָזשע... ער האָט טאַקע געוווינט אויף קאָלאָזשע, האַרט איבערן ניעמאַן.

בעת ער רעדט מיט מיר וועגן דער היים, גיסן זיך אים טרערן פון די אויגן.

— איר דאַרפט זיך באַהערשן, — זאָג איך אים. — מיר זענען דאָך אַלע אין זעלבן אומגליק.

— יאָ, אמת. — ענטפערט ער — אָבער מיט מיר איז דאָך ערגער. איך וועל דאָך קיינמאָל שוין נישט אָנזען די וועלט...

— פאַרוואָס זענט איר עפּעס אַנדערש ווי אַלע?

— אייך אַלעמען האָט מען דאָך גענומען ווי „ביעזשענצעס"... איר האָט דאָך אַ האָפענונג באַפרייט צו ווערן... איך אָבער...

און רוזשאַנסקי דערציילט מיר, אַז ער איז אַרעסטירט געוואָרן ווי אַ „בונדיסט"; אַז מען האָט אים אָפּגעהאַלטן און געפּייניקט 7 חדשים אין גראָדנער תפיסה און נאָכדעם האָט מען אים אַהערגעשיקט מיט אַ „סראָק" פון 8 יאָר.

ווי אַ „זעמליאַק", האָט זיך רוזשאַנסקי צו מיר צוגעקלעפּט. ער איז שטענדיק גרייט געווען מיר מיט עפּעס צו דינען. ער באַהאַלט מיר שטענדיק אויס אין זיין קעסטל אין דער „שוואַלניע" אַן איבעריק שטיקל ברויט, צי צוקער אָדער עפּעס אַנדערש, וואָס מיר געלינגט אַמאָל צו „דעראָבערן". אַמאָל איז ער גופא מיך מיט עפּעס מכבד — ער אין „שוואַלניע" גיט זיך דאָך בעסער אַן עצה... דערפאַר בין איך שטענדיק גרייט צו זיין דינסט און שרייב אים בחנם „זאַיאַוולעניעס" צו „נאַטשאַלסטוואָ", וועלכע העלפן ווי אַ טויטן ווייריך...

אין אַ פרייע מינוט, אין אָוונט נאָכן „אָביעד" — אויב דער טאָג אין וואַלד האָט מיך צופיל נישט צעבראָכן... — זיץ איך מיט דעם דאָזיקן עולם אין אַ רעדל און מען שמועסט צוזאַמען וועגן דער היים. יעדער דער־ציילט, יעדער דערמאָנט...

גיזענבורג חזרט איבער זיין „סענסאַציע", וואָס ער האָט שוין אַ סך מאָל דערציילט ווי אַ „טרייסט": בעת דער לעצטער קאָנטראָל ביים אויס־מישן אונדז מיט די רוסן האָט ער באַמערקט אויף אונדזערע קאַרטאָטע־קעס אַ צושריפט מיט דראָבנער שריפט: „ביעזשעניעץ". הייסט עס, — פירט גיזענבורג אויס, — אַז „זיי" טראַקטירן אונדז דאָך אַנדערש ווי די רוסן...

אָבער בלויז איין־איינציקער — טאַקע גיזענבורג אַליין — האָט זיך אָן דער „סענסאַציע" אָנגעכאַפּט ווי אַ זיך טרינקענדיקער אָן אַ שטרוי. אַלע איבעריקע האָבן עס אויפגענומען מיט ביטול.

— מיט וואָס, אומשטיינסגעזאָגט, טראַקטירט מען עס אונדז אַנ־

דערש? — האָט מען גיזענבורגן אָפּגעפרעגט, — מען גיט אונדז בעסערע וווינונגען? מען גיט אונדז אַנדערע „נאַרמעס"?... אַנדערע „פּייקעס"?... אַדין טשאָרט!... (איין טייוול).

— מיר זיצן דאָך פאָרט אַן אַ „סראָק"! — פאַרטיידיקט זיך גיזענבורג.

— און אַז אַן אַ „סראָק", איז דען לייכטער צו קאָרטשעווען אַ פּניאַק?... איז די קעלט אין וואַלד אַ קלענערע?... צי דער הונגער אַ גרינגערער?...

אַזוי איז צוגעגאַנגען דער שמועס אין אונדזער רעדל.

מיינע פריינד פון דער בוכהאַלטעריע האָבן נישט אויפגעהערט צו מיען זיך פאַר מיר. זיי האָבן שוין גערעדט מיט די לייטערס פון עטלעכע קאַנצעליאַריעס. אין איין אָרט האָט מען מיר שוין אַפילו געהאַט געהייסן קומען; אָבער אַ שטער איז געווען מיין צו־נערוועזע האַנטשריפט. מען מוז אין אַ קאַנטאָר שרייבן מיט פּערלדיקער שריפט! דאָס איז אַ סך מער וויכטיק ווי קענען קאָרעקט און גראַמאַטיקאַליש די רוסישע שפּראַך.

— צי פאַרשטייט איר עס? — האָט מען מיר דאָרט מסביר געווען.

— דער עיקר איז די האַנטשריפט! די פּאַפּירן גייען דאָך צו „נאַטשאַל־סטוואָ".

— ווען איך וואָלט געוווסט — האָב איך איראָניש געענטפערט — אַז איך וועל אַמאָל אַריינפאַלן אין אַ סאָוויעטישן לאַגער, וואָלט איך געגאַנגען אויף קורסן פון קאַליגראַפיע...

פונדעסטוועגן האָבן מיינע לאַגער־פריינד ווייטער געמאַכט באַמיאונגען אין די קאַנצעליאַריעס.

אַחוץ די פּוילישע יידן האָט מיך אויך מקרב געווען מיין „לייענער" גורעוויטש, וועלכער אַרבעטביים „טשאַן" פון „קיפּיאַטאָק". גורעוויטש האָט לעצטנס אויך באַקומען אַביסל אַרבעט אין דער לאַגער־בעקעריי — אַן אָרט, ווו מען איז שוין נישט זשעדנע אַ שטיקל ברויט. דער דאָזיקער גורעוויטש טאַקע האָט זיך צו מיר געוויזן ווי אַ מלאך פון הימל. איינמאָל ביינאַכט קומט ער צו מיר צוגיין אין באַראַק און גיט מיר איבער בגנבה אַ גאַנצע „פּייקע" ברויט.

— וואָס פעלט אייך איין? — פרעג איך אים אַ פאַרחידושטער און וויל נישט נעמען.

— נעמט, נעמט, פרעגט נישט.

— אָבער... איר גיט מיר אייער „פּייקע״, וואָס וועט איר אַליין טאָן?

— זאָל אייך נישט אַרן. איר פאַרשטייט? איך אַרבעט צו אַביסל אין בעקעריי...

עס איז מיר אַלץ קלאָר געוואָרן...

דער איידעלער גורעוויטש פלעגט יעדן אָוונט, פּינקטלעך ווי אַ זייגער, קומען צו מיר אין באַראַק מיט אַ „פּייקע״ ברויט פאַר מיר. אַזוי אין משך פון אַ פינף וואָכן! ד״ה אַזוי לאַנג ווי ער האָט געאַרבעט אין בעקעריי. די דאָזיקע „פּייקע״ האָט מיר ממש דאָס חיות דערהאַלטן. איך פלעג דאָס ברויט מיטנעמען אין וואַלד אַריין און בעת אַ „פּריקורקאַ״ פלעג איך זיך דאָס פאַרחלשטע האַרץ דערכאַפּן.

דעם דאָזיקן גוטן מלאך דערמאָן איך תמיד מיט אַ ברכה אויף די ליפּן: געבענטשט זאָל ער זיין ווו ער זאָל זיך נישט געפינען... און אויב ער האָט אין דער טייגע זיין לעבן פאַרלוירן — זאָל זיין געהייליקט זיין זכר! — — —

אגב: איינמאָל, בעת אַזאַ אָוונטיקן באַזוך ביי מיר, איז ער פאַר מיר זייער אָפנהאַרציק געוועזן. ער האָט זיך לאַנג פאַרזעסן ביי מיר אויף דער נאַרע און מיר דערציילט אַביסל „בלימלעך״ פון זיינע „דאָפּראָסן״ ביים אַרעסט.

ער האָט זיך פאַר דער „ג. ק. וו. ד.״ באַלד מודה געווען, אַז אין וואַרשע האָט ער געהערט צו די לינקע „פּועלי־ציון״. ער האָט געטראַכט, אַז טאָמער ווערן „זיי״ אַליין דערפון געוויר, וועט זיין ערגער... פאַר „זיי״ איז עס אָבער נישט גענוג געווען, „זיי״ האָבן דווקא געוואָלט ער זאָל זיך מודה זיין, אַז ער איז אין 1923 אַריבערגעקומען קיין רוסלאַנד ווי אַ פּוילישער שפּיאָן... נישט מער און נישט ווייניקער... היות ווי דערין האָט ער זיך נישט געקאָנט מודה זיין, האָט מען אים אָפּגעהאַלטן לאַנגע מעת־לעתן אין קאַרצער און געמוטשעט אים כסדר מיט שרעקלעכע „דאָפּראָסן״. אויף איינעם אַזאַ „דאָפּראָס״ האָט מען אים געגעבן פון הינטן אַזאַ זעץ אין פּאַטיליצע, אַז ער איז אומגעפאַלן אַ פאַרחלשטער. מען האָט געגאָסן אויף אים וואַסער, אים געבראַכט צום באַוווסטזיין — און ווידער געפּייניקט... גורעוויטש האָט אָבער אויסגעהאַלטן און זיך נישט מודה געווען צום אַבסורד!

נאָך אַ יאָר יסורים אין דער תפיסה האָט ער באַקומען זיינע 10 יאָר לאַגער, אָן רעכט צו שרייבן בריוו, און שמאַכט דאָ ווי אַ פאַרלוירענער

פֿאַר זיין פרוי און קינדער, וועלכע ווייסן נישט וווּהין זיין געביין איז אַהינגעקומען...

דער צווייטער גוטער מלאך אין לאַגער איז פֿאַר מיר געווען פֿריד־מאַן, דער „ראַזדאַוואַטשיק" אין קיך. פֿרידמאַן פֿלעגט אַרויסגעבן די מי־טיקן „ספּעץ־פּיטאַניע", וואָס עס פֿלעגן באַקומען די מענטשן פֿון „סלאַב־קאָמאַנדע" (קאָמאַנדע פֿון שלאַפֿע) לויט אַ פֿאַראָרדענונג פֿון דאָקטער. ווען נאָר פֿרידמאַנען איז געווען באַקוועם, ווען עס זענען נישט געווען דערביי קיין צופֿיל אויגן, פֿלעגט ער מיר אַ ווינק טאָן דורכן קיך־פֿענצ־טערל איך זאָל שנעל צוקומען מיט מיין קעסעלע און ער פֿלעגט מיר אַריינלייגן וויפֿל און וואָס עס האָט זיך נאָר געלאָזט...

פֿרידמאַנען האָב איך געהאַט אַ געלעגנהייט אָפּצודאַנקען: כ'פֿלעג אים שרייבן רוסישע בריוו, ווען ס'איז פֿאַר אונדז אין גיכן געוואָרן מעגלעך.

גורעוויטשן האָב איך אויך, צום גליק, אָפּגעדאַנקט — אויף אַן אַנ־דער אופֿן. אויף אַ מער ממשותדיקן. אָבער וועגן דעם — שפּעטער.

ערגער איז פֿאַר מיר געוואָרן, בעת גורעוויטשעס „גוטע צייטן" זע־נען פֿאַרביי און ער איז אַרויסגעפֿלויגן פֿון בעקעריי. איך האָב עס דער־פֿילט מסתמא נאָך שווערער פֿון אים... ער האָט דאָך ביים „טשאַן" גרינ־גער געאַרבעט. די אַרבעט אין וואַלד האָט דעם הונגער פֿאַרפֿילפֿאַכט...

## 25

# מיר באַקומען אַ „דיעטסקי סראָק"...

איין טאָג — אַ נייע „סענסאַציע". דאָס מאָל גאָרנישט קיין פֿריי־לעכע פֿאַר אונדז, „ביעזשענצעס". מען רופֿט אונדז אַלעמען אין „וווטאָ־ראַיאַ טשאַסטט' " (צווייטע אָפּטיילונג) — אין דער קאַנצעלאַריע פֿון דער „נ. ק. וו. ד.".

די ערשטע, וואָס זענען אַהין געגאַנגען, זענען צוריקגעקומען דער־שלאָגענע מיט דער פֿינצטערער בשורה:

— שוין... מיר האָבן שוין „סראָקן": צו 3 און צו 5 יאָר... ווי־ווער... די „סראָקן" זענען אָנגעקומען פֿון מאָסקווע...

אונדזער עולם האָט עס אויפגענומען מיט אַ שווערער דערדריקט־קייט: הייסט עס, די לעצטע האָפענונג פאַרלוירן...

— גערעכט זענען טאַקע די רוסן, וועלכע „טרייסטן" אונדז אויף שריט און טריט: „וועסט אָנזען דיין וואַרשע ווי דיין לינקן אויער"...

— מ׳האָט אונדז, הייסט עס, „חתונה געמאַכט" הינטער די אויגן... אָן אַ משפּט, אָן אָן אויספאָרשונג... אָן עדות... אָן פאַרטיידיקער...

— לית דין ולית דיין...

אין באַראַק האָט זיך אַ גאַנצן אָוונט געטומלט. די רוסן האָבן אָן אונדז — די „פּריווילעגירטע" — געהאַט אַ שטיקל נקמה... „זאָלז זיי, די „זאַפּאַדניקעס", אויך פאַרזוכן דעם טעם אַזוי ווי מיר"...

— נו, וואָס־זשע זאָגט איר צו דער דאָזיקער חזירײַ? — פרעגט מיך עמיצער אין רעדל פּוילישע.

— אויב דער „סראָק" איז 3 און 5, — זאָג איך אין רעדל, — וועט איר אַלע זען, אַז איך האָב אַ „פּיאַטילעטקאַ"... עס קומט מיר... אויף מיין קאַרטאָטעקע שטייט דאָך אָנגעשריבן מיט גרויסע בוכשטאַבן: „פּיסאַ־טיעל" (שריפטשטעלער).

און אַזוי איז עס טאַקע געווען:

אַז כ׳בין שפּעטער אַריין אין דער „צווייטער אָפּטיילונג", האָט מען פון צווישן גאַנצן שטויס פּאַפּירן אַרויסגענומען מיין קאַרטאָטעקע און מיר פאַרגעלייענט דעם אורטייל:

„אויפן סמך פון אַ רעזאָלוציע פון „אָססאָווע" (אָסאָבאָיע סאָוויע־שטשאַניע — באַזונדערע באַראַטונג) ווערט (דאָ קומט מיין נאָמען) ווי אַ „סאָע" (סאָציאַלנאָ־אָפּאַסני עלעמענט — סאָציאַל שעדלעכער עלע־מענט) פאַרמשפּט צו 5 יאָר „איספּראַוויטיעלני טרוד" (אויסבעסערונגס־אַרבעט)".

— שרייבט זיך אונטער... — רוקט מיר דער באַאַמטער דאָס פּאַפּיר.

— צו וואָס מיין אונטערשריפט?

— אַז איר האָט אויסגעהערט דעם אורטייל.

כ׳בין אַוועק פון דאָרט אַ שווער באַטריבטער: געפּלאַצט אָן אילוזיע... די אילוזיע, אַז מיר זענען אַנדערש... „ביעזשענצעס"... אין קאָפּ האָט עס מיר געקלעכערט: 5 יאָר... ביז סוף 1945... ווער ווייסט, צי כ׳וועל עס קאָנען אויס־האַלטן? אַז יעדער טאָג איז אַ קאָשמאַר! אָן אייביקייט — — — —

אין באַראַק האָט מען זיך ביטער, מיט תליה־הומאָר געוויצלט.

— נו, „שעדלעכער עלעמענט״! וואָס וועט איר איצטער זאָגן? — פרעג איך גיזענבורגן, דעם „אומפאַרבעסערלעכן אָפּטימיסט״, ווי איך האָב אים גערופן.

גיזענבורג האָט אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט, ווי מיט ביטול:

— עט! מען לאַכט פון „זיי״ מיט זייערע „סראָקן״...

— סטייטש? וואָס מיינט איר צו זאָגן? ס'איז אייך נאָך ווייניק?

— כ'האָב אייך נישט וואָס צו זאָגן... אָבער, גלויבט מיר, עס איז נאָך גאָרנישט קיין ראיה... מען לאַכט פון זיי... מיר זענען פאָרט אויס־לענדער...

אַז די רוסן אין באַראַק האָבן דערהערט וועגן אונדזערע „סראָקן״, האָבן זיי „חוזק״ געמאַכט:

— דיעטסקי סראָק... (אַ קינדער־טערמין).

זיי, די רוסן, זענען טאַקע שוין געווינט צו לענגערע: צו 10, צו 15, צו 20 יאָר...

דערפאַר פון איצטער אָן, אַז מען ווייס שוין אונדזער פּאַראַגראַף — „סאָע״, — האָט מען אונדז דערלויבט צו שרייבן בריוו: איין בריוו אַ חודש. „סאָע״ — דאָס איז אַ האַלב־פּאָליטישע, האַלב־„ביטאָוואַיאַ סטאַ־טיא״. דערפאַר אַביסל מילדער ווי צו הונדערט־פּראָצענטיק־פּאָליטישע, וועלכע טאָרן לחלוטין נישט שרייבן קיין בריוו. וועגן דעם זענען מיר טאַקע אויך היינט געוואויר געוואָרן אין דער „צווייטער אָפּטיילונג״.

דעם דאָזיקן אָוונט זענען די פּוילישע — די יידן הייסט עס — גע־זעסן אין רעדלעך לענגער ווי תמיד. דער עולם האָט זיך גאָרנישט גע־קאָנט באַרויקן. די „סראָקן״ האָבן אַלעמען געטראָפן ווי אַ דונער.

אין מיין רעדל איז מען פונדעסטוועגן לסוף אַריבער אין אַ לייכ־טערן טאָן. גיזענבורג און אינזש. פעלדהיי, וועלכע האָבן ליב געהאַט צו זאָגן אַלעמאָל אַ וויץ, האָבן געמאַכט אַביסל הייטערער די קבר־שטימונג.

— מיר טאָרן נישט זינדיקן, — הייבט אָן גיזענבורג זיינע ליצנות, — יאָ „סראָק״ — נישט „סראָק״... מיר האָבן דאָך אין לאַגער אַ זאָרג־לאָז לעבן... נישטאָ קיין זאָרג וועגן קיין שום זאַך... מ'גיט אונדז אומ־זיסטע זעגן, העק און לאָמען צו דער אַרבעט... אומזיסטע קעסט... אַן אומזיסטע דירה... אַן אומזיסטע באָד... אַן אומזיסטע „פאַריקמאַכערסקאַ־יאַ״... מ'דאַרף נישט טראַכטן וועגן פּרנסה... מיר זענען פאַרזאָרגט אויף יאָרן מיט אַרבעט... דאָס זאָרגן שוין די „פיר אותיות״... מיר זענען דאָך

אויף „אַלעם פאַרטיקן“... היינט פרעג איך אייך, רבותי, פאַרוואָס זענען מיר זינדיק? פאַרוואָס לויבן מיר נישט און דאַנקען נישט דעם „סאָוויעטסקי סאָיוז“ און „אים“ אַליין, דעם „באַטיושקאָ“ סטאַלין, פאַר דעם גרויסן חסד, וואָס מ׳טוט מיט אונדזערע פּליטים?... נישט אמת, רבותי?...

— פּראַווילנאָ! — האַלט אונטער אין זעלביקן טאָן אינזש. פעלדהיי.

— ווער, וועלכע רעגירונג וואָלט נאָך אַזוי געזאָרגט פאַר די פּליטים ווי די סאָוויעטישע? מען היט אונדז דאָך אָפּ ווי אַן אויג אין קאָפּ... כדי אונדז אָפּצוהיטן פון רויבער און גזלנים, זיי זאָלן אונדז חס־ושלום נישט באַפאַלן, האָט מען אונדז אַרומגעצוימט מיט שטעכיקן דראָט... אַרומגעשטעלט „סטריעלקי“ מיט אויטאָמאַטן, מיר זאָלן קאָנען ביינאַכט רואיק שלאָפן... ווער וואָלט אונדז נאָך אַרויסגעוויזן אַזאַ זאָרג, אַזאַ ליבשאַפט?... איך פרעג אייך, רבותי! אומדאַנקבאַרע, וואָס מיר זענען...

אַזוי האָבן זיי זיך געפּרוווט וויצלען, די לצים; אָבער קיינעמס געמיט איז דערפון קיין סך נישט לייכטער געוואָרן. מען איז זיך אַוועק לייגן אויף די נאַרעס מיט דער שוואַרצער פאַרצווייפלונג... די היינטיקע „סראָקן“ האָבן די לעצטע האָפענונג אויסגעלאָשן...

## 26

# בריוו צו דער אָפּגעריסענער וועלט...

פון דעם מאָמענט אָן האָט זיך אָנגעהויבן פאַר מיר אַ שטיקל „קאָניונקטור“: שרייבן רוסישע בריוו.

בריוו, וועלכע זענען געשריבן נישט אין רוסיש, בלייבן ליגן אין קאַנצעלאַריע. יעדער בריוו ווערט אין קאַנצעלאַריע רעגיסטרירט אויף איטלעכנס קאָנטע, ווייל נאָר איין מאָל אין חודש קאָן מען דאָך שרייבן.

האָבן זיך אַלע פּוילישע אַ לאָז געטאָן צו מיר. אַלע אָוונט פלעג איך ווערן באַלאַגערט פון „קליענטן“... לכתחילה האָב איך עס געטאָן פון טובה־וועגן. ווי קאָן מען עס עמיצן אָפּזאָגן אָנצושרייבן אַ בריוו צו די נאָענטע? בפרט די ערשטע בריוו, וואָס האָבן געדאַרפט אָנזאָגן דער וועלט וואָס מיט אונדז איז געשען, ווהין מיר זענען פאַרוואָגלט געוואָרן...

אַז דאָס שרייבן איז אָבער געוואָרן אַ „מאַסן־דערשיינונג“, איז עס

מיר געוואָרן פשוט אַ לאַסט: אַנשטאָט צו רוען נאָך דער ,שווערער פּראַ־צע אין וואַלד, פלעגט מיר אויסקומען צו זיצן ביז שפּעט אין דער נאַכט ביי בריוו שרייבן. אַחוץ פאַרן אייגענעם באַראַק פלעגן נאָך קומען צו מיר „קליענטן" פון אַנדערע באַראַקן אויך. און כ׳בין פיזיש נישט געווען ביכולת אַלעמען צו באַפרידיקן. אגב וואָס שפּעטער איך פלעג וואָך זיין, אַלץ לענגער פלעג איך דאָך שפּירן דעם אייביקן הונגער... אַז עס געלינגט ביינאַכט אַנטשלאָפן צו ווערן, דרימלט דאָך אויך דער הונגער איין...

מיינע „קליענטן" האָבן זיך אַליין אַנגעשטויסן אַז זיי טוען מיר אַן עוולה און האָבן מיר פאַרגעלייגט אַ געוויסן שכר פאַר מיין טרחה. ס׳איז ביי זיי געבליבן, אַז איך באַקום פאַר אַ בריוו אַ האַלבע „פּייקע" אָדער אַ רובל מזומנים (פאַר אַ „פּייקע" האָט מען אין לאַגער געצאָלט 3 רובל). איך האָב שווייגעוודיק מסכים געווען. די פּערספּעקטיוו צו פאַרדינען ברויט האָט מיך געלאָקט — הגם דאָס איז געגאַנגען אויפן חשבון פון מיין אַזוי נייטיקער רו. קיין „מוז" מיר צו צאָלן איז אָבער נישט געווען. ווער עס האָט נישט געהאַט מיט וואָס צו באַצאָלן — ברויט אָדער געלט — יענעם האָב איך ווייטער געשריבן בחנם.

די דאָזיקע נייע פּרנסה מיינע האָט ,מיר זינט דאַן אַ סך אַרויסגע־האָלפן. אַחוץ ברויט פלעג איך זיך נאָך קאָנען אויך צוקויפן אַביסל צו־קער, אַ ,שטיקל קנאָבל. קנאָבל איז אין לאַגער געווען אַ יקר המציאות, ווייל מען האָט עס געהאַלטן פאַר אַ גוט מיטל קעגן דער צינגאַ (סקאָר־בוט), וואָס איז אין לאַגער שטאַרק פאַרשפּרייט געווען. פונדעסטוועגן, אַז איך פלעג צו שפּעט זיצן ביים שרייבן די בריוו, פלעג איך צומאָרגנס ביי דער אַרבעט שפּירן אַ גוואַלדיקע דערשעפּונג — הגם בשעת די „פּרי־קורקאָס" האָב איך שוין יאָ געהאַט וואָס איבערצוכאַפּן... ס׳איז געווען ווי אַ פאַרכישופטער קרייז...

אין די אַלע בריוו איז מיר אויסגעקומען צו באַנוצן זיך מיט אַ גע־וויסן „שיפר", כדי צו קאָנען דערציילן ווי אַזוי מיר לעבן דאָ אויף דער קאַטאָרגע.

יעדער „קליענט" מיינער באַזונדער האָט זיך שוין געקליגלט צו געבן זיינע סימנים, כדי מען זאָל האָבן אַן אַנונג וועגן אַלץ.

איינער אַ „קליענט", למשל, דיקטירט מיר און איך שרייב:

„עס איז ,דאָ זייער גוט. מען באַהאַנדלט מיך ווי אַ ברודער, האָב אַ שיינע דירה, אַרבעט ביי מיין פאַך און פאַרדין זייער גוט. עס און טרינק

און לאָז זיך ווילגיין אַזוי ווי איצל קלעזמער. איך טו זיך אָן אויך אַזוי ווי ער. מיין שעף איז זייער אַן איידעלער מענטש. איך בענק נאָר נאָך אייך, מיינע טייערע, און מחמת גרויס נחת בין איך אָפּט מקנא יוסף נחמהס".

דער „קליענט" טייטשט מיר באַלד אויס: איצל קלעזמער איז דער אָרעמסטער ייד אין הויף. שוין אַן אַלטער קראַנקער מאַן, לעבט פון נדבות, שטאַרבט צען מאָל אַ טאָג פון הונגער און גייט אָנגעטאָן קרוע בלויה...

„יוסף נחמהס" איז זיינער אַ פעטער, וועלכער איז שוין לאַנג אויפן עולם האמת און אים איז ער עס מקנא...

פאַרשטייט זיך, אַז מען דערהאַלט אַזאַ בריוו, ווייס מען שוין אַלץ...

באַלד דעם ערשטן טאָג, וואָס מיר האָבן געקריגן די דערלויבעניש, האָב איך גלייך אָנגעשריבן דעם ערשטן בריוו צו מיינע נאָענטע אין גראָדנע: צו מיין מוטער און שוועסטער. אויך איך האָב זיך באַנוצט מיט אַ געוויסן שיפר און אַלעגאָרישער פאָרם.

צווישן אַנדערן האָב איך געשריבן:

„...נאָך מיין אַוועקפאָרן פון גראָדנע, סוף יולי, בין איך זייער אומרואיק מחמת דער קראַנקייט פון בעניאַקאָוון... איך בעט אייך דעריבער, טוט וואָס איר קאָנט, כדי צו ראַטעווען דעם חולה מסוכן. ווענדט זיך תיכף צו דאָקטער אַלמי. זיין אַדרעס קענט איר געפינען אין מיין שופלאָד, זוכט דאָרט גוט. אפשר וועט ד"ר אלמי קאָנען באַווייזן אַ ווונדער און ראַטעווען דעם שווער־קראַנקן בעניאַקאָוו"...

דער טייטש פון דער „אַלעגאָריע":

בעניאַקאָוו — א. בן־יעקב איז מיינער אַן אַלטער פּסעוודאָנים, וועלכן מיין שוועסטער האָט זיכער געדענקט... ד"ר אלמי — איז דער שריפטשטעלער א. אַלמי אין ניו־יאָרק, מיין אַמאָליקער חבר נאָך פון ערשטן וואַרשעווער פּעריאָד... צווישן מיינע איבערגעלאָזטע פּאַפּירן אין שופלאָד איז געלעגן א. אַלמיס אַ בריוו צו מיר, (מיט זיין אַדרעס), וואָס כ'האָב נאָך באַוויזן צו דערהאַלטן אַ פּאָר חדשים פאַר מיין אַרעסט.

שרייבנדיק די דאָזיקע ווערטער אין בריוו, האָט זיך מיר געוואָלט גלייבן, אַז מיין חבר א. אַלמי קאָן אפשר אָרגאַניזירן אַן אינטערווענץ דורך וואַשינגטאָן וועגן מיין גורל — ווי וועגן דעם גורל פון אנדערע יידישע שרייבער פון פוילן, פאַרשיקטע אין די לאַגערן...

ס׳איז קלאָר: בעת עס האַנדלט זיך וועגן אַ חולה מסוכן, באַנוצט מען זיך אַפּילו מיט אַ „זנאַכער״ און מיט „באַבסקע רפואות״ אויך... ואם לא יועיל — לא יזיק...

צוליבן שרייבן די בריוו איז מיין פּאַרקער־פּעדער צופּיל „פּאָפּולער״ געוואָרן אין באַראַק צווישן די „זשוליקעס״... אָפּט פּלעגן זיי זיך שטעלן איבער מיר ביים טיש, קוקן מיט גרויסע אויגן אויף מיין פּעדער און טראַכטן ווי אַזוי „דאָביוועט״ מען זי אַרויס פון מיר...

— פּאַרקויף... וועסט באַקומען וואָליקעס... — לייגט מיר אייגער פּאָר.

— וועסט באַקומען „סאַלאָ״... צוקער... — לייגט פּאָר אַ צווייטער.

און אַ דריטער „זשוליק״ באַוואונדערט סתם די פּעדער:

— וואָט בליאַד׳ פּעראָ... (אָט אַ זונה אַ פּעדער...).

עס האָט שוין געטראָפן, אַז איך האָב שטייענדיק אין דער ריי אין „סטאָלאָווקע״ דערפילט אין טאַש אַ פרעמדע האַנט... דאָס האָבן זיי טאַ־קע, די „זשוליקעס״, געזוכט מיין פּעדער... איך האָב זי אָבער גוט באַ־האַלטן, מיין פּאַרקער־פּעדער. כ׳האָב זי פאַרשטעקט אַזש אין אַ צוגע־מאַכטער בוזים־קעשענע אין דער פופייקע.

אויף מיין פּעדער האָט אויך געוואָרפן אַן אויג דער „דיעסיאַטניק״ (עלטסטער איבער צען בריגאַדעס), בריסקין. אַ ייד פון דניעפּראָפּעט־ראָווסק. איין אָוונט קומט ער אַריין אין באַראַק צו מעלדן עפּעס דעם „דניעוואַלני״. דערזעענדיק ביים טיש, אַז איך שרייב מיט אַזאַ פּעדער, איז ער שטיין געבליבן אַ פאַרגאַפטער נעבן מיר.

— סאַראַ וואונדערלעכע פּעדער! — רופט ער אויס פול מיט התפּעלות. —

און ער בעט איך זאָל אים ווייזן אַ קוק טאָן. ער האַלט זי אין האַנט, באַטאַפּט זי, פּרוווט אַ שרייב טאָן און קאָן זיך נישט אָפּרייסן פון איר.

— פאַרקויפסט זי? — שיסט ער אויך אויס אַ פראַגע.

— אָ, ניין, — ענטפער איך, — דאָס איז אַן אָנדענק... דער איינ־ציקער אָנדענק פון דער היים...

ער האָט געפּרוווט מיך איינרעדן אויף אַלע אופנים, אָנגעבאָטן מיר „סאַלאָ״, צוקער, ברויט, געלט, ווייסע בולאָטשקעס... אָבער כ׳האָב זיך נישט געלאָזט איבעררעדן און דער „דיעסיאַטניק״ איז אַוועק אַן אומצו־פרידענער.

אַ קורצע צייט האָב איך, אַחוץ דעם שרייבן בריוו, געהאַט נאָך אַ נעבן־פּרנסה: לעקציעס פון רוסיש. איך האָב געקריגן צוויי שילער — דעם לאָדזשער אינזש. ראָזענבלאַט, פון די לאַגער־וואַרשטאַטן, און דעם יידישן שוסטער יאַגאָדזשינסקי, פון דער „סאַפּאָזשנאַיאַ" (שוסטער־וואַר־שטאַט), אַ קרענקלעכער בחור, תמיד בלאַס ווי אַ מת, מיט שוואַכע לונגען. ביידע האָבן לעצטנס אויך געוווינט אין מיין באַראַק, כמעט שכנים אויף מיין נאַרע. כ׳האָב ביידן געגעבן צו צוויי שעה אין וואָך. געצאָלט האָבן זיי מיר: דער אינזש. ראָזענבלאַט — 3 רובל, ד"ה דעם באַטרעף פון אַ „פּייקע" פאַר יעדע לעקציע; יאַגאָדזשינסקי — אַ „פּייקע" פון 800 גראַם אין נאַטור. אַזוי פיל פלעגן באַקומען די אַרבעטער אין די וואַרשטאַטן.

דאָס געלט מיינס אין דער בוכהאַלטעריע איז געוואָרן אַלץ וויניקער און כ׳האָב געמוזט אָנקומען צו די פאַרשיידענע פאַרדינסטלעך.

בעת מיינע לעקציעס פלעגט עס קומען צו קאָמישע סצענעס:

אין מיטן דערקלערן אַ פראַזע, אָדער אין מיטן דיקטירן, פלעג איך זיך כאַפּן, אַז מיין שילער דרימלט... דער קאָפּ וויגט זיך אים פון מידקייט און ער פאַרנעמט גאָרנישט וואָס איך רעד... אַזוי פלעגט עס טרעפן מיטן אינזשעניער, אַזוי מיט יאַגאָדזשינסקין: די שווערע פראַצע, נעבעך... מען שפּילט זיך ערגיץ נישט אין לאַגער... אַפילו נישט אין די וואַרשטאַטן, ווו מען אַרבעט אַ 12 שעה אַ טאָג מינימום...

נאָך ערגער פלעגט עס זיין, בעת אויך מיט מיר — מיטן לערער — פלעגט דאָס זעלבע פּאַסירן: איך רעד, רעד אַ פאַרחלשטער... די צונג קוים וואָס זי באַוועגט זיך... און פלוצלונג טוט דער קאָפּ אַ פאַל...

— לאָמיר גיין שלאָפן... — לייגט פאָר דער שילער אין מיטן דער לעקציע...

— יאָ, לאָמיר גיין שלאָפן... — בין איך, דער לערער, מסכים. — נישטאָ קיין כוח... נישטאָ קיין כוח...

# 27

# דער צפונדיקער ווינטער

דער ווינטער האָט זיך שוין שטאַרק געלאָזט פילן. די טייגעס זענען פאַרדעקט געווען מיט ווייסקייט. שניי און פראָסט, פראָסט און שניי. אַזאַ שפע פון שניי. דער שניי איז שוין מער נישט צעגאַנגען. וויפל ער זאָל נישט פאַלן — בלייבט ער ליגן און וואַקסט. אַזעלכע געדיכטע פליטער־לעך פאַלן דאָ, ווי די גרויסע שטערן, און צעגייען נישט. אַזוי וואַקסט דאָ דער שניי אין די טייגעס. ער ווערט גרעבער, העכער, שטייפער. דער פראָסט פאַרגליווערט אים אין אַ דיקער, פעסטער מאַסע.

ס׳איז שוין סוף נאָוועמבער. די פרעסט דערווייל זענען נאָך צום פאַר־טראָגן. נאָר מען „טרייסט" אונדז: „וואַרט, וואַרט, די אמתע פרעסט וועלן ערשט קומען"...

ווייסער ווינטער אין די טייגעס. ווייסער אומעט. דער הימל, אַ גרויער, אַ בלייערנער, איז נידעריקער ווי תמיד. דער רוים איז ווי קלענער געוואָרן. די וועלט איינגעשרומפּענער, ווי אין אַ ווייסן קלעם. אויך די ביי־מער אין טייגע זענען געוואָרן איינגעהילט אין ווייסן. די צווייגן זענען גרעבער געוואָרן, אַרומגענומען מיט אַ ווייסער, דיקער הילע. בלויז די אונ־טערשטע שיכטן צווייגן פון די ביימער היטן נאָך אָפּ זייער גרינקייט, וואָס ווערט אָבער בטל אין דער אַרומיקער ווייסקייט.

נאָך שווערער איז איצט געוואָרן די פּראַצע אין וואַלד. שוין בלויז דאָס גיין צו דער אַרבעט איז אַן אָפּקומעניש. מען טאָפּטשעט אין די טיפע שנייען דורך לאַנגע קילאָמעטערס. מעשה־שטן אַרבעט מען איצט אַ סך ווייטער פון דער „זאָנע". די שנייען מאַכן שנעל מיד. די טריט ווערן באַ־שווערט פונעם שניי און מען פאַרלירט די כוחות קריכנדיק. נישט איין מאָל שטיי איך אָפּ אין וועג. די בריגאַדע דערווייטערט זיך. איך וויל נישט בלייבן אַליין אין וויסטן וואַלד. וואָס וועל איך דאָ טאָן אַליין אין דער ווילדעניש? און וואָס וועט זאָגן דער בריגאַדיר? קריך איך מיט די לעצטע כוחות, אָן אָטעם, טאָפּטשע, ראַנגל זיך — אַבי נישט צו פאַרלירן די בריגאַדע פון אויג.

קומענדיק אויפן אַרבעטס־פּלאַץ, פאַל איך אויפן שניי, כדי צו קו־מען אַביסל צו די כוחות. דער בריגאַדיר טרייבט אונטער: „גענוג גערוט!"...

איך זעג דיביימער — די הענט דינען נישט... איך שטיי אָפּ... פאַל איך ווידער אויפן שניי...

גרילצט די גראָבע, דראָענדיקע שטים פון בריגאַדיר:

— אָטקאַזטשיק?... (זאָגסט זיך אָפּ פון אַרבעט?).

און איך פאַרשטיי שוין דעם טייטש זיינעם: איזאָלאַטאָר... 300 גראַם ברויט... אַ שיטערע זופּקע אַ מעת־לעת...

איך זאָג אים מיט אַ שוואַך קול:

— איר זעט דאָך... כ׳בין אָפּגעשוואַכט... כ׳מוז זיך אַביסל אָפּרוען...

— איך פאַרשטיי זיך אויף אַזאַ שוואַכקייט... האַקסט אַ טשייניק...

— ענטפערט ער קאַלט מיט אַ חוזק־טאָן.

און אין אַ ווײַלע אַרום גיט ער נאָך צו:

— ניטשעוואָ, וועסט זיך צוגעווינען. אויב דו וועסט זיך נישט צו־געווינען — וועסטו פּגרן...

שוין געהערט די „חכמה“ אין לאַגער. אויף יעדן שריט און טריט חזרט מען זי דאָ איבער. ווי לייכט מען וויצלט זיך דאָ איבער מענטשלע־כע לעבנס...

איך ליג און רו נאָך אַביסל. זאָל ער דאָרט וואָרטשען, דער כלב, וויפל ער וויל. מעג ער מיך אַפילו פאַרשרייבן פאַר אַן „אָטקאַזטשיק“...

נאָך אַ האַלבער שעה רוען גיי איך ווידער צו צו דער אַרבעט. אין מיטן ווערט אויך מיין פאַרטנער ביי דער זעג — דער „חבר חיים“ — פאַרשוואַכט און פאַלט אַנידער אויפן שניי. איך זע — ער איז בלאַס ווי אַ געשטאָרבענער.

— נעמט אַביסל שניי אין מויל... — זאָג איך אים.

יענער קייט, קייט דעם שניי, דערכאַפּט זיך. איך ברעך אים אָפּ אַ שטיקל ברויט פון מיין רעזערוו, וואָס איך טראָג מיט אין דער טאַש פון „בושלאַט“ (וואַטענע בורקע).

— אַ דאַנק... אַ דאַנק, חבר... — מורמלט ער קוים.

דער בריגאַדיר קומט צו מיט אַ טענה:

— וואָס עפּעס איצטער, אין מיטן דער אַרבעט, פאַר אַן עסן?

— איר זעט נישט? ער איז שלאַף געוואָרן.

— איר זענט אַ גוטע פּאָר...ביידע סאַבאָטאַזשניקעס... העי, אי־וואַנאָוו!

דאָס האָט דער בריגאַדיר צוגערופן איינעם אַ רוס פון אונדזער ברי־

גאַדע און אים געהייסן אַרבעטן מיט מיר ביי דער זעג. און דעם „חבר חיים" האָט ער אויך געגעבן אַן אַנדער רוס. ער האָט אַזוי אַרום געוואָלט צעשיידן דיביידע „סאַבאָטאַזשניקעס"...

ער האָט אָבער גאָרנישט געוווּנען, דער בריגאַדיר: נישט איך האָב געקאָנט אַרבעטן מיט מיין נייעם פּאַרטנער און נישט „חבר חיים" האָט געקאָנט מיט זיינעם זיך פּאַרמעסטן... איך האָב בשום אופן נישט גע־קאָנט ציִען די זעג מיט אַזאַ אימפּעט, ווי מיין פּאַרטנער, און בין אַלע ווײַלע אָפּגעשטאַנען. דאָס זעלבע דער „חבר חיים"... אַזוי אַרום האָבן — אנשטאָט איין פּאָר — צוויי פּאָר אַרבעטער געאַרבעט שוואַך...

צוריקגייענדיק פון וואַלד, טאַפּטשענדיק אין טיפן שניי, בין איך צו־זאַמען מיט „חבר חיים" היפּש אָפּגעשטאַנען פון הינטן.

דער „חבר חיים" האָט זיך געהאַלטן ביים האַרץ. זיין פּנים איז גע־ווען אויסגעקרימט אין אַ קרענקלעכער גרימאַסע, ווי פון יסורים.

— איך ווייס נישט נאָך וואָס איך וואַרט... — זאָגט ער מיט אַ גע־בראָכענעם קול. — שוין וויפל מאָל באַשלאָסן אַ סוף צו מאַכן... אַ סוף צו אַלץ...

— וואַרפט אַוועק די נאַרישע געדאַנקען... — האָק איך אים איבער.

— מיר מוזן לעבן און אויסדויערן... עס וועט נאָך גוט זיין...

— עט... — טוט ער אַ מאַך מיט דער האַנט, — צו וואָס זיך מו־טשען?...

— מיר מוזן! מיר מוזן וואַרטן... נישט תמיד וועט די וועלט זיין אַזוי פּאַרדאָרבן! עס מוז קומען אונדזער דערלייזונג...

אַזוי האָב איך אַריינגערעדט אין דעם פּאַרצווייפלטן, אין שנייאיקן פּאַרנאַכט, אין דעם עלנט פון דער טייגע. צי האָב איך אַליין געגלויבט אין מיינע ווערטער? איך האָב זיך אַליין נישט אָפּגעגעבן קיין חשבון בעת־מעשה. איך האָב געמוזט אַזוי רעדן, כדי לייכטער צו מאַכן דאָס געמיט פון אַ געפאַלענעם...

— קומט פּאַוואָליע.

כ'האָב אים גענומען אונטערן אָרעם און מיר זענען ביידע אַזוי גע־קראָכן איבער די טיפע שנייען. די בריגאַדע איז שוין געווען ווייט. די טראַנסמיסיע־פּאַסן צווישן די „קאָטשעגאַרקעס" און נאַפּט־טורעמלעך האָבן אומעטיק געקרעכצט. פון אַלע זייטן האָבן געוווּנקען פייערלעך. אומעטום גייט נאָך אָן די אַרבעט. דאָס אַרבעט שוין אַפּנים די נאַכט־שיכט.

— דער סמבטיון רוט גאָר קיינמאָל נישט... — באַמערקט „חבר חיים“. — שטענדיק ראַבאָטאַי! אַרבעט! אַרבעט!

שטאַרק פאַרשפּעטיקטע האָבן מיר זיך דערשלעפּט צו דער „זאָנע“. די בריגאַדע האָט שוין היפּש אויף אונדז געוואַרט מיטן אַריינגיין. דער בריגאַדיר האָט זיך געבייזערט:

— איר זונהשע טייוואַלים! פּוילישע „פּאַנעס“! וואָס זשע מיינט איר, ס׳איז אייך אַ „פּראָגולקאָ“? (שפּאַציר).

פאַרשטייט זיך, אַז דער בריגאַדיר האָט אונדז היינט ביידן פאַרשריבן „שטראָפנאָי פּאַיאָק“... נו, יאָ, מען מוז דאָך אונדז „דערציִען“ און „איבערדערציִען“... מען מוז ווערן אַ לאַגער־מענטש, אַ פאָלנער אַרבעטער, וואָס מאַכט די נאָרמע... „ניטשעוואָ... ווועסט זיך צוגעוווינען... אויב דו וועסט זיך נישט צוגעוווינען — וועסטו פּגרן“... — דאָס איז די לאַגער־מאָראַל...

## 28

## ווי אַזוי איך בין געוואָרן אַ „סטאַכאַנאָוויעץ“

אין דער זעלבער צייט איז אין לאַגער „אויפגעגאַנגען דער שטערן“ פון איינעם אַ יונגן יידישן בחור, שליאַמאָוויטש. טאַקע אַן אונדזעריקער, אַ וואַרשעווער, פון פראַנצישקאַנער גאַס. ער האָט גראָד נושא־חן געווען מיט זיין געשיקטקייט ביי דער לאַגער־„נאַטשאַלסטוואָ“ און געוואָרן אַזש בריגאַדיר! הגם ער איז נישט קיין הונדערט־פּראָצענטיקער „ביטאָוויק“, נאָר אַ „סאָע“ — אַ „סאָציאַל־שעדלעכער עלעמענט“ — ווי מיר אַלע, פּליטים פון פּוילן. אין זיין בריגאַדע אַרבעטן, ווי מען דערציילט, סאַמע סטאַכאַנאָווצעס.

מיט דעם דאָזיקן שליאַמאָוויטש בין איך אַ שטיקל „מחותן“ פון דער היים: ער איז נישט מער און נישט ווייניקער ווי מיין זונס אַ שול־חבר און פּלעגט אָפט אַרויפקומען צו מיין זון.ביידע האָבן פאַר־לעצטן זומער באַקומען מאַטורע אין קרינסקיס גימנאַזיע אויף דער מעד־גאַס, און ביידע צוזאַמען זענען עס געלאָפן פון דייטשישן וואַרשע אין סאָוויעטישן לעמבערג, כדי אָנצוקומען אין אוניווערזיטעט און צו באַקומען אַ „סטיפּענ־

דיע״... אַזוי האָט מען אין וואַרשע גערעדט און זיי האָבן זיך תיכף אָן דעם אָנגעכאַפּט און געלאָפן הענדום־פּענדום... אין לעמבערג האָט זיך פון דער מעשה אויסגעלאָזט אַ בוידעם און מיין זון איז שפּעטער — אָן מיין וויסן און קעגן מיין ווילן — צוריקגעלאָפן קיין וואַרשע. שליאַמאָוויטש איז געבליבן אויף דער סאָוויעטישער זייט און דערגאַנגען מיטן שטראָם יידישע פּליטים אַזש אַהער, קיין קאָמי... ווער איז איצט בעסער?... שווער אין איצטיקן מאָמענט און אין מיינע באַדינגונגען צו ענטפערן אויף דער פראַגע, ווייל איך ווייס דאָך נישט וואָס אין וואַרשע טוט זיך איצט...

דעם לעצטן פרייען זונטיק — אין „וויכאָדנאָי״ — בין איך אויך געווען אין יענעם באַראַק, וווּ שליאַמאָוויטש געפינט זיך. ער איז צו מיר צוגעפאַלן מיט טרערן אין די אויגן — ווי צו אַן אייגענעם טאַטן...

— אַלעקן איז גוט — ער איז צוריק אין וואַרשע... — זאָגט ער מיט קנאה אויפן חשבון פון מיין זון.

— ווער ווייסט, צי ס׳איז אים גוט?... — זאָג איך, — אָט מאַכסטו דאָ אַ „קאַריערע״: געוואָרן אַ בריגאַדיר...

— איך דאַנק „זיי״ פאַר דער דאָזיקער „קאַריערע״... זאָלן „זיי״ מיר בעסער אַהיים לאָזן, קיין וואַרשע...

— ניט געדאגהט, שליאַמאָוויטש, — טרייסט איך אים, אָט סתם אַזוי, אַבי נאָר צו טרייסטן אַ פאַרוואָגלט ייִנגל... — מיר וועלן נאָך זיין אין וואַרשע... וועסט נאָך מיט אַלעקן גיין אין וואַרשעווער אוניווערזי־טעט... וועסט זען...

אַזוי רעדנדיק און טרייסטנדיק מיין זונס חבר, האָב איך דערשפּירט אַ הייסע, בריענדיקע פייכטקייט אין מיינע אויגן... אויך שליאַמאָוויטשעס אויגן זענען בעת־מעשה פאַרלאָפן געוואָרן מיט טרערן...

איך וויל גלייכער איבעררייסן דעם רירנדיקן מאָמענט און גיב אים די האַנט צום געזעגענען זיך.

— שטייט, שטייט אַ ווייל... — כאַפּט ער זיך פּלוצלונג. — אַ סוועט־טער האָט איר? ס׳איז דאָך שוין אַזוי קאַלט...

— ווי קום איך דאָ צו אַ סוועטער?

— איך האָב צוויי... — זאָגט ער. — נאָט אייך איינעם...

און ער שלעפּט אַרויס אַ פּעקעלע „לאַכעס״ פון אונטערן צוקאָפּנס אויף דער נאַרע און נעמט אַרויס פון דאָרט אַ צונויפגעקנאָדערטן באָרדאָ־סוועטער.

— נעמט, כ׳בעט אייך...

כ׳בין געווען איבערראַשט און גערירט פון דעם בחורס האַרציקייט, פון זיין סענטימענט צו מיר.

— אַ יישר כוח פאַר דער מתנה... כ׳וועל עס שרייבן אַלעקן...

— גוט... גוט... שרייבט אים צו אַ גרוס פון מיר...

און ווידער זע איך טרערן אין זיינע אויגן...

כ׳האָב דעם סוועטער גלייך אויף אַן אָרט אָנגעטאָן, כדי די גנבים אין באַראַק זאָלן זיך נישט מקדים זיין...

דאָס איז געווען, ווי געזאָגט, אין לעצטן „וויכאָדנאָי״. איצט, אין די ביטערע טעג אין וואַלד, איז מיר איינגעפאַלן איבערצורעדן מיט שליאַמאָ־וויטשן ער זאָל מיך אַריינגעמען צו זיך אין זיין בריגאַדע. אַזאַ בריגאַדיר איז פאַר מיר ווי אָנגעמאָסטן...

איין אָוונט, צוריקקומענדיק פון וואַלד, בין איך אַוועק צו שליאַמאָ־וויטשן.

איך האָב אים דערציילט וועגן מיינע געברענטע צרות, וואָס איך שטיי אויס אין וואַלד; וועגן מיינע פלאָגענישן און יסורים...

— ראַטעווע מיך פון פּרוטניקאָוון! נעם מיך אַריין אין דיין בריגאַדע...

— בכבוד גדול. אָבער דאָס ווענדט זיך דאָך נישט אָן מיר.

— ווער קאָן עס מאַכן?

— רעדט איבער מיטן „דיעסיאַטניק״... מיט בריסקינען... ער איז אַ ייד און אַ גאַנץ סימפּאַטישער מענטש...

כ׳דערמאָן זיך, אַז דער זעלביקער „דיעסיאַטניק״ האָט געהאַט גע־וואָרפן אַן אויג אויף מיין פאַרקער־פעדער...

— גוט, וועל איך זיך זען מיטן „דיעסיאַטניק״. איך האָב אַ „וועג״ צו אים...

דער „וועג״ איז געווען — טאַקע מיין פאַרקער־פעדער...

נאָך דעם זעלביקן אָוונט קום איך צום „דיעסיאַטניק״ אין זיין באַ־ראַק און רוים אים איין אין דער שטיל, אַז כ׳בין שוין גרייט צו פאַרקויפן מיין פעדער... ווייל איך הונגער... יענער האָט זיך מיט צעשטראַלטע אויגן אָן דעם אָנגעכאַפּט. איך דערלאַנג אים גלייך די פעדער און רעד אַפילו נישט וועגן די באַדינגונגען...

— כ׳וועל אייך נאָך מאָרגן־איבערמאָרגן ברענגען ברויט, „סאַלאָ״, צוקער... — זאָגט ער מיר צו.

— גוט, גוט, אַ דאַנק אייך.

צום סוף, שוין ביים אַוועקגיין, זאָג איך אים ווי אגב־אורחאדיק:

— איך האָב צו אייך אַ שטיקל בקשה...

— אימעננאָ? (דהיינו?).

— כ׳וואָלט געוואָלט איבערגיין אין שליאַמאָוויטשעס בריגאַדע...

— אָבער ווי אַזוי? אין שליאַמאָוויטשעס בריגאַדע אַרבעטן דאָך בלויז סטאַכאַנאָווצעס... סאַמע יונגע חברה־לייט...

— נישקשה... כ׳וועל זיך באַמיען צו אַרבעטן אָן פּאָרוווּרף... אפשר וועל איך אויך ווערן אַ סטאַכאַנאָוויעץ...

דער „דיעסיאַטניק״ האָט אַ שמייכל געטאָן.

— איבעריקנס... — גיב איך צו. — כ׳וועל אייך זאָגן דעם אמת..., איר זענט דאָך אויך אַ ייד... כ׳וויל נישט אַרבעטן ביי דעם אַנטיסעמיט, ביי פּרוטניקאָוון... כ׳וויל בעסער אַרבעטן ביי אַ יידישן בריגאַדיר...

— גוט, כ׳וועל פרעגן שליאַמאָוויטשן. אויב ער וויל אייך אַריינ־נעמען אין זיין בריגאַדע, איז פּאַזשאַלויסטאַ!

— אַ האַרציקן דאַנק אייך, טאָוואַרישטש דיעסיאַטניק!

אין שליאַמאָוויטשעס בריגאַדע האָב איך טאַקע געהאַט אַ בעסערע מערכה. דאָס בעסטע איז קודם־כל דאָס, וואָס איך בין פּטור געוואָרן פון דעם רשע־בריגאַדיר. צוליב דעם אַליין איז מיר שוין לייכטער געוואָרן אויפן געמיט. אגב האָב איך ביי שליאַמאָוויטשן אַלע טאָג באַקומען 900 גראַם ברויט, „צווייטן קעסל״ און טאַקע מיט דער „פּרעמבליודאָ״... — ווי אַלע סטאַכאַנאָווצעס פון דער בריגאַדע...

איך האָב אַפילו געמאַכט די נאָרמע אויך...

און געמאַכט די נאָרמע האָב איך אַ דאַנק שליאַמאָוויטשעס אַ „טריק״. דהיינו:

די דאָזיקע בריגאַדע האָט געמאַכט אין וואַלד „פּראָסיעקאָס״. מ׳האָט אויסגעהאַקט לאַנגע, לאַנגע אַלייען, וועלכע האָבן געדאַרפט פירן צו אָן אָפּגערייניקטן פּלאַץ ערגעץ אין וואַלד. אויף יענעם פּלאַץ האָט מען שוין געבויט אַ „בורעוואַיאַ״. די נאָרמע פאַר אַ מענטש איז געווען: אויס־האַקן די ביימער און אָפּרייניקן אַ שטיק „פּראָסיעקאָ״ — 4 מעטער די

ברייט און 20 מעטער די לענג. אַרבעט אַ שלל פאַר איין מענטש אין משך פון איין טאָג. דער בריגאַדיר האָט איטלעכן איינגעטיילט זיין חלק, זיין פּלאַץ. פאַר מיר פלעגט שליאַמאָוויטש אויסקלייבן אין וואַלד דאָס שיטערסטע אָרט, וווּ עס זענען געשטאַנען געציילטע ביימער, אָדער ביימלעך גאָר יונגע, לייכטע צום אויסהאַקן — אַזוי אַז אין משך פון אַ פּאָר שעה פלעג איך פאַרטיק ווערן מיט מיין אַרבעט... איך פלעג זיך אָפּשפּילן מיט דער האַק און זעלטן דאַרפן אָנקומען צו דער זעג און צו אַ פאַרטנער צום זעגן. אַז צייט האָב איך געהאַט גענוג, נאָך איבערגענוג... מיין נאָרמע — די 20 מעטער פון דער „פּראָסיעקאַ" — האָב איך געמאַכט נאָך פריער פאַר אַלעמען... עס איז מיר נאָך געבליבן אַ היפּש ביסל צייט צו רוען, צו רויכערן און צו קלייבן די בלויע יאַגדעס, וואָס האָבן אַרויסגעסטאַרטשעט אויף זייערע שטענגלעך אויבן איבערן שניי־פלאַך. די דאָזיקע יאַגדעס זענען פון אַ באַזונדערן מין, נישט ווי אין אונדזערע מקומות, וווּ זיי וואַקסן נידעריק, אויפן מאָכיקן באָדן. אַביסל דורכגעפרוירן און פאַרשטייפטע פון פראָסט, האָבן די דאָזיקע יאַגדעס אַ באַזונדערן טעם און רייץ. איבעריקנס, אפשר האָט זיך מיר עס נאָר אַזוי אויסגעדוכט: שוין חדשים לאַנג דאָך נישט טועם געווען קיין שום פּרוכט...

אַמאָל פלעגט מיר שליאַמאָוויטש מכבד זיין מיט אַן אַנדער גרינגער אַרבעט: אָפּרייניקן די „פּראָסיעקאַ" פון די אָנגעוואָרפענע צווייגן, צונויפנעמען זיי אין אַ גרויסן סטאָס און פאַרברענען. דאָס פלעגט ער טאָן דעמאָלט, בעת אין וואַלד איז גראָד נישט געווען קיין שיטערער פּלאַץ פאַר מיר... די דאָזיקע אַרבעט פון אַ „קאָטשעגאַר" (הייצער) אין וואַלד איז געווען אַ גאַנץ אַנגענעמע: קודם־כל איז וואַרעם, מען שפּירט נישט דעם פראָסט. כ'האָב זיך געשפּילט מיט די ריזיקע פלאַמען, געטריקנט ביי דער היץ די תמיד פייכטלעכע מלבושים, אַדורכגעווייקטע פון שניי. כ'האָב מיט אַ גרויסן דראָנג אויפגעשאַרט און געמישט די ברענענדיקע צווייגן און שטאַמען, צוגעוואָרפן פרישע, כדי דאָס פייער זאָל זיך נאָך נישט ענדיקן: אַ חיות צו דערוואַרעמען דאָס זייער מאָגער־געוואָרענע „פּעקל ביינער"!...

אין שליאַמאָוויטשעס בריגאַדע האָבן זיך אגב מיינע אויערן אָפּגערוט אַביסל פון די גראָבע רייד און „איידעלע" באַמערקונגען, וואָס כ'פלעג כסדר הערן פון פּרוטניקאָוון. אמת, שליאַמאָוויטש האָט זיך אויך גיך אויסגעלערנט דעם „שניט" און פלעגט אַ זאָג טאָן ווען עמען און ווען מען

האָט געדאַרפט דעם רוסישן „פּסוק״ מיטן עכטן „עפעקט״... אָן דעם וואָלט ער דאָך ביי זיינע סטאַכאַנאָווצעס אויסגעזען ווי אַ ישיבה־בחור, נישט ווי אַ בריגאַדיר... אָבער צו מיר האָט זיך שליאַמאָוויטש שטענדיק באַצויגן מיטן גרעסטן רעספּעקט. און רעדנדיק מיט מיר, איז ער געווען אָפּגעהיט מיט אַ וואָרט, כדי מיך נישט צו שאָקירן... ער פלעגט אָפט צוקומען צו מיר אין מיטן דער אַרבעט און מיר הייסן רוען אַביסל... — „פּריקורקאַ!״ — פלעגט ער אַ זאָג טאָן... מיר פלעגן זיך ביידע צוזעצן, פאַררויכערן, רעדן און דערמאָנען... דערמאָנען וואַרשע... וואַרשע...

— וואָס זשע זאָגט איר? כ׳וועל נאָך אַמאָל אַרויפקומען צו אייך אויף שוויענטאָ־יערסקע?... צו אַלעקן?... — טוט ער געריררט אַ פרעג.

— אומבאַדינגט! — פאַרזיכער איך אים, אַליין נישט וויסנדיק פון וואַנען מיין זיכערקייט... — אומבאַדינגט וועסטו אַרויפקומען צו אַלעקן... און דעמאָלט וועלן מיר פּראַווען אַזאַ יום־טוב! — — —

ביי דעם וואָרט „יום־טוב״ האָב איך געשפּירט ווי אין האַלדז הייבט מיר אָן צו ווערגן — — —

## 29

## ווידער צעשפּילט זיך דער גיהנום

צום אומגליק איז מיר נישט באַשערט געווען לאַנג צו בלייבן אין שליאַמאָוויטשעס בריגאַדע. אַ צוויי וואָכן סך־הכל. די דאָזיקע בריגאַדע איז געוואָרן רעאָרגאַניזירט, געענדערט אין איר צוזאַמענשטעל און כאַראַקטער, איז אַריבער צו אַן אַנדער אַרבעטס־„קאָלאָנאַ״ — און כ׳בין פון איר אַרויסגעפלויגן.

דאָן בין איך אַריינגעפאַלן אין לאַזאַראָווס בריגאַדע.

מיין דריטער בריגאַדיר — לאַזאַראָוו — איז געווען נאָך אַ פּיל, פּיל ערגערער פון ערשטן — פון פּרוטניקאָוון. דאָס איז געווען אַ טיפּ פון אַ קרימינעלן פאַרברעכער. כ׳בין זיכער געווען, אַז אין לאַגער איז ער אַריינגעפאַלן פאַר מאָרד. דערצו איז לאַזאַראָוו געווען אַן אָפענער, פאַר־ביסענער אַנטיסעמיט. אַ יידן האָט ער נישט געקאָנט קוקן גלייך אין די אויגן. כ׳האָב עס באַלד דערפילט פון ערשטן טאָג אָן. דאָס וואָרט „יעוו־

רעי״ פלעגט ער אַרויסרעדן מיט אַזאַ פאַראַכטונג, מיט אַזאַ שנאה, אַז ס׳איז אים שוין נישט נייטיק געווען צו באַנוצן זיך מיט — „זשידו!״... „זשידאָווסקאַיאַ מאָרדאַ״!... — וואָס דאָס איז אין סאָוויעט־רוסלאַנד כלומרשט פאַרבאָטן.

עס איז שוין געווען אין דעצעמבער. דער צפונדיקער דעצעמבער צע־הוליעט זיך שוין מיט שאַרפע פרעסט און זאַווייען.

אין אַ פראָסטיקן, קאַלטן באַגינען קומען מיר אָן ערגעץ אין דער וואַלד־טיפעניש נעבן אַ „קאָטשעגאַרקע״. ס׳איז נאָך רעכט נישט ליכטיק. די טעג זענען איצט קורצע און געניג שפּעט הייבט ערשט אָן גרויער צו ווערן. אָבער די בריגאַדע טרייבט מען שוין אין וואַלד זייגער זעקס, אין סאַמע חושך.

מיר דאַרפן היינט מאַכן „קאַלושקי״ (דרענגלעך) צו עפּעס אַ פאַר־צוימונג. אָבער די פינגער זענען פאַרגליווערט פון קעלט און איך קאָן פּשוט נישט האַלטן די האַק אין דער האַנט. די פראָסטיקע קעלט נעמט מיך דורך די ביינער. איך טאַנץ און שפּרינג אויף אָן אָרט און קאָן צו זיך נישט קומען פון קעלט. איך פיל, אַז איך ווער באַלד פאַרגליווערט...

— העי, קאָלושקי! קאָלושקי! פאַביסטרעי! — טרייבט מיך לאַזאַראָוו.

איך פרוּוו אויסהאַקן איין ביימל, אַ צווייטן: פון די ביימלעך האָט מען עס געדאַרפט מאַכן די „קאָלושקי״. אָבער איך דערשפיר אַזאַ שטע־כעניש אין די פינגער, ווי פון נאָדלען, אַז איך מוז אַראָפּוואַרפן די האַק און נעם רייבן איין האַנט אָן דער אַנדערער. די באַוועגונגען מיט דער האַק האָבן גאָרנישט געהאָלפן. דאָס רייבן די הענט העלפט אויך נישט — כ׳קאָן זיי בשום־אופן נישט דערוואַרעמען. איך שפיר, אַז איך פאַרליר די הענט, אַז איך קום אינגאַנצן אום פון דער פראָסטיקער קעלט...

איך גנבע זיך אָפּ פון לאַזאַראָווס בליקן און כאַפּ זיך אַריין אַנוואַ־רעמען אַ ווייל אין דער „קאָטשעגאַרקע״. כ׳פאַל צו צום הייסן קעסל. איך דערכאַפּ זיך מיט דער היץ, וואָס עס שלאָגט פון אים. עס קומען באַלד אַריין נאָך עטלעכע דערפרוירענע פון דער בריגאַדע. מיר טוליען זיך אַלע צום קעסל און אָטעמען אַריין די וואַרעמקייט.

— וואָס איז, חברה? איר זענט דערפרוירן געוואָרן? — פרעגט דער „קאָטשעגאַר״.

— אַ גיהנומשע קעלט! אין דער זונהשער מאַמען אַריין... — רופט זיך אָפּ אַ רוס פון מיין בריגאַדע.

— דאָס איז אויך מיר אַ פּראָסט! עס וועט נאָך זײַן ערגער... — לאַכט דער „קאַטשעגאַר".

פּלוצלונג לויפט אַרײַן לאַזאַראָוו אין דער „קאַטשעגאַרקע", ווי אַן אָפּגעריסענער הונט פון דער קייט, מיט אַ ירגזון:

— מאַרש פון דאַנען!!!

און ער נעמט זיך נאָך בייזערן אויפן „קאַטשעגאַר" הלמאי ער לאָזט אונדז דאָ שטיין:

— טרייב זיי ווי די הינט!

ער טרייבט אונדז אויף אַ ברוטאַלן אופן, שטויסט אונדז יעדערן איי־נעם פון הינטן מיט זײַנע גראָבע ידים:

— שנעלער!

— אָן הענט!!! — בלייב איך שטיין און פּראָטעסטיר.

— שנעלער, בליאַד'!

איך פּרוּוו ווידער אַרבעטן מיט דער האַק. לאַזאַראָוו קומט צו אַלע ווײַלע מיט זײַן געבייזער:

— קאָלושקי! קאָלושקי! דאַוואַי! דאַוואַי!

איך אַרבעט מיט הפסקות. ווי נאָר איך דערשפּיר די נאָדלען אין די פינגער, רײַס איך אויף אַ ווײַל איבער, רייב די הענט און טאַנץ אונטער, כדי נישט צו ווערן אַ פאַרגליווערטער. איך ווייס נישט וויפל גראַד פראָסט עס איז היינט. אפשר נאָך נישט אַזוי פיל; אָבער עס איז היינט ווינטלדיק און דאָס מאַכט גליווערן דאָס בלוט אין די אָדערן. אַ נס איז געווען וואָס מיר האָבן געהאַט נעבן זיך די „קאַטשעגאַרקע" און קעגן לאַזאַראָווס ליאַרעמען האָב איך עטלעכע מאָל זיך אַרײַנגעכאַפּט אַהין. דער „קאַטשע־גאַר" איז גראָד געווען אַ גוטמוטיקער רוס און האָט מיר נישט געשטערט. אדרבה, ער האָט מיר נאָך איבערגעלאָזט אַ פּאָר „צי" פון זײַן אויפגע־דרייטן פּאַפּיראָס.

---

אַזוי האָט זיך געצויגן מײַן גיהנום אין לאַזאַראָווס בריגאַדע. יעדער טאָג איז געווען פאַר מיר אַן אמתע עקזעקוציע. עס וואַקסט די קעלט. עס וואַקסט די מאַטערניש, די פּײַן און פאַרביטערונג... דאָס האַרץ האָט שיער נישט געפּלאַצט פון לאַזאַראָווס כאַמישער באַהאַנדלונג: זײַן טרייבן, זײַן יאָגן, זײַן שטויסן אין פּלייצע: „ביסטרעי! דאַוואַי!" איך האָב געקוקט

אויף לאַזאַראָוון ווי אויף אַן אמתן מלאך־המוות. איך האָב געפּילט בחוש, אַז לאַנג ביי אים אָנציען וועל איך נישט קאָנען...

ביי לאַזאַראָוון פלעג נישט נאָר איך אַליין — אויך טייל רוסן פלעגן אָפט באַקומען „שטראַפנאַי פּאַיאָק"... ווען נישט מיינע פאַרדינסטן פון שרייבן בריוו, וואָלט איך זייער גיך אויסגעגאַנגען פון הונגער... די בריוו — הגם זיי האָבן מיך אויסגעשעפּט — האָבן מיר אָבער נישט געלאָזט אומקומען... איך האָב שטענדיק געהאַט מיט זיך אין וואַלד אַ שטיקל ברויט, אַביסעלע זאַמד־צוקער, וואָס עס פלעגט מיך ראַטעווען אין רגעס פון חלשות.

אַלע פּוילישע אין באַראַק ליידן שוין אויך, אַזוי ווי די רוסן, פון אָפּגעשוואַכטע פּענכערס און מען מוז לויפן אפשר צען מאָל אַ נאַכט... די וויטאַמינלאָזע עסנס האָבן שוין זייער ווירקונג אויך אויף אונדז. עס איז אַן אמתע קללה: באַוווייזסט נישט אַנדרימלט צו ווערן — און דאַרפסט שוין ווידער לויפן אין קאַלטן, פּראָסטיקן דרויסן! אַזוי כסדר. אַזוי יעדע נאַכט! פון וואַנען זשע קאָן מען שוין האָבן כוחות צו אַזאַ האַרעוואַניע? צו אַזאַ פּלאָגעניש?

אַחוץ די אָפּגעשוואַכטע פּענכערס האָבן זיך שוין אויך געוויזן צווישן אונדז קראַנקע אויף צינגאַ. מענטשן זענען פשוט געשוואָלן געוואָרן פון הונגער...

איך גיי יעדן טאָג צו דער אַרבעט און טראַכט: ווי לאַנג נאָך? ווי לאַנג וועל איך נאָך קאָנען אויסהאַלטן?...

איין טאָג אַרבעטן מיר ביי אַ „קאַריער". אַ פעלדזיקער באַרג ביי אַ טראַקט. מען מוז דעם באַרג „פּלאַנירן", אויסגלייכן זיינע שפּיצן. קיינער פון אונדז ווייס נישט דעם צוועק פון דער אַרבעט: צו וואָס די קאַטאָרגע? צו וואָס אויסגלייכן דעם באַרג? ווער דאַרף עס און צו וואָס? צי איז עס נישט אַמאָל גלאַט אַזוי געאַרבעט, אַבי אונדז נאָר צו פּייניקן בעבודה קשה?...

אונדזער בריגאַדע איז אויסגעשטעלט אין אַ לאַנגער שורה, יעדער איינער איבער זיינע פּאָר מעטער. מען האַקט מיט קירקעס, מיט העק און מיט לאָמען.

לאַזאַראָוו דרייט זיך הין און צוריק, לענגאויס דער שורה מענטשן, רויכערט אַ פּאַפּיראָס און „בוקעט" כסדר:

— דאַוואַי! דאַוואַי! דער גאַנצער שפּיץ באַרג מוז היינט אָפּגערייניקט ווערן!

עס זעצן די לאָמען, די קירקעס:

— הוק־האַק! הוק־האַק! הוק־האַק!

— העי, רעביאַטאַ, ווער עס וועט מאַכן די נאָרמע, יענער באַקומט 900 גראַם מיט אַ „פּרעמבליוּדאַ״! דאַוואַי! דאַוואַי!

אַזוי גייט ער אום און זאָגט צו די „גליקן״...

— הוק־האַק! הוק־האַק! הוק־האַק!

גראָד איז היינט אַ לינדערער טאָג. מען קאָן שוין איינשטיין אויף אַן אָרט. אָבער כוחות? כוחות וווּ נעמט מען? דער באַרג איז פעלדזיק, האַרט. ווי בייסט מען אים איין?

נעבן מיר, בשכנות אין דער שורה, אַרבעט שלאַכטערמאַן, אַ ייִד פון וואַרשע. נאָך אַ מענטש אין די מיטעלע יאָרן. שלאַכטערמאַן האָט געאַרבעט מיט מיר אויך אין שליאַמאָוויטשעס בריגאַדע און איז פאַררעכנט פאַר אַ סטאַכאַנאָוויעץ. איך זע, ער האַקט, האַקט מיט התמדה. די קירקע הייבט זיך ביי אים כסדר אַרויף־אַראָפּ, אַרויף־אַראָפּ, מיט אימפּעט, מיט ברען. זיין אַרבעט זעט זיך אָן. זיינע פּאָר מעטער „קאַריער״ זענען שוין היפּש אויסגעביסן. איך פאַרגלייך מיינע פּאָר מעטער מיט זיינע. ביי מיר איז עס קוים קוים קענטיק. בלויז עטוואָס אויסגעצופּט. אַז דער באָדן איז האַרט ווי שטאָל און די כוחות — אַזוי שוואַך...

פּלוצלונג לאָזט שלאַכטערמאַן אַראָפּ די קירקע און לענט זיך אָן אָן אַרויסגעשאָטענעם זאַמד. ער שטייט אָפּ...

— כ'קאָן נישט מער... — טוט ער אַ מורמל.

כ'זע, ער איז בלאַס געוואָרן, ווי דער שניי אַרום...

— וואָס איז אייך, שלאַכטערמאַן?

— עפּעס אַ שוואַכקייט מיך באַפאַלן... גאָרנישט... ס'וועט באַלד איבערגיין...

— וואָס האַקט איר אַזוי מיט די גאַנצע כוחות?... — זאָג איך אים.

— פאַר וועמען? פאַר וועלכן טייוול?... נאַרישער ייִד וואָס איר זענט...

עס וואַקסט אויס לאַזאַראָוו מיט זיין גרילצנדיקן קול:

— דאַוואַי! דאַוואַי! וואָס האָסטו זיך אַנידערגעזעצט?

— ער איז קראַנק געוואָרן... — זאָג איך אים.

— וואָס פאַר אַ קראַנק ווערן! אויך דו מאַכסט זיך? דאַוואַי! דאַוואַי!

— איר זעט דאָך ווי ער זעט אויס! ער איז קראַנק! — מיש איך זיך ווידער אַריין.

— ס'איז מיר שוין בעסער אַביסל... — זאָגט שלאַכטערמאַן און נעמט זיך ווידער צו דער קירקע.

דער בריגאַדיר שטייט נאָך איבער אונדז און „דרשנט" ווייטער:

— אין אייער פֿאַלשאַ האָט מען אייך אויסגעלערנט אַזוי צו אַר־בעטן? . . .

— אויב אייך געפֿעלט נישט ווי מיר אַרבעטן, קאָנט איר אונדז אָפּ־זאָגן פֿון פּאָסטן... — ענטפֿער איך.

— אַלע זענט איר פֿוילאַקעס! — טוט ער אַ זאָג און רוקט זיך אַוועק ווייטער פֿון אונדז אין דער שורה.

שלאַכטערמאַן פּרוּווט האַקן מיט דער קירקע איין מאָל, צוויי מאָל — די קירקע פֿאַלט אים אַראָפּ. ער פֿאַרמעסט זיך נאָכאַמאָל — עס גייט נישט...

— ייִד, וואַרפֿט אַוועק די קירקע! — באַפֿעל איך אים.

— כ'בין קראַנק... — רעדט ער קוים אַרויס. ער שפּאַרט זיך ווידער אָן אָן דערבייאיקן בערגל אַרויסגעשאָטענעם זאַמד. ער בלייבט שוין אַזוי ליגן אַ האַלב־פֿאַרחלשטער ביזן סוף פֿון דער אַרבעט. לאַזאַראָוו קומט ווי־דער צו, קוקט אָן שלאַכטערמאַנס בלייך פּנים און רעדט שוין גאָרנישט...

איך אַרבעט פֿאַמעלעך ווייטער. קיין שווערע קלעפּ מיט דער קירקע קאָן איך נישט געבן. אַפֿילו די קירקע אַליין איז פֿאַר מיר אַ משא — אַזוי אָפּגעשוואַכט בין איך. לאַזאַראָוו וואַרפֿט אַלעמאָל אַ בליק צו מיינע צוויי מעטער פֿעלדז און וואָרטשעט, און זידלט. איך וויל אַפֿילו נישט הערן וואָס ער גרילצט דאָרט, דער מנוול!

פּלוצלונג דערהער איך אַ גלעקל אונטן אויפֿן טראַקט. עס פֿאָרט פֿאַרביי אַ שליטעלע. אינעם שליטעלע זיצט אַ פֿערל. אַ מאַן איינגעטוליעט אין אַ שאָפֿענעם פּעלץ און אַ יונגע פֿרוי אין אַ גראַנאַט־מאַנטל מיט אַ פֿוטערנעם קאָלנער און אַ פֿוטערנעם היטעלע אויפֿן קאָפּ. איר פּנים בליט פֿון פֿראָסט.

דער מאַן ציט די לייצעס און יאָגט דאָס פֿערדל:

— וויאָ, וויאָ!

דאָס שליטל מיטן פֿערל שוועבט דורך פֿאַר מיינע אויגן ווי אַ גרוס פֿון לעבן... פֿאַראַן נאָך, הייסט עס, מענטשן, וואָס קאָנען זיך באַוועגן פֿריי,

ווען זיי ווילן, ווהין זיי ווילן... די יונגע פרוי מיט די צעבליטע בעקלעך האָט אַזוי חנוודיק און צוגעלאָזן געשמייכלט צום מאַן... פאַראַן, הייסט עס, נאָך פרייד אויף דער וועלט?...

— דאַוואַי, דאַוואַי! — גרילצט שוין ווידער איבער מיר לאַזאַראָוו און לאָזט נישט אַ רגע אַרומצוקוקן זיך, אַ טראַכט צו טאָן.

שלאַכטערמאַנען האָט מען נאָך דער אַרבעט געמוזט פירן אונטער די אָרעמס — אַזוי אָפּגעשוואַכט איז ער געוואָרן. און געפירט האָט מען אים שוין נישט אין באַראַק, נאָר אין „סטאַציאָנאַר". עפּעס איז געשען מיט זיין האַרץ, וואָס האָט זיך איינגעבראָכן אונטער זיינע קלעפּ מיט דער קירקע איבערן פעלדזיקן „קאַריער"... איז דאָך אַ מענטשלעך האַרץ נישט שטאַרקער פון אַ פעלדז...

בלויז עטלעכע טעג איז שלאַכטערמאַן אָפּגעלעגן אין „סטאַציאָנאַר". דעם פערטן טאָג האָט דער „זאַוּוכאָז" פון „סטאַציאָנאַר" אָפּגעפירט זיין טויטן קערפּער אין דעם שפּיטאָל־שליטן, ערגעץ אויפן לאַגער־בית־עולם און אים באַגראָבן אונטער אַ פאַרשנייטער יאָלקע.

## 30
## דער טויט שניידט מיט זיין קאָסע...

שלאַכטערמאַנס טויט איז געווען אַן אָנהייב צווישן אונדזערע פּליטים.

די לאַגער־קראַנקייטן האָבן אַרויסגעריסן פון די בריגאַדעס איינעם נאָכן אַנדערן. מענטשן זענען געפאַלן דער עיקר פון בויך־טיפוס, בייזווי־ליקער דעזינטעריע און צינגאַ.

אינעם כסדרדיקן הונגער האָט מען געגריזשעט די הערינג, אין בעסטן פאַל די שאַרף־געזאַלצענע טרעסקאַ, געגאָסן נאָכדעם אין זיך אַריין אַ סך וואַסער און באַקומען געשוואָלענע אברים. פון דער צינגאַ האָט מען פאַרלוירן די געזונטע ציין. די דזשאָנסלעס ווערן אָפּגעשוואַכט און די ציין נעמען זיך שאָקלען און פאַלן אַרויס. אַ סך האָבן אָנגעהויבן ליידן אויף הינער־בלינדקייט. די אָנשטעקנדיקע קראַנקע אויף די נאַרעס האָבן פאַר־שפּרייט די עפּידעמיעס ווייטער און ווייטער...

דער „סטאַציאָנאַר" איז געוואָרן איבערגעפולט. מ'האָט געמוזט אויסליידיקן אַ פּאָר באַראַקן, ווו צו קאָנען לייגן די חולאים...

און אַ גרויסן פּראָצענט קראַנקע האָבן געגעבן אונדזערע פּוילישע.

עס האָט געהאַט אַ סך אַרבעט דער מעדיקער־פּערסאָנאַל און עס האָט אויך געהאַט אַ סך אַרבעט דער „סטאַציאָנאַר"־„זאַוואָכאָז", וועלכער איז אַלע טאָג געפאָרן מיטן שליטן צום לאַגער־בית־עולם...

טייל קראַנקע האָט מען איבערגעשיקט קיין וועטלאַסיאַן — אַ לאַגער, ווו מען האַלט אַרעסטאַנטן פון דריטער קאַטעגאָריע, ד"ה אינוואַלידן, וואָס קאָנען לחלוטין אָדער אַ לאַנגע צייט נישט אַרבעטן.

אגב אורחא: איינער אַ קראָקעווער ייִד, ועמען מען האָט געהאַט אַוועקגעשיקט קיין וועטלאַסיאַן, האָט זיך פון דאָרט אין עטלעכע וואָכן אַרום צוריק אומגעקערט און געבראַכט מיר אַ בריוועלע פון מיין „מאָמענט"־קאָלעגע — פון לענעמאַנען. אים האָט עס „אָפּגעגליקט" צו ווערן אָנערקענט דורכן דאָקטער אין אוסטווים אַלס אינוואַליד. אין בריוועלע שרייבט מיר לענעמאַן אַ פּאָר טרייסט־ווערטער:

„חזק! האַלט זיך! עס וועט קומען אונדזער ישועה. מיר זענען אויסלענדער, „ביעזשענצעס". די וועלט וועט אָן אונדז נישט פאַרגעסן"...

אויך לענעמאַן האָט געהערט צו די „אומפאַרבעסערלעכע אָפּטימיסטן"... אַפילו איצט, ווען מען האָט אונדז שוין „מזכה" געווען מיט „סראַקן", גלייבט ער נאָך אַלץ אין אונדזער ישועה... הלוואי זאָל ער זיין דער אמתער נביא...

אָבער דערווייל?... דערווייל געוועלטיקט דער גיהנום... די ענויים־קשים... די עפּידעמישע קראַנקייטן... דערווייל שניידט דער טויט ווי מיט אַ קאָסע...

אין בעסטן פאַל, איידער עס וועט קומען די ישועה...

מען טיילט אין די באַראַקן איטלעכן טאַבלעטן קעגן צינגאַ. אין דער „סטאָלאָוואָקע" שטייט אַ פאַס מיט אַזאַ מין געטראַנק, געמאַכט פון די סאָסנע־נאָדלען — אויך אַ מין סגולה קעגן דער צינגאַ. אָבער די ווירקונג דערפון זעט מען נישט. אַנשטאָט דער נייטיקער גוטער דערנערונג; אַנשטאָט אַביסל פעטס, גרינסן, פרוכט, וואָס פאַרמאָגן דעם נייטיקן וויטאַמין „צע" — גיט מען אונדז טאַבלעטן און קאַלירט וואַסער... אין דער פאַליאַר־געגנט פאָדערט דער מענטשלעכער אָרגאַניזם אַן עקסטראַ דערנערונג מיט אַ סך וויטאַמינען, אַ סך מער ווי נאָרמאַל, אין אַ מעסיקן

קלימאַט — און דאָ... דאָ פאַרגרעסערט מען נישט די „נאָרמע״ פון עסן, נאָר די „נאָרמעס״ פון אַרבעט אין וואַלד, ציביים „קאַריער״...

איז קיין וווּנדער נישט, וואָס די צאָל קראַנקע אין „סטאַציאָנאַר״ איז אַלץ געוואַקסן; וואָס דער טויט האָט געשניטן מיט זיין קאָסע...

פאַר דער לעצטער צייט האָט מען שוין אַוועקגעפירט אויפן לאַגער־בית־עולם דעם קראָקעווער ב ו י ם — אַ יונג ווי אַ דעמב. ער האָט גע־אַרבעט אין דער בריגאַדע „גרוזטשיקעס״ (טרעגער); אויך דעם „חבר חיים״ איז באַשערט געווען דאָס זעלבע... נאָך איידער ער האָט באַוויזן אויסצופירן זיין באַשלוס וועגן באַגיין זעלבסטמאָרד, האָט זיך דער טויט אַליין אויף אים מרחם געווען. איך ווייס נישט, וואָס עס האָט געטראַכט פאַרן טויט דער אַנטוישטער קאָמוניסט. אויב ער איז געווען ביים באַ־וווסטזיין, האָט ער זיכער געמאַכט אַ חשבון הנפש, דערמאָנט זיינע יאָרן, וואָס ער האָט געשמאַכט אין די פוילישע תפיסות... געשמאַכט פאַר אַן אידעאַל, וואָס האָט אים שפּעטער אויסגעלאַכט, צעטראָטן מיט גראָבע שטיוול און אויסגעשטעלט אַ צונג — — —

עס זענען געשטאָרבן נאָך אַנדערע פוילישע. מענטשן נאָמענלאָזע, פון דער גרויער מאַסע. קיינער האָט זיי שפּעטער מיט קיין וואָרט נישט דערמאָנט. פאַרגעסן. אָבער יעדער איינער איז דאָך געווען אַ וועלט פאַר זיך, אַן „עולם קטן״, מיט חלומות, מיט האָפענונגען...

אַלע זענען אַוועק אונטער די שנייען, אונטער די יאָלקעס אויף דעם לאַגער־בית־עולם.

## 31

# עס געדענקט זיך אַ פאַרנאַכט...

עס געדענקט זיך אַ פאַרנאַכט, אַ פאַרנאַכט ביי אַ וועג צווישן וועל־דער. אַ גאַנצן טאָג האָבן צענדליקער בריגאַדעס „פּלאַנירט״ דעם וועג, אויסגעגלייכט דעם מיטן, געמאַכט די קאַנאַוועס פון ביידע זייטן פאַרן אָפּפלוס פון דעם וואַסער, דורכגעלייגט בריקלעך, ווו ס׳איז נייטיק גע־ווען וכדומה.

„נאַטשאַלסטוואָ״ האָט געוואָלט, אַז דער וועג זאָל פאַר יעדן פּרייז

פּאַרטיק ווערן אין משך פֿון דעם איינעם טאָג. מען האָט אין איטלעכער בריגאַדע נישט געלאָזט די מענטשן כאַפּן דעם אָטעם. נישט געגעבן קיין פּויזע אַפֿילו פֿאַר אַ „פּריקורקאַ".

די בריגאַדירן זענען אומגעקראָכן אַהין און צוריק און מען האָט נאָר געהערט פֿון זיי:

— דאַוואַי! דאַוואַי!

אָבער דאָס געיעג אין דער אַרבעט האָט נישט געהאָלפֿן — דער וועג איז נישט פּאַרטיק געוואָרן.

אין זיין פֿאַרביק־גלאַנציק שליטעלע, איינגעשפּאַנט מיט אַ פֿיין אויס־געכאָליעט פֿערדל, איז אָנגעקומען אויפֿן אַרבעטס־פּלאַץ דער „אָדון" אַליין, דער נאַטשאַלניק פֿון לאַגער — סטאַרשי לייטענאַנט פֿון „נ. ק. וו. ד."‚ קראַווטשוק. ער האָט צונויפֿגערופֿן אַלע בריגאַדירן און עפּעס מיט זיי איינגעטענהט.

נאָך זיין אַוועקפֿאָרן האָבן די בריגאַדירן געמאָלדן — יעדער איינער אין זיין בריגאַדע:

— מען מוז דעם וועג ענדיקן היינט. אַזוי לאַנג ווי מען וועט נישט ענדיקן, וועט מען פֿון דאַנען נישט אַוועק! פּאָניאַטנאָ?

ס'איז שוין געווען שפּעט. די מענטשן זענען געווען דערשעפּט פֿון לאַנגן טאָג אַרבעט און הונגער. פֿון זעקס באַגינען אויף די פֿיס, און אָן עסן דערצו. מען האָט זיך היינט געשטעלט אַרבעטן נאָך אין דער פֿינצ־טער, בלויז ביי דעם קוים ווייסלען זיך פֿונעם שניי. אַלעמאָל וואַרט מען אין וואַלד, עס זאָל אָנהייבן גרויער צו ווערן דער דרויסן. היינט האָט מען תיכף ביים אָנקומען געטריבן צו דער אַרבעט. אין קיין איין בריגאַדע האָט זיך שוין אָבער די אַרבעט מער נישט געקלעפּט. איינצלנע מענטשן נאָר האָבן זיך געפּאָרעט מיט די רידלען. די גרויסע מערהייט האָט זיך אויס־געצויגן אויף די ווייכע בערגלעך ערד, וואָס מען האָט פֿאַרן טאָג אַרויס־געוואָרפֿן פֿון די קאַנאַוועס. אַלע זענען געווען פֿאַרחלשט און פֿאַרשמאַכט.

די בריגאַדירן זענען אומגעלאָפֿן ווי פֿאַרסמטע הין און צוריק און זיך ממש געבעטן:

— דאַוואַיטיע, רעביאַטאַ!...

דער דערשעפּטער עולם האָט זיך אָבער נישט געקאָנט רירן.

נאָכמער: אַפֿילו די בריגאַדע, וואָס האָט שוין געהאַט געמאַכט איר

נאָרמע — דעם טייל וועג, וואָס מ׳האָט איר צוגעטיילט, — אויך זי איז נישט אַוועק פונעם פּלאַץ. אַפּנים אַז אַזוי איז געווען דער באַפעל פון נאַטשאַלניק פון לאַגער. אַלע זענען פאַראַנטוואָרטלעך פאַרן גאַנצן וועג.

אונדזער לאַזאַראַו האָט געפּרווט מיט גוטן און מיט בייזן, אָבער קיינער האָט זיך נישט גערירט פון אָרט.

— רעביאַטאַ, ענדיקט גיכער, וועט מען גיין אויף „אָביעד״...

קיינער רופט זיך נישט אָפּ.

— אַ גאַנצע נאַכט וועט איר דאָ ליגן...

קיינער ענטפערט אים אַפילו נישט.

כ׳האָב ליגנדיק אויפן ווייכן בערגל ערד באַטראַכט דעם עולם. דאָס איז נישט געווען קיין אָפּגערעדטע „דעמאָנסטראַציע״, אויך נישט קיין ספּאָנטאַנער בונט. נאָר פּשוט, די מענטשן זענען בוכשטעבלעך געווען אויסגעשעפּט און נישט פעאיק עפּעס נאָך צו טאָן מיטן רידל. מ׳האָט דאָ און דאָרט אין פאַרביטערונג געשאָטן מיט זידל־ווערטער און קללות אויף די בריגאַדירן און „נאַטשאַלסטוואָ״. ווען די „נ. ק. וו. ד.״ וואָלט דאָס אַלץ אונטערגעהערט און פאַררעגיסטרירט, דאַן וואָלט זי מסתמא געדאַרפט האָבן פאַר אַלעמען טויזנטער יאָרן אויף נייע „סראָקן״...

די בריגאַדירן זענען געווען אין פאַרלעגנהייט. דאָס זעלבע די „דיע־סיאַטניקעס״, וועלכע האָבן אויך געפּרווט ווירקן אויף די מענטשן, זיי זאָלן זיך נעמען ווייטער צו דער אַרבעט; אָבער טו, מאַך עפּעס מיט טויט־מידע און הונגעריקע מענטשן. האָבן זיי נישט געוווסט וואָס צו טאָן מיטן באַפעל פון אויבערלייטענאַנט קראַווטשוק.

די דאָזיקע טייוולשע שפּיל מיט די בריגאַדעס האָט געדויערט ביז 11 אַזייגער ביינאַכט! 5 באַגינען — אייגנטלעך נאָך נאַכט! — האָט מען באַקומען דעם געבעכדיקן פרישטיק: אַ שעפּלעפּל זופּקע און „קיפּיאַטאָק״, און אַזוי ביז 11 ביינאַכט!

ערשט נאָכן פאַרשטענדיקן זיך מיטן לאַגער־נאַטשאַלניק — מיט קראַווטשוקן — (איינער אַ „דיעסיאַטניק״ האָט פון אַ נישט־ווייטער עלעקטראָ־סטאַנציע צו אים טעלעפאָנירט) — האָבן די בריגאַדירן „אויס־געסטראָיעט״ די מענטשן צו גיין. אַפּנים, יענער האָט געזען באַשיינפּער־לעך, אַז ער האָט שוין צופיל איבערגעצויגן דאָס שטריקל...

12 ביינאַכט האָט די „סטאָלאָווקאָ״ אונדז אַרויסגעגעבן דעם היינ־טיקן „אָביעד״...

# 32

# אַ פילם וועגן צאַרישער קאַטאָרגע

צומאָרגנס אין אָוונט טרעף איך צופעליק נעבן דער „סטאָלאָווקע" רעגינען, מיין וואַרשעווערין, מיט וועלכער כ'האָב זיך באַקענט אין קלוב.

— קומט היינט אין קלוב, — זאָגט זי מיר אָן — מען ווייזט היינט אַ פילם. ס'איז דאָך דאָ אַ זעלטענע געלעגנהייט.

— וואָס פאַר אַ פילם וועט מען עס דעמאָנסטרירן?

— אַ נפקא־מינה וועלכער? איר האָט דאָ אויסצוקלייבן? פאַרשטייט זיך, אַז אין די וואַרשעווער קינאָס האָט מען געגעבן אינטערעסאַנטערע פילמען...

איך פאָלג איר און אַזייגער 9 אין אָוונט שטופּ איך זיך אַריין אין דער ענגשאַפּט פון קלוב. איך בין געקומען פונקט צום אָנהייב.

מ'האָט אָנגעהויבן, ווי דער שטייגער אין דער וועלט, מיט אַן „אי־בערן פּראָגראַם". מ'האָט געוויזן בילדער פון אַרבעט אין פאַרשיידענע צווייגן אין לאַנד: אין קוילן־שאַכטן, אין דער מעטאַלורגיע. מ'האָט פאַר־געשטעלט סטאַכאַנאָווצעס און שלאָגלער...

דאַן איז מען געקומען צום אייגנטלעכן פילם. אַ שטומער פילם.

אַ בילד פונעם לעבן פון די אַמאָליקע רעוואָלוציאָנערן אין צאַרישן רוסלאַנד. אויפן עקראַן זעט מען די רעוואָלוציאָנערן־קאַטאָרזשניקעס אין די סיבירער סטעפּעס. זיי טאָפּטשען אין טיפן שניי, קריכן איינגעבויגע־נערהייט, מידע און דערשעפּטע פון שווערער פּראַצע. פון הינטן גייען־נאָך די צאַרישע זשאַנדאַרמען מיט ביקסן און שטיקעס און טרייבן־אונטער: „ביסטרעי! ביסטרעי!"...

היות דער פילם איז אַ שטומער, הערט מען דאָס קול פון אַ „ספּי־קער" דורך אַ הילכער:

— אָט אַזוי האָבן די צאַרישע טיראַנען געפּייניקט די רעוואָלוציאָ־נערן אויף קאַטאָרגע...

עס האָט מיך אַזש געהויבן אין דער לופטן און טיף אין מיר האָט עס געקאָכט:

קופּערנע שטערנס! וועמען און ווו ווי' יט מען אַזעלכע בילדער? מיט

װאָס איז די צאַרישע קאַטאָרגע ערגער פֿון דער סאָװיעטישער? און מיט װאָס איז די סאָװיעטישע תּפֿיסה בעסער פֿון דער צאַרישער?

אדרבה, איך אַלײן בין אַן עדות: אין דער סאָװיעטישער תּפֿיסה האָב איך מוראדיק געהונגערט און אין דער צאַרישער תּפֿיסה האָב איך בפּירוש נישט געהונגערט!

און עס דערמאָנט זיך מיר: אַלס ײנגל נאָך כמעט, פֿאַר דער ערשטער װעלט־מלחמה, האָב איך פֿאַרזוכט דעם טעם פֿון דער צאַרישער תּפֿיסה: אין װאַרשע, אין דער תּפֿיסה אויף ספּאָקאָינאַ־גאַס (געװען דאַן אַזאַ) און אין אַלעקסײעװסקי־פּאָרט אין ציטאַדעל. דאָרטן האָב איך, בעת פּאָליטי־שע אַרעסטן, פֿאַרבראַכט צען װאָכן צײט. נו, איז דען געװען אַ פֿראַגע פֿון הונגער? ברויט האָט זיך געװאַלגערט אויף די נאַרעס: די אַרעסטירטע האָט נישט געשמעקט קײן שװאַרץ ברויט... יעדן טאָג פֿלעגט מען באַקומען צום „אָביעד" אַ פֿעטע קאַפּוסטע און אַ ברוינע קאַשע מיט אַ היפּשער פּאָר־ציע פֿלײש — צעשניטן אויף שטיקלעך און אָנגעשטעקט אויף אַ דינעם העלצל. אויך צו די דאָזיקע עסנס האָבן זיך אַ סך נישט צוגערירט — אויב זײ האָבן נאָר געהאַט װער עס זאָל זײ אַרײנבאַזאָרגן פֿון דער פֿרײ אַ „װאַלװוקע" (אַ פּעקל עסנװאַרג) און אַ הײמישן מיטיק...

און װי זעט אויס די ס אָ װ י ע ט י ש ע קאַטאָרגע?... דאָס זענען מיר דאָך אַלײן, אַלע טאָג... מיר זענען דאָך אַלײן די „העלדן" פֿון דער קאַטאָרגע... צי אַז די „סטריעלקי" טרײַבן אונדז איבער די טיפֿע שנײען איז עס מענטשלעכער? „הומאַניטאַרישער"?... אדרבה, די צאַרישע קאַ־טאָרזשניקעס האָט זיכער נישט געפֿעלט קײן „פּײקע" ברויט אַזױ װי אונדז און די צינגאַ האָט זײ אַזױ נישט צעפֿרעסן װי אונדז — — —

איז װאָס־זשע גײט מען דאָ „אימפּאָנירן" מיט אַזאַ פֿילם די סאָװיע־טישע קאַטאָרזשניקעס?...

## 33

# װען די פֿרעסט װערן שטאַרקער

פֿון דער צװײטער העלפֿט דעצעמבער איז די טעמפּעראַטור געפֿאַלן נאָך נידעריקער. די פֿרעסט דערגרײכן שױן ביז 30 גראַד צעלזיוס און מער.

די שניי־שיכטן זענען נאָך שטייפער געוואָרן. שטייפער און העכער. וויפל עס זאָל נישט שנייען אין אַ לינדערן טאָג, בלייבט עס ליגן און ווען דער פראָסט נעמט שטאַרקער, ווערט דער פריש אָנגעשאָטענער שניי פון אויבן פאַרגליווערט ווי די שניי־שיכטן פון פריער, פון אונטן. ערטערווייז האָבן זיך אָנגעשאָטן גאַנצע ווייסע בערג — פאַרפרוירענע בערג, איבער וועלכע עס איז אָפט אויסגעקומען די בריגאַדעס צו שפּרייזן.

אין „זאָנע" האָט מען איטלעכן אַרויסגעגעבן וואַטענע זאָקן און הענטשקעס. אָבער פאַראַן שוין אַ סך פאַלן פון אָפּפרירונגען. ביי וועמען עס איז אָפּגעפרוירן געוואָרן די נאָז, ביי וועמען די שפּיצן פינגער פון די הענט אָדער פיס, ביי וועמען די באַקן, ביי וועמען די אויערן. לויט די פאַר־שריפטן פון אונדזער לאַגער פירט מען די מענטשן צו דער אַרבעט אין וואַלד אַזוי לאַנג ביז וואַנען דער פראָסט שטייגט נישט איבער 37 גראַד צעלזיוס.

אין די דאָזיקע פראָסטיקע טעג האָבן מיר געאַרבעט — עטלעכע צענדליק בריגאַדעס — אַ 15 קילאָמעטער פון דער „זאָנע". מען האָט אונדז אַהינגעפירט מיט אָפענע פראַכט־מאַשינען. די מאַשינען יאָגן און מאַכן אַן אַ ווינט און פון אַזאַ ווינט ביי אַ העכער 30־גראַדיקן פראָסט ווערט אינעווייניק פאַרגליווערט דאָס בלוט. אין די פינגער פון די הענט און פיס הייבט־אָן שטעכן — נישט קוקנדיק אויף די הענטשקעס און וואַ־טענע זאָקן, אומשטיינס געזאָגט... עס שטשיפּעט אַזש פאַר די אויגן. דער ווינט רייסט־אָפּ דעם קאָפּ. און דערצו נאָך די „פּאָזע" אונדזערע אויף די מאַשינען: מען זיצט ווי די גענדז, די פיס אונטער זיך — ווי די „מאָדע" איז אין לאַגער... כדי עס זאָלן אַרויפגיין וואָס מער מענטשן.

בעת די מאַשינען זענען לסוף געבליבן שטיין, זענען די מענטשן גע־ווען ווי פאַרגליווערט. עס איז געווען שווער צו רירן מיט אַן אבר. ס'האָט געדויערט אַ היפּשע ווײַלע, ביז דער עולם האָט זיך „ראָזרוכעוועט" און אָנגעהויבן קריכן אויף די פיס. מ'האָט געטאַנצט אויפן אָרט, געקלאַפּט זיך מיט די אָרעמס אַרום אייגענעם קאָרפּוס, כדי זיך אַביסל צו דערוואַרעמען. אַנדערע האָבן שוין געמוזט רייבן מיט שניי די ווייס־געוואָרענע נעזער אָדער פינגער, וועלכע זענען פאַרשטייפט געוואָרן ווי די שטעקלעך.

די בריגאַדירן האָבן זיך צערעוועט:

— סאָביעריס! (נעם זיך גיין!).

— פאביסטרעי!

— דאַוואַי! דאַוואַי!

בריגאַדעסווייז איז מען אַריין אין דער טיפעניש פון אַ וויסטן, ווייסן וואַלד. מען האָט אויסגעשטעלט די בריגאַדעס אויף געוויסע פונקטן און פאַנאַנדערגעטיילט די אַרבעט: רייניקן דעם וואַלד, האַקןביימער. טייל בריגאַדעס האָבן געהאַט די אויפגאַבע צו „פּלאַנירן" אַ היפּשן קוואַדראַט־שטח — אַ פּלאַץ, ווו אויפצושטעלן אַ „בוראַוואַיאַ" און די אַלע אַנדערע בריגאַדעס זענען באַשטימט געוואָרן צו מאַכן צוויי „פּראָסיעקאָס" אין פאַרשיידענע ריכטונגען, אָנהייבנדיק פונעם פּראָיעקטירטן „פּלאָשטשאַד" (פּלאַץ) ביז צום טראַקט.

לאַזאַראָוס בריגאַדע האָט געאַרבעט ביי אַ „פּראָסיעקאַ" און מיין נאָרמע איז געווען, ווי אומעטום ביז איצט, 4 מעטער די ברייט און 20 די לענג. אָבער דאָ איז דער וואַלד געווען געדיכט, נישט ווי ביי שליאַמאָ־וויטשן אין בריגאַדע... דערצו די היינטיקע מוראדיקע קעלט... אגב פיל איך זיך איצט מער אָפּגעשוואַכט ווי פריער... אָבער לאַזאַראָוו וויל פון דעם נישט וויסן...

— דאַוואַי! דאַוואַי! — קומט ער אַלע ווײַלע צו און טרייבט־אונטער.

איך האַק מיט דער האַק. איך שטרענג זיך אָן. איך וויל זיך אַליין דערוואַרעמען מיט דער אַרבעט. איך וואַרף־אום איין בוים, אַ צווייטן, אַ דריטן, אָבער דער וואַלד איז מעשה־שטן אַזוי געדיכט, אַז מיין טייל „פּראָסיעקאַ" דערלעבט נישט צו ווערן ליכטיקער, פריי פון ביימער.

אין מיטן דערשפיר איך אַ פאַרגליווערטקייט אין די באַקן. עמיץ מאַכט מיר אויפמערקזאַם, אַז אַ טייל פּנים איז ביי מיר ווייס געוואָרן. איך שפיר, אַז דער קין באַוועגט זיך שווער. איך וואַרף אוועק די האַק און נעם איינרייבן דאָס פּנים מיט שניי. עס שטעכט מיר אויך אין די פיס־פינגער און איך נעם אונטערטאַנצן. זיכער, אַז דער פראָסט איז נאָך מער געשטיגן ווי באַגינען. איך ווייס, אַז איך מוז אַרבעטן אינטענסיוו, כדי נישט גע־פרוירן צו ווערן. אָבער די כוחות, די כוחות!

איך האַק, איך שלאָג אין די שטאַמען פון די ביימער מיט די לעצטע אָנשטרענגונגען. ביים קלאַפּן מיט דער האַק שיטן זיך פון די צווייגן די פאַרגליווערטע ווייסע פליטערלעך און באַדעקן מיך אינגאַנצן ווי מיט אַ ווייסן שלייער.

עס שטעלט זיך קעגן מיר דער בריגאַדיר און לערנט מיך כלומרשט ווי אַזוי צו אַרבעטן. ער נעמט פון מיר די האַק און דערלאַנגט אַזעלכע גע־זונטע קלעפּ אין בוים אַריין — ו׳עכטס און לינקס, און דער בוים פאַלט־אום.

— האָסט געזען?

— יאָ, איר זענט געזינטער פון מיר... געזינטער און זאַטער...

— ניטשעוואָ. ווער עס וויל אַרבעטן, קאָן... — הייבט ער אָן מיט זיינע „סענטענצן"...

אַזוי טענהט ער, דער עשו, וואָס איז טאַקע אַפּנים נאָר באַשאַפן געוואָרן צו קאַטאָרגע... נישט איין מאָל קומט מיר אויס צו באַוווּנדערן ווי אַזוי די רוסן — אַ היפּשער טייל רוסן — אַרבעטן אַזוי געדולדיק ביי דער עבודת־פּרך... אַקוראַט ווי דאָס וואָלט פאַר זיי געווען אַ פאַרשטענד־לעכע זאַך... גלייך ווי זיי וואָלטן אַזוי גלייכגילטיק שלום געמאַכט מיט זייער גורל... אַלץ אָנגענומען פאַר ליב... פאַר מיר אָבער איז פון ערשטן טאָג אָן קלאָר געווען: פאַרוואָס זאָל איך עס גאָר וועלן אַרבעטן מיט מסירת־נפש, איבער די כוחות?... פאַר וועמען? פאַר וועלכע מעשים טו־בים? — — —

ווען נישט דער פראָסט, וואָלט איך די מינדסטע אָנשטרענגונג נישט געמאַכט. איך וואָלט נאָר געאַרבעט אויף וויפל איך וואָלט געמוזט, אויף וויפל מען צווינגט מיך. אָבער דאָ איז די צרה — דער פראָסט! נאָר דורך אַרבעט קאָן מען זיך דאָ איצט ראַטעווען, כדי נישט צו ווערן קיין קאַליקע.

ס׳איז פאַר מיר קלאָר, פאַרוואָס כ׳בין לעצטנס שטאַרק אָפּגעשוואַכט געוואָרן: איך רו ווייניק, איך שלאָף ווייניק. כדי צו האָבן גענוג ברויט, מוז איך דאָך ביז אין די שפּעטע אָוונטן שרייבן פאַר מענטשן בריוו. אַמאָל שרייב איך אַזוי ביז 12 אַזייגער ביינאַכט. און אַז מען לייגט זיך, שלאָפט מען דאָך אויך נישט קיין סך; אַז אַלע האַלבע שעה לערך וועקט מען זיך, כדי אַרויסצוגיין אין דעם פראָסטיקן דרויסן מחמת דעם אָפּגעשוואַכטן אורין־פּענכער... אַזוי אַלע נאַכט. אַזוי ביי אַלעמען אין באַראַק אָן אויס־נאַם כמעט. און וויפל בלייבט מיר דאַן צו ליגן בכלל פון 12 ביינאַכט? אַז 5 באַגינען איז שוין דער „פּאַדיאָם"... נו, איז דען אַ וווּנדער, וואָס איך האָב פאַרלוירן די כוחות?

געטראָפן לעצטנס אָוונטן, בעת איך האָב פאַרנאַכלעסיקט מיין צו־גאָב־„פּרנסה": שרייבן בריוו. כ׳פלעג קומען פון וואַלד אַ דורכגעפרוירע־

נער, אַ צעבראָכענער און באַלד נאָכן „אָביעד" אַ פּאַל־טאָן אויף דער נאַ־רע. נו, פּלעג איך צומאָרגנס בלייבן אָן ברויט... און אויך דער הונגער זויגט־אויס דאָס חיות פון די ביינער...

פרעגט זיך: פון וואַנען זאָל איך האָבן כוחות צו מאַכן אַזאַ דראַקאָ־נישע נאָרמע — אויסהאַקן וואַלד 4 מעטער אויף 20 מעטער? אַפילו איך זאָל שוין וועלן אַרבעטן מיט די לעצטע ביסל כוחות, וואָלט איך עס נישט געקאָנט באַוויזן.

דאָס אונטערטרייבן די אַרבעט איז צוגעגאַנגען אין אַלע בריגאַדעס. אומעטום האָבן די בריגאַדירן „געבוקעט", געבייזערט זיך און געשריען מיט באַנומענע קולות. פון אַלע זייטן האָבן געגרילצט זעגן, העק האָבן געקלונגען און אָפּגעהילכט מיט ווידערקלאַנגען אין דער ווייטער וואַלד־טיפעניש.ביימער אין די הונדערטער זענען שוין געלעגן אויסגעצויגן אויפן שניי און ס'איז געוואָרן ליכטיקער אין וואַלד. אויבן איז געהאָנגען אַ ווינטערדיק־קאַלטער הימל און דער חלל איז געווען אָנגעפילט מיט פראָס־טיקן שטויב.

אין איין אָרט האָבן זיך אויפגעהויבן פלאַמען צום הימל: דאָס האָט אַ „קאָטשעגאַר" אָנגעצונדן אַ ריזיקן סטאָס צווייגן, כדי אָפּצורייניקן דעם באָדן. כ'בין צוגעגאַנגען אַהין, כדי זיך אַביסל אָנצוואַרעמען. לאַזאַ־ראָוו האָט מיך אָבער געזוכט און געפונען... מיט זידלערייען און זילזולים האָט ער מיך באַלד צוריקגעבראַכט אויף מיין פּלאַץ. איך האָב אָבער די שפּיל מיט אים נישט אויפגעגעבן: עטלעכע מאָל האָב איך פון צייט צו צייט געפּרוווט צוגיין צום ברענענדיקן סטאָס און ער האָט מיך אַלץ געטריבן. פון לאַזאַראָווס געבייזער ווייס איך דאָך, אַז כ'וועל באַקומען היינט אַ „שטראָפּנאָי פּאַיאָק"... איז אַן עבירה יעדע אָנשטרענגונג. איז גלייכער צו שטיין ביי דעם פייער און ראַטעווען זיך פון מידקייט און דורכדרינגענדיקער קעלט...

דער ווינטער־טאָג דויערט נישט לאַנג אויפן ווייטן צפון. אַזייגער 2־3 ווערט שוין טונקל. 4 איז שוין גוט פינצטער. נאָך דער שניי באַלייכט אַביסל. אָבער די בריגאַדירן לאָזן נאָך נישט איבעררייסן די אַרבעט. מען מוז ציען די „פּראָסיעקאַ" ווייטער ביזן טראַקט.

עס מערן זיך די ברענענדיקע סטאָסן. מען מוז אומעטום אָפּרייניקן די „גאַסן". אָבער דאָס רוב מענטשן פון אַלע בריגאַדעס רינגלען אַרום די סטאָסן און וואַרעמען זיך. אַלע זענען שוין דורכגעקעלטערט און הונגע־

ריק. עס העלפֿן נישט די קולות פֿון די בריגאַדירן. לסוף רעזיגנירן זיי און הייסן זיך קלייבן צום וועג, צו די לאַסט־מאַשינען. מען לאָזט זיך דורך דעם נאַכטיקן וואַלד צום וועג. די פּיס פּלאָנטערן זיך אָן די אָנגעוואָרפֿענע צווייגן, וואָס וואַלגערן זיך אויף דער ערד און וועלכע מען האָט נאָך נישט באַוויזן צו פֿאַרברענען. נישט איין מאָל פֿאַרטשעפּע איך זיך און פֿאַל. איך פֿאַל גיכער פֿון אָפּגעשוואַכטקייט. פֿון דעם מינדסטן מכשול פֿאַרליר איך די גלייכגעוויכט. איך שטיי אויף און קריך ווייטער.

אָבער איז דער וועג אַזוי לאַנג אָדער דאַכט זיך מיר אַזוי? איך שטיי־אָפּ פֿון מיין בריגאַדע. איך שלעפּ זיך נאָך נאָך אַן אַנדערער און שטיי אויך אָפּ פֿון דער פֿרעמדער בריגאַדע. פֿונדעסטוועגן, זע איך, האָבן מענטשן באַוויזן אַזאַ לאַנגע „פּראָסיעקאַ" היינט צו מאַכן. פֿון וואַנען נע־מען זיך ביי די מענטשן כוחות?...

און איך — איך שטיי אינגאַנצן אָפּ. שווער צו שלעפּן די אייגענע פּיס. די האַק, וואָס איז אָנגעטשעפּעט צו דעם שטריקל, מיט וואָס כ׳בין פֿאַרגאַרטלט, פּלאָנטערט זיך און שטערט מיר אין גאַנג. איך גיי שוין אייגנטלעך נישט — איך קריך מיט די לעצטע כוחות.

איך פֿאַל און בלייב ליגן. איך חלש נאָך אַביסל רו. נישטאָ שוין קיין כוח זיך אויפֿצוהייבן. אַ געדאַנק פּיקט, דראָט: „דער פֿראָסט! וועסט אומ־קומען! שלאָף נישט איין!"...

איך ליג אויפֿן קאַלטן שניי ביי אַן אומגעוואָרפֿענעם בוים, טוליע זיך צו מיטן קאָפּ צו אַ צווייג. אפֿשר?... אפֿשר נישט אויפֿהייבן זיך? בלייבן דאָ אין שניי און אין חושך?... אַנטשלאָפֿן ווערן און — אַן עק, אַ סוף צו די פּלאָגענישן?... אפֿשר טאַקע אַנטשלאָפֿן ווערן?... ס׳וועט דאָך זיין אַזוי גוט דאָ אַנטשלאָפֿן צו ווערן — — —

— העי, ווער איז דאָ?

דאָס האָט זיך עמיץ אָנגעשטויסן איבער מיר, עמיץ פֿון אַ הינטער־שטער בריגאַדע.

— געגאַנגען!

כ׳האָב זיך ווי עס איז אויפֿגעהויבן און ווידער געקראָכן נאָך די מי־דע, שווייגנדיקע מענטשן דורך דער נאַכט און שניי.

געקראָכן, געקראָכן — און ווידער אָפּגעשטאַנען, און ווידער גע־פֿאַלן... נישט פֿון קיין שטרויכלונג, נאָר פֿון פֿאַרחלשטקייט... ליג איך

ווידער אַזוי אָט־אָט איינצושלאָפן, איינצושלאָפן שוין אויף תמיד... דער באַוווסטזיין אָבער פּיקט נאָך, לאָזט נישט רואיק ליגן: האַלט זיך! לעבן! עס מוז, עס מוז קומען  י ע נ ע ר  טאָג!

אין דער דאָזיקער רגע האָב איך זיך ווי לויט אַ שטרענגן באַפעל אויפגעהויבן מיט דער לעצטער אָנשטרענגונג. כ׳קריך פּאַמעלעך ווייטער, שפּאַן אין יענער ריכטונג, וווהין די לעצטע בריגאַדע איז אַוועק.

אָבער וואָס ווילן די אָנגעוואָרפענע צווייגן, די פּניאָקעס אויפן וועג? איך מוז אַלע ווײַלע שטיין בלײַבן, כאַפּן דעם אָטעם. טיף אין מוח בריט עס, קאָכט עס: „וואָסער קללה איז אויף מיר געפאַלן? צי האָב איך דען אַ פלעק פון בלוט אויף מײַן געוויסן? פאַרוואָס פאַרט אַזאַ עונש? אַזאַ שטראָף?״ — — —

די נאַכט איז שטום. דער וואַלד איז שטום און פינצטער. קיינער ענטפערט נישט... בלויז אונטער מײַנע וואקלדיקע טריט קנאַקט עס און פלאָנטערט זיך.

— העי, סיו — דאַ־אַ־אַ־אַ!! (אַהער!).

דאָס האָט זיך דערטראָגן אַ געשריי פון וועג. אַפנים, עס פעלן נאָך מענטשן אין די בריגאַדעס.

עמיץ איז אָנגעקומען פון הינטן, אויך אַן אָפּגעשטאַנענער, אָבער נישט אַזוי אָפּגעשוואַכט ווי איך. ער בלײַבט שטיין נעבן מיר און קוקט מיך אָן —

דער בריסקער, דער פּועלי־ציוניסט...

— דאָס זענט איר? — פרעגט ער. — ווי געפעלט אײַך דער גיהנום?...

איך האָב נישט קיין כוח אים עפּעס צו ענטפערן.

— קומט! — זאָגט ער, — ס׳איז אײַך שווער צו גיין?

— איך פאַל... — רעד איך נאָר אַרויס מיט אַ שוואַך קול.

— קומט, קומט!

און ער נעמט מיך אונטערן אָרעם און פירט מיך איבער דער נײַער „פּראָסיעקאַ״.

אויפן וועג זענען נאָך די מאַשינען נישט געווען. די בריגאַדעס זענען געלעגן אויסגעלייגט ביי דער זייט פון וועג אויפן שניי. כ׳בין אויך ער־געץ אַ פאַל־געטאָן. ביזן שפּעטן אָוונט האָט מען געוואַרט ביז די לאַסט־מאַשינען זענען נאָך אונדז געקומען.

## 34

# די, וואָס טרעטן די שקלאַפן

דריי טעג האָט אונדזער „סטראָי־קאָלאָנאַ" געאַרבעט אויפן זעלביקן פּלאַץ. די מאַשינען האָבן אונדז געבראַכט אין קאַלטן באַגינען און צוריקגעקומען אונדז אָפּנעמען זענען זיי אין שפּעטן אָוונט. אַ גליק איז געשען דעם „ווטאָראָי נעפּטאָפּראָמיסל". מען האָט אויף דעם דאָזיקן פּונקט אַנטדעקט אַ נייעם נאַפט־קוואַל, — דאַרף מען פון די שקלאַפן די נשמה אַרויסטרייבן... די בריגאַדירן האָבן געיאָגט מיט דער אַרבעט. מסתמא האָט „נאַטשאַלסטוואָ" פון זיי געפאָדערט, און זיי, פון זייער זייט, האָבן זיך פאַרגאַלאָפּירט אין זייער סאַדיזם.

איך האָב זיך ביי דער אַרבעט, למשל, צוגעקוקט צו לאַזאַראָוון און געטראַכט:

וואָס באַוועגט אים, אָט־דעם רשע־מרושע, וואָס איז דאָך אין גרונט אויך נישט מער ווי אַ „זע־קאַ", צו זיין אַזוי שטרענג צו די מענטשן? אַרויסצוזאָגן פון זיי די נשמה? צי איז עס פּאַטריאָטיזם? איבערגעגעבנקייט צו דעם רעזשים? ער רעדט אָבער קיינמאָל נישט דערפון. גיט אַפילו קיין רמז נישט דערויף. ער איז בכלל ווייט פון יעדער אידייען־וועלט. אַ פּשוטער בור! איז עס ביי אים רויער סאַדיזם? טוט אים הנאה, דעם רשע, בעת ער זעט, ווי מענטשן, — וועלכע אונטערליגן אים, — פּייניקן זיך, פאַלן פון די כוחות? אָדער איז עס מחמת אייגענעם עגאָאיזם? אייגננוצן? אפשר מאַכט ער דעם חשבון, אַז וויבאַלד זיין בריגאַדע וועט גוט אַרבעטן, מאַכן די נאָרמע, וועט עס זיין זיין פאַרדינסט; וועט ער נושא־חן־זיין ביי „נאַטשאַלסטוואָ" און וועט זיין פאַרזיכערט אין זיין פּאָזיציע אַלס בריגאַדיר? אָדער אפשר וועט ער גאָר אַוואַנסירן און ווערן אַ „דיעסיאַטניק", צי „נאַריאַדטשיק"? און אויב פאַרקערט, אויב זיין בריגאַדע וועט אָפּשטיין אין דער אַרבעט, וועט עס הייסן, אַז ער, דער בריגאַדיר, איז שולדיק; אַז ער איז נישט פעאיק אָנצופירן מיט אַ בריגאַדע און דאַן ווערט ער אויס יחסן; דאַן וועט ער מוזן גיין אַרבעטן גלייך מיט אַלעמען! גלייך מיט די אַלע שלימזלס... און דאַן וועט עמיץ אַנדערש אויף אים טרעטן מיט די שטיוול, פּונקט ווי ער טרעט איצט אַנדערע...

אַגב ווייסן אויך די בריגאַדירן, אַז פאַר גוטע לייסטונגען דורך זייער

בריגאַדע קאָנען זיי, ווי „ביטאָוויקעס", האָפן אויף אַ פאַרקירצונג פון „סראָק". דאָס פּאַסירט אַמאָל אין לאַגער. נו, איז יאָגט מען אַרויס די גע־דערים פון די מענטשן, כדי מקיים צו זיין דעם לאָזונג: „וואָס מער אַר־בעט, וואָס מער פּראָדוקציע!"...

די אַלע השערות האָבן אַ סך אמת. די אַלע לאַזאַראָווס אין לאַגער ווערן „נתעלה" אויפן חשבון פון דער גרויסער מאַסע קנעכט. זיי דערני־דעריקן, דערדריקן די קנעכט, כדי אַליין צו ווערן דערהויבן...

אָבער דאָס קאָן נישט געמאַכט ווערן אויך אָן דעם צווייטן מאָטיוו — סאַדיזם. אַז מען איז נישט בטבע קיין סאַדיסט, קאָן מען דאָך נישט פּייניקן שוואַכע, הונגעריקע מענטשן, וואָס קאָנען קוים שלעפּן די פיס... ווען לאַזאַראָוו וואָלט נישט געווען קיין רשע, וואָלט ער דאָך נישט גע־שטאַנען איבער מיר און נישט געטריבן מיך: — „דאַוואַי! דאַוואַי!", ווען איך פאַל אַמאָל אויפן שניי אַ פאַרחלשטער, כדי צו כאַפּן דעם אָטעם...

— נאַדאָ ראַבאָטאַט'! (מען דאַרף אַרבעטן!) — גרילצן פון אַלע זייטן די בריגאַדירן.

אַרבעט! אַרבעט! ווי פאַרמיאוסט און ווי פאַראומווירדיקט האָבן אָט־די נפשות דאָס וואָרט אַ ר ב ע ט! — — — — —

צום גליק האָט דער פראָסט אַביסל נאָכגעלאָזט, גלייך ווי די בלינדע נאַטור גופא וואָלט זיך דערבאַרעמט איבער די אָרעמע שקלאַפן אין די טייַ־געס. אַז ס'איז געוואָרן לינדער, בין איך שוין נישט געווען געצוווּנגען צו דערוואַרעמען זיך דורך אַרבעט. האָב איך שוין געאַרבעט אַזוי ווי איך קאָן — אָדער בעסער: אַזוי ווי איך קאָן נישט... — אָן איבעריקער אָנשטרענ־גונג, אַבי נאָר יוצא צו זיין. מיט אַ רואיקן געוויסן האָב איך אויסגענוצט יעדע געלעגנהייט נישט צו אַרבעטן. מיין כלל איז געווען: וואָס ווייניקער פאַרשווענדן די כוחות; וואָס ווייניקער אָנשטרענגונג „זיי" געבן, כדי צו בלייבן לעבן; כדי אויסצודויערן און — אפשר... ווי די אָפּטימיסטן מיי־נען... — דערלעבן די אויסלייזונג!

## 35

# נאָך אַדאַנק די צופאַלן...

ס׳איז געשען מיט מיר אַ נס: כ׳בין פּטור געוואָרן אויף אַ פּאָר וואָכן פון לאַזאַראָווס בריגאַדע. איך האָב באַקומען אַ צייטווייליקע אַרבעט אויף אַ פּאָר וואָכן אין אַ קאַנטאָר — אין דער פּלאַניר־אָפּטיילונג. דאָס האָב איך געהאַט צו פאַרדאַנקען מיינע לאַגער־פריינד, וועלכע אַרבעטן אין דער בוכהאַלטעריע, דער עיקר דעם אינזש. פעלדהיי. אין דער דאָזיקער קאַנ־טאָר האָבן אויך געאַרבעט די „נאָרמיראָווששיקעס״.

און נאָך אַדאַנק די דאָזיקע גליקלעכע צופאַלן בין איך נאָך נישט געפאַלן אונטערן יאָך און בין נישט איינגעבראָכן. ווען מיר קומט־אויס כסדר צו אַרבעטן אין לאַזאַראָווס בריגאַדע, אָן איבעררייס, וואָלט איך זיכער לאַנג נישט אָנגעצויגן. כ׳וואָלט פּשוט נישט אויסגעהאַלטן מיט מיין שוואַך „פּעקל ביינער״ אָדער מיט מיין „קאָנסטיטוציע״ — לויט דער מע־דיצינישער טערמינאָלאָגיע. איך דאַרף, הייסט עס, אַלץ טאָן, כדי צו האָבן וואָס מער אַזעלכע „צופאַלן״...

געהאַט שוין ביז איצט עטלעכע הפסקות: דאָס ערשטע מאָל, ווען איך בין פאַרוווּנדעט געוואָרן אין האַנט און האָב פאַרבראַכט דריי טעג ביי יאַגדעס קלייבן; דאָס צווייטע מאָל — די „קאָמאַנדיראָווקאַ״ אין „סען־זאַג״ מיטן אינזשעניער־טאָפּאָגראַף ביים טייכל טשיביו, און איצט — אין קאַנטאָר. ווידער אַן אָטעם־פויזע.

ביי מיין אַריינקומען דעם ערשטן פרימאָרגן צו דער אַרבעט האָט מיר איין באַאַמטער — אַ רוסישער ייד — גלייך מכבד געווען מיט אַ „פּייקע״ ברויט. דאָס איז געווען אַזאַ מין אויסדרוק פון גאַסטפריינדשאַפט.

— אַ שיינעם דאַנק! עס איז מיר שווער נישט צו נעמען פון אייך די מתנה... אָבער וועמענס „פּייקע״ גיט איר מיר?

— זאָרגט אייך נישט. מיר גיבן זיך שוין אַן עצה...

איך האָב באַלד דערפילט די אַטמאָספער פון בעסערע מענטשן. גייס־טיק האָב איך תיכף צוריקגעוווּנען מיין גלייכגעוויכט.

מיין אַרבעט איז באַשטאַנען אין אויסלינירן בויגנס פאַר פאַרשיידע־נע רובריקן — טאַבעלעס פאַר אַלע מיטאַרבעטער אין קאַנטאָר, אויך פאַר זיך איינגעשלאָסן. די אייגנטלעכע אַרבעט מיינע איז געווען דורכצופירן

אין די טאַבעלעס אַ מין פֿאָספֿאָרטיזאַציע פֿון די פֿאַרשיידענע מאַשינען, וואָס ווערן באַנוצט אין דעם לאַגער — אין „נעפּטאָפּראָמיסל". דאָס איז נייטיק געווען פֿאַר אַ קאַרטאָטעקע אין שייכות מיטן נייעם אַרבעטס־יאָר, וואָס קומט שוין אָן. כ'האָב די דאָזיקע אַרבעט געטאָן זייער גערן און זייער פּינקטלעך. אַזאַ אַרבעט קאָן איך אויספֿירן — פּאַזשאַלויסטאַ! — און האָב נישט געהאַט קיין שום פֿאָרווורפֿן. אָבער נישט די קאַטאָרגע!...

די אַרבעט אין קאַנטאָר איז צוגעגאַנגען גאַנץ רואיק. געאַרבעט האָט מען, אמת, נישט לויט דעם „סאָציאַליסטישן מאַניפֿעסט", וואָס האָט פּראָקלאַמירט דעם 8־שעהדיקן אַרבעטס־טאָג... מ'האָט געאַרבעט פֿון 8 אינדערפֿרי ביז 8 אין אָוונט און „וויכאָדנאָי" האָט מען דאָ, ווי אין גאַנצן לאַגער, באַקומען נאָר יעדן דריטן זונטיק.

דער עיקר האָט מיך אין קאַנטאָר מקרב געווען דער יידישער „זעקאַ". ער האָט אויסגענוצט איטלעכע געלעגנהייט מיט מיר צו כאַפּן אַ שמועס וועגן „פּאָלשאַ" און בכלל וועגן „זאַפּאַד". חוץ אין רוסלאַנד איז ער אינערגעץ קיינמאָל נישט געווען. ער איז נאָך נישט אַזוי אַלט. פֿאַר דער איבערקערעניש אין רוסלאַנד איז ער נאָך געווען אַ יונגער שנעק. דעריבער קלינגט פֿאַר אים אַלץ, וואָס איך דערצייל אים, ווי אַ לעגענדע...

— צי דען איז ביי אייך טאַקע אַזוי גוט?... — פֿרעגט ער מיך מיט דער גרעסטער שפּאַנונג.

— ביי אונדז — ענטפֿער איך מיט אַ רמז — האָב איך עס אַזויפֿיל אַליין נישט געוווסט... ערשט איצט, אַז איך בין דאָ, ווייס איך, ווי גוט עס איז אונדז געווען...

— איין שוואַרצער שאָטן איז געווען אין דער דאָזיקער קאַנטאָר. דאָס איז דער נאַטשאַלניק פֿון דער אָפּטיילונג, אַ פֿרוי, פּעלאַגייאַ פּעטראָוונאַ. אַ יונגע פֿרוי נאָך. אַ „וואָלנאָנאַיאָמנאַיאַ", אַ פּאַרטייערין, וועלכע פֿלעגט קומען יעדן טאָג פֿון שכנותדיקן שטעטל טשיביו צו דער אַרבעט אין „זאָנע". דאָס איז געווען אַ טיפּ פֿון אַן אַלטער בתולה, אַ „בלויער זאָק", ווי מ'פֿלעגט אַזאַ אָנרופֿן. זי איז געווען אַ שרעקלעכע פּעדאַנטין, וואָס האָט מקפּיד געווען אויף יעדער קלייניקייט. געווען איז זי דאַר, מיט ביינערדיקע הענט, מיט אַ פֿאַרזויערט בלאַס־גרינלעך פּנים — מסתמא מחמת שלעכטקייט. אַ גוואַלדיקע פֿאַרמאַליסטקע. יעדעס פּאַפּירל האָט געמוזט האָבן זיין אָרט. די ווירע האָט געמוזט ליגן אויסגעצויגן אין דער

ברייט פאַרן טינטער; דער לעשער ביי דער רעכטער זייט... וכדומה. אַז כ׳האָב איינמאָל פאַרשפעטיקט אויף פינף מינוט, האָט זי מיר גלייך אַ זאָג־געטאָן, ווייזנדיק אויף איר גרויסן האַנט־זייגער:

— לויט מיין „כראָנאָמעטער" האָט איר פאַרשפעטיקט אויף גאַנצע פינף מינוט. דאָס צווייטע מאָל וועל איך אייך פאַרשרייבן אַ „פּראָגול"... (אַדורכגעלאָזטער אַרבעטס־טאָג).

מיט איר גרויסן „כראָנאָמעטער" אויף דער האַנט האָט זי זיך „אַפּי־שירט" ביי איטלעכער געלעגנהייט. נישט קיין קלייניקייט: נאָר געציילטע מענטשן אין לאַגער האָבן זייגערס... אַלע ווײַלע פלעגט זי אויף אים כאַפּן אַ בליק און מאַכן געברויך:

— מיר אַרבעטן שוין פונקט צוויי שעה און האָבן נאָך גאָרנישט אויפגעטאָן...

אָדער:

— ביזן „אָביעד" איז נאָך 1 שעה מיט 22 מינוט...

צי גאָר אַזאַ מין „אַנטדעקונג":

— מיין „כראָנאָמעטער" ווייזט אַז ס׳איז שוין נאַכט...

גלייך ווי די שוואַרצקייט, וואָס קוקט אַריין דורכן פענצטער, וואָלט פאַר איר געווען אַ קלענערער באַווייז...

איינמאָל האָט זיך פעלאַגייאַ פעטראָוונאַ אַריינגעכאַפּט אין קאַנטאָר מיט אַ פערטל שעה פריער איידער די מענטשן זענען געקומען, און רע־ווידירט אַלע שופלאָדן אין די טישן. אין איין שופלאָד האָט זי געפונען אַ קינזשאַל.

— וואָס איז עס פאַר אַ נבלה? — פרעגט זי יענעם באַאַמטן, וואָס ביי אים האָט זי געפונען דעם קינזשאַל, ווי נאָר ער איז אַריינגעקומען אין קאַנטאָר.

דער קינזשאַל איז געלעגן ביי איר אויפן טיש ווי אַ „קאָרפּוס דע־ליקטי".

— פשוט... — פאַרענטפערט זיך יענער. — איך האָב נישט קיין מעסער. מ׳מוז דאָך עפּעס האָבן מיט וואָס אַ שטיקל ברויט צו שניידן.

— איר ווייסט נישט, אַז אין לאַגער איז פאַרבאָטן צו האָבן אַ מעסער?

— אָבער... פאַרשטייט, פעלאַגייאַ פעטראָוונאַ... — פּרוּווט זיך נאָך יענער פאַרענטפערן.

— לאַדנאָ, לאַדנאָ! — רייסט זי אים איבער. — איך וועל דעם קינ־זשאַל איבערגעבן דעם נאַטשאַלניק פּראָמיסלאָ!

די דאָזיקע פּראַזע האָט זי אַרויסגערעדט מיט אַ פּאַרביסענעם טאָן, ווי אַ קאַלטע מרשעת. איך האָב פֿון דער דאָזיקער סצענע געדרונגען, אַז זי מוז אויך זיין אין איר פּריוואַטן לעבן אַ קליפּה, נישט נאָר אין איר באַ־ציאונג צו אַ „זע־קאַ״...

קיין אַנטשולדיקונג איז שוין נישט שייך. אַרויסגערעדט — האָט זי איר „צוזאָג״ מקיים געווען. דער קינזשאַל איז טאַקע אַוועק צום לאַגער־נאַטשאַלניק און דער פֿאַרזינדיקטער איז אַוועק אויף אַ חודש אַרבעטן אין וואַלד...

רעדן פֿלעגט פּעלאַגייאַ פּעטראָוונאַ נאָר וועגן דער אַרבעט. קיין שום זייטיקע באַמערקונג, ווי דער שטייגער איז, בעת מען אַרבעט כסדר מיט מענטשן, האָט מען פֿון איר קיינמאָל נישט געהערט, און קיין אַנדערער האָט עס אויך נישט געטאָרט מאַכן. פֿריי אָפּאָטעמען פֿלעגט מען נאָר דעמאָלט, בעת זי פֿלעגט אַמאָל נישט קומען אין קאַנטאָר, בעת זי איז געווען ערגעץ פֿאַרנומען מיט אַן אַנדער מיסיע. דעמאָלט איז געווען אַן אמתע אַנטשפּאַנונג אין דער אַטמאָספֿער פֿון דער קאַנטאָר. מ׳האָט געהערט אַפֿילו אַ וויץ, אַ גלייכווערטל.

נאָך אַ שאָטנדיקע זייט אין געווען אין קאַנטאָר: די קעלט! ס׳איז שוין סוף דעצעמבער און די פֿרעסט זענען קנאַקנדיקע. אין קאַנטאָר איז נישטאָ קיין „טאָפּקאַ״ (הייץ־מאַטעריאַל), קיין ברעקל האָלץ. ס׳קלינגט ווי אַ פּאַראַדאָקס: אין האַרץ פֿון אורוועלדער — און נישטאָ קיין האָלץ צום הייצן! און נישט נאָר אין דער דאָזיקער קאַנטאָר — אין אַלע לאַגער־קאַנצעלאַריעס ווערט מען פֿאַרגליווערט פֿון קעלט.

די סיבה איז אַ פּשוטע: די „טאָפּקאַ״ מוז זיך יעדע קאַנטאָר באַ־זאָרגן אַליין. אַזוי איז דאָ איינגעפֿירט. קיינער זאָרגט זיך דאָ נישט פֿאַר די מענטשן. ווען מען עס איז קאַלט, דאַרף זיך אַליין העלפֿן... די קאַנטאָר־מענטשן, הייסט עס, מוזן אַליין גיין אין וואַלד און זיך אָנהאַקן האָלץ און ברענגען. היות אָבער ווי תמיד זענען דאָך די מענטשן פֿאַרנומען ביי דער אַרבעט — איז נישטאָ ווען. דער איינציקער טאָג, ווען מען קאָן גיין אין וואַלד אַריין נאָך האָלץ, איז „וויכאָדנאָי״, יעדן דריטן זונטיק, דעמאָלט גייט מען טאַקע אויף אַ האַלבן טאָג אין וואַלד אַריין. אַ האַלבן טאָג כאָטש מוז מען דאָך האָבן פֿאַרן אייגענעם פּריוואַטן געברויך. דאָס ביסל גע־

בראַכטע האָלץ קלעקט קוים אויף איין וואָך. וויפל קאָנען עס עטלעכע מענטשן ברענגען אויף די אַקסלען? קיין פור צו פירן איז נישטאָ. די לאַסט־מאַשינען באַדאַרף מען אויף בילכערע זאַכן... דעריבער זיצט מען אין די קאַנטאָרן אָנגעטאָן אין די פופייקעס און בושלאַטן און מען סקריפּעט מיט די פעדערס, ציטערנדיק פון קעלט.

אין די באַראַקן, דאַקעגן, איז שוין גראַד וואַרעמער. די בריגאַדעס, קומענדיק פון וואַלד, ברענגען יעדן טאָג צו שלעפּן אַ היפּש ביסל האָלץ. כמעט יעדער איינער נעמט־מיט פון וואַלד אַ קלעצל — און עס קלעקט שוין. מען הייצט כסדר אין גרויסן אויוון; מ׳לייגט־אַריין האָלץ וויפל עס גייט אַריין. אמת, אַזעלכע ריזיקע באַראַקן איז בכלל שווער צו דערוואַרע־מען און עס איז נישט אַזאַ „ליבע וואַרעמקייט״ ווי אין אַ היימישער שטוב... אָבער האַרט ביים אויוון קאָן מען זיך שטענדיק אָנוואַרעמען אַביסל אָדער אויסטריקענען די קאַלטע, דורכגעפרוירענע, פאַרשנייטע מלבושים.

## 36

## ווען דער טינט ווערט פאַרפרוירן...

אין איינעם אַזאַ פראָסטיקן טאָג איז אין קאַנטאָר געווען אַ גרויסע ענגשאַפט. עס זענען צוגעקומען נאָך צוויי מענטשן, וועלכע האָבן פאַרנו־מען מיין טיש. מיר האָט מען געגעבן פּלאַץ אין אַ קאַנטאָר קעגנאיבער אין פירהויז. דאָרט איז גאָר געווען אַן אָפּטיילונג פון דער „עקספּלואַ־טאַציע־קאָלאָנאַ״.

דאָ, אין דעם חדר, איז די קעלט נאָך אַ גרעסערע, ווייל די פענצטער זענען נישט גוט פאַרזען. די שויבן זענען טיילווייז צעבראָכן און פאַר־שטאָפּט מיט פּאַפּיר. איך נעם זיך שרייבן — די פינגער זענען ממש פאַר־גליווערט און בלוי פון קעלט. איך קאָן אַזש נישט פירן מיט דער פעדער. די אותיות קומען אַרויס אומגעלומפּערט ווי ביי אַ שכור... מער ווערט מיר נישט פעלן, אַז מיין נאַטשאַלניק, פּעלאַגייאַ פּעטראָוונאַ, מיט איר גרינעם פּנים ווערט עס אָנקוקן... דערצו איז דער טינט ממש געפרוירן און וואַסער־דיק. ס׳איז מיר פּשוט אויסגעקומען דורכצושטעכן מיט דער פעדער די

איבערשטע דינע אייז־שיכט אין טינטער... איך שרייב, שרייב מיט די פינגער ווי קלעצלעך — עס באַקומט זיך אַ מוראדיק געשריפט אויפן פּאַ־פּיר: קרום און לאָם און וואַסערדיק...

אין דער דאָזיקער קאָנטאָר קאָנטאָר איז פאַראַן מיט מיר נאָך איין מענטש בלויז — דער פירער פון דער אָפּטיילונג, אינזשעניער מעלניקאָוו, שוין אַ מענטש אין די יאָרן, אַ טיפּישער רוס, מיט אַ קיילעכדיק פּנים און גרויע אויגן, מיט גרויע נישט געפלעגטע וואָנסן. אויך די באָרד פאַרלאָזן, לאַנג שוין נישט געגאָלט.

— איר האָט גאָר נישט קיין אַנדער טינט? — פרעג איך אים — עס שרייבט גאָרנישט.

— און וואָס האָבן מיר יאָ?... — ענטפערט ער איראָניש. — צינגאָ האָבן מיר אַ סך... וויפל איר ווילט...

ער דערלאַנגט מיר אַ שטיקל כעמיש בלייפעדער:

— נאַט, פּרווט אייך אָנשאָבן אַביסל אין טינטער אַריין.

— פאַרוואָס קלאָגט איר זיך אַזוי, זינדיקער מענטש?... — פרעג איך אים האַלב־שפּאַסיק.

— א י ר פרעגט נאָך פאַרוואָס? א י ר ווייסט דען נישט? ביי אייך אין פּאָלשאַ איז אויך אַזוי ווי ביי אונדז?...

— מילא... ביי אונדז איז דאָך דער „פאַרפוילטער מערב“... אַ האַלב־פאַשיסטיש לאַנד...

— דאַ, דאַ! — כאַפּט ער זיך אָן, — אַ פאַשיסטיש לאַנד, אָבער אָן אַזעלכע קאָנצענטראַציע־לאַגערן ווי ביי אונדז... מיט מיליאָנען שקלאַפן!...

— מען מוז דאָך באַאַרבעטן אַזאַ רייכן באָדן... אַזעלכע וועלדער... אַ גאַנץ־געביט... ווער זשע זאָל עס טאָן?...

דער אינזשעניער האָט אַרויסגעפּילט מיין איראָניע, מיין נישט־בוכ־שטעבלעכן מיין. ער איז ממש אָנגעצונדן געוואָרן.

— פאַזשאַלויסטאַ! — רופט ער אויס. — זאָל מען באַאַרבעטן סקאָל־קאָ אוגאָדנאָ... אָבער נישט אַזוי ווילד! נישט אַזוי באַרבאַריש! זאָל מען דורכפירן מאָביליזאַציעס, מאָביליזאַציעס אויף אַ יאָר, אויף צוויי יאָר, ווי צום מיליטער! אָבער נישט נעמען מענטשן — מענטשן אומשולדיקע, וואָס זענען „גאָט די נשמה שולדיק“, פאַר יעדע נאַרישקייט צוטשעפּען צו זיי אַ „סטאַטיאַ“ — און אַוועקרויבן ביי זיי די פרייהייט אויף 10, אויף 15, אויף 20 יאָר — און אַ סוף צו זייער לעבן!... שטעלט אייך פאָר:

כ׳בין שוין אַ מענטש אין די זעכציקער. איך דאַרף נאָך דאָ פאַרברענגען ניין יאָר. צי וועל איך דען נאָך דערלעבן זען מיין היים? מיינע נאָענטע?...

איך האָב געשוויגן. געהערט און געשוויגן. איך האָב נישט געהאַט וואָס אים איבערצופרעגן. כ׳האָב אים אַפילו נישט געוואָלט פרעגן פאַר וועלכער „נאַרישקייט" האָט ער אַריינגעכאַפּט זיין „סראָק". למאַי נפקא־מינה? איך גלייב אים אויפן וואָרט... ער איז דאָך נישט דער אייב־ציקער אין לאַגער, וועמענס לעבן עס איז צעבראָכן געוואָרן אָן אַ „פאַר־וואָס" און אָן אַ „פאַרווען"... און איך גופא?... פאַרוואָס האָט מען מיך מכבד געווען מיטן „דיעטסקי סראָק" פון 5 יאָר? צי בין איך דען באַגאַנגען קעגן עמיצן דאָס מינדסטע פאַרברעכן?... איך גופא בין דאָך די בעס־טע ראיה, אַז אינזשעניער מעלניקאָוו רייד זענען דער לויטערער אמת! איז וואָס זשע זאָל איך ענטפערן אויף זיינע אַלע טענות? נישט איך בין דאָך „זייער" אַדוואָקאַט, „זייער" פאַרטיידיקער — איך בין דאָך אויך אַזאַ קרבן ווי אַלע מעלניקאָווס... זיינע טענות — זענען מ יי נ ע טענות...

האָב איך אים געלאָזט רעדן, דעם אינזשעניער, און נישט איבערגע־ריסן. אין עצם איז מיר שוין די לאַגער־סיסטעם קלאָר. פון דער זעלבער מיינונג זענען כמעט אַלע באַוווסטזיניקע מענטשן, מיט וועמען מיר איז נאָר אויסגעקומען צו רעדן. דאָס ווייס און פאַרשטייט יעדער בר־דעת: מען מוז האָבן אַרבעטער! מען מוז האָבן הענט און מוחות! און אַרבעטער מוז מען האָבן אַ סך! מיליאָנען גאַנצע! רוסלאַנד איז גרויס און ברייט. רוסלאַנד האָט אַזוי פיל נאַטירלעכע רייכטימער — וועלדער, אור־וועלדער אין די טויזנטער קילאָמעטערס! קוילן־שאַכטן, אַ מעטאַלורגיע, וואָס מוז באַאַרבעט ווערן פון הענט! הענט! הענט! צו אַלץ מוז מען האָבן הענט!

ווער זשע אָבער וועט עס וועלן פרייוויליק פאָרן אין „עק וועלט"? אין דער פּאָליאַר־געגנט? אין די טייגעס? אין די שאַכטן? ווער וועט גראָבן דעם „ביעלאָמאָרקאַנאַל"? ווער וועט בויען די „סיעוו־זשעל־דאָר" (צפונ־דיקע אייזנבאַן)? ווער וועט גוטווילּיק אַוועקלייגן דאָס לעבן ביי דער נאַפט־עקספּלואַטאַציע אין קאָמי? — — — —

אויב עס וועלן זיך געפינען ווייניקע בעלנים — איז עס דאָך פאַרן פרייז פון גוטע מאַטעריעלע באַדינגונגען! דאַרף מען דאָך אוצרות איינ־וועסטירן!

איז דאָך אַ סך ביליקער די אַרבעט פון — ק נ ע כ ט! ביי קנעכט פרעגט מען נישט — קנעכט שיקט מען וווהין מען וויל! קנעכט איז מען נישט מחויב צו געבן „גוטע מאַטעריעלע באַדינגונגען"! קנעכט וואַרפט מען אַריין אין ריזיק־לאַנגע עשאַלאָנען און מען שיקט זיי וווהין מען וויל... קנעכט דאַרף מען נישט קאָרמענען מיט „מאַרצעפּאַנעס"! פאַר קנעכט איז גענוג, אַז מען גיט זיי אַ „פּייקע" ברויט — פאַרשטייט זיך, לויט זייער אַר־בעט, לויט זייער נאָרמע. זענען זיי שוואַכע — באַקומען זיי „פּיאַט'־סאָט גראַם" אָדער גאָר „שטראַפּנאָי פּאַיאָק"; זענען זיי אַרבעטזאַם — באַקומען זיי די גאַנצע 900 גראַם מיט אַ „פּרעמבליודאָ"!...

איז לייגט זיך עס נישט אויפן שכל? איז דען דאָס נישט די פּאָליטיק פון לאַגער־סיסטעם? דער זין פון די מיליאָנען שקלאַפן? — — —

אַי, מען צעברעכט מענטשלעכע לעבנס? מענטשלעכע פאַמיליעס? אומשולדיקע מאַכט מען קינסטלעך, באַוווסטזיניק און מיט פּרעמעדיטאַ־ציע פאַר „פאַרברעכער"? אַי מען זינדיקט קעגן יעדער מענטשלעכער עטיק — קעגן דער סאָציאַליסטישער בתוכם! — איז מילא! געפינט מען אַ הכשר: דאָס איז דאָך אַלץ כלומרשט אין נאָמען פון סאָציאַליזם! אין נאָ־מען פון דער צוקונפט — — —

## 37

## אַ שפּיל מיטן טויט...

אין די פאָר וואָכן, וואָס כ'האָב געאַרבעט אין קאַנטאָר, האָב איך אַביסל צוריקגעשטעלט די כוחות — צוריקגעשטעלט, כדי באַלד נאָכדעם ווידער צו פאַרלירן אין דער פאַרשאָלטענער בריגאַדע פון לאַזאַראָוון.

עס איז שוין יאַנואַר. די פרעסט זענען נאָך שטאַרקער געוואָרן. דער צפון ווייזט וואָס ער קאָן. די אַרבעט אין וואַלד איז ממש אַ שפּיל מיטן טויט. דער פראָסט כאַפּט אַרום דעם קערפּער ווי אין אַ קלעם. די מענטשן פון דער בריגאַדע צעלויפן זיך אָפט אין די נאָענטסטע „קאָטשעגאַרקעס" כדי זיך צו ראַטעווען פון אומקום... מען פליט אַריין אין „קאָטשעגאַרקע" מיט הויפנס שניי, כדי צו רייבן די אָפּגעפרוירענע גלידער...

אַ פּאָר טעג האָט מען אינגאַנצן נישט געקאָנט אַרויסגיין צו דער אַר־בעט. עס האָבן שוין געכאַפּט פרעסט איבער דער „נאָרמע"... געווען שוין

העכער 40 גראַד. דאָך האָט מען אין די דאָזיקע טעג געהייסן די בריגאַ־דעס צו זיין גרייט צום אַרויסגיין — טאָמער וועט פּלאַצן דער פראָסט... איין טאָג איז טאַקע אַזוי געווען: באַגינען האָט דער פראָסט דערגרייכט 39 גראַד, ד״ה מיט צוויי גראַד איבער דער „נאָרמע״, און מען איז גע־בליבן אין די באַראַקן. אָבער זייגער 11 האָט דער פראָסט אַביסל נאָכגע־לאָזט — ביז 36 גראַד. די בריגאַדירן האָבן תיכף אַרויסגעפירט די ברי־גאַדעס אין וואַלד. דאָס גיין אַליין האָט געדויערט קאַרגע צוויי שעה. צו אַרבעטן אויפן פּלאַץ איז געבליבן זייער ווייניק צייט — אפשר אַ שעה צוויי. זייגער דריי איז שוין געווען נאַכט. נאַכט און פראָסט. דער פראָסט האָט זיך ווידער געשטאַרקט און האָט זיכער איבערגעטאַנצט די „נאָרמע״. דאָס האָבן די מענטשן דערשפּירט אין אַלע אברים. עס האָבן אַלע אַוועק־געוואָרפן די אַרבעט. מען האָט זיך צעטאַנצט אויף די ערטער, כדי זיך צו דערוואַרעמען, כדי צו ראַטעווען די פיס פון פאַרפרוירונג. צוליבן שטאַרקן פראָסט האָט מען מיט די פאַרגליווערטע פינגער נישט געקאָנט אַפילו איינרייבן אַ ווייס־געוואָרענע נאָז, צי די אויערן.

פאַר די פּאָר שעה אין פראָסטיקן פאַרגליווערטן וואַלד האָט מען כמעט ווי גאָרנישט אויפגעטאָן. די בריגאַדירן אַליין האָבן כסדר אונטער־געטאַנצט פון קעלט און געקלאַפּט זיך מיט די אָרעמס אַרום קאָרפּוס.

צום גליק האָט דער פראָסט אויך לאַזאַראָוון געכאַפּט ביי דער נאָז. ער האָט זיך געריבן מיט שניי און געזידלט אין דער וועלט אַריין:

— מאַט׳ יעוואָ...

ער האָט געמוזט רעזיגנירן און אויך געגעבן אַ קאָמאַנדע:

— דאַוואַיטיע, געגאַנגען אין דער „זאָנע״...

מ׳האָט דעם דאָזיקן טאָג לחלוטין קיין שום נוצן נישט געבראַכט דעם „ניעפּטאָפּראָמיסל״. מ׳האָט נאָר פאַרגרעסערט די צאָל קאַליקעס...

---

אין איינעם אַזאַ יאַנואַר־טאָג — געווען איז עס אין „וויכאָדנאָי״ — האָט מען אין דער „זאָנע״ דורכגעפירט אַ מעדיציניש קאָנטראָל. גערופן האָט מען צו דער קאָנטראָל על פּי רוב די פרישע מענטשן פון אונדזער טראַנספּאָרט — די פּוילישע. ס׳האָט זיך באַלד אַרויסגעוויזן, אַז דאָס איז נישט געווען סתם אַ מעדיצינישע אונטערזוכונג, נאָר דאָס האָט מען אויסגעקליבן די סאַמע געזינטסטע מענטשן פאַר צוויי עקסטראַ „קאָמאַנ־

דיראָווקעס״. איין גרופּע האָט געדאַרפט אָוועקגעשיקט ווערן אין דער געגנט פון פּעטשאָראַ, נאָך ווייטער אויף צפון. דאָרט זענען נייטיק געווען די מענטשן צו דער אַרבעט ביי דער נייער אייזנבאַן — צו „סעוו־זשעל־דאָר״ (צפון־אייזנבאַן), וואָס ווערט דאָרט צוגעצויגן ביז די עקסטרעמסטע פּונקטן, כדי צו באַדינען דעם גאַנצן לאַגער־געביט אויף צפון.

די צווייטע גרופּע איז באַשטימט געוואָרן פאַר אַ געוויסן אָרט אין דער טייגע, אַ 40־50 קילאָמעטער פון אונדזער „זאָנע״, ווו מען זאָל האָבן אַנטדעקט אַ נייעם נאַפט־קוואַל. דאָס דאָזיקע אָרט האָט מען אָנגערופן „ט ש ו ט׳ ״. פאַר ביידע גרופּעס האָט מען געדאַרפט אויסוויילן 200 מענטשן — צו 100 אין יעדערער.

באַטראַכט די מענטשן האָבן צוויי דאָקטוירים: דער לעניגראַדער יידישער דאָקטער אָווערבוך — אויך אַ „זע־קאַ״ — און דער ד״ר בעקער, דער „יעקע״. מ׳האָט איטלעכן באַטראַכט מער ווי מעכאַניש. מ׳האָט אויסגעהערט דאָס האַרץ, די לונגען, באַקוקט דעם געבוי פון קערפּער, גלייך ווי צום „פּריזיוו״. זיי האָבן געדאַרפט אַ סך, אַ סך נישטערן און זוכן, די דאָקטוירים: פאַר דער צייט וואָס די פּוילישע געפינען זיך אין לאַגער, — נאָך די פלאַגענישן אין די תפיסות און עשאַלאָנען, — האָבן זיי אַ סך געזונט שוין פאַרלוירן... דאָך האָבן די דאָקטוירים געמוזט אויסקלייבן די רעלאַטיוו־געזונטסטע, כדי צו האָבן די נייטיקע צאָל מענטשן. די פּוילישע יידן האָבן אין די דאָזיקע צוויי גרופּעס פאַרגעשטעלט אַן אַנגעזעענעם פּראָצענט. זיי האָבן זיך נישט געהאַט צו שעמען מיט זייער צאָל לגבי די אַנדערע נאַציאָנאַליטעטן אין לאַגער...

מיך האָט ביי דער קאָנטראָל באַטראַכט דער „יעקע״ — ד״ר בעקער. ער קען מיך שוין, קען מיין שוואַכערן צושטאַנד און האָט זיך מיט מיר וויי ניק „צערעמאָניעט״. ער האָט מיר גלייך אַ זאָג געטאָן:

— זיע בלייבען היער.

אַזוי האָט מען אונדז מיטן „מעדיצינסקי סמאָטר״ (מעדיצינישע אונטערזוכונג) „צעקלאַפּט״ דעם „וויכאָדנאָי״, אויף וועלכן מ׳האָט געוואַרט גאַנצע דריי וואָכן... אויפן חשבון פון אַן אַרבעטס־טאָג פּטרט מען נישט קיין צייט, נאָר אויף אונדזער חשבון, אויפן חשבון פון די אַזוי ווייניק פרייע שעהען...

צומאָרגנס נאָכן „פאַדיאָם״ האָט מען שוין די ביידע גרופּעס אָוועק־

געשיקט אין זייערע פאַרשיידענע ריכטונגען. בעת מיר זענען געשטאַנען ביי דער „אינסטרומענטאַלקע", האָט מען אויך די „קאָמאַנדיראָוואָטשנע" אַרויסגעגעבן אַרבעטס־מכשירים און מ׳האָט זיי פאַרלאָדן אויף לאַסט־מאַשינען, וואָס האָבן געוואַרט אויף זיי דערנעבן.

אונדז האָט מען די אַרבעטס־כלים אַרויסגעגעבן נאָכדעם, ווי יענע זענען אַוועקגעפאָרן. עס איז נאָך אַלץ געווען פינצטער. דער שניי אונטער די פיס האָט געסקריפּעט. דערווייל איז עטלעכע און דרייסיק גראַד זיכער, נאָר מען ווייסט נישט, ווי וועט דער פראָסט שפּעטער אויסזען, בעת מיר וועלן שוין זיין אין וואַלד...

ס׳אַראַ ווידערווילן, ס׳אַראַ עקל איך פיל צו דעם דאָזיקן וואַרשטאַט, וואָס פאַרטיילט די אַרבעטס־מכשירים. דער געקלאַנג פון די רידלען, פון די זעגן און קירקעס, וואָס מען וואַרפט צו די בריגאַדעס, גרילצט מיר אין דער נשמה. איך פיל: די דאָזיקע מכשירים זענען דאָ באַשאַפן געוואָרן נישט צו ברענגען נוצן, נאָר צו פייניקן מענטשן...

— נעם אַ האַק! נעם אַ זעג! — שטופּט מיר לאַזאַראָוו דאָס געצייג. ווי איך האָס זיי, אָט די מכשירים, זייער גרילצעריי!

ביים לאַגער־טויער שטייט ד״ר אַווערבוך, דער הויפּט־דאָקטער פון „סטאַציאָנאַר". ער באַקוקט די מענטשן, צי אַלע האָבן הענטשקעס, צי טראָגן זיי די וואַטענע זאָקן. ווער עס האָט נאָך נישט באַקומען, ווערט פון אים פאַרהאַלטן און אָפּגעשטעלט אָן אַ זייט. ער קלייבט צונויף עטלע־כע אַזעלכע פאַרשוינען און שיקט זיי אָפּ אין מאַגאַזין; די בריגאַדע וואַרט אויף זיי ביז זיי קערן זיך אום שוין אין די וואַטענע זאָקן און אין הענ־טשקעס.

די דאָזיקע קאָנטראָל ווערט געמאַכט נישט אַזוי צוליב הומאַניטאַרע טעמים, ווי צוליב דער גרויסער צאָל פאַרפרוירענע, וועלכע פאַלן יעדן טאָג אַרויס פון די בריגאַדעס: צוליבן פאַרלירן די אַרבעטס־הענט!... איט־לעכן טאָג ווערט די אַמבולאַטאָריע פון „סטאַציאָנאַר" באַלאַגערט פון מענטשן מיט אָפּגעפרוירענע אברים. און נישטאָ קיין עצה: מען מוז זיי באַפרייען פון גיין אין וואַלד... דער נאַטשאַלניק פון לאַגער, דערציילט מען, האָט זיך געבייזערט אויף די דאָקטוירים, וואָס זיי באַפרייען אַזוי פיל מענטשן... נו, איז היינט געקומען צום לאַגער־טויער דער דאָקטער אַווערבוך אַליין אַ קוק טאָן אין וואָס פאַר אַ „הולך" מען פירט די מענטשן צו דער אַרבעט ביי אַזעלכע פרעסט!

דאָס מאָל פירט מען אונדז אַרויף אויף אַ פרייען, שוין „פלאַנירטן" פעלד, ווו עס זענען נאָך געבליבן שטעקן דאָ און דאָרט אַביסל פּניאַקעס און איינצלנע ביימלעך. אונדזער אויפגאַבע איז צו מאַכן דעם פּלאַץ פּול־שטענדיק ריין.

אויפן דאָזיקן אָפענעם פּלאַץ, נישט פאַרשטעלט פון ביימער, איז געווען מוראדיק קאַלט. באַגינען איז נישט געווען אַזוי פראָסטיק ווי איצטער, אין פרימאָרגן, ביי דעם שפּעטן זון־אויפגאַנג. ראָזע פלעקן פון דער זריחה האָבן ווי דורך אַ שלייער באַפאַרבט אַ שטיק הימל. אין דער לופטן האָבן געציטערט ווייסע פראָסט־פליטערלעך.

דער פראָסט האָט זיך שנעל פאַרשטאַרקט. דער פאַררעטערישער פראָסט! פאַרוואָס איז ער באַלד נישט געווען אַזוי שטאַרק, איבער 37 גראַד, איידער מיר זענען אַרויס פון „זאָנע"?... פאַרוואָס האָט ער אונדז אַרויסגענאַרט פון „זאָנע" און ווייזט אונדז איצט וואָס ער קאָן?... דער טערמאָמעטער — אונדזער דם־שונא — האָט באַגינען געוויזן 35, 36 און איצטער... ווער ווייסט ביז וויפל גראַד קעלט ער האָט אַראָפּגעזונקען!

איך שפּיר שוין דעם פראָסט אין אַלע אברים: אין די פיס, אין די פינגער, אין די אויערן אונטער די „נאַאושניקעס", אין דער שפּיץ נאָז... איך פּרוּוו אַרבעטן: האַק אויס איין ביימל, אַ צווייטס, — איך קאָן נישט מער. עס שטעכט ווי מיט נאָדלען.

מיין רוסישער שכן אַליאַרמירט מיך:

— דיין נאָז איז ווייס געוואָרן...

איך נעם רייבן מיט שניי די נאָז. אָבער אויך דער גראָבער פינגער פון דער לינקער האַנט איז שוין ווייס געוואָרן ווי ביי אַ מת.

עס בלייבט מיר איין אויסוועג — אַנטלויפן! אַנטלויפן פון אומגליק!

איך זע אין דער ווייטנס אַ „קאָטשעגאַרקע". מיט אַלע כוחות לויף איך און פאַל אַריין אַהין קוים אַ לעבעדיקער. איך רייב מיט שניי די נאָז, דעם פינגער. דער פינגער בלייבט ווייס און באַקומט שוין נישט קיין לעבעדיקן קאָליר.

די גאַנצע צייט שוין געבליבן אין „קאָטשעגאַרקע". קומענדיק מיט דער בריגאַדע צוריק אין „זאָנע", בין איך גלייך אַוועק אין אַמבולאַטאָריע.

— פאַרפרוירונג פון ערשטער סטאַדיע, — זאָגט מיר דער דאָקטער, — מ'וועט נאָך קענען אָפּראַטעווען דעם פינגער.

ער גיט מיר אַ באַפרייאונג אויף דריי טעג.

הייסט עס, נאָך אַ גליקלעכער „צופאַל" פאַר מיין אויסדויער...

דאָס מאָל שיקט מען מיך שוין נישט אין וואַלד נאָך יאַגדעס פאַרן „סטאַציאָנאַר": ערשטנס טאָר איך מיט מיין אָפּגעפרוירענעם פינגער נישט גיין ביי אַזעלכע קעלטן אין וואַלד; צווייטנס, זענען די שנייען שוין אַזוי הויך — ערטערווייז העכער צוויי מעטער — אַז קיין שום מין יאַגדעס דערלאַנגען שוין נישט איבערן שניי־פּלאַך.

## 38

## אַ „טראָצקיסט" און סתם אַ „קאָנטררעוואָלוציאָנער"...

אין די דאָזיקע פרייע טעג קום איך ווידער צו זיך אַביסל. זע זיך מיט מענטשן, גיי אַריין אין איין באַראַק, אין אַ צווייטן. נישט האָבנדיק וואָס צו טאָן האָב איך אויך געפּרוווט אַריינגיין צום נאַטשאַלניק פון קלוב: גע־פּרוווט פונדעסטוועגן „אַ טאַפּ טאָן אין וואָגן", צי האָט ער מיך נאָך אין זינען?... צי טראַכט ער נאָך — און צי קאָן ער — מיר העלפן זיך באַ־פרייען פון וואַלד?...

אָבער אַ „ברכה לבטלה": ער רעדט, זאָגט אַלץ צו — און עס האָט נישט קיין האַפט, קיין ממשות.

— ווען איר קוקט אָן ווי אַזוי איך האָב איבערגעאַרבעט מיין פּיעסע! ניעטשטאָ אָסאָבעננאָיע! (עטוואָס אויסערגעוויינלעכס!) — באַרימט ער זיך פאַר מיר. — אויב איר האָט געדולד, וואָלט איך אייך עס געוויזן...

— אָ, איצט נישט... איך האָב נישט קיין צייט... אפשר אַ צווייט מאָל...

כ'בין באַלד אַוועק פון דעם נודניק און באַרימער, כדי מער צו אים נישט אַרויפקומען... אין דער דאָזיקער פרייער צייט האָב איך געשלאָסן צוויי נייע באַקאַנטשאַפטן: איין באַקאַנטשאַפט — מיט אַ רוסישן זשור־נאַליסט, טשיזשעוו, וואָס האָט אַ „סראָק" פון 15 „יאָרלעך" פאַר „טראָצ־קיזם". טשיזשעוו איז זייער אַן אינטערעסאַנטער טיפּ. קודם־כל איז ער אינטעליגענט, האָט אַ סך געלייענט און קען וועלט און מענטש. אַפילו מיט זיין אויסערלעכן אויסזען פאַראינטערעסירט ער. כאָטש ער טראָגט

די זעלבע לאַגער־קליידער, וואָס אַלע, די זעלבע פּאַרלאַטעטע פּופּייקע און וואַטענע הויזן, — אָבער דאָך אונטערשיידט זיך זיין פּנים פון אַנדערע גרויע, גאָרנישט־זאָגנדיקע פּנימער. אַ שוואַרץ בערדל זוימט אַרום זיינע באַקן און קין. די טונקעלע אויגן פאַרמאָגן אויסדרוק. אַז ער נעמט נאָר רעדן אויף זיין ריינעם, אָפּטמאָל ליטעראַרישן רוסיש, זעט מען באַלד, אַז מען האָט צו טאָן מיט אַ רוסישן אינטעליגענט.

טשיזשעוו אַרבעט ערגעץ אַלס „גרוזטשיק״. היינט איז ער גראָד פריי ווייל ער האָט געאַרבעט ביינאַכט ביי דער סטאַנציע, ביים אָנלאָדעווען געהילץ אויף לאַסט־וואַגאָנעס. ער ווינט לעצטנס טאַקע אין מיין באַראַק, און אָט זיצן מיר אויף דער נאַרע און צעשמועסן זיך.

ער דערציילט מיר באַלד, אַז ער איז פאַרשיקט געוואָרן אין לאַגער פאַר טראָצקיזם — און ער איז עס טאַקע לויט איבערצייגונג. ער באַהאַלט עס נישט אויס פון קיינעם: סיי־ווי־סיי האָט ער דאָך דערפאַר באַקומען 15 יאָר... בעתן רעדן איז ער פול מיט שבחים און סופּערלאַטיוון פאַר טראָצקין, וועמען ער האָט געקענט פּערזענלעך, נאָך פון דער צייט, ווען טראָצקי איז נאָך געזעסן פעסט אין זאָטל... ער האַלט, אַז טראָצקי איז געווען איינער פון די גרעסטע פּערזענלעכקייטן פון אונדזער יאָרהונ־דערט. ער דערמאָנט און ציטירט פון זיינע רעדעס, וואָס ער האָט גע־האַלטן פאַר גרויסע פּראָלעטאַרישע מאַסן ביי פאַרשיידענע געלעגנהייטן. טשיזשעוו האָט אגב איבערגעלעבט דעם „האָניק־חודש״ פון דער אָקטאָ־בער־רעוואָלוציע אין לענינגראַד, אין דער נאָענטקייט פון טראָצקין, און דעריבער קען ער אים און געדענקט אים ווי אַ העראָאישע געשטאַלט.

— וואָס זענען זיי אַלע, אָט די מערזאַווצעס, אַנטקעגן טראָצקין? מילבן זענען זיי; זיי זענען קיינער בישט דערוואַקסן צו זיינע קנעכלעך! בלויז די קאָניונקטור האָט זיי געגעבן די אויבערמאַכט.

אַזוי עקזאַלטירט האָט ער גערעדט, אָט דער טשיזשעוו. זיין קאָרפּוס אויף דער נאַרע האָט זיך בעת־מעשה אונטערגעהויבן און מיט די הענט האָט ער זשעסטיקולירט, בעת ער האָט ציטירט טראָצקין, גלייך ווי ער אַליין, טשיזשעוו, וואָלט עס איצט גערעדט פאַר אַ מאַסע...

טשיזשעוו איז געווען איינער פון די געציילטע אין לאַגער, וועלכער האָט אַליין געוווסט — און אויך אַלע האָבן געוווסט — פאַר וואָס ער האָט פאַרדינט זיינע 15 יאָר!...

טשיזשעוו איז נישט געווען פאַרצווייפלט, הגם ער האָט נאָך פאַר זיך אַ 12 יאָרלעך אָפּצוזיצן אין לאַגער...

— איך האָף, — זאָגט ער האָפערדיק, — אַז מיר וועט נישט אויס־קומען אויסצוזיצן מיין פולן „סראָק״...

— אויפן וועלכן סמך אייער זיכערקייט? — פרעג איך סקעפּטיש.

— אַלץ אין קרעמל איז צעפוילט... עס מוז איינגעבראָכן ווערן,,, געגנוג איין צופעליקער שטורעם...

— ווי פאַרטראָגט איר דאָ די פרעסט?... — טו איך אים פלוצלונג אַ פרעג, כדי איבערצורייסן אונדזער שמועס, וואָס איז אַוועק אויף אַ גע־פערלעכן וועג... „וועגט האָבן אויערן״... — געדענק איך אַן אַלטן כלל...

— כ׳בין דאָך אַ מענטש פון צפון, — ענטפערט ער, — פון גאָרקי (ניזשני נאָווגאָראָד). פאַר מיר איז עס ווייניקער געפערלעך ווי פאַר אייך „זאַפּאַדניקעס״.

— זעט! — טו איך אים אַ ווייז מיין באַנדאַזשירטן אָפּגעפרוירענעם פינגער.

— ס׳אַראַ כאַמישקייט! — רופט ער אויס. — אייך, אַ שרייבער, האָבן זיי נישט געקאָנט געבן עפּעס אַן אַרבעט אין אַ קאַנטאָר?

איך דערצייל אים די מעשה וועגן דער השתדלות פון פרוי יאָפּע ביים נאַטשאַלניק פון דער „סטראָי־קאָלאָנאַ״ און מיט וואָס דאָס האָט זיך אויסגעלאָזט.

— אַ מערזאַוועץ! — האָט טשיזשעוו אויסגערופן אויפן אַדרעס פון נאַטשאַלניק פון „סטראָי־קאָלאָנאַ״.

— נו, און איר? — פרעג איך, — פאַרוואָס זענט איר נישט אין אַ קאַנטאָר, נאָר אַ „גרוזטשיק״?

— אָ, מיך וועט דער לאַגער־נאַטשאַלניק נישט צולאָזן... איך האָב אים איינמאָל אָנגערירט זיין כבוד...

יאָ, ס׳איז צו גלייבן אויף טשיזשעווס צינגל... דער „טראָצקיסט״...

פאַר דעם אַרעסט איז טשיזשעוו געווען רעדאַקטאָר פון אַ פּראָווינץ־ציייטונג און דאָ — „גרוזטשיק״! נאָר „גרוזטשיק״!...

מיין צווייטע באַקאַנטשאַפט אין די דאָזיקע פרייע טעג איז געווען מיטן יידישן אינטעלעקטואַל איזראַעלס, אַ פּראָפעסאָר פון אַ הויכשול — פריער אין מורמאַנסק, לעצטנס אין לענינגראַד.

איזראַעלס איז פונקט מיט אַ פּאָר טעג צוריק אָנגעקומען צו אונדז אין לאַגער, טאַקע אין מיין באַראַק, אויף דער אַנטקעגנדיקער נאַרע, און ערשט איצט האָב איך געהאַט די געלעגנהייט מיט אים צו כאַפּן אַ ברייטערן שמועס. איזראַעלס איז נאָך אַ יונגער מענטש, פון אַ יאָר עטלעכע און פערציק. אַן עכט סעמיטיש פנים. שוואַרצע האָר און שוואַרצע ברעמען. אַ הויכער, ווינקלדיקער שטערן און קלוגע יידישע אויגן. ער טראָגט נאָך זיין ציווילן אָנצוג פון דער היים, נאָך נישט געווען אין קיין בריגאַדע. ער „רוט" נאָך פון זיין לאַנגן וועג אין אַרעסטאַנטן־עשאַלאָן.

אין באַראַק איז קיינער גראָד נישט געווען. ס'איז געווען אין מיטן טאָג און אַלע זענען דאָך אויף דער אַרבעט. אַפילו דער „דניעוואַלני" איז אַרויסגעגאַנגען עפּעס דערליידיקן אין אַ וואַרשטאַט און ער האָט מיך געבעטן אַכטונג געבן דערווייל, עס זאָל זיך נישט אַמאָל אַריינכאַפּן עפּעס אַ „זשוליק", כדי עפּעס צו „לקחענען"...

מיר האָבן זיך פאַנאַנדערגערעדט. איך האָב גלייך געוווּנען איזראַעלס' צוטרוי און ער האָט געגעבן פרייהייט זיין לשון... ער רעדט מיט וויץ, מיט שאַרפזין, מיט עכט־יידישער פקחות. ווי ער דערציילט מיר, איז ער אַ געבוירענער פון ווייסרוסלאַנד, פון פּאָלאָצק, זיינער אַן עלטער־זיידע איז געווען רב אין אַ שטעטל הינטער מינסק.

איזראַעלס איז נאָך אונטערן פרישן רושם פונעם איבערגעלעבטן אין דער „נ. ק. וו. ד." אין תפיסה און לעצטנס אויפן עטאַפּ. ער שיט מיט סאַרקאַזם, ממש מיט פייער. איך פרעג אים ווייניק — ער אַליין רעדט, דערציילט. אויך איזראַעלס איז „ליקווידירט" געוואָרן פאַר „טראָצקיזם" — הגם ווי ער זאָגט — האָט ער איבערהויפּט נישט קיין שייכות צו קאָמוניזם. ער איז אַן אומפּאַרטייאישער מענטש. ער האַסט פּאָליטיק — בפרט זינט די פּאָליטיק האָט זיך אַריינגעכאַפּט אין אַזעלכע ברוטאַלע הענט... אפשר — דאָס איז מעגלעך — האָט ער זיך אַרויסגעכאַפּט מיט אַ וואָרט וועגן רעזשים, און אַ טרייער קנעכט האָט עס אונטערגעהערט און אונטערגעטראָגן „ווו מען דאַרף"... דאָס קאָן אפשר זיין... דערפאַר איז ער נישט ערב... אָבער צו קיין שום באַוועגונג, צו קיין שום אָפּאָזיציע האָט ער קיינמאָל קיין שייכות נישט געהאַט.

— אין וואָס זשע אייגנטלעך האָט מען אייך קאָנקרעט באַשולדיקט?

— אין וואָס זשע נישט? אין „פאַרשווערונג", אין „טראָצקיסטישער

קאָנספּיראַציע״... ווי באַלד כ׳האָב זיך אַרויסגעכאַפּט מיט אַ וואָרט פון קריטיק קעגן רעזשים, נו איז דאָך קלאָר ווי דער טאָג, אַז איך בין אַ „טראָצקיסט״... ווי דען אַנדערש? גאַנצענע צוויי חדשים האָט מען מיך געפּייניקט מיט „דאָפּראָסן״, געצוווּנגען מיך איך זאָל אויסגעבן מיינע חברים. מ׳האָט צו מיר גערעדט מיט גוטן און מיט בייזן... איין מנוול האָט אַפילו געוואַגט אויפצוהייבן זיין פויסט אויף מיר... אַזעלכע מנוּוולים!

דאָ האָט ער אָפּגעהאַקט צוליבן צושטראָם פון אויפרעגונג. נאָכן באַרואיקן זיך אַביסל האָט ער ווייטער דערציילט:

— איינמאָל פירט מען מיך אַריין אין אַ קאַבינעט פון אַ שפּאָגלנייעם אויספאָרשער. יענער רעדט צו מיר כלומרשט אַזוי פריינדלעך, מיט אַזאַ העפלעכן שמייכל. ער טוט אַ דריק אַ קנעפּל אויפן טיש און עס קומט אַריין אַ „נ. ק. וו. ד.יסט״.

— צוויי גלעזער טיי, פּאַזשאַלויסטאַ! — באַשטעלט מיין אויספאָרשער.

מ׳ברענגט אַריין צוויי שפּיגלדיקע גלעזער טיי מיט אַ וואַזעלע צוקער.

— טרינקט, פּאַזשאַלויסטאַ! — רוקט ער מיר אונטער איין גלאָז.

— ניין, אַ דאַנק, — ענטפער איך, — טרינקט אַליין ביידע גלעזער...

— פּאַנימאַיעטיע?... איך וויל איצט מיט אייך זיך אַדורכרעדן אויף אַן אָפנהאַרציקן אופן... אָבער טרינקט, פּאַזשאַלויסטאַ! — לייגט ער מיר ווידער פאָר דעם טיי, שמייכלענדיק ווי אַ קלאָאון. — איך ווייס דאָך, אַז אין דער תפיסה־צעלע חלשן די מענטשן נאָך אַביסל טיי...

— ניין, אַ דאַנק... — ענטפער איך אים ווידער קאַלט. — טיי האָב איך ליב צו טרינקען אין קרייז פון מיין פאַמיליע...

— פאַרוואָס אייגנטלעך, — פרעג איך איזראַעלסן, — האָט איר זיך אַזוי איינגעעקשנט נישט צו טרינקען דעם טיי?

— „פאַרוואָס״ פרעגט איר? ווייל אין מיין גלאָז איז זיכער געווען עפּעס אַריינגעטאָן, כדי מיך צו צעמישן... גענוג זיך אָנגעהערט אַזעלכע אויטענטישע מעשיות...

— וואָס זשע איז נאָכדעם געשען אויפן פאַרהער?

— נאָכדעם, אַז אים איז נישט געלונגען מיטן „כיבוד״, האָט דער

זעלבער „גאַסטפרײַנדלעכער" אויספאַרשער תיכף געביטן דעם העפלעכן טאָן... ער האָט זיך געבייזערט, געזידלט ווי אַ שיכורער גאָסן־יונג. אָבער געפועלט האָט ער סיי־ווי־סיי גאָרנישט ביי מיר. כ'בין געווען אַנטשלאָסן און האָב אים געזאָגט קאַטעגאָריש: „איר קאָנט מיט מיר טאָן וואָס איר ווילט — איך וועל זיך נישט מודה זיין צו נישט געשטויגענע — נישט געפלויגענע חטאים"...

— זענען „זיי" געווען אַזוי מאַכטלאָז, — פרעג איך, — און נישט געקאָנט אייך אויף אַן „אַנדער אופן" צווינגען זיך מודה צו זיין? אויף די „מאָסקווער פּראָצעסן", פון וואָס אויך מיר אין אויסלאַנד האָבן מסתמא בעסער געוווסט ווי איר, זענען דאָך אַלע באַשולדיקטע דערשינען ווי די מאַנעקענען און אַלע ווי איינער האָבן זיך דאָך מודה געווען לויט איין „נוסח"...

— יאָ, אמת, זיי וואָלטן זיכער געקאָנט מיר אָנטאָן גרעסערע צרות... אָבער מסתמא האָט „זיי" דאָס מאָל פשוט נישט געלוינט... „זיי" האָבן מיך נישט געהאַלטן פאַר אַזאַ וויכטיקן „העלד", וועמענס „מודה־זיין" איז „זיי" נייטיק פאַר דער פּאַרטיי־פּאָליטיק... דאָס איז שוין מיין „גליק"...

— איז וויפל „פּיאַטילעטקעס" האָט איר אַריינגעכאַפּט?... — פרעג איך אין לייכטן טאָן.

— צוויי „פּיאַטילעטקעס"... צען יאָר לעבן... און נישט נאָר צען... וואָס וועט שוין ווערט זיין מיין צעבראָכן לעבן נאָכדעם?...

ער איז אויף אַ ווייל אַנטשוויגן געוואָרן. די ווונד איז נאָך פריש און עס האָט אים פאַרקלעמט דאָס האַרץ...

— וואָס מיך באַאומרואיקט איצט, — גיט ער צו אין אַ ווײַלע אַרום, — איז דער גורל פון מיין פרוי און צוויי קינדער... איצט, אַז מיך האָט מען „ליקווידירט", וועט מען מיין פרוי זיכער נישט לאָזן וווינען אין לענינ־גראַד... ווו וועט זי זיך אַהינטאָן מיט די קינדער? ביעדניאַזשקי!... (אָרימע!).

מיט וואָס האָב איך אים געקאָנט טרייסטן, דעם לענינגראַדער פּראָ־פעסאָר? איך האָב אויסגעהערט זיינע רייד, זיין צעבראָכן האַרץ, פונקט אַזוי ווי איך פאַרנעם די פּיינען פון די אַלע צעבראָכענע מענטשן אין „זאָ־נע". יעדער טראָגט דאָך דאָ זיין אייטערדיקע ווונד אין האַרץ, דעם צער פון זיין פאַרלוירענער וועלט — — —

צוהערנדיק זיך צו די אָפּנהאַרציקע רייד פון איזראַעלסן, האָב איך געטראַכט: פונדעסטוועגן האָט ער געמעגט זיין פאָרזיכטיקער און אַביסל קאַרגער אין די רייד... איך זאָג עס אים:

— רעדט דאָ נישט מיט אַלעמען אַזוי ווי מיט מיר... מען מוז זיין אַביסל אָפּגעהיט מיט אַ וואָרט...

— ערשטנס, פיל איך מיט וועמען איך רעד... דער געביט פון פּסי־כאָלאָגיע איז מיר גראָד נישט פרעמד... צווייטנס, וואָס איז דער אונטער־שייד? „זיי" וועלן מיר פאַרגרעסערן דעם „סראָק"? פּאַזשאַלויסטאַ! סיי־ווי־סיי, אָדער איך וועל די צען יאָר נישט איבערלעבן, אָדער „זיי" וועלן פאַר דער צייט געשטעלט ווערן פאַר אַ פאָלקס־טריבונאַל!

אַזוי פריי און אָפן קאָן אַרויסרעדן נאָר רעזיגנאַציע. פּראָ־פעסאָר איזראַעלס איז דאָך שוין אַ ליקווידירטער מענטש — נו, איז גיט ער פרייהייט זיין פאַרביטערונג.

## 39

# אַ בריוו פון דער פאַרלוירענער וועלט

אין די דאָזיקע טעג האָב איך נאָך לאַנגע לעכצענישן באַקומען דעם ערשטן בריוו פון גראָדנע — פון מיין שוועסטער און מאַמען. מיט צי־טערדיקע פינגער האָב איך אויפגעריסן דעם קאָנווערט.

עס שרייבט די שוועסטער אין ביידנס נאָמען. שוין די ערשטע פראַזן רירן מיך ביז טרערן. זי שרייבט צווישן אַנדערן:

„די אַלע, וואָס ווילן דיך נישט זען, וואָס זענען גלייכגילטיק צו דיר — זעען דיך, זעען דיך אַלע טאָג, און מיר, וואָס גאַרן דיך צו זען, וואָס בענקען אַזוי נאָך דיר — מיר זעען דיך נישט"...

ווייטער שרייבט זי:

„דער קראַנקער בעניאַקאָוו וועט זיכער געזונט ווערן. זיי זיך נישט מצער. מיר האָבן זיך געווענדט, לויט דיין עצה, צו ד"ר אַלמי און עס זענען פאַראַן זייער גוטע האָפענונגען, אַז דער אָרימער בעניאַקאָוול וועט געזונט ווערן"...

דאָס איז אַ תשובה אויף מיין אַלעגאָריש שרייבן: מ׳זאָל זיך ווענדן צו מיין קאָלעגע, דעם שרייבער א. אַלמי אין ניו־יאָרק, וועגן אַן אינטער־ווענץ פאַר מיר.

זאָל איך גלייבן, האָפן?...

כ׳בין געווען נאָך „נאַאיוו" אין יענע טעג: ס׳האָט זיך געגלייבט, אַז יידישע שרייבער אין אַמעריקע קאָנען עפּעס פּועלן לטובת אַ שרייבער אין אַ סאָוויעטישן לאַגער... איצט, מיט יאָרן שפּעטער, ווען איך שרייב די דאָזיקע שורות, בין איך שוין רייכער אין דערפאַרונג; איצט ווייס איך שוין, אַז מעג אַפילו די גאַנצע וועלט פּראָטעסטירן און ליאַרעמען, באַ־פרייט מען נישט קיין יידישע שרייבער פון סאָוויעטישע לאַגערן! — — —

דאַן קומט ווידער אין בריוו אַ שטעל, וואָס רופט ביי מיר אַרויס טרערן:

„די מאַמע טוט כסדר תפילה פאַרן קראַנקן בעניאַקאָוו. זי איז שוין געוועןביים טאַטנס קבר און געבעטן רחמים, דער טאַטע ע״ה זאָל זיך מיען וועגן אַ רפואה שלימה פאַרן חולה"...

פאַראַן אויך אין בריוו אַ נישט־דירעקטער גרוס פון וואַרשע: די שוועסטער שרייבט, אַז מאַניע און אַלעק (מיין פרוי און קינד פון וואַר־שע) שרייבן אָפּט. זיי זענעןביידע געזונט און פרעגן כסדר וועגן בעניאַ־קאָווס צושטאַנד...

צום סוף איז מיר די שוועסטער מודיע, אַז זיי איז געלונגען נאָך זייער גרויסע שוועריקייטן, אַרויסצושיקן מיר אַ פּעקל: אַ סוועטער, וואַ־לענע סקאַרפּעטן און קנאָבל, — וואָס איך האָב געבעטן. דער עיקר האָב איך געבעטן קנאָבל, קנאָבל! די סגולה קעגן צינגאַ. פאַר אַ ציינדל קנאָבל שענקט מען אַוועק אַ „פּייקע" ברויט.

אויך איך האָב שוין איצט געפילט די סימפּטאָמען פון צינגאַ: מיין לייב איז שוין געוואָרן געפּייניקט פון געשווירן...

אין מיין תשובה־בריוו האָב איך דאָס מאָל געמאַכט אַ שטיקל שווינדל: היות ווי קיין וואַרשע קאָן איך דאָך נישט שרייבן, האָב איך אין מיטן בריוו צו דער שוועסטער אַנגעשריבן אַ נייע שורה מיט דער ווענדונג: „טייערע מאַניע! טייערער אַלעק!" אַזוי אַז מיין שוועסטער וועט שוין וויסן, אַז פון דאַנען אָן איז שוין דער בריוו נישט צו איר: און זי דאַרף עס אָפּרייסן און איבערשיקן קיין וואַרשע...

# 40
# דער רעקאָרד פון אכזריות

זענען ווידער אַוועק טעג פון פּיין.

טעג אין לאַזאַראַווס בריגאַדע. ס'איז איין טאָג געווען ערגער פון אַנדערן. אויב איך האָב אַמאָל געהערט, אָדער אַליין באַנוצט, דאָס וואָרט „קאַטאָרגע", האָב איך עס אין גרונט קיינמאָל אַזוי נישט פאַרשטאַנען. איצט פּיל איך דעם אמתן טעם און דעם אמתן פּירוש פון דאָזיקן וואָרט... איך פּיל עס אין מיין גאַנצן וועזן, אין מיינע אַלע רמ"ח אברים און שס"ה גידים...

קאַטאָרגע!

אָט שטיי איך איינגעבויגן און האַק מיט אַ קירקע דעם באָדן. דער בריגאַדיר האָט מיר געמאָלדן די נאָרמע, וואָס איך געדענק שוין אויף אויסנווייניק: צוויי גריבער צו 1 מעטער די לענג, 1 מעטער די טיף און 60 סענטימעטער די ברייט. יאָ, איך קען די נאָרמע שוין נישט פון היינט... אָבער דער באָדן איז דאָ פעלדזיק האַרט. דערצו האָט נאָך לאַנג געדויערט, צוליבן שניי, איידער איך בין צוגעקומען צום באָדן. איך האַק און האַק און בלויז קליינע הייפלעך שטויב קרישלען זיך אונטער די קלעפּ פון מיין קירקע. איך האָב גאָרנישט בדעה צו מאַכן די נאָרמע — איך ווייס פאָראויס, אַז איך וועל עס סיי־ווי־סיי נישט באַוויזן. אָבער לאַזאַ־ ראָוו קומט אָפּט צו מיר צו און שטייט מיר איבערן קאָרק. ס'איז שוין איינס אַזייגער בייטאָג און סך־הכל האָב איך „אויסגעביסן" פונעם שטיינערנעם באָדן אַ 40־50 סענטימעטער אין דער טיף. און דער ווינטערדיקער טאָג איז קורץ. אין אַ פּאָר שעה אַרום ווערט שוין פינצטער.

איך כאַפּ אַ קוק צו אַנדערע אין דער בריגאַדע. איך זע: קיינער איז היינט נישט קיין בריה! נאָר איין „סטאַכאַנאָוויעץ" — אַ רוס — האָט קוים געמאַכט פאַרן גאַנצן טאָג בלויז איין גרוב. און אַפילו דער דאָזיקער „העלד" האָט פאַרן היינטיקן טאָג באַקומען נישט מער ווי 500 גראַם ברויט און „פערווי קאָטיאָל"... איך האָב אָן אים באמת נקמה גענומען: וואָס האָט עס אים געטויגט, דעם באָלוואַן, אָפּצוהאָרעווען אַ טאָג מיט דעם לאָם און מיט דער קירקע?... אַז דער דראַקאָנישער לאַגער־רעגולאַ־ מין האָט סיי־ווי־סיי פאַר אים קיין איינזען נישט געהאַט?...

מיין אָפּגעפּרוירענער פינגער, וואָס איז שוין אויסגעהיילט, איז אָבער געבליבן פּילבאַר אויף דער קעלט. אין די לינדערע טעג — געווען אויך אַזעלכע — איז עס נאָך געגאַנגען; ווי נאָר אָבער דער פראָסט האָט אַ נעם־געטאָן, האָט עס באַלד אָנגעהויבן צו שטעכן און בריען אין פינגער. דאַן פלעג איך נעלם ווערן אין דער ערשטער־בעסטער „קאָטשעגאַרקע״ און געשטעקט דאָרט ביים דאַמפּיקן קעסל ביזן צוריקגיין פון דער בריגאַדע. לאַזאַראָוו האָט זיך געוואָרפן, געשיפעט ווי אַ שלאַנג, אָבער איך האָב איך געוויזן מיין בלויען פינגער: זע!

— דאַ טי יעוואָ...

דאָ האָט ער געקילט זיין צאָרן מיט אַ גראָב וואָרט.

ער האָט אויך געשטילט זיין בייז האַרץ מיט פאַרשרייבן מיר בלויז 300 גראַם ברויט און אַ שיטערע זופּקע פאַרן גאַנצן טאָג... מילא! שוין געוווינט צו דעם...

אגב: ווען איך וואָלט געדאַרפט לעבן דערפון, וואָס לאַזאַראָוו פאַר־שרייבט מיר, וואָלט איך שוין לאַנג נישט געלעבט... כ׳וואָלט שוין לאַנג געפאַלן פון הונגער... צום גליק האָב איך דאָך שוין לעצטנס פאַרדינט פון בריוו שרייבן און פלעג זיך שוין יעדן טאָג פאַרגינען צו קויפן אַ „פייקע״ פון 900 גראַם ברויט. און אַז עס פלעגט מיר צוגיין גאָר מזל־דיק, פלעג איך ביים קיך־פענצטערל נאָך באַקומען פון מיין היימישן „ראַז־דאַוושטשיק״, פון פרידמאַנען, אַ פול קעסעלע פון דער „ספּעץ־פּיטאַניע״. אַפילו לאַזאַראָוו אַליין, בין איך זיכער, באַקומט עס נישט...

אין איינעם פון די דאָזיקע טעג האָב איך געהאַט די געלעגנהייט צו זען באַשיינפּערלעך ס׳אַראַ רשע און אַנטיסעמיט עס איז לאַזאַראָוו. ער האָט געשלאָגן דעם רעקאָרד פון אכזריות!

געווען איז עס ביים האַקןביימער אין וואַלד. דער טאָג איז גראָד גע־ווען אַ גאַנץ לינדער און מענטשן האָבן זיך פריי באַוועגט. דאָס צוקומען צו אַ בוים איז געווען באַשווערט צוליב די חמרים שניי אומעטום. די שטאַמען זענען געווען ממש פאַרזונקען אין ווייסן ים. מען האָט געמוזט פריער אַרבעטן מיט אַ רידל אַרום יעדן בוים איידער מ׳האָט געקאָנט צו אים צוקומען.

אַזוי האָב איך זיך קוים דערשלאָגן צו איינעם אַ בוים, וואָס איז געווען איינגעפּלאָנטערט מיט די צווייגן אין אַנדערע ביימער. דערנעבן איז געלעגן אַ דיקער שטאַם פון אַן אומגעוואָרפענעם בוים. אונטער דעם

דאָזיקן שטאָם, וואָס איז געלעגן אויף קוסטעס און נישט אויפן באָדן, האָט זיך געבילדעט אַ מין געצעלט. ווי נאָר איך האָב זיך גענומען מיט דער האַק צו מיין בוים, נאָך די ערשטע שאַרפע קלעפּ, איז אַן אַנדער בוים, שוין אַן אונטערגעהאַקטער און אַ פאַרטשעפּעטער אין די צווייגן, פּלוצלונג אַ פאַל געטאָן אין מיין ריכטונג. אינסטינקטיוו האָב איך זיך אַ כאַפּ אַריין געטאָן אין „געצעלט" אונטערן אויסגעצויגענעם שטאָם דער־נעבן. דער פאַלנדיקער בוים האָט מיטגעשלעפּט מיט זיך גאַנצענע ברילעס פאַרגליווערטן שניי, וואָס איז געלעגן אויבן אין די צווייגן. דער דאָזיקער בוים, צוזאַמען מיט די ברילעס שניי, האָט לחלוטין צוגעדעקט מיין גע־צעלט... כ'בין געבליבן ליגן אינעווייניק — נישט אַהין, נישט אַהער. פאַרנט — אַ געצווייג, געדיכט, נישט דורכצושטעכן מיטן קאָפּ; פון הינטן — די מאַסע שניי, דער איינגעפאַלענער בוים. כ'האָב בשום אופן נישט געקאָנט מאַכן קיין שום באַוועגונג און אָנגעהויבן שרייען נאָך הילף. די ברילעס שניי האָבן מיך געדריקט און כ'האָב געמיינט, אַז איך ווער דער־שטיקט.

ליגנדיק הער איך ווי די מענטשן פון דער בריגאַדע נעמען זיך פאַ־רען אַרום מיר. אָבער לאַזאַראָוו לאָזט זיי גאָרנישט טאָן. איך הער זיין געבייזער:

— גיי אַוועק! מען דאַרף נישט! זאָל ער פּגרן!...

איך הער דאַן אַן אַמפּערניש, אַ דינגעניש. עמיץ זאָגט:

— ער וועט דאָך דערשטיקט ווערן...

לאַזאַראָווס שטים אין טעמפּער אכזריות:

— ער מאַכט זיך אַזוי... איר וועט זען, אַז צום אַהיימגיין וועט ער אַליין אַרויסקריכן...

כ'בין זיכער, אַז דער רשע גלייבט אַליין נישט אין זיינע אייגענע רייד: אָט רעדט ער אַזוי, כדי צו באַרעכטיקן פאַר דער בריגאַדע דאָס נישט צולאָזן מיך צו ראַטעווען...

איך שפּיר אַלץ שטאַרקער דאָס דריקעניש אויף זיך פון דער שווע־רער משא. ס'איז מיר פּשוט שווער צו אָטעמען.

שריי איך מיט די לעצטע כוחות:

— ראַטעוועט!

ווידער אַן אַמפּערניש. לאַזאַראָוו לאָזט נישט צו קיינעם... קיין שום באַוועגונג נעבן מיר... גאָט מיינער! דער סוף?...

— ראַ־טע־וועט!!

עס האָט געדויערט. איך פּרוּוו מאַכן אַ באַוועגונג — עס גייט נישט. די משא דריקט אויף מיר. איך ליג ווי אין אַ קלעם.

פּלוצלונג דערהער איך די שטים פון איינעם אַ ביאַליסטאָקער בחור, פיינשטיין. דער יונגסטער פליט אין מיין בריגאַדע. פיינשטיין רעדט אויף אַ העכערן קול:

— איר זעט נישט, ער ווערט דערשטיקט! העי, חברה!

און איך שפּיר ווי ער נעמט זיך פּאָרען נעבן מיר.

לאַזאַראָוו זידלט:

— גיי אַוועק, דו זונהשע מאָרדע!

— העי, חברה! — דונערט פיינשטיין און לאָזט זיך נישט — איך וועל נישט אַוועקגיין... העי, יידן, שטייט נישט!...

איך דערהער באַלד נאָך אַנדערע יידישע שטימען:

— יידן, העלפט! פאָלגט נישט המנען...

— בליאַדי! — דונערט לאַזאַראָוו, דערפילנדיק דעם „בונט"...

פיינשטיינס שטים:

— איך וועל „דאָלאָזשען" דעם „נאַטשאַלניק פּראָמיסלאַ"... יידן, גראָבט! אַרבעט שנעל מיט די רידלען...

איך שפּיר שוין די באַוועגונג פון אַ גרופּע מענטשן אַרום זיך. איך דערשפּיר שוין אַפילו די באַרירונג פון אַ רידל אויף מיין פוס. לאַזאַראָווס שטים הער איך שוין נישט. אַפּנים, ער האָט שוין דערזען, אַז ער וועט דאָ נישט אויספירן.

— אָט באַלד! באַלד! זייט רואיק! — שרייט צו מיר אַריין פיינ־שטיין. — רופט זיך אָפּ! איר הערט?

— איך הער... — ענטפער איך שוין רואיקער.

איך דערפיל באַלד, ווי די משא ווערט אַלץ גרינגער, גרינגער. מען הייבט מיך אָן פאַמעלעך שלעפּן פאַר די פיס. כ'בין לסוף שוין אויסערן „געצעלט"... איך ליג נאָך אַביסל אויפן שניי, קום צו זיך.

איך ליג און קוק אָן לאַזאַראָוון — דעם טעמפּן אכזר. זיינע גרויע אויגן קוקן גלייכגילטיק, וואַסערדיק און קאַלט.

יאָ, עס פּאַסט זיך גוט פאַר אים די פראַזע: „זאָל ער פּגרן!"...

# 41

# דער זקן מיט דער שיינער באָרד

איך ראַטעווע זיך ווידער אויף אַ צוויי וואָכן אין אַ קאַנצעלאַריע. דאָס מאָל אין דער הויפּט־בוכהאַלטעריע, אונטער דער האַנט פון „גלאַוובוך" (הויפּט־בוכהאַלטער) ראָזענבלאַט, אַ רוסישער ייִד. דאָ אַרבעט אויך מיין באַראַק־שכן אינזשעניער פעלדהיי. די אַרבעט מיינע באַשטייט אין איבערשרייבן אַ ריי בוכהאַלטערישע באַריכטן צום אַוועקשיקן „נאַטשאַלסטוואָ". פעלדהיי וואָרנט מיך כסדר, איך זאָל זיך באַמיִען צו שרייבן „קאַליגראַפיש"... אַזוי ווי „זיי" האָבן ליב. אָבער גיי שרייב שיין, אַז אויך דאָ איז אַ מוראדיקע קעלט און עולם זיצט אין די פופייקעס. פונדעסטוועגן האָב איך געמאַכט די גרעסטע אָנשטרענגונגען צו שרייבן ריין, דייטלעך, כדי נושא־חן צו זיין ביים לייטער פון דער אָפּטיילונג און — דער עיקר — כדי נישט צו דאַרפן גיין מיט לאַזאַראָוון אין וואַלד אַריין...

איך באַקען זיך דאָ מיט נייע מענטשן, מיט דער רוסישער אינטעליגענץ. כמעט אַלע זענען דאָ „ק. ר. ד.ניקעס" מיטן פּאַראַגראַף 58... ד"ה באַשולדיקטע אין קאָנטררעוואָלוציע. איך כאַפּ אַמאָל אַ שמועס מיט דעם און מיט יענעם. פון זייערע רייד זע איך, אַז כמעט אַלע זיצן דאָ נישט צוליב אמתדיק־באַגאַנגענע חטאים, נאָר מחמת „חשדים", מחמת פּוסטע, גרונטלאָזע באַשולדיקונגען, וועלכע דינען ווי אַן אויסרייד — לויט אינזשעניער מעלניקאָווס אויסטייטשונג (און נישט נאָר מעלניקאָווס...) — צו קאָנען פאַרוואַנדלען אומשולדיקע בירגער אין שקלאַפן פאַר די טייגעס...

עס אינטריגירט מיך דער עיקר איין געשטאַלט. די געשטאַלט פון אַ זקן. דאָס איז דער הויפּט־דירעקטאָר פון דער בוכהאַלטעריע, אַ הויכער, שלאַנקער זקן, מיט אַ לאַנגער, גרויער, שיינער באָרד. אָנגעטאָן איז ער נישט אין לאַגער־קליידער ווי אַלע, נאָר אין ציווילע, אין אַ שוואַרצן מאַנטל און טונקעלן פוטערנעם היטל. מיט זיין אויסזען דערמאָנט ער קראָפּאָטקינען. דאָס איז זיכער, טראַכט איך, אַ טיפּ פון די אַמאָליקע רוסישע רעוואָלוציאָנערן, מיטן גייסט פון אַלעקסאַנדער הערצענס צייטן...

ער זיצט אין אַ באַזונדער ווינקל פון דער בוכהאַלטעריע, ביי אַ באַזונדער טיש, קוקט אַריין אין פאַרשיידענע פּאַפּירן, מאַכט באַמערקונגען,

נאָטיצן, שרייבט אונטער. עס קומען צו אים צו באַאַמטע, פרעגן אים, ווייזן אים פּאַפּירן און הערן אויס זיינע אויטאָריטאַטיווע אָנווייזונגען.

ווער איז ער, אָט דער רעפּרעזענטאַטיווער זקן? וואָס פאַר אַ „סטאַ־טיאַ״ האָט ער, און אין וואָסער זכות ווערט ער דאָ אָפּגעהיט און ער איז פּעאיק אַזוי אויסצוזען? אַזוי ריין, אַזוי ציכטיק?... פאַרוואָס איז ער דאָ נישט געוואָרן צעטראָטן ווי אַלע?...

איך פרעג וועגן אים דעם אינזשעניער פעלדהיי.

— אַן אַלטער „ק. ר. ד.ניק״... — ענטפערט ער מיר.

— טאָ פאַרוואָס לאָזט מען אים דאָ אַזוי זיך עלטערן?...

— פּשוט, ווייל ער איז זייער נייטיק דעם „ניעפּטאָפּראַמיסל״. דאָס איז אַ מענטש מיט געניאַלע פעאיקייטן...

— פאַרוואָס זיצט ער דאָ?

— אַ סוד... ער רעדט נישט מיט קיינעם וועגן דעם...

— טשיקאַווע. עס ווילט זיך מיר באַקענען מיט דעם דאָזיקן אַל־טיטשקן.

— מ׳קאָן עס מאַכן דורך ראָזענבלאַטן.

אין אַ געוויסן מאָמענט פירט מיך צו ראָזענבלאַט צום הויפּט־דירעק־טאָר און שטעלט מיך פאָר:

— אַלעקסאַנדער גריגאָריעוויטש! איך וויל אייך פאָרשטעלן אונ־דזער ציטווייליקן איבערשרייבער... אַ פּיסאַטיעל (שרייבער) פון פּאָלשאַ.

— זייער אנגענעם! — שטרעקט מיר יענער אויס די האַנט. — זיצט! זיצט, פּאַזשאַלויסטאַ!

— נו, — פרעגט ער ווייטער מיט אַ שמייכעלע, — האָט איר שוין באַוויזן דאָ אָנצושרייבן שיינע זאַכן?...

— ווו? אין וואַלד?... סיידן מיטן רידל אויפן שניי...

— איך פאַרשטיי אייך, ליבער פריינד... — רעדט ער אַרויס שוין מיט אַן ערנסטן פּנים, פון וועלכן דער שמייכל איז פּלוצלונג פאַרשוווּנדן.

— פאַרשטייט זיך, — וויל איך אַריינברענגען אַ לייכטערן טאָן — ס׳איז גוט וואָס דאָ ביי אייך אַרבעט איך נישט מיטן רידל, נאָר מיט דער פעדער. עס וואָלט מיך אָבער נאָך מער געפרייט, ווען איר זענט דאָ שעף־רעדאַקטאָר פון אַ ליטעראַרישן זשורנאַל און איך — אייער מיטאַרבע־טער... נישט קיין איבערשרייבער פון בוכהאַלטערישע באַריכטן...

— זעט אויס, אַז איר זענט נאָך ערשט נישט לאַנג פון דער היים...

— באַווייזט זיך ווידער זיין שמייכל, — נאָך נישט פאַרגעסן...

— קאָן מען עס דען פאַרגעסן?... קאָן מען פאַרגעסן די היים? די פרייהייט?... און איר האָט עס דען פאַרגעסן?...

— ניעט, דרוזשאָק! קיינער פאַרגעסט עס נישט... עד־מאָ! — פאַר־ענדיקט ער מיט אַ זיפץ.

איך האָב דערוואַרט פון אים אַ מער אָפנהאַרציק וואָרט וועגן זיך, כדי צו וויסן עפּעס גענויער וועגן דאָזיקן טשיקאַוון זקן; אָבער מער ווי אויף דעם זיפץ — אויף דעם „עד־מאָ“ — האָט ער זיך נישט דערלויבט...

— ווי לאַנג פאַרברענגט איר שוין דאָ? — פרעג איך אים ווייטער.

— שוין היפּש... מען מוז זיך פאַרגעסן אין דער אַרבעט... נישטאָ דאָ עפּעס אַנדערש...

— ס'איז נאָך גוט, אַז מען איז באַשעפטיקט ביי מענטשלעכע באַדינ־גונגען... אין ביוראָ... איך אָבער... אין וואַלד...

— ווען מען וואָלט מיך דאָ נישט געדאַרפט, וואָלט איך אויך געאַר־בעט אין וואַלד... מ'טוט מיר נישט קיין שום חסד...

— איך פאַרשטיי...

— פון דער אַנדער זייט, — גיט ער צו, — אין לאַגער איז אַמאָל שווערע פיזישע אַרבעט בעסער אין דער הינזיכט, וואָס זי פאַרמאַטערט אַפילו דעם רעיון און מען טראַכט ווייניקער... דאָ אָבער... עס טראַכט זיך צופיל... און די געדאַנקען זענען אַ פּיין...

אין דעם זקנס רייד האָב איך אין דער רגע אַרויסגעפילט אַ סך נשמה אונטער דער שווערער לאַסט פון טיפע באַהאַלטענע יסורים...

פון יענעם טאָג אָן פלעג איך דעם דאָזיקן זקן נאָכקוקן פון דער ווייטנס נאָך מיט מער בייגיר. ווער איז ער פאָרט? ווער איז ער אָט דער אַלעקסאַנדער גריגאָריעוויטש? און וועלכע זענען די פרטים פון זיין פער־זענלעכער טראַגעדיע?...

איין פרימאָרגן, גייענדיק צו דער אַרבעט אין קאַנטאָר, באַגעגן איך אים אין „גאַס“, צווישן די באַראַקן. ער גייט עס אויך פון זיין באַראַק צו דער קאַנטאָר. קיין אַנדערע „שפּאַצירן“ זענען דאָך דאָ נישטאָ... ער גייט אַזוי גלייך, שלאַנק. אין זיין פאַמעלעכדיקן גאַנג, אין דעם אויפגעהויבע־נעם קאָפּ איז געלעגן אַזויפיל פּאַטריאַרכאַלישקייט. עס רופט אַרויס דרך־ארץ.

— זדראַווסטוויטיע! — גריס איך אים.

— דאָבראָיע אוטראָ! (א גוט מאָרגן), — ענטפערט ער מיט זיין בנעימותדיקן שמייכל.

— אין קאַנטאָר? — פרעג איך סתם און גיי שוין מיט אים צוזאַ־מען אין זעלבן וועג.

— פאַראַן דען דאָ ערגעץ אַנדערש צו גיין? איך גיי שוין אַזוי דעם קורצן וועג אין משך פון יאָרן... ווי אַ מעכאַניזם... ווי אַ ראָבאָט... היין און צוריק... היין און צוריק... ווער ווייס ווי לאַנג מיר וועט נאָך דאָ אויס־קומען אַזוי צו גיין...

— ווי לאַנג איז נאָך אייער „סראָק“?

— אָ, נאָך גענוג לאַנג. כ׳וועל זיכער נישט לעבן אַזוי לאַנג...

— פאַרוואָס אַזאַ פעסימיזם?

— אָ, די נשמה־פיין! דאָס איז שווערער איבערצוטראָגן ווי פי־זישע ליידן... איר פאַרשטייט? די בענקשאַפט נאָך דער פאַרלוירענער וועלט... נאָך די צעטראָטענע אידעאַלן... נאָך דעם פאַרשוועכטן גלויבן... אַ גלויבן, פאַר וועלכן דו האָסט אַוועקגעגעבן יאָרן פון דיין לעבן... איר פאַרשטייט?... דער באַוווסטזיין, אַז אָט דאָס — די אומגליקלעכע היל־צערנע באַראַקן — אַז דאָס נאָר איז איצט דיין גאַנץ וועלטל... דאָס ברענגט דאָך אָפט צו שגעון...

איך האָב געהערט און פאַרשטאַנען זיין ווידוי, דעם ווידוי פון אַ רו־סישן „געוועזענעם מענטשן“... איך האָב גאָרנישט געדאַרפט וויסן די פרטים ווי אַזוי און פאַרוואָס מ׳האָט אים „ליקווידירט“. אַ נפקא־מינה דען וועלכן פאַראַגראַף מ׳האָט אים צוגעטשעפעט! וויכטיק איז פאַר מיר געווען דער איינער פרט, אַז דער דאָזיקער זקן האָט אַמאָל געלעבט אין אַ וועלט פון אידעאַלן, האָט פאַרמאָגט אַ גלויבן, און זיין וועלט איז חרוב געוואָרן, די אידעאַלן — צעטראָטן, דער גלויבן — פאַרשוועכט...

## 42

# טשוועקעס שיסן פון די דעכער...

דער ווינטער האָט זיך געשטאַרקט. ס׳איז שוין צווייטע העלפט יאַ־נואַר. די צפון־פרעסט האָבן זיך רעכט צעהוליעט. געווען שוין טעג, ווען

דער פראָסט איז דערגאַנגען צו 50, 55 און אַפילו 60 גראַד! אַ נס, וואָס אין די דאָזיקע טעג זענען נישט געווען קיין ווינטן. דאַן וואָלט קיינער נישט געקאָנט אויסהאַלטן. עס זענען געווען שטילע פרעסט, שטילע און ברענענדיקע, סמאַליענדיקע. די לופט איז געווען שטייף און בלוילעך. דער הימל שטאָליק, אייזיק. די קילע זון האָט אַרויסגעקוקט ווי דורך אַ דיקן שלייער.

די בריגאַדעס זענען בעת אַזעלכע פרעסט צו דער אַרבעט נישט געגאַנגען. אַז איך פלעג דורכלויפן דורך דער „גאַס" אין קאַנטאָר, האָט עס מאָדנע געסקריפּעט אונטער די פיס. כ'בין געווען איינגעהילט אין אַלע שמאַטעס, וואָס איך האָב געהאַט, פאַרשטעלט די אויערן, די נאָז, דאָס גאַנצע פּנים. איך האָב לויפנדיק געהערט, ווי עס שיסן אַרויס צוליבן פראָסט אין דער לופטן די טשוועקעס פון די דעכער.

אין קאַנטאָר האָט מען זיך „געכוקעט" פון קעלט אין די פאַרגליווערטע פינגער. ס'איז פּשוט אוממעגלעך געווען צו האַלטן אַ פּעדער אין האַנט. אויך דאָ איז פאַרפרוירן געוואָרן דער טינט אין די טינטערס.

אין אַזעלכע מעת־לעתן איז שוין געווען וואַרעמער אין די באַראַקן. דאָרט האָט מען געהייצט אַ קיילעכדיקן טאָג. אין באַראַק האָט דאָך נישט געפעלט קיין האָלץ. די בריגאַדעס האָבן נישט פאַרגעסן מיטצוברענגען יעדן טאָג פון וואַלד קלעצלעך אויף די פּלייצעס — האָט מען כּסדר צוגעלייגט אין אויוון די „פּאָלענעס" און דאָס פייער האָט געקנאַקט. תּמיד האָט עס געפלאַקערט. עס האָט שוין געדאַרפט אַרויסטאַנצן פון פייער אַ סאַלאַמאַנדרע... עס האָט אַפילו געקלעקט צו הייצן אין די טעג, ווען די בריגאַדעס זענען צוליב די שטאַרקע פרעסט אין וואַלד נישט אַרויס.

אַרום אויוון האָבן שטענדיק געקלעפּט מענטשן אַזוי ווי די פליגן. ווער רעדט נאָך אין די שעהען, ווען מענטשן זענען געקומען פון דער אַרבעט: בעת די שוואַכערע פרעסט — דעמאָלט האָט יעדער איינער געוואָלט זיך דערוואַרעמען אַביסל די דורכגעפרוירענע גלידער. מ'איז אַריינגעקומען פון וואַלד פאַרצויגן אין ווייסן, מיט פראָסט און מיט קעלט, מיט אייזצעפּלעך אויף די ברעמען, מיט רויטע און פיאָלעטע פּנימער — נו, איז מען תּיכף באַפאַלן דעם אויוון. יעדער האָט זיך געשטופּט צוצולייגן אַ האַנט, אַ פּלייצע — וואָס עס האָט זיך געלאָזט.

אַלע שוסטערס און שניידערס פון דער „שוואַלניע" און „סאַפּאָזשנאַיאַ" האָבן זיך שוין „דאָראָביעט" צו שעניקעס, אָנגעשטאָפּטע מיט

„אַפּילקעס" (האַלץ־שטויב פון אונטער דער זעג). די שעניקעס האָט מען צונויפגערוקט איינע נעבן די אַנדערע. היות ווי איך בין דאַך געשלאָפן צווישן זיי, האָב איך שוין גענאָסן פון דאָזיקן „קאָמפּאָרט". דערצו האָבן נאָך מיינע שכנים געאַרבעט אין „סמענעס" (שיכטן) בייטאָג און ביי־נאַכט — אַזוי אַז כמעט תמיד פלעגט אַ טייל פון זיי פעלן און דעריבער איז דאָס „רחבות" געווען נאָך גרעסער אויף די שעניקעס. ביי דער נאַכט־שיכט זענען געווען באַשעפטיקט מער באַלמעלאָכעס ווי ביי דער בייטאָגי־קער, ווייל ביינאַכט ברענגען דאָך די „דניעוואַלניעס" די „ספּעצאָוועקעס" און שיך פון די בריגאַדעס צום פאַרלאַטען און דאָס מוז דאָך געמאַכט ווערן ביזן „פּאַדיאָם". דערפאַר אָבער אין אַ „וויכאָדנאָי", ווען אַלע „סמע־נעס" פלעגן נעכטיקן אין באַראַק, דעמאָלט איז אויף דער נאַרע געווען אַזאַ ענגשאַפט, אַז מיר פלעגט אַמאָל אויסקומען צו זוכן ערגעץ אַנדערש אַ פּיצל נאַרע פאַר מיין אָרעמען פּעקל ביינער... נישט איין מאָל פלעג איך אַזוי וואַנדערן פון נאַרע צו נאַרע...

אויף די שעניקעס פלעגט מען זיך שוין אַפילו פאַרגינען אויסצוטאָן. צודעקן פלעג איך זיך מיטן „בושלאַט". צוקאָפּנס — די פופייקע און הויזן — קאָן דען זיין אַ בעסערער „קאָמפּאָרט" אין באַראַק?... עס האָט נאָר געפייניקט די שטענדיקע צרה: דאָס אָפטע לויפן אויף דרויסן... די אָפּ־געשוואַכטע אורין־פענכערס ביי אַלעמען. איינער אַראָפּ, דער צווייטער אַרויף. אַזוי אַ גאַנצע נאַכט. איצט, בעת די שטאַרקע פרעסט, איז עס גאָר אַן אומגליק. אַז מען גייט אַרויס אַ דערוואַרעמטער אויפן ביינאַכטיקן פראָסט, ווערט מען שיער נישט פאַרגליווערט. נישט איינער איז צוליב דעם אַוועק מיט אַ לונגען־אַנצינדונג אינעם „סטאַציאָנאַר".

# 43

# די געשיכטע פון אַ „קאָמאַנדיראָווקאַ"

איין אָוונט, אין די שפּעטערע שעהען, כאַפּ איך זיך אַריין אין אַמבו־לאַטאָריע צום דענטיסט: די צינגאַ האָט זיך שוין גענומען צו מיינע ציין...

אין קאָרידאָר פון „סטאַציאָנאַר" — אַ באַלאַגערונג. מענטשן זיצן אויף דער פּאָדלאָגע, אַנדערע ליגן אויסגעצויגן. מענטשן געשוואָלענע,

פאַרחושכטע, מיט אָפּגעפרוירענע אברים. איך רעד מיט דעם, מיט יענעם. איך טרעף אַ באַקאַנטן פון אונדזערע פּליטים — געלער. אַ קראַקעווער יונגערמאַן. איך דערקען אים קוים. געווען אַזאַ קרעפּטיקער יונג, בלוט און מילך, איצט אָבער — אַ סקעלעט! איך נעם אויספרעגן — ווייזט זיך אַרויס, אַז די גאַנצע גרופּע קראַנקע האָט מען היינט געבראַכט פון דער „קאָמאַנדיראָווקאַ" — פון „טשוט'". אַלע מיט אָפּגעפרוירענע אברים אָדער געשוואָלענע פון צינגאַ. געלער האָט אַן אָפּגעפרוירענעם פוס; אויך די אויערן זענען ביי אים אָפּגעסמאַליעט פון פראָסט. פון אַלע זייטן גייט אַ קרעכצעריי...

געלער דערציילט מיר די מוראדיקע געשיכטע פון 'טשוט'". בעת ער רעדט, שוידערט ער אינגאַנצן. ער רעדט מיט הפסקות:

— מ'האָט אונדז געבראַכט אויף לאַסט־מאַשינען אין דער וויסטער טייגע. קיין סימן, קיין זכר פון אַ לעבעדיקן ישוב. קיין שום כאַטע, קיין באַראַק. מ'האָט אונדז אַריינגעפירט אין וואַלד און געזאָגט: „ווילט איר נישט אומקומען פון קעלט, דאַן שטעלט זיך תיכף צו דער אַרבעט און קלאַפּט־צונויף אַ באַראַק"... די לאַגע איז געווען אָן אַן אויסוועג... עס האָבן שוין געכאַפּט דאַן פרעסט... מ'האָט זיך געשטעלט באַלד אַרבעטן, מייסטרעווען אַ שטיקל דאַך איבערן קאָפּ... מ'האָט זיך דאַך געמוזט ראַטעווען, כדי נישט אומצוקומען... אָבער כאָטש מיר זענען געווען הונדערט מאַן, פונדעסטוועגן האָבן מיר נישט באַוויזן צונויפצוקלאַפּן פאַרן טאָג דעם באַראַק. אַ גאַנצע נאַכט איז מען אָפּגעלעגן ביי ברענענדיקע קאָס־טרעס. מען האָט געהאַלטן אין איין צולייגן פרישע צווייגלעך און דרענג־לען, כדי דאָס פייער זאָל נישט אויסגיין און מיר זאָלן נישט פאַרגליווערט ווערן פון דער ביינאַכטיקער קעלט. אַ פּאָר טעג האָט געדויערט דאָס בויען דעם באַראַק. מ'האָט באַלד פון אָנהייב דערזען דעם טויט פאַר די אויגן... קוים מיט צרות פאַרענדיקט דאָס באַראַקל. אַלץ אויף היגערשע פּיסלעך, שלאַבעריק. אַבי צו פאַרשטעלן פון די ווינטן. אָבער אינעווייניק איז אויך נישט געווען קיין היץ... פון וואַנען? אַז קיין אויוון איז דאָך דאָרט נישט געווען... אַזוי ווי אין אַ שטאַל... און אַזוי איז אַוועק אונדזער לעבן אין דאָזיקן קאַלטן שטאַל. פון פינצטער ביז פינצטער האָט מען אונדז געיאָגט מיט דער אַרבעט. — „דאַוואַי! דאַוואַי!" — אַזוי כסדר. מען האָט גע־האַקט ביימער, געמאַכט „פּראָסיעקאָס". אַ פּאָר מאָל זענען געקומען עט־לעכע אינזשעניערן כאַפּן אַ קוק אויף דער אַרבעט. מען האָט „פּלאַנירט"

אַ פּלאַץ פאַר אַ „בורעוואַיאַ״. קיין אַרבעט, ווייסט איר דאָך, פעלט נישט אין וואַלד... אָבער באַלד דעם דריטן טאָג האָבן מיר שוין געהאַט קרבנות: מענטשן מיט אָפּגעפרוירענע הענט און פיס... מענטשן צוגעקילטע, מיט הויכער טעמפּעראַטור...

— און מיט וואָס האָט איר זיך דאָרט דערנערט?

— מיט טרוקענע פּראָדוקטן, וואָס מען האָט אונדז מיטגעגעבן אויף אַ געוויסער צייט: ברויט, הערינגלעך און אַביסל זאַמד־צוקער. די אייב־ציקע וואַרעמע זאַך, וואָס מיר האָבן טועם געווען, איז געווען „קיפּיאַטאָק״, וואָס מיר פלעגן אויפזידן אין די „קאָטיאָלקעס״ אויף די קאָסטרעס. ווייטער גאָרנישט אין משך פון וואָכן... פון צייט צו צייט פלעגט אונדז אַ לאָסט־מאַשין ברענגען דעם רעזערוו פון טרוקענע שפּייז אויף אַ געוויסע צאָל טעג. שפּייז און אויך פרישע מענטשן... ווייל אַלע טאָג פלעגט דאָך עמיץ אַנדערש פאַלן... פלעגט קראַנק ווערן אָדער פלעגט זיך אָפּפרירן אַן אבער און בלייבן קאַלטן אין באַראַק... די לאָסט־מאַשין — אַמאָל אויך אַ שליטן — פלעגט די קראַנקע צונעמען אין „סטאַציאָנאַר״...

— נו, און וואַסער, וואַסער?

— וואַסער האָבן מיר געהאַט נאָר פונעם שניי, וואָס מיר פלעגן אָנ־וואַרעמען אין די „קאָטיאָלקעס״. דאָס רוב פלעגן די מענטשן שלינגען שניי, אַזוי ווי „ליאָדעס״ (אייזקרעם). דורשט האָט מען שטענדיק געהאַט צוליב דעם טרוקענעם עסן, צוליב די הערינגלעך. האָבן זיך טאַקע אויך „געיאַוועט״ „פּאָנאָסן״ (שלשול) ביי די מענטשן. דעזינטעריע... וואָס ווייטער זענען מיר געוואָרן ווייניקער... פּונקט ווי אויף אַ שלאַכטפעלד. עס זענען כסדר אַרויסגעפאַלן מענטשן פון דעם „סטראָי״, פון די רייען... מיט אַ פּאָר וואָכן צוריק האָט מען צו אונדז געבראַכט אַ פרישן טראַנספּאָרט מענטשן פון ערגעץ אַ „זאָנע״... פון די אַלטע איז אפשר געבליבן אַ דריטל ביי דער אַרבעט... אַ סך אָפּגעפרוירענע האָט מען גלייך פון אונדז אַרי־בערגעפירט אין „סאַן גאָראָדאָק״ צום אָפּערירן אָדער צום אַמפּוטירן פיס... פינגער... טייל זענען זיכער נישט דערפאָרן און געמאַכט אַ שטאַרב אויף דעם וועג... אין אַזאַ שווערן מצב האָט מען זיי צוגענומען... פאַר דער צייט האָבן מיר אַפילו דאָרטן געהאַט אַ פּאָר לוויות... מענטשן האָבן זיך נישט דערוואַרט אויף דער מאַשין און אויסגעהויכט די נשמה... מיר האָבן זיי אַוועקגעטראָגן ווייטער אַביסל פון דעם באַראַקל און דאָרט זיי מקבר גע־ווען אין פלאַכע קברים. די ערד איז האַרט און פאַרפרוירן... דער שניי

האָט צוגעדעקט זייערע קברים און ס'איז גאָרנישט קענטיק אַפילו אויף יענעם אָרט.

— אַזוי מאַכט מען דאָ פון אונדז אַ סך־הכל... — פאַרענדיקט גע־לער זיין טרויעריקע דערציילונג.

— און וואָס איז מיט אייך? מיט אייער פוס? — פרעג איך אים.

— מיט מיין פוס מוז אויך זיין נישט פריילעך... אַלע פינגער אָפּגע־פרוירן... מסתמא וועט מען זיי מוזן אַמפּוטירן...

ער האָט געמאַכט אַן אויסגעקרימטע גרימאַסע, ווי פון שווערע יסו־רים און אַרויסגעלאָזט פאַרשטיקטע קרעכצן.

אַזאַ יונגער, אַזאַ בליענדיקער יונג געווען אָט דער געלער! — —

ווי ביליק זענען דאָ מענטשלעכע לעבנס... נאָך אַ סך ביליקער פון קיניגלעך, מיט וועלכע מען מאַכט עקספּערימענטן...

און אין דער סאָוויעטישער קאָנסטיטוציע איז פאַראַן אַ פּונקט, מיט וועלכן „זיי" באַרימען זיך: „דער מענטש איז טייערער פון אַלץ" — — —

זינט יענעם אָוונט האָב איך זיך ספּעציעל אינטערעסירט מיט דער מעשה־„טשוט'". אַז כ'פלעג נאָכדעם קומען צום דענטיסט, פלעג איך זיך עקסטראַ נאָכפרעגן אין קאָרידאָר צווישן די קראַנקע און כ'פלעג טאַקע תמיד טרעפן פרישע קרבנות פון יענעם טרויעריקן מקום... איך האָב מיט זיי גערעדט, אויסגעפרעגט זיי. יעדער פון זיי האָט מיר צוגעגעבן נייע פּרטים — נייע פינצטערע פאַרבן צו דעם שוואַרצן בילד... די שוי־דערלעכע קאַטאָרגע פון „טשוט'" האָט שוין אָפּגעקאָסט אַ היפּש ביסל לעבנס, צווישן זיי אַ היפּש ביסל פון אונדזערע פּוילישע יידן... וועמען פון זיי עס איז באַשערט געווען אַריינצופאַלן אין אונדזער „סטאַציאָנאַר", וועמען אין „סאַן־גאָראָדאָק" אונטערן מעסער אויפן אָפּעראַציע־טיש און וועמען — אויף אַ שליטן צום לאַגער־בית־עולם אונטערן שניי...

און נאָך שפּעטער בין איך געוווּר געוואָרן פון אַ לאַגערניק־אינזשע־ניער, אַז דער גאַנצער עקספּערימענט אין טשוט'" האָט זיך נישט איינ־געגעבן: די אויפגעשטעלטע „בוראָוואַיאַ" האָט זיך צו קיין נאַפט־קוואַל נישט דערגרונטעוועט. די אינזשעניערן זענען פאַרפירט געוואָרן דורך אומ־באַדייטנדיקע נאַפט־שפּורן.

אַזוי פיל אומזיסטע מענטשלעכע קרבנות!

יאָ, „דער מענטש איז טייערער פון אַלץ" — — —

# 44
# די פייערן אין דער טייגע

דאָס אַריינפאַלן צוריק פון דער בוכהאַלטעריע אין לאַזאַראָווס ברי־גאַדע איז געווען פאַר מיר דאָס זעלבע ווי דער איבערגאַנג פון אַ רוישיקן באַל צו אַ לוויה... איך האָב עס אָבער נישט געקאָנט אויסמיידן — ס׳איז געווען אַזוי אומפאַרמיידלעך, ווי אומפאַרמיידלעך עס איז דער טויט...

דאָס קריכן אין וואַלד איז נאָך שווערער געוואָרן. דער שניי איז נאָך מער אויסגעוואַקסן. אַלע וועגן און שטעגן זענען פאַרלייגט געווען מיט גאַנצע ימים שניי. בלויז דאָס גיין אַליין צו דער אַרבעט פלעגט פון גוף אויסנאָגן אַלע חיותן. די טעג זענען געוואָרן נאָך קירצער. מ׳פלעגט אַרויס־גיין אין דער פינצטער. פאַרן אַרויסגיין אין דער „זאָנע״ פלעגט מען, ווי שטענדיק, אָפּשטיין לאַנג ביי דער פאַרהאַסטער „אינסטרומענטאַלקע״. דער געקלאַנג פון די אַרבעטס־מכשירים — העק, זעגן, רידלען, לאָמען א. אנד. — האָבן מיך ממש געראַצט איבערן האַרץ... אַפילו נאָכן קריכן אַ שעה און צוויי צום אַרבעטס־פּלאַץ פלעגט מען נאָך אַלץ אָנקומען אין דער פינצטער. אַזוי קורץ איז געווען דער טאָג. מ׳פלעגט דערווייל מאַכן אַ שייטער און זיך וואַרעמען ביים פייער. מ׳זעצט זיך אויס אַרום אויפן שניי, מען פאַררויכערט — ווער עס האָט... מען צערעדט זיך וועגן „סראָקן״... מ׳ציילט די יאָרן, וויפל וועמען עס איז נאָך געבליבן צו פוילן אין לאַגער... און צו אונדז, פּוילישע, פלעגן די רוסן בשעת־מעשה איבער־חזרן זייער אַלטע „טרייסט״:

— דיין ליבקן אויער זעסטו, אַזוי וועסטו אָנזען דיין פּאָלשאַ...

— רעביאַטאַ, צו דער אַרבעט! — דערמאָנט זיך פּלוצלונג לאַזאַראָוו.

עס הערן זיך שטימען:

— ס׳איז נאָך פינצטער!

— מ׳זעט נאָך נישט די וועלט!

לאַזאַראָוו גיט זיך נישט אונטער:

— פאַראַן היינט אַ סך אַרבעט. מען מוז ענדיקן די „פּראָסיעקאַ״.

— איר מיינט טאַקע, — רוף איך זיך אָפּ, — אַז מען קאָן דאָ אי־בערהויפּט ענדיקן?... פאַראַן דאָ אַרבעט מינימום אויף טויזנט יאָר...

איך בין שוין אויך געוואָרן אַ צעסלער... איך רייניק אָפּ מיט דער

האַק די צווייגן פון ביימער און צעסע־אָפּ די קאָרע. דאָס דאַרף מען האָבן פּאָר עלעקטרישע סלופּעס. אָבער אַזעלכע ביימער צום צעסען זענען דאָ אָן אַ שיעור, אָן אַ סוף. וויפל איך זאָל נישט האַקן מיט דער האַק, וועט אַלץ זיין ווייניק און דער בריגאַדיר האַלט אין איין מאָנען און דערמאָנען:

— דאַוואַי! דאַוואַי!

אָדער:

— קאָריט׳ נאַדאָ! קאָריט׳! (קאָרעווען, רייניקן דאַרף מען).

אין די דאָזיקע טעג ראַטעוועט פון דער אַרבעט די נאַכט, דער חושך. די נאַכט גיט זיך אינמיטן דרינען אַ גנבע אונטער פון צווישן די ביימער, הילט־איין אַלץ אין פינצטערניש און די אַרבעט מוז איבערגעריסן ווערן. די לאַגער־שקלאַפן, איינגעוויקלטע אין זייערע שמאַטעס, בענטשן דאַן די לאַנגע נאַכט...

קריכט מען צוריק. דאָס ערגסטע איז דאָס קריכן אין דער פינצטערניש איבער די טיפענישן פון שניי. עס מאַטערט אַזוי און מען פאַרלירט באַלד די כוחות. בין איך נישט איין מאָל אָפּגעשטאַנען פון דער בריגאַדע. אָפּגעכאַפּט דעם אָטעם און ווייטער געקראָכן איבער די שנייאיקע וויסטענישן פון דער טייגע. איך נעם בלאָנדזשען און בלייב אַ ווייל שטיין. איך גיי דאַן ווייטער אין דער ריכטונג צו די פייערלעך. די פייערלעך האָבן לכתחילה געצויגן, אינטריגירט: עס האָט דערמאָנט אַ כאַטע... אַ היים... כ׳קום־צו — אַ „קאָטשעגאַרקע״ צי אַ „פּאָד־סטאַנציאַ״, וואָס קוקט מיט גרעלע פייערן אין חושך. וואַרעם איך זיך אָביסל אָן און קריך ווייטער צו דער „זאָנע״. דאָ האָבן מיר אַרבעטער געוויזן די ריכטונג. אויפן וועג רוישן טראַנסמיסיעס. דיקע רימענע פּאַסן ציען זיך אויף לאַנגע שטחים צווישן די „קאָטשעגאַרקעס״ און נאַפט־טורעמלעך. די טורעמלעך סטאַרטשען דאָ־דאָרט אַזוי ווי תליות, תליות צעזייט אין דער שוואַרצקייט פון נאַכט.

דאָ ווערט אומעטום געאַרבעט אין צוויי שיכטן: בייטאָג און ביינאַכט. כסדר גייט דאָ אָן דאָס געיעג פון אַרבעט. כסדר קרעכצן די מאָטאָרן, כסדר יאָגן די לעדערנע פּאַסן איבער מאָטאָריזירטע רעדער. דאָ, ביי די טורעמלעך און אין די „קאָטשעגאַרקעס״, אַרבעט די „עקספּלואַטאַציע־קאָלאָנאַ״. פון דאַנען קומען עס נאָך דער אַרבעט צוגיין מענטשן פאַרשוואַרצטע פון נאַפט־פּעטס, פון סאַדזע און שווייס. אָט דאָ פּטרן עס אַזויפיל קנעכט זייערע טעג און יאָרן... דאָ גייען זיי דורך זייערע לאַנגע

„סראָקן"... דאָ ווערן זיי „אויסגעבעסערט" פון זייערע „חטאים". דאָ — אין דעם „איספראַוו־טרודאָוואָי לאַגער"... (אויסבעסערונג־אַרבעטס־לאַ־גער).

איך פאַרנעם אין דער נאַכט דאָס געוואָי פון די טראַנסמיסיעס און עס דוכט זיך מיר, אַז עמיצער וויינט... אַ געוויין אין דער נאַכט... צי איז עס נישט דאָס געוויין פונעם מענטשלעכן עלנט?... פין דער אומענדלעכער פיין? — צי הערט די ווייטע וועלט דאָס דאָזיקע געוויין? — — —

איך בלאָנקע אַזוי ווי אַ פאַרגעסענער, אַ פאַרלוירענער דורך טייגע און נאַכט. עס רייצן פון אַלע זייטן פייערן.

ניין. איך גלויב דאָ מער נישט די פייערן... דאָס זענען נישט קיין פייערן אין מנוחהדיקע פענצטער... נישט קיין פרוי, נישט קיין קינד זיצן דאָרט אין וואַרעמקייט ביי אַ טיש, אין דערוואַרטונג פון אַ מאַן, פון אַ טאַטן, וואָס דאַרף אָט־באַלד עפענען די טיר...

איך גלייב נישט די פייערן אין דער נאַכטיקער טייגע... דאָס זענען אומעטום נאָר פייערן פון נאַפט־טורעמלעך, פון „קאָטשעגאַרקעס" אָדער „פאָדסטאַנציעס", געשאַפענע אין בלוט און שוויס דורך שקלאַפן — —

טאָג און נאַכט רוישט עס דאָ, וואָיעט עס דאָ אויף די מענטשלעכע לעבנס, וואָס לעשן זיך דאָ אויס, ווייט פון דער פרייער, שיינער, ליכטי־קער וועלט — — —

שפּעט אין דער נאַכט — אַן אויסגעקעלטערטער, מיט פראָסט אין די גלידער, אַן אויסגעהונגערטער, אַ טויט־מידער, אָן אויסזיכט צו באַקומען דעם „אָביעד" אין דער שפּעטער שעה... — דערשלעפּ איך זיך קוים צום גרעל־באַלויכטענעם טויער פון מיין „זאָנע".

אַלץ איז דאָ ווי געווען: דער פאַרקאַן מיט שטעכיקן דראָט, די וואַך־טורעמלעך מיט די „סטריעלקי" פון אויבן און אויך די רויטע פאָן מיטן ברייטן טראַנספּאַרענט איבערן טויער: „פּראָלעטאַריער פון אַלע לענדער פאַראייניקט אייך!" — — —

אַלץ ווי געווען...

## 45

# איך באַקום אַ „קאָנקרעטן" פאָרשלאָג

עס פאַלט מיר איין צו מאַכן אַ געוואַגטן פּרוּוו:

ווענדן זיך צום קאָפּ! צום נאַטשאַלניק פון לאַגער — צום סטאַרשי לייטענאַנט פון „נ. ק. וו. ד." קראַווטשוק.

איך שרייב־אָן צו אים אַ קאָנדענסירט־רעדאַגירטע „זאַיאַוולעניע", אַ מין „מעמאָריאַל". איך קלער־אויף בקיצור ווער און וואָס איך בין: אַ שרייבער, — אַ פּליט פון פּוילן, אַ מחבר פון אַ ריי ביכער (דאָ מוז איך אונטערזינדיקן קעגן באַשיידנקייט...); דערמאָן אויך מיין בוך וואָס איז דערשינען אין רוסישער איבערזעצונג אין מאָסקווער „גאָסאיזדאַט"; פאַר־געס אויך נישט צו דערמאָנען מיינע איבערזעצונגען פון דער רוסישער — און אויך רוסיש־סאָוויעטישער — ליטעראַטור: פון טורגעניעוו, פּושקין, לערמאָנטאָוו, גאָגאָל, פאַנטעליימאָן ראָמאַנאָוו, יעסענין.

איך באַמערק, אַז איך ווענד זיך צו אים ווי צום שעף פון לאַגער און ווייז־אָן, אַז ווייל כ'האָב זיך קיינמאָל נישט פאַרנומען מיט פיזישער אַרבעט און ווייל מיין געזונט־צושטאַנד איז דערצו אַ שוואַכער (צווייטע קאַטעגאָריע), זענען דעריבער מיינע אַרבעטס־לייסטונגען אין וואַלד גאַנץ מינימאַלע; אַז איך וואָלט מער נוצן געבראַכט, ווען איך אַרבעט אין אַ קאַנצעלאַריע. אין נאָמען פון די קעגנזייטיקע נוצן — פאַר מיר און פאַרן „ניעפּטאָפּראָמיסל" — בעט איך דאָס צו נעמען אין אַכט און מיך איבער־פירן אויף אַן אַרבעט אין אַ ביוראָ. צום סוף דריק איך אויס מיין גלויבן, אַז דער נאַטשאַלניק וועט מיין בקשה דערפילן און דאַנק פאַראויס.

אָנגעשריבן עס ביינאַכט — און דעם אַנדערן אָוונט, קומענדיק פון וואַלד, בין איך אַוועק אין קאַנצעלאַריע פון „נאַטשאַלניק פּראָמיסלאַ".

איך קלאַפּ־אָן.

— אַריין!

כ'גיי אַריין מיט דער „זאַיאַוולעניע" אין האַנט.

דער נאַטשאַלניק איז אַליין אין חדר, ביים שרייבטיש. ער זיצט אין אַ פיינעם מונדיר, אָן שינעל. דאָ איז וואַרעם. דאָ הייצט מען... דאָ ווערט דער טינט נישט געפרוירן... פון אויבן אויף דער וואַנט קוקן־אַראָפּ דריי גרויסע פּאָרטרעטן: לענין, סטאַלין, קאַלינין.

— און וואָס גייט עס דאָ? — שיקט ער צו מיר אַ פראַגע.

— איך האָב דאָ צו אייך אַ „זאַיאַוולעניע".

— זאָג וואָס דו פאַרלאַנגסט, — זאָגט ער מיר פער „דו"...

— כ'האָב עס אָנגעשריבן. ס'וועט ווייניקער דויערן ווי דערציילן.

— דאַוואַי!

כ'טראָג אים אונטער דאָס פּאַפּיר. יענער נעמט אַריינקוקן, דורכ־וואַרפן שנעל מיט די בליקן. ער בייט תיכף דעם גאַנצן טאָן:

— אַך, דאָס זענט איר, אַבראַם יאַקאָוולעוויטש? זעצט זיך, פּאַזשאַ־לויסטאַ... נעמט אַ שטול...

פּלוצלונג רעדט ער שוין נישט פער „דו", נאָר „איר"...

איך זעץ זיך אַנידער אַנטקעגן אים. בעת־מעשה מאַך איך זיך שוין אַ פאָרוווּרף אין מחשבה, וואָס איך האָב עס באַלד נישט געטאָן, אין די ערשטע טעג... אַז כ'בין באַגאַנגען אַ גרויסע נאַרישקייט...

דער נאַטשאַלניק קוקט־איבער אַלץ, וואָס איך האָב אָנגעשריבן:

— לאַדנאָ! — רופט ער אויס ווי צו זיך אַליין נאָכן ענדיקן.

ער שטעלט מיר עטלעכע פראַגן אין שייכות מיט מיין אַרעסט; ביי וואָס און ווו איך האָב געאַרבעט אין וואַרשע וכדומה.

איך גיב אים קורצע דערקלערונגען. איך באַמערק לסוף:

— איר קאָנט זיך באַקענען מיט מיינע אַקטן. איר וועט דאָרט זי־כער זען, אַז איך בין נישט קיין פאַרברעכער... אַז איך בין נאָר אַ פּליט...

— לאַדנאָ, לאַדנאָ...

ער מאַכט זיך באַקוועמער אויף דעם שטול, פאַררויכערט אַ פּאַפּי־ראָס און נאָכן אַרויסלאָזן די ערשטע רויך־וואָלקנדלעך הייבט ער אָן:

— הערט, אַבראַם יאַקאָוולעוויטש... איר שרייבט דאָ וועגן קעגנזיי־טיקע נוצן... עטאָ פּראַווילנאָ! (דאָס איז ריכטיק!). איך וויל אייך טאַקע פאָרלייגן אַן אַרבעט, וואָס זאָל זיין נוצלעך סיי פאַר אייך און סיי פאַר אונדז... איר ווייסט עס זיכער... ביי אונדז אין „זאָנע"... טאַקע צווישן אייערע פּאָליאַקן... עס זענען פאַראַן טיפּן, וואָס בעטן זיך צו באַשרייבן... איר פאַרשטייט? פאַראַן אַזעלכע סאַבאָטאַזשניקעס, פּוילאַקעס, וואָס ווילן נישט אַרבעטן.. וואָס אַרבעטן אַליין נישט און רעדן נאָך אַנדערע אָפּ פון דער אַרבעט... וואָס דרייען זיך דאָ אַרום און עסן אומזיסט ברויט... אָט פרירן זיי אָפּ די פינגער... די הענט... די פיס... פון וואָס קומט עס? פון נישט אַרבעטן! אַז מען אַרבעט, פרירט מען זיך נישט אָפּ... דאָס בלוט

ווערט דאַן דערוואַרעמט און לאָזט נישט צו קיין אָפּפרירונג... אָט, למשל, איך אַליין, אַז איך קום אַמאָל אין וואַלד אַ קוק־טאָן צו די בריגאַדעס, ווערט מיר אויך שטאַרק קאַלט. דאַן נעם איך עקסטראַ עפּעס טאָן מיט אַ רידל צי מיט אַ האַק — און די אַרבעט וואַרעמט מיך אָן... נישט אמת? וואָס־זשע מיינט איר?

בעת ער האָט גערעדט, האָב איך די גאַנצע צייט געפילט אַזוי ווי מוראַשקעס וואָלטן מיר געקראָכן איבערן לייב. איך מוז אָבער האַלטן „פּאַסאָן"...

— איך מיין, — זאָג איך, — אַז אונדזערע מענטשן זענען דאָ נישט געוווינט צו אַזאַ האַרבן קלימאַט, צו אַזעלכע פרעסט. ווער וויל עס אַליין ווערן אַ קאַליקע?...

— אָ, זאָגט עס נישט! פאַראַן דאָ, למשל, איינער אַ פאַרשוין, וואָס האָט זיך אַפילו אָפּגעהאַקט אַ פינגער, אַבי נישט צו גיין אין וואַלד...

— אמת, איך קען דעם דאָזיקן פאַל. יענער איז טאַקע פון מיין באַראַק, אָבער גראָד אַ רוסישער...

— נישט קיין נפקא־מינה פון וואָסער נאַציאָנאַליטעט... זעט איר שוין, צו וואָס פוילאַקעס דערגייען! אַלזאָ, איך מיין, אַז איר, ווי אַ שרייבער, זענט דער פּאַסיקסטער מענטש דערצו... איר פאַרשטייט? נאָר איר וואָלט געקאָנט אָט־די דאָזיקע סאַבאָטאַזשניקעס באַשרייבן. איר קענט זיי דאָך אויסגעצייכנט. איר קענט זיך אַריינקומען אין איין באַראַק, אין אַ צווייטן, הערט זיך צו, וואָס זיי רעדן צווישן זיך... כאַפּט זיי אויף, אָט די טיפּן, פאַרצייכנט אייך זייערע נעמען... באַשרייבט זיי אַלעמען אַזוי ווי איר קענט... פאַנימאַיעטיע, ווי אַ שרייבער... און ברענגט עס גלייך צו מיר... פאָניאַלי? איר וועט א ו נ ד ז געבן און מיר — א יי ך . . . כ'וועל אייך באַפרייען פון אַרבעט אין וואַלד... איר וועט באַקומען אַ לייכטע אַרבעט אין אַ קאַנצעלאַריע, ווי איר אַליין ווילט... לאַדנאָ?

דעם נאַטשאַלניקס רייד האָבן מיך טיף באַליידיקט. זיין יעדעס שמייכעלע האָט אין מיר אַרויסגערופן אַ געפיל פון פּשוטן עקל. כ'האָב באַלד דערזען, אַז כ'בין אַריינגעפאַלן אין אַ מיאוסער בלאָטע. צו וואָס האָט עס מיר געטויגט די גאַנצע „אימפּרעזע" מיט דער „זאַיאַוולעניע"?

— ניין! — ענטפער איך דעם נאַטשאַלניק אויף זיין „לאַדנאָ" — די דאָזיקע ראָל איז נישט פאַר מיר...

— פאַרוואָס נישט? דווקא פאַר אייך! איר ווי אַ שרייבער... ווער קאָן נאָך אַזוי באַשרייבן די טיפן ווי איר?

— דאָס איז נישט אין גרונט פון מיין כאַראַקטער... איך קאָן עס נישט טאָן...

— אָ, זאָגט עס נישט. איבעריקנס, איך גיב אייך צייט דריי טעג. אין דריי טעג אַרום קומט צוגיין, פּאַזשאַלויסטאַ!

איך הייב זיך אויף מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ. איך פיל מיך ווי אַ ברוטאַל־באַליידיקטער, אַ באַשפּיגענער...

— אַ גוטע נאַכט! — רעד איך אַרויס, נישט קוקנדיק אין יענעמס זייט.

— אַ גוטע נאַכט! קומט אַריין אין אָוונט, אַזוי ווי היינט!

כ'בין אַרויס אין דרויסן און זיך געפילט ווי אַ פאַרמשפּטער. „פאַרקאָכט אַ קאַשע!" — טראַכט איך, גייענדיק ווי אַ צעמישטער. — „וואָס וועט איצטער זיין?"...

איך קום אין באַראַק און פאַרטרוי זיך פאַר מיינע לאַגער־פריינד. איך דערצייל אַלץ גענוי, וואָס מיט מיר האָט פּאַסירט. עס הערן מיך אויס אינזשעניער פעלדהיי, שיקער, גיזענבורג און דער „ראַזדאַוושטשיק" פרידמאַן.

— וואָס זאָל איך טאָן? — שטעל איך די פראַגע. — צי קאָן איך אינגאַנצן נישט מעלדן זיך אין דריי טעג אַרום צום נאַטשאַלניק?

— ניין, מעלדן זיך דאַרף מען, — זאָגן זיך אַרויס כמעט אַלע. בלויז שיקער האָט געהאַלטן, איך זאָל זיך מאַכן נישט וויסנדיק און נישט גיין.

— וואָס וועט ער אייך טאָן? אין קיין לאַגער וועט ער אייך שוין נישט שיקן...

— יאָ, דאָס איז טאַקע אמת; אָבער מען קאָן דאָך פון אים האָבן צרות...

סוף־כל־סוף איז געבליבן, אַז איך גיי יאָ צום נאַטשאַלניק. איך גיי און זאָג אים דאָס זעלבע, וואָס היינט.

און גייענדיק צומאָרגנס אין וואַלד אַריין, דורך אַ ווילדער שניי־זאַווערוכע, וואָס האָט דעם אָטעם פאַרכאַפּט, — האָט זיך געטראַכט:

„דורך וועלכע וועגן קאָן איך פאַרט פּטור ווערן פון מיין אומגליק? צי נאָר דווקא דורך פאַרקויפן די נשמה דעם טייוול?... אויב נאָר פאַר

אַזאַ פרייז, מעגן מיינעביינער גלייכער פאַרפוילט ווערן אונטער די טיפע שנייען פון דער טייגע״ — — —

דער וועג צו דער אַרבעט איז געווען אַ ווייטער. די כוחות אַזוי ווייניק. בין איך, ווי אָפט די לעצטע צייט, אָפּגעשטאַנען פון דער בריגאַדע. לאַזאַראָוו האָט זיך געזידלט, האָט אויסגענוצט זיין גאַנצן „לעקסיקאָן״ קללות און כפול־שמונהדיקע זידל־רייד — דערפון זענען מיר קיין כוחות נישט צוגעקומען און איך פלעג מוזן אַלע ווײַלע אָפּשטיין. נישט וועלנדיק פאַרהאַלטן די גאַנצע בריגאַדע צוליב מיר, האָט ער אַ מאַך־געטאָן מיט דער האַנט און מיך איבערגעלאָזט פון הינטן. איך בין געקראָכן אַליין צום אַרבעטס־פּלאַץ, ראַנגלענדיק זיך מיטן וואָיענדיקן ווינט און מיט די פריש־אָנגעשאָטענע אויפגעבלאָזענע שניי־קופּעס. און קריכנדיק אַזוי אַ מאַכטלאָזער, אַן אויסגעשעפּטער, האָב איך דערשפּירט מיטאַמאָל די גאַנצע האָפענונגסלאָזיקייט מיינע... איז טאַקע כלו כל הקיצין?... איך האָב געקוקט צום בלייערנעם הימל, געזוכט מיט די בליקן די מערב־זייט... דאָרטן... דאָרטן... העט ווייט... דאָרט איז די וועלט... די פרייע וועלט... דאָס געוויסן... עס האָט זיך אַזוי געוואָלט, עמיצער זאָל מיר ענטפערן, אפשר זאָגן אַ טרייסט־וואָרט... אָבער אַלץ האָט געשטומט: די טייגע, דער שניי און דער הימל... בלויז די זאַווערוכע האָט פון צייט צו צייט אַ פייף־געטאָן איבער מיר און מיך שיער פון די פיס נישט אומגעוואָרפן, אָדער וור־נישט־ווו האָבן געזשומעט טראַנסמיסיע־פּאַסן צווישן די „קאָטשעגאַר־קעס״ און נאָפּט־טורעמלעך, געזשומעט און געצויגן זייער מאָנאָטאָניק ליד — דאָס ליד פון די שקלאַפן — — —

אין האַלדז איז מיר ענג געוואָרן. אַ הייסע פליסיקייט האָט אַ שפּאַר געטאָן צו די אויגן — — —

דאָס ערשטע מאָל, וואָס איך האָב זיך אַזוי שטאַרק צעוויינט אין לאַגער. אַזוי אָפן, אַזוי פריי, אויפן קול... קיינער האָט מיין געוויין נישט געזען און נישט געהערט — אַחוץ די טייגע און די זאַווערוכע.

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

---

דעם דריטן טאָג בין איך אין אָוונט געגאַנגען צום „נאַטשאַלניק פראָמיסלאַ״ מיט מיין „תשובה״.

דאָס מאָל איז דער סטאַרשי לייטענאַנט קראָווטשוק נישט געווען

אַליין. ביי דער זייט פון זיין שרייבטיש איז געזעסן עמיצער אַ ציווילער. אַ מענטש מיט אַ סעמיטישן אויסזען. ווי כ׳בין נאָכדעם געוואויר געוואָרן, איז עס געווען דער סעקרעטאַר פון „ראַיקאָמפּאַרטיע״.

— נו, וואָס וועט איר זאָגן? — פרעגט מיך גלייך ביי מיין אַריינ־קומען דער נאַטשאַלניק.

דאָס מאָל בעט ער מיך שוין נישט זיצן און איך שטיי די גאַנצע צייט.

— כ׳בין געקומען נאָך אַ תשובה... — מורמל איך אַרויס נישט־דרייסט.

— אויך איך וואַרט אויף ענטפער... — קוקט ער מיך אָן מיט אַ פרעג־צייכן.

— איך מוז איבערחזרן דאָס זעלבע: ס׳איז נישט אין גרונט פון מיין כאַראַקטער...

— אויב אַזוי, איז עס אויך נישט אין גרונט פון מ יי ן כאַראַק־טער פאַר אייך עפּעס צו טאָן.

איך האָב געקווענקלט אַ ווייל און צוגעגעבן:

— איך האָב דאָך אין מיין בקשה אָנגעגעבן קאָנקרעטע מאָטיוון...

— כ׳האָב געלייענט, געלייענט, וואָס איר האָט געשריבן. איך האָב דאָך אייך פאָרגעלייגט אַ גרינגע אַרבעט... איר וואָלט עס געטאָן פאַר אונדז און פאַר זיך...

— אַזאַ „גרינגע אַרבעט״ איז פאַר מיר די שווערסטע... ס׳איז פאַר מיר אוממעגלעך...

— נישטאָ קיין אוממעגלעכע זאַכן... זאָגט בעסער, אַז איר ווילט נישט... „ווער עס איז נישט מיט אונדז, איז קעגן אונדז״... — וואַרפט ער אַריין די גאַנגבאַרע פראַזע.

— וואָס הייסט? כ׳בין דאָך אַ פרעמדער בירגער... אַ „ביעזשעניעץ״...

— ביי אונדז זענט איר גלייך ווי אַלע... יעדער „זע־קאַ״ מוז פאַר אונדז אַרבעטן...

— און מיר דוכט, — רופט זיך פּלוצלונג אָן דער ציווילער, וועל־כער האָט ביז אַהער זיך צוגעהערט שווייגעוודיק, — מיר דוכט, אַז איר טוט נישט גוט. די אַרבעט, וואָס מען לייגט אייך פאָר, איז פאַר אייך אַ זייער פּאַסיקע. איר אַלס שרייבער... יאָ, — כאַפּט ער זיך מיטאַמאָל. — איר האָט אַוודאי געלייענט יאָזעפוס פלאַוויוס?

— געלייענט.

— נו, איז ווייסט איר דאָך. פלאַוויוס האָט געהאַנדלט פאַר דעם וויל פון פאָלק, כאָטש ער האָט געהאַט קעגנער.

— אדרבה, — רייסט זיך ביי מיר אַרויס אַ תשובה דעם „חכם פון מה נשתנה״, — כמעט דאָס גאַנצע יידישע פאָלק האָט פלאַוויוסן געשטעמפּלט ווי אַ פאַררעטער, ווייל בעת עס האָט געפלאַקערט די מלחמה צווישן רוים און ירושלים, האָט פלאַוויוס זיך פאַרבונדן מיט רוים... פלאַוויוס איז גראָד אַ נעגאַטיווער ביישפּיל...

— אָבער פלאַוויוס האָט געמיינט גוט...

— וואָס האָט ירושלים געוווּנען פון זיין „גוטן מיין״?... איבעריקנס, אַ צו אַלטע געשיכטע... יעדער קאָן האָבן זיין מיינונג וועגן דער זאַך...

דער דאָזיקער פאַרשוין האָט מיר אָפּנים געוואָלט אימפּאָנירן מיט זיין אינטעליגענטישקייט און באַלייענטקייט און איז אַריינגעפאַלן ווי אַ יוון אין סוכה...

איך שטיי נאָך אַ קורצע ווייל אין דערוואַרטונג, טאָמער וועט מיר נאָך דער נאַטשאַלניק עפּעס זאָגן. איך דערנענטער זיך באַלד צו דער טיר. יענער שווייגט.

— אַ גוטע נאַכט! — טו איך אַ זאָג און גיי אַרויס.

אויף מיין „גוטע נאַכט״ האָב איך שוין קיין ענטפער נישט געהערט — נישט פון נאַטשאַלניק, נישט פון סעקרעטאַר פון „ראַיקאָמפּאַרטיע״...

אַ לויב „דעם וואָס די הענט נישט געוואַשן״... כ׳בין שוין אויף יענער זייט טיר...

וועלן טאַקע זיין קאָנסעקווענצן?... מילא, זאָל זיין וואָס עס וויל. ווי האָט געזאָגט מיין לאַגער־פריינד שיקער: „אין קיין לאַגער וועט ער דאָך אייך נישט שיקן״...

# 46

# די שטריק אַרום האַלדז ווערט ענגער

ס'איז אַרויס אין לאַגער אַ נייע פאַראָרדענונג וועגן פאַרשטאַרקן די וואַכזאַמקייט, די דיסציפּלין:

אַלע „זע־קאַ"', וועלכע האָבן אַ „סראָק" מער פון דריי יאָר, מוזן פון היינט אָן אַרבעטן אונטער דער שמירה פון אַ „סטריעלאָק". אָן אַ שומר קאָנען זיי פון „זאָנע" נישט אַרויסגיין. צוליב דעם האָט געמוזט פאַרקומען אַ רעאָרגאַניזאַציע פון אַלע בריגאַדעס אין לאַגער. פון דער לפי ערך קלענערער צאָל אַרעסטאַנטן מיטן טערמין ביז דריי יאָר האָבן זיך געביל־דעט ספּעציעלע בריגאַדעס, וועלכע גייען אַרויס צו דער אַרבעט, ווי ביז אַהער, נאָר מיטן בריגאַדיר. אין דעם מאָמענט האָב איך געהאַט דאָס מזל פּטור צו ווערן פון לאַזאַראָוון.ביים צעוואַרפן די מענטשן אין בריגאַדעס בין איך צופעליק אַריינגעפאַלן צו אַן אַנדער בריגאַדיר. דערפאַר אָבער איז אין מיין נייער בריגאַדע צוגעקומען אַ „סטריעלאָק"... ווייל כ'האָב דאָך געהאַט אַ גרעסערן „סראָק" — אַ „פּיאַטילעטקע"... אַנטקעגן די אי־בעריקע „זע־קאַ" פון מיין בריגאַדע האָט עס נאָך אַלץ געהייסן „דיעטסקי סראָק", ווייל אַלע האָבן געהאַט צו 10, צו 15 יאָר און נאָך מער...

מיין נייער בריגאַדיר איז געווען אַ „מיוחס" — אַ „ביטאָוויק" מיט אַ „סראָק" פון צען יאָר פאַר דעפּרווידאַציע פון מלוכהשע געלטער. גע־וועזן איז עס אַלייניקאָוו, שוין אַן עלטערער פאַרשוין, אַ טיפּ פון אַ שטאָ־טישן באַאַמטן, וואָס האָט זיך „אויסגעגליטשט"... אַלייניקאָוו איז נישט געווען אַזאַ רשע ווי לאַזאַראָוו; אָבער וואָס האָט ער אין גרונט געקאָנט טאָן פאַר אַ טובות? פאַרקלענערן די נאָרמעס האָט ער דאָך נישט גע־קאָנט. פאַרקירצן די ווייטע שטחים צום אַרבעטס־פּלאַץ איז ער אויך נישט געווען ביכולת... פאַרלייכטערן דאָס טאָפּטשען אין די טיפע שנייען ביזן פאַרלירן די לעצטע כוחות — דערין האָט ער אויך נישט געקאָנט העלפן... די איינציקע גוטע זאַך ביי אים אין בריגאַדע איז געווען דאָס, וואָס ער איז נישט געשטאַנען קיינעם איבערן קאַרק און נישט געיאָגט מיט דער אַרבעט. ס'איז אים אַפּנים אויך נישט געגאַנגען שטאַרק אין לעבן, צי מען אַרבעט גוט אָדער שלעכט. האָב איך טאַקע געאַרבעט אַזוי ווי איך האָב געקענט — אָדער: נישט געקענט...

דאָס ערגסטע איז געווען דער „סטריעלאָק"! דער שומר מיט דער ביקס.

באַלד ביים אַרויסגיין אויף יענער זייט טויער האָט דער בריגאַדיר געמוזט אויסשטעלן די בריגאַדע אין פאַרמעלן „סטראָי" ווי ביי מיליטער, צו פיר אין אַ שורה. דער „סטריעלאָק" איז געשטאַנען ביי דער זייט און אָפּגעזאָגט זיין „פּסוק" — אַזוי אַלע טאָג:

— גיין אין געדיכטע שורות. נישט אַרויסגיין פון „סטראָי" אויף 2 טריט. פאַר נישט פאָלגן — פּרימעניאַיו אָרוזשיע... (באַנוץ איך דאָס געווער...).

אויפן וועג איז דער „סטריעלאָק" געגאַנגען פון הינטן און אונדז גע־היט. נו, האָט מען געמוזט גיין די גאַנצע צייט אין שטרענגער, מיליטע־רישער אָרדענונג. טאָמער איז עמיצער פון הינטן אָפּגעשטאַנען און נישט געקאָנט דעם אָטעם כאַפּן — נישט איין מאָל בין איך עס געווען דער „עמיצער"... — האָט דער „סטריעלאָק" אַ ריטשע געטאָן:

— נישט אָפּשטיין!!

מענטשן שוואַכערע — אויך איך בתוכם — האָבן זיך געבעטן ביי די מיטגייער:

— אום גאָטעס ווילן... לאַנגזאַמער...

— איך פאַל...

איז די בריגאַדע געקראָכן פּאַמעלעכער — אין טעמפּאָ און אין די טריט פון די שוואַכערע, וועלכע זענען שוין געגאַנגען מיט די לעצטע כוחות... אַמאָל ווידער, אַז מען פלעגט אָנטרעפן אויף אַ שלעכטן „סטריע־לאָק" פלעגט יענער אונטערטרייבן:

— שנעלער, שנעלער!

אָנקומענדיק צום אַרבעטס־פּלאַץ האָט דער „סטריעלאָק" פאַרנומען אַ פּאַסיקע פּאָזיציע, כדי צו קאָנען אָבסערווירן אַלע מענטשן. באַלד ביים אָנהייב, איידער מען האָט זיך נאָך געשטעלט אַרבעטן, האָט ער געוואָרנט:

— באַוועגן זיך אין די גרענעצן פון 100 טריט. ווער עס וועט זיך דערווייטערן — „פּרימעניאַיו אָרוזשיע"...

צו דער אַרבעט גופא האָט זיך דער „סטריעלאָק" כמעט נישט גע־מישט. דערצו איז געווען דער בריגאַדיר. דער שומר איז נאָר געשטאַנען ווי אַן אויטאָמאַט און געהיט.

די אָרבעט איז איצט באַשטאַנען אין „קאָרטשעווען" פּניאָקעס. אַז

די בריגאַדע איז פּאַרטיק געוואָרן מיט איין שטיקל שטח, האָט זי זיך אי־בערגערוקט ווייטער — אַלע צוזאַמען, כדי נישט עובר צו זיין אויף דער התראה פון „סטריעלאַק״.

איין טאָג האָט מען אַזוי געאַרבעט ביים האַקן ביימער. דער וואַלד דאָ איז געווען זייער געדיכט און דעריבער איז דער שניי אונטן נישט גע־ווען אַזוי טיף. אויף דער פוכיקער אויבערפלאַך פון שניי האָבן אַרויס־געשטאַרצט דאָ און דאָרט בלויע געפרוירענע יאַגדעס. דער עולם האָט נישט געקאָנט ביישטיין דעם נסיון: די יאַגדעס זענען געווען אַ דערקוויי־קונג. פלעגט מען אַלע ווײַלע, אין מיטן דער אַרבעט, אַ צופּ טאָן און לייגן אין מויל אַריין. איין ייד פון אונדזער בריגאַדע, דער פּליט גליקליך פון וואַרשע, האָט זיך אַזוי פאַרגעסן און פאַרקראַכן אַביסל ווייטער נאָך די יאַגדעס.

אַ ביקסן־קויל האָט פּלוצלונג דורכגעריסן מיט אַן עכאָ די וואַלד־טיפענישן:

דער „סטריעלאַק״ האָט געהאַלטן וואָרט... גליקליך האָט געכאַפּט אַ קויל און איז אַ פאַל געטאָן אויפן שניי...

גליקליך האָט נאָך ג ל י ק ל ע ך אָפּגעשניטן: די קויל האָט אים נאָר פאַרוווּנדעט. זי האָט אים נאָר אַדורכגעלעכערט דעם אויבערשטן ווייכן טייל פונעם רעכטן פוס.

די בריגאַדע האָט ביים צוריקגיין געהאַט צו זינגען און צו זאָגן: מ׳האָט דעם אונטערגעשאָסענעם, וואָס האָט זיך נישט געקאָנט באַוועגן מיטן פוס, געמוזט טראָגן דעם גאַנצן ווייטן וועג ביז דער „זאָנע״ — ביז אין „סטאַציאָנאַר״ אַריין.

## 47

## ביינאַכטיקע „געסט״

נאָך דער בייטאָגיקער קאַטאָרגע וואָלט מען אונדז כאָטש ביינאַכט צורוגעלאָזן!

די רו, דער שלאָף ביינאַכט, איז תמיד אַ פאַרשטערטער: ערשטנס צוליבן כסדרדיקן לויפן אין דרויסן מחמת די קראַנקע אורין־פּענכערס ביי

אַלעמען... והשנית — די באַזוכן אינמיטן נאַכט פון אומגעריכטע און אומ־געבעטענע „געסט": פּלוצלונג וואַקסט־אויס אין באַראַק אַ גרופּע „נ. ק. וו. ד.יסטן", וועלכע נעמט זיך אַדורכפירן אַ רעוויזיע...

וואָס זוכן זיי? מעסערס און געלט. די „זע־קאַ" טאָרן נישט האָבן קיין מעסערס און קיין געלט מער ווי 50 רובל. אויב זיי געפינען מער, נעמען זיי צו און גיבן עס איבער דער בוכהאַלטעריע אויף יענעמס קאָנטע. די מעסערלעך, וואָס זיי געפינען, נעמען זיי אינגאַנצן צו. די רעוויזיע איז אַ שטרענגע. די „נ. ק. וו. ד.יסטן" קריכן אויף די נאַרעס, נישטערן דורך ביי יעדן איינעם אין די שמאַטעס, אין אַלע שפּאַרעס און זייער אָפט גע־פינען זיי טאַקע.

אָבער דאָס קאָנפיסקירן די מעסערלעך העלפט ווייניק: די לאַגער־וואַרשטאַטן פון די מעכאַניקער פּראָדוצירן גענוג אַזעלכע מעסערלעך פאַר די אַרעסטאַנטן „פאָ בלאטו" (אויף לינקס; נישט כשר). די מעסער־לעך זענען זייער פּרימיטיוו געמאַכט: אַ פּשוט „קלינגל". אַ שאַרף שטיקל אייזן־בלעך מיט אַ הענטל. נאָך יעדער רעוויזיע און קאָנפיסקאַציע קריגט מען שוין ווי עס איז נייע מעסערלעך ביי באַקאַנטע אין די וואַרשטאַטן. ביז אַ נייער רעוויזיע... ביז אַ נייעם באַזוך פון די ביינאַכטיקע „מלאכי־חבלה".

נאָך אַזאַ רעוויזיע, וואָס געדויערט אַ פּאָר שעה, איז שוין נישטאָ ווען צו רוען. מען פּרווט דאָך אַנטשלאָפן ווערן. עולם איז דערשעפּט. גראָד אין דער לעצטער „אשמורה" פון דער נאַכט באַפאַלט אַזאַ שלעפע־ריקייט. די אויגן קלעפּן זיך. ווען מען לאָזט איצט רוען, רוען... אָבער ווי אַן אַכזריותדיקער חלף איבער אַ האַלדז — אַזוי פּלעגט אַ שניט־טאָן אי־בערן באַראַק:

— פּאַ־אַ־ד־יאָ־אָ־םםם!!!

צו אַלדי רוחות! אין וואָס איז אַוועק די נאַכט?...

איינמאָל ביינאַכט — ס'האָט געקאָנט זיין צווישן דריי און פיר — ווען מענטשן זענען נאָך געלעגן איינגעקאָרטשעטע, איינגעטוליעטע אין זייערע שמאַטעס אויף די נאַרעס — האָט זיך עמיצן פאַרגלוסט אַ „שפּאַס צו טאָן". געווען איז עס דער „נאַריאַדטשיק" איוואַן איוואַנאָוויטש אי־וואַנאָווסקי. דער דאָזיקער כפול־שמונהדיקער איוואַן האָט ערגעץ געפּאַקט אַ „פּלעשל", זיך אָנגעשיכורט און אַריינגעפאַלן אין אונדזער באַראַק מיט אַ גרויסן אַליאַרם:

— פאַ־זש־אַ־אַ־אַ־ר־ררר!!!

זיין שיכורער קול האָט אַלעמען אויפגעוועקט. מענטשן האָבן פון די נאַרעס פאַררימן די קעפּ און געקוקט פאַרוווּנדערטע.

דער שיכורער „נאַריאַדטשיק״ האָט זיך דאַן צעשריען מיט ווילדע קולות:

— וואָס־זשע ליגט איר, מערזאַווצעס, פּוילאַקעס!! וואָס־זשע גייט איר נישט אַרויס אויף דער „פּראַאיזוואָדסטוואָ״? וואָס־זשע מיינט איר, דאָ איז אַ בורזשואַזער לאַגער? דאָ איז אַ לאַגער אַ סאָוויעטישער!! דאָ דאַרף מען אַרבעטן!!...

און דאַן פאַרענדיקט ער:

— פאַ־אַ־אַ־ד־יאָ־אָממם!!!

דער שיכורער איוואַן איז דורכגעגאַנגען דורכן באַראַק אַ האַלב־וואַקלדיקער ביז צו דער קעגנאיבערדיקער וואַנט און זיך אומגעקערט צו־ריק צו דער טיר, וואָרטשענדיק:

— מערזאַווצעס! פּוילאַקעס!

און איז פאַרשוווּנדן...

דער עולם אויף די נאַרעס האָט זיך באַלד געכאַפּט, אַז דאָס איז אַ „וויץ״ אַזאַ פון אַ שיכור. קיינער האָט אָבער נישט געהאַט קיין שטימונג און קיין כוח צו לאַכן. עס האָבן דעם שיכור נאָכבאַגלייט שטימען פון די נאַרעס:

— פאַרשאָלטענער פּיאַניצאַ!

— גיי, ברעך האַלדז און נאַקן!

נאָך אַזאַ וואַך־נאַכט פלעג איך צומאָרגנס זיך קוים האַלטן אויף די פיס. בפרט נאָך זינט איך האָב אָנגעהויבן אַרבעטן אונטער דער שמירה פון אַ „סטריעלאָק״. איצט לאָזט מען מיך נישט אָפּשטיין פון דער ברי־גאַדע אַפילו אויף איין שפּאַן נישט. דאָס קריכן אָן אָפּרו איבער די שנייען איז פאַר מיר אַ קללה. איך מוז מיטגיין מיט אַלעמען גלייך, אין די זעלבע טריט. מען לאָזט אַפילו דעם אָטעם נישט כאַפּן. אַזוי אַהין צו דער אַר־בעט און אַזוי צוריקוועגס ביינאַכט. קוים אַ לעבעדיקער, מיט אַ שטעכע־ניש אין דעם ברוסט־קאַסטן, פלעג איך זיך דערשלעפּן ביז דער „זאָנע״. נאָך אַזאַ מאַרש פלעג איך אַנידערפאַלן אַ האַלב־פאַרחלשטער אויף דער נאַרע און נישט געהאַט אַפילו קיין כוח צו גיין אין „סטאָלאָווע״ נאָכן „אָביעד״...

# 48

# ווען דער טויט האָט אויסגעלייזט...

אין דער דאָזיקער צייט — ס׳איז שוין געווען סוף פעברואַר — האָבן די עפּידעמישע קראַנקייטן אין לאַגער זיך געלאָזט שטאַרק „ווילגיין״: דער בויך־טיפוס און די בייזוויליקע דעזינטעריע האָבן שוין אַוועקגעלייגט אַ מאַסע מענטשן. דער „סטאַציאָנאַר״ האָט גאָרנישט געקאָנט אויפנעמען אַזוי פיל קראַנקע און מען האָט געמוזט אויסליידיקן נאָך צוויי באַראַקן — ווי צוגאָבן צום „סטאַציאָנאַר״. די טיפוס־קראַנקע האָט מען גלייך אַריינגענומען אין „סטאַציאָנאַר״, אָבער די דעזינטעריע־קראַנקע איז עס נישט אַזוי לייכט אָנגעקומען, ווייל מען האָט געמוזט האָבן אַ הויכע טעמ־פּעראַטור, לכל הפּחות 38 גראַד. מיט אַ נידעריקערער טעמפּעראַטור האָבן די דאָקטוירים נישט אָנגענומען, ווייל עס איז פּשוט קיין אָרט נישט געװען פאַר אַזוי פיל חולאים. פלעגן זיי בלייבן אין די באַראַקן, וואַרטן אויף אַ העכערער טעמפּעראַטור און דערווייל אָנשטעקן אַנדערע... נאָכמער: זיי פלעגן נאָך אַפילו מוזן גיין אין וואַלד צו דער אַרבעט... אין מיטן דער אַרבעט פלעגן זיי אַלע ווײלע פאַר אַלעמען אין די אויגן — צוליבן „סטריעלאָק״ קאָן מען זיך דאָך איצט נישט דערווייטערן... — מוזן „דע־מאָנסטרירן״ זייערע קראַנקע מאָגנס... ערשט אַז דער קראַנקער האָט מיט מזל באַקומען הויכע טעמפּעראַטור, איז ער אָנגענומען געוואָרן אין „סטאַ־ציאָנאַר״.

די גרעסטע פאַרשפּרייטערין פון דער דאָזיקער מחלה — אַזוי ווי פון בויך־טיפוס — איז געווען די קאָלעקטיווע „אובאָרנאַיאַ״. אַלץ איז אין לאַגער קאָלעקטיוו: מען אַרבעט קאָלעקטיוו, מען עסט קאָלעקטיוו, מען שלאָפט קאָלעקטיוו און אין „אובאָרנאַיאַ״ גייט מען אויך קאָלעקטיוו... די „אובאָרנאַיאַ״ איז אַזאַ מין קליין, שמאָל באַראַקל. זיין אויסערלעכער אויסזען איז נישט קיין סך אַנדערש ווי פון די וווין־באַראַקן... ער איז נאָר קלענער. אין באַראַקל איז פאַראַן ביי די ווענט אַ דערהויבונג מיט אַ לאַנגער שורה לעכער, געדיכט איינס נעבן אַנדערן — שכנותדיק־אינטים...

אַהין פלעגן עס לויפן בייטאָג און ביינאַכט די איינוווינער פון די באַראַקן מיט זייערע בויך־קראַמפּן און בלוט־אויסגוסן... כסדר פלעגט דאָ זיצן אַ געדיכטע שורה מענטשן, געזונטע צוזאַמען מיט קראַנקע. כסדר

איז דאָ געווען פאַרנומען. קראַנקע פלעגן זיך אָפט נישט קאָנען דער־וואַרטן אויף אַ פרייען לאַך אין דער שורה און זיי פלעגן זיך „בחפזון“ דערליידיקן אויפן דיל...

די „דניעוואַלניעס“ פון די באַראַקן פלעגן אַזוי אַרום קיינמאָל נישט באַווייזן אויפצוראמען די „אובאָרנאַיאַ“. אין מיטן נאַכט ערשט פלעגן זיי עס נעמען רייניקן — הגם אויך אין משך פון דער נאַכט פלעגן אַהין לויפן די קראַנקע פון די „געזונטע“ באַראַקן...

איז דעריבער קיין ווונדער נישט, וואָס די דאַזיקע מחלה האָט אַזוי געקאָסיעט די מענטשן אין לאַגער. דער שליטן צום לאַגער־בית־עולם האָט שוין נישט געפירט די מתים איינציקווייז, נאָר אויך „קאָלעקטיוו“... מען האָט אָנגעפּאַקט אין שליטן איינע אויף די אַנדערע, איינע אויף די אַנדערע און געפירט צו דער אייביקער רו...

די דריטע חולאת, וואָס האָט זיך נאָך שטאַרקער גענומען וואַרפן אין די אויגן, איז געווען די צינגאַ. אַזוי פיל מענטשן מיט געשוואָלענע פּני־מער דרייען זיך איצט שוין אַרום אין דער „זאָנע“. ביי אַנדערע קראַנקע זענען די אויגן קלענער געוואָרן, פאַרזונקען אין דעם געשווילעכץ. פון די הערינג, וואָס מען באַקומט כסדר צום „אָביעד“, און פונעם טרינקען אַ סך וואַסער נאָך די געזאַלצענע הערינג, ווערט דאָס געשווילעכץ נאָך מער אויפגעלאָפן. עס איז אַ ווייטיק און אַן עקל צוזאַמען צוצוקוקן זיך צו דער פאַרקריפּלטער מראה פון מענטשישע ברואים. דאָס זענען דאָך נאָרמאַלע מענטשן ווי אַלע, געבוירן און דערצויגן אין מענטשלעכע היימען, געכאַ־ליעט מיט ליבע און צערטלעכקייט פון מאַמעס — און דאָ... וואָס איז פון זיי געוואָרן! — — — —

אויך ביי מיר אויפן לייב זע איך שוין פּראָגרעסירן די סימפּטאָמען פון דער צינגאַ: די געשווירן מערן זיך... געשווירן אויפן ווייכן פלייש, אויף די זייטן, אויף די אַקסלען... אין מויל ביי מיר שאָקלען זיך שוין נאָך אַ פּאָר געזונטע ציין... עס העלפן אויך נישט די קעפּלעך קנאָבל און איבערגעפּרעגלטע פּוטער, וואָס איך האָב באַקומען אין אַ פּעקל פון מיין מאַמען און שוועסטער.

איך גיי אין אָוונט אין אַמבולאַטאָריע; אָבער דער דאָקטער בעקער — דער „יעקע“ — קומט אָפּ מיט אַ וויץ:

— זיע מיססען דען קלימאַט וועקסעלען...

די טאַבלעטן, וואָס איך באַקום, זענען נאָר אַ „סימבאָלישע“ רפואה...

איך מאָביליזיר און נוץ־אויס אַלע מיינע „רעסורסן": די הכנסה פון שרייבן בריוו; די 50 רובל, וואָס איך נעם יעדן חודש אַרויס פון מיין קאָנטע אין בוכהאַלטעריע. איך קויף טאַלאָנען אויף צוגאָב־מיטאָגן, איך קויף „סאַלאָ", צוקער. איך קעמף קעגן דער מחלה ווי אַ לייב. פּאַר מיינע אויגן זע איך כסדר דאָס שרעק־בילד: די געשוואָלענע פּנימער מיט די פאַרלאָפענע אויגן...

איך האָב מיר אויך איינגעהאַנדלט אַ „מציאה" — אַ פּאָר וואָליקעס פאַר 15 רובל. גוטע, וואַרעמע וואָליקעס, כדי צו ראַטעווען די פיס פון די פרעסט. געקויפט האָב איך די וואָליקעס ביי אַ „זע־קאַ", אַ רוס. זי־כער געגנבעטע. ער האָט זיי אַוודאי ערגעץ צוגעלקחנט ביי עמיצן אין אַ באַראַק אָדער אין אַ וואַרשטאַט. אָבער ווער לייגט דערויף אַכט אין לאַגער? מען גנבעט דאָך כסדר איינער פון אַנדערן וואָס נאָר עס לאָזט זיך: אַ שוך, אַ העמד, אַ שטיקל זייף, אַ פּיצל ברויט. איז וואָס־זשע מיר די נפקא־מינה ווו יענער האָט זיי גענומען?

מיינע וואָליקעס זענען געווען אַ „סענסאַציע": אַלעמען זענען זיי געפעלן געוואָרן. ווער נאָר אין וואַלד עס האָט דערזען אויף מיינע פיס די וואָליקעס, האָט זיי מיר נישט פאַרגונען: דער בריגאַדיר, דער „דיע־סיאַטניק". יעדער איינער איז געווען אַ בעלן אויף זיי.

— לאָמיר זיך טוישן! — האָט מיר אַלע טאָג פאַרגעלייגט מיין בריגאַדיר אַלייניקאָוו, וועלכער האָט אַליין געטראָגן פאַרלאַטעטע וואָלי־קעס, צעכליאַפּעטע פון אַלטקייט.

דאָ אָבער בין איך געווען פאַרעקשנט און האָב נישט נאָכגעגעבן.

— כ'וועל דיר צוצאָלן צוויי „פּייקעס"... — וויל ער מיך לאָקן.

— אַפילו פינף אויך נישט... — בין איך פעסט ביי זיך.

— אָט טייוואָלים! סאַראַ וואָליקעס! ווו האָסטו זיי... (דאָ האָט ער אָנשטאָט „געגנבעט" באַנוצט אַ נישט־צענזוראַבל וואָרט...).

— איך האָב זיי נישט געגנבעט, נאָר געקויפט אין אַ היגן „אוני־ווערמאַג"... (אוניווערסאַל־מאַגאַזין), — ענטפער איך אין שפּאַס.

אין די דאָזיקע טעג — ס'איז געווען אין אַ „וויכאָדנאָי" — טרעף איך אין אַן אַנדער באַראַק אַן אַלטן באַקאַנטן נאָך פון דער באַרזשע: דעם וואַרשעווער מוזיקער שנעלוואַר, וועלכער האָט אין דער באַרזשע פאַר אונדז געגעבן אַזעלכע שיינע פידל־קאָנצערטן. איך דערקען אים איצט קוים. ער איז אינגאַנצן געשוואָלן פון ציגנאַ און זעט אויס ווי אַ קאַרי־

קאַטור פון אַ מענטשן...

— כ'זע, איר זענט קראַנק... — זאָג איך אים.

— איר זעט, וואָס פון מיר איז געוואָרן?... כ'האָב מורא, כ'וועל דאָ שוין לאַנג נישט אויסהאַלטן...

און ער דערציילט מיר וועגן זיינע צרות אין וואַלד, אַז די קאַטאָרגע האָט ביי אים שוין אַלע זאַפטן אויסגעזויגן... דערצו דער הונגער... דער אייביקער הונגער...

קורץ — די גוט־באַקאַנטע געשיכטע פון אונדז אַלעמען אין לאַגער.

— פּרוּווט עפּעס אויפטאָן מיט אייער פידעלע. — ראַט איך אים.

— וואָס, אַ שטייגער?

— פּרוּווט אַריינגיין צום נאַטשאַלניק פון קלוב. כאָטש פאַר מיר האָט ער גאָרנישט געטאָן. אפשר וועט איר האָבן מער מזל.

— איר מיינט אַזוי?

— פּרוּווט!

— קומט מיט מיר מיט, איך בעט אייך!

— נישט נייטיק! גענוג אייער פידעלע. נעמט עס מיט.

— גוט, אַ דאַנק!

אין עטלעכע טעג אַרום בין איך געוווּיר געוואָרן דעם רעזולטאַט: שנעלוואַר איז געהאָלפן געוואָרן. פּונקט איז נייטיק געווען אַ פידלער צו אַן אָרקעסטער אין אַ שכנותדיקן לאַגער — און מען שיקט אים אַהין אַוועק.

דער כוח פון אַ פידעלע... אַפילו אַ האַרץ פון אַ „נ. ק. וו. ד.יסט“ קאָן עס אַמאָל רירן...

## 49
# דאָס באַזאַרל אין לאַגער

טאַלאָנען... „סאַלאָ“... צוקער... — ווו האָט מען עס אַלץ נישט גע־קויפט?

אין לאַגער — ווי, לויט איך בין שפּעטער געוווּיר געוואָרן, אין גאַנץ רוסלאַנד — איז געווען אַן אמתדיק באַזאַרל פון די אַלע אַרטיקלען.

ווער עס האָט געקאָנט, האָט אונטערגעהאַנדלט מיט וואָס עס האָט זיך געלאָזט. איינער, למשל, האָט פאַרקויפט זיינע הונדערט גראַם צוקער, וואָס ער פלעגט באַקומען איינמאָל אין אַ יובל, און דערפאַר געקויפט אַ פּאָר „פּייקעס" ברויט; אַ צווייטער ווידער, פאַרקערט, האָט פאַרקויפט זיין „פּייקע" און געקויפט אַביסל צוקער... „סטאַכאַנאָווצעס" פלעגן פאַר־קויפן „סאַלאָ" און „פּריאַניקעס" (קיכלעך) וואָס זיי פלעגן ווען־נישט־ווען קריגן ביליק צו קויפן אין „לאַראָק" (געוועלב) אין לאַגער אויף אַ „וויפּיסקאַ" (אויף אַ צעטל פון אַ נאַטשאַלניק). אַנדערע ווידער האָבן געהאַנדלט מיט ציינדלעך קנאָבל, מיט אַ ציבעלע, וואָס זיי איז געלונגען צו קריגן ערגעץ „פּאָ בלאַטו"... מען האָט אויך געמסחרט מיט זאַכן, מיט שיך, מיט וועש — מיט אייגענע און מיט געגנבעטע...

די טייערסטע סחורה אין לאַגער איז געווען מאַכאָרקע. מענטשן זע־נען פשוט אויסגעגאַנגען נאָך אַ פּאַפּיראָס. מ'איז גרייט געווען אַוועקגעבן די איינציקע אָרעמע „פּייקע" פאַר אַ פּאַפּיראָס. אַז עמיצן איז געלונגען דורך געהיימע וועגן — דורכן „לאַראָק", צי פון אויסער דער „זאָנע", דורך אַ „וואָלנאַנאַיאָמנעם" — אַריינצובאַקומען אַ פּעקעלע מאַכאָרקע, איז יענער „נתעשר" געוואָרן. עס האָט גאָר קיין פּרייז נישט געהאַט. איין מענטש איז גאָרנישט געווען ביכולת צו קויפן עס. קויפן פלעגט עס אַ גאַנצע גרופּע. זאַלבעצענט, זאַלבעפופצנט. אויף איטלעכן פלעגט אויס־מאַכן אַ קליין ביסעלע. טייל פון די דאָזיקע גליקלעכע פלעגן נאָך ווײַ־טער קאָמבינירן מיט זייער חלק: זיי פלעגן פאַרקויפן אַ קריש מאַכאָרקע אויף איינעם אָדער צוויי פּאַפּיראָסן און פלעגן נאָך אַרויס מיט ריווח...

די מאַכאָרקע פלעגט מען רויכערן זייער אָפּגעהיט און שפּאָרזאַם. מער פּאַפּיר ווי מאַכאָרקע. מ'פלעגט אָנדרייען אַזוי פיל פּאַפּיר, אַז עס פלעגט זיך פאַרלירן דער טעם פון דער מאַכאָרקע. אָבער ווי מען פלעגט עס מקנא זיין די יעניקע, וואָס פלעגן רויכערן און אַריינציען מיט דורשט דעם רויך!

אַ זייער פּאָפּולערער און גאַנגבאַרער אַרטיקל אין לאַגער זענען גע־ווען די טאַלאָנען אויף „אָביעדן". „אָביעדן" פון די אַלע פאַרשיידענע קאַטעגאָריעס: „ערשטער קעסל", „צווייטער קעסל", „סטאַכאַנאָווסקי"... יעדער טאַלאָן האָט געהאַט אַן אַנדער פּרייז: פון צוויי ביז דריי רובל. לויטן טאָג־קורס... דער „קורס" פלעגט זיך יעדן טאָג איינשטעלן לויט דער קוואַליטעט פון די „אָביעדן". אויב, למשל, מען האָט געגעבן צו מיטיק

„לאַפּשאַ" (גרויסע, דיקע לאָקשן), איז דער פּרייז געווען אַ פעסטערער. בעת מען האָט געגעבן טרעסקא (געזאַלצענע ים־פיש) איז דער טאַלאָן געווען העכער ווי בעת מ'האָט נאָר געגעבן אַ פּאָר דראָבנע הערינגלעך.

דער „דראָבנער האַנדל" מיט די טאַלאָנען איז געלעגן על פּי רוב אין יידישע הענט. דער הויפּט־סוחר איז דאָ געווען קאָזלאָווסקי — אַ יידישער יונגערמאַן פון די וואַרשעווער נאַלעווקעס... פון נאַלעווקעס 49. צו מיר האָט קאָזלאָווסקי געהאַט אַ געוויסן סענטימענט און ער פלעגט מיר פאַרקויפן אַביסל ביליקער.

— איר זענט דאָך מיין שכן פון קעגנאיבער... פון נאַלעווקעס 38. פון „מאָמענט"... — פלעגט ער עס מיר תמיד באַטאָנען.

אַמאָל פלעג איך באַקומען פון קאָזלאָווסקין אַ טאַלאָן פאַר אָנשרייבן אַ בריוו. בעת איך פלעג האַלטן אין שרייבן פלעגט ער מיך „אינטערוויואירן":

— ווי מיינט איר, מיר וועלן נאָך אַמאָל זיין אויף נאַלעווקעס?...

— איך גלייב... איך גלייב... — פלעג איך ענטפערן, שרייבנדיק.

— איך מיין אויך אַזוי... — ווערט קאָזלאָווסקי הייטערער. — נישקשה, פאַראַן נאָך אַ גאָט אויף דער וועלט, וואָס נעמט זיך אָן פאַר יידן...

— איר זענט אַ מאמין?

— געוויס בין איך אַ מאמין. און איר נישט?

— די צרה איז אָבער, וואָס „זיי" האָבן נישט קיין גאָט אין האַרצן... זיי זענען דאָך „בעזבאָזשניקעס"...

— נישקשה, איר וועט זען. פּרעה האָט אויך נישט געגלויבט אין יידישן גאָט...

— הלוואי, קאָזלאָווסקי... ווי האַלטן מיר שוין ביים ציילן די מכות?...

דער דאָזיקער קאָזלאָווסקי האָט געהאַט אַביסל אַ קאָמישן אויסזען: אַ הויכער, אַ דאַרער, מיט אַ לאַנגער, שאַרפער נאָז. שטענדיק איז ער געווען פאַרהאַוועט, פאַרשמעיהט — פונקט מסתמא ווי אַמאָל אויף די נאַלעווקעס... האָט ער אַפילו קיין צייט נישט געהאַט אָפּצוואַשן זיין רויטלעכע נאָז, וואָס פלעגט תמיד טריפן פון קעלט...

— ווי גייט היינט דער מסחר, קאָזלאָווסקי? — פרעג איך אים אייןמאָל ביי דער „סטאָלאָווע".

— גאָט צו דאַנקען... מען קנעט...

„מען קנעט" — איז דער טייטש, אַז אין קיך קנעט מען היינט מעל און עס וועט זיין צום „אָביעד" „לאַפשאַ". דאָס ווערט קאָזלאָווסקי גע־וויר, פאַרקוקנדיק דורך די קליינע פענצטערלעך, דורך וועלכע מען טיילט די פּאָרציעס. און וויבאַלד, אַז היינט וועט זיין „לאַפשאַ", וועט מען דאָך כאַפּן די טאַלאָנען...

פאַר אַ טאַלאָן אויף „זאַווטראַק" אָדער „אוזשין" פלעגט מען צאָלן ווייניק. העכסטנס אַ רובל, ווייל אומשטיינס געזאָגט, וואָס פלעגט מען דען קריגן אויף אַזאַ טאַלאָן? אַ פּאָר לעפל קאַשע אָדער אַ שיטערע זופּ־קע. ווייניק בעלנים דעריבער געווען דערויף.

ביי קאָזלאָווסקין האָבן די טאַלאָנען געהאַט זייערע ספּעציעלע באַ־צייכענונגען: אַ „גרויסער" און אַ „קליינער". אַ „גרויסער" האָט געמיינט אַ טאַלאָן אויף מיטיק, אַ „קליינער" — אַ טאַלאָן אויף פרישטיק אָדער אָונטברויט.

די טאַלאָנען פלעגן קומען אויפן „באַזאַרל" פון פאַרשיידענע קוועלן: טיילווייז פון קיך גופא. עמיצער פון די קיך־אַרבעטער פלעגט עס „צור־ציען", אַרויסטראָגן בגנבה און פאַרקויפן די „סוחרים"; טיילווייז פלעגן די געגנבעטע טאַלאָנען אויך קומען פון אַ באַאַמטן אין „פּראָדסטאָל" (באַשפּייזונגס־אַמט ביי דער קיך). כאָטש יענע פאַרקויפער זענען נישט געווען הונגעריק, אַרבעטנדיק אין דער קיך אָדער אַרום דער קיך, פונ־דעסטוועגן אַ פּאָר רובל אין דער טאַש איז שטענדיק גוט צו האָבן. עס קומט צונוץ. מ׳קאָן קויפן אַמאָל צום רויכערן, אַמאָל אַביסל שנאַפּס, אַמאָל אַ פיין העמד ביי אַ פריש געקומענעם „זע־קאַ", אָדער אַן אַנדער מלבוש, צי חפץ. אַמאָל דאַרף מען אויך קויפן אַ מתנה פאַר אַ נאַטשאַל־ניק, כדי יענער זאָל חלילה נישט באַזייטיקן פון גוטן פּאָסטן.

הכלל, מען מסחרט! מען מסחרט אַפילו אין די פאַרוואָרפענע טייגעס פון דער פּאָלאַר־געגנט!...

## 50

# אַ געראַנגל מיטן מלאך־המוות...

אומגעריכט איז געקומען מיין באַפרייאונג פון וואַלד, אָבער פאַר אַ זייער טייערן פרייז, וואָס האָט מיר שיער נישט געקאָסט דאָס לעבן — בויך־טיפוס...

איינמאָל, ביים „פאַדיאָם" קאָן איך מיך בשום אופן נישט אָנטאָן. איך דריי זיך און קאָרטשע זיך פון שרעקלעכע קראַמפּן אין די אינגעווײדן. איך פיל אַ שווערקייט אין קאָפּ און אַן איבלקייט אין מויל. די ברי־גאַדע גייט אַוועק צו דער אַרבעט און איך בלייב ליגן אויף דער נאַרע אין מיינע יסורים.

דער „דניעוואַלני" רוקט מיר אונטער אַ טעפּעלע „קיפּיאַטאָק"; אָבער איך שפּיר נישט נישט קיין הונגער, נישט קיין דורשט. — אַ ווידערווילן צו אַלץ!

קוים זיך דערוואַרט אויפן פרימאָרגן, עס זאָל ווערן ליכטיק אויף דרויסן, כ׳זאָל קאָנען גיין אין „סטאַציאָנאַר".

אין דער „אובאָרנאַיאַ" זע איך „קלאָרע" סימפּטאָמען — אַ בלוט־אויסגוס!

אין „סטאַציאָנאַר" — אַזאַ ריזיקע „פּרעקוועגץ"! אַזאַ באַוועגונג פון מענטשן! פול דער קאָרידאָר. אַ סך שטייען פאַרן אַריינגאַנג. די קרעכצנדיקע, די געשוואָלענע, די אַרומגעוויקלטע אין שמאַטעס זעען אויס ווי אַ מין אָפּפאַלעכץ, ווי מיסט!...

נאָך לאַנגע אַמפּערנישן און פּלאָנטערנישן אין קאָרידאָר זיך קוים דער־שלאָגן אינעווייניק.

מען שטעקט מיר אַריין דעם טערמאָמעטער אונטערן אָרעם.

מיין „גליק": קרוב 39 גראַד...

מען גיט מיר אַ צעטל, כדי אָנגענומען צו ווערן אין „סטאַציאָנאַר".

---

איך ליג אין אַן אייזערנער „קאָיקאַ" (בעטל) ביי אַ וואַנט. אייגער אַליין אין אַ בעטל. דערצו נאָך אויף אַ שעניק, קישעלע און אונטער אַ קאָץ. ווי לאַנג שוין נישט געלעגן אין אַ בעט?...

מיינע אַלע לאַגער־מלבושים — די „ספּעצאָוקעס״ — זענען אַריינ־געלייגט געוואָרן אין אַ זעקל און אַוועק אין שפּיטאָל־מאַגאַזין.

איך ליג אין פרישע שפּיטאָל־וועש. ווי גוט וואָלט איך זיך געפילט, ווען נישט... ווען נישט דער בויך־טיפוס... די קראַמפּן...

אין דער פּאַלאַטע, וווּ איך ליג, — נישט קיין גרויסער חדר — געפינען זיך נאָך חולאים: 7 בעטלעך שטייען דאָ און אַלע זענען פאַרנור־מען. איך האָב נישט קיין חשק מיט עמיצן צו רעדן: די יסורים לאָזן נישט אָפּ.

די ערשטע נאַכט איז געווען אַ פּיינלעכע. כ׳האָב זיך געדרייט אין קאָנוווּלסיעס און נישט ווילנדיק געקרעכצט. איינער פון די שכנישע בעט־לעך — אַ רוס, וועמען כ׳האָב אַוודאי געשטערט אין זיין רואיקן שלאָף, — מאַכט מיר אַ באַמערקונג:

— וואָס זשע קרעכצסטו? עס וועט דיר דען העלפן?...

אַוודאי איז ער גערעכט, מיין שכן. דאָס קרעכצן העלפט טאַקע נישט. אָבער אים איז גרינג צו רעדן, ווייל דעם טיפוס האָב א י ך דאָך, נישט ע ר... גיי זיי אַ העלד און קרעכץ נישט, ווען טעמפּע מעסערס שניידן אינעווייניק די געדערים...

אין דער פרי איז צו מיר אַריינגעקומען דער עלטסטער דאָקטער פון „סטאַציאָנאַר״ — ד״ר אַוווערבוך, דער „זע־קאָ״ פון לענינגראַד. ער באַ־טראַכט מיך זייער גוט, טאַפּט פאָרזיכטיק דעם בויך, הערט אויס דאָס האַרץ. ער זעט אויס צו זיין אַ ליבער מענטש, דער ד״ר אַוווערבוך.

— שלעכט, האַ?... — פרעג איך אים.

— זייט רואיק, מיר וועלן טאָן וואָס נאָר מעגלעך.

— אָבער איך בעט אייך, גיט מיר עפּעס צו פאַרלייכטערן די ווייטיקן.

— זיכער, זיכער.

נעבן אים איז געשטאַנען אַ שפּיטאָל־שוועסטער — אַן עלטערע רו־סישע פרוי אין אַ ווייסן כאַלאַט — איינע פון די צוואַנציק פרויען אין אונדזער „זאָנע״. ער פאַרצייכנט און זאָגט איר עפּעס אָן. שפּעטער האָט זי מיר אַריינגעבראַכט עפּעס אַ מיקסטור אין אַ פלעשל. פאַראַן דערין אויך „בעלאַדאָנע״ צו באַרואיקן די יסורים.

מיין זעלבסטגעפיל איז אַ פּאַטאָלס. איך קוק צו די פּראָסט־קווייטן

אויף די שויבן. דורכן פענצטער קוקט אַריין אַ טויטע סאָסנע אין ווייסע תכריכים...

ניין, עס גלוסט זיך נישט שטאַרבן אין דער טייגע, ווייט פון דער היים, פון דער היימישער וועלט — — — —

ס׳איז שוין אָוונט. די טעמפּעראַטור שטייגט. איך גלי אינגאַנצן. די שפּיטאָל־שוועסטער ברענגט מיר עפּעס אַ פליסיקייט צו טרינקען. זי וויל מיר פאַרלייכטערן, די גוטע רוסישע פרוי.

אייגנטלעך, צוליב וואָס היילט מען דאָ, העלפט מען דאָ די קראַנ־קע?... צוליב באַרמהאַרציקייט?... צוליב רחמנות?... גיכער צוליב זייערע הענט, וואָס מען וויל ראַטעווען... הענט צו האַקןביימער... וואָרום אויב צוליב באַרמהאַרציקייט — וואָלט מען דאָך די מענטשן בכלל אַהער נישט געבראַכט...

אָבער — טראַכט איך ווייטער — נישט ד״ר אַווערבוך, נישט די גוטע שפּיטאָל־שוועסטער זענען שולדיק דעריך... זיי זענען דאָך אויך די זעלביקע קרבנות ווי איך, ווי די אַלע אַנדערע... דעריבער טוען זיי טאַקע זייער הייליקע אַרבעט מיטן גאַנצן האַרצן, מיט מיטגעפיל, מיט ליבע. זיי ווילן באמת פאַרלייכטערן, לינדערן די אחים־לצרה... זעט אויס, אַז זיי לעבן זיך דאָ אַזוי אויס אין דער זאָרג פאַר די ליידנדיקע... איך דערקען עס אין ד״ר אַווערבוכס פריינדלעכער באַנעמונג מיט די קראַנקע, אין זיין אינטערעסירן זיך מיט איטלעכן — און אויך מיט מיר. איך דערקען עס אויך אין דער שפּיטאָל־שוועסטער, אין איר שוועסטערלעכן שמייכל פאַר יעדן, אין איר אָפטן אַריינקומען צו די שווער־קראַנקע, אפשר דאַרפן זיי עפּעס, אפשר ווילן זיי עפּעס.

אַ וואַרעמער שטראַל אין דער קאַלטער פינצטערניש פון לאַגער...

## 51
## די ווייסע סאָסנע ביים פענצטער

שווער זענען געקראָכן די ערשטע יסורים־טעג און יסורים־נעכט פון מיין זייער געפערלעכער קראַנקייט. עס האָט אַזוי געפעלט אַ נאָענטע

האַנט, וואָס זאָל אַ גלעט טאָן דעם שטערן בעת די יסורים... עס האָט אַזוי געשראָקן דער עלנטער טויט — — —

עס האָט מיך אויך אָנגעהויבן צו באַהאַנדלען דער יונגער דאָקטער רעכניץ, וואָס אַרבעט דאָ אין „סטאַציאָנאַר" ווי אַן אַסיסטענט פון ד"ר אַווערבוך. ד"ר רעכניץ איז אַ היימישער, אויך אַ יידישער פּליט פון פּוילן — פון סאָסנאָוויץ.

— דאָקטער! איר זענט דאָך אַן אייגענער מענטש... עס גלוסט זיך דאָ נישט ליגן אונטער אַ יאָלקע...

— זייט נישט פאַרצווייפלט. כ'וועל טאָן פאַר אייך וואָס כ'וועל קאָנען. כ'וועל נאָך היינט אויסשרייבן פאַר אייך פון „סאַן גאָראָדאָק" ספּעציעלע אַמפּולקעס פאַר איינשפּריצונגען.

ער הערט מיך אויס דאָס האַרץ, איין מאָל און נאָכאַמאָל. ער הייסט דער קראַנקן־שוועסטער אַריינברענגען געוויסע טראָפּנס. איך טרינק און דערקען דעם טעם און ריח פון וואַלעריאַנע.

געוועזן נעכט — אַזעלכע קאָשמאַרפולע נעכט! — בעת איך האָב געמיינט, אַז איך ווער שוין אויסגעלייזט פון אַלץ... איך האָב שטום געקוקט צו דער ווייסער סאָסנע ביים פענצטער, מיט שטומען ווייטיק גע־קוקט, און אַזוי נאָענט איז מיר שוין געוואָרן דער טויט, אַזוי נאָענט — — —

אָבער איך ווייס נישט פון וואַנען עס האָט זיך צו מיין אויסגעפּיי־ניקטן גוף גענומען אַזוי פיל גבורה — די „אויסלייזונג פון אַלץ" איז נישט געקומען... עס זענען נאָר געקומען ווייטערדיקע יסורים...

ערשט די אַנדער וואָך האָב איך דערשפּירט אַ בעסערונג. דער עיקר, די ווייטיקן האָבן כמעט אָפּגעלאָזט.

איך האָב זיך גענומען אַרומקוקן צו מיינע קראַנקע שכנים. ביז איצט בין איך געווען ווי אין אַן עולם התוהו, אין אַ וועלט פון יסורים, און האָב גאָר קיינעם נישט געזען, נישט געהערט. און איצט זע איך זיי שוין. דאָ ליגן פיר רוסן, איין קאַזאַך און איין פּאָליאַק. דער פּאָליאַק איז טאַקע פון פּוילן. מ'האָט אים אַהערגעבראַכט ווי אַ „קולאַק"... דאָ אין „סטאַציאָ־נאַר" זע איך נישט זיין „קולאַקישקייט"... עס צערט אים אַ לונגען־אָנ־צינדונג וואָס ער האָט געכאַפּט אין וואַלד ביי די מוראדיקע פרעסט. אַ נעבעכדיק, אויסגעדאַרט מענטשל, הויט און ביינער, וואַלגערט זיך אויפן אָרעמען אייזערנעם בעטל. זיין פּנים מיט די איינגעפאַלענע באַקן און אויסגעלאָשענע אויגן רעדט פון אַן אויסגייענדיק לעבן...

איך רעד זיך איבער מיט אים פון צייט צו צייט, פרעג אים ווי ער פילט זיך.

— ניע דאָבזשע, ראַדאַקו... (נישט גוט, לאַנדסמאַן...), — ענטפערט ער מיט אַ שוואַכן קול.

— פון וואַנען האָט מען אייך געבראַכט אַהער?

— פון ווייט... פון הינטער ביאַליסטאָק...

— זענען מיר דאָך שכנים... מיך — פון גראָדנע...

— זשעטשיווישטשע... (באמת...), — רעדט ער אַרויס מיט אַן אומעטיקער צופרידנקייט. — ווי ווייט מ'האָט אונדז פאַרוואָרפן פון אונדזער היים... אָ, ראַני באָסקיע!... (גאָטס ווונדן!...).

— ראָדאַקו... — רופט ער מיך ווידער מיט זיין שוואַכער, קוים הערבאַרער שטים, — איך בעט אייך... טאָמער וועט אַמאָל אַ היימישער זיך נאָכפרעגן ביי אייך... כ'בעט אייך... איך הייס זיעמבעק...

— וואָס הייסטו?

— איר זעט דאָך... איך וועל זיך שוין לאַנג נישט פייניקן...

— אָ, אייך דאַכט זיך אַזוי...

— ניין, ניין, פּאַניע, עס דאַכט זיך מיר נישט... איך ווייס... נישט באַשערט צו שטאַרבן אין מיין פּאַראַפיע... צו הערן די סאַקראַמענטן פון גלח...

אַ שטאַרק פאַרקייכן זיך רייסט אים איבער. איך זע, זיין פּנים ווערט אַזש בלוי. קוים וואָס ער כאַפּט דעם אָטעם.

נאָך אַ לאַנגער פּויזע, בעת ער האָט זיך שוין געהאַט באַרואיקט, דרייט ער ווידער אויס צו מיר דעם קאָפּ מיט זיינע אויסגעלאָשענע אויגן. ער רעדט שטיל:

— ראָדאַקו... מיר האָבן פאַרשפּילט אונדזער פּוילן...

— מ'קאָן נאָך נישט וויסן...

— מ'זעט דאָך... פאַרלוירן, פּאַניע...

— ראָדאַקו! — טיטוליר איך אים אויך אַזוי ווי ער מיך, — די פּאָליאַקן זענען באַגאַנגען אַ סך פעלערן... זיי זענען געווען נאָר בריהס קעגן יידן... געווען אַ סך עוולות אין אונדזער פּוילן...

— זשעטשיווישטשע, פּאַניע... געווען שלעכטע פּירערס אין אונדזער לאַנד...

איך ווייס נישט ווי אַזוי זיעמבעק האָט געטראַכט און גערעדט ביי זיך אין דער היים, אין זיין דאָרף, צווישן זיינע „ראָדאַקעס" פּאָליאַקן.

אפשר נישט אַנדערש ווי יענע, וועלכע מיר דערמאָנען נישט צום גוטן... אָבער דאָ, אין ווייטן גלות, אויפן עלנטן טויטן־בעט, זעט מען שוין אַנ־דערש און מען באַנעמט אַנדערש...

אַזוי פלעגט מיך זיעמבעק אָנציען אויף רייד — ווען ער האָט גע־קאָנט... ווייל נישט תמיד האָט ער געקאָנט רעדן. דאָס רוב איז ער גע־לעגן אַ פאַרשמאַכטער, שווער געאָטעמט און שווער זיך אָפּט פאַרקייכט. זיין לונגען־אַנטצינדונג האָט אַוואַנסירט. אַמאָל, בעת די טעמפּעראַטור פלעגט ביי אים שטאַרק שטייגן, פלעגט ער עפּעס מורמלען אומפאַר־שטענדלעכע רייד.

— פּאַמריאָט... (ער וועט שטאַרבן...), — באַמערקט אַ רוס פון אַ בעטל אויף זיין חשבון.

איין נאַכט באַמערק איך, אַז מיט זיעמבעקן איז נישט פריילעך... ער אָטעמט שווער, קרעכצט פאַרדעכטיק. זיין פּנים איז געל ווי וואַקס, גרויסע טראָפּנס שווייס אויפן שטערן.

— פּאַניע זיעמבעק... — רוף איך שטיל אין זיין זייט.

ער ענטפערט נישט. ער זעגט ווייטער מיטן אָטעם.

איך קריך אַראָפּ פון בעטל. כ׳בין נאָך שוואַך, די קני ציטערן. אין קאָפּ שווינדלט.

איך רוף אין קאָרידאָר:

— סעסטריצאָ! (שוועסטער!).

עס קומט אַריין די שפּיטאָל־שוועסטער. זי גייט צו צו זיעמבעקן, טוט אים אַ נעם פאַרן פּולס און איילט אַרויס. אין אַ ווײַלע אַרום קומט זי צוריק מיט ד״ר אַווערבוכן. זיי שטייען איבערן גוסס. רעדן עפּעס אין דער שטיל. כ׳זע, מען מאַכט זיעמבעקן אַן איינשפּריצונג. ביידע גייען אַרויס. בלויז די שוועסטער קומט אַריין פון צייט צו צייט.

אַלע אַנדערע קראַנקע אין די בעטלעך שלאָפן פעסט. זיי ווייסן פון גאָרנישט. צו מיר קומט נישט קיין שלאָף. איך קאָן נישט קוקן צום גוסס. איך דריי זיך אויס צו דער וואַנט און ליג אַזוי אין נערוועזער שפּאַנונג.

פיינלעך איז דאָס צוהערן זיך צו אַ מענטשלעכן אָטעם אין די לעצטע מינוטן פון אַ לעבן! יעדער כאָרכל מיטן האַלדז דערשיטערט ממש. איך האָב זיך געטוליעט צו דער קאַלטער שפּיטאָל־וואַנט, זיך איבערגעדעקט מיטן קאָץ איבערן קאָפּ; אָבער איך האָב זיך בשום אופן נישט געקאָנט אויסבאַהאַלטן פונעם גסיסה־געראַנגל אויפן שכנישן בעטל...

פלוצלונג — אַ מין קראַמפּהאַפטער כאָרכל, אַ ציטערדיק וויברירנ־דיקער כאָרכל — און שטיל! איבערגעריסן... דער אָטעם איז אַריין אי־נעווייניק און איז מער צוריק נישט אַרויסגעקומען...

געענדיקט!

דעם קאָפּ פון אונטערן קאָץ נעם איך נישט אַרויס. עס באַגיסט מיך אַ שווייס. איך פיל, ווי דאָס האַרץ ביי מיר יאָגט. יאָגט אַזוי שנעל...

איך הער טריט. איך ווייס, עס איז אַוודאי די שוועסטער. נאָכדעם הער איך אַ שטיל גערייד. דאָס רעדט זי מיט ד״ר אַווערבוכן, וועלכער איז אויך אַריינגעקומען.

שפּעטער הער איך אַנדערע טריט, שווערע, האַמעטנע.

אַ שטים:

— דו נעם אים פאַר די הענט און איך — פאַר די פיס...

אַ טאָפּטשען האַרט פאַרביי מיין בעטל. די שווערע טריט פאַר־שווינדן אין קאָרידאָר און קיינער קומט שוין נישט מער. עס ווערט שטיל, אַ שטומקייט. איך ווייס, אַז „ער" איז שוין אין פּאַלאַטע נישטאָ...

איך שטעק אַרויס דעם קאָפּ — מיין שכניש בעטל איז שוין ליידיק...

אין האַרץ ביי מיר יאָגט נאָך... איך מוז איינגעמען מיינע טראָפּנס מיטן ריח פון וואַלעריאַנע...

## 52

## „מ י  ל ח י י ם"...

עס איז מיר שוין בעסער, כאָטש די בלוט־סימפּטאָמען זענען נאָך נישט פאַרביי. איך האָב שוין אויך אַפּעטיט. איך באַקום שוין עפּעס מער צום עסן: אַ זופּקע אויף פּוטער, אַ „קאָסטקע" פון מאַננע־קאַשע, אַ פּאָר סוכאַרקעס.

עס איז שוין אָנגעקומען פאַר מיר די אויסגעשריבענע מעדיצין פאַר איינשפּריצונגען. ד״ר אַווערבוך אַליין מאַכט מיר אַלע טאָג די איינשפּרי־צונגען אין וועגע פון אָרעם. דאָס זענען אַמפּולקעס פון קאַלציום — צום שטאַרקן. איך באַקום אויך אַמאָל אַ גלעזעלע טראָן. אויך ד״ר רעכ־ביץ — דער „ראַדאַק" — באַזוכט מיך עטלעכע מאָל אַ טאָג.

— נו, ראָדאַקו, — שמייכלט ער, — מיר האָבן אייך אַרויסגעשלעפּט פון געפאַר...

— אין פּוילן וועל איך אייך אָפּדאַנקען, דאָקטער...

— איר גלייבט נאָך?... — שמייכלט ער סקעפּטיש.

— מען מוז גלייבן...

איין טאָג איז אויך געקומען אויף אַן אינספּעקציע דער עלטסטער דאָקטער פון „סאַן גאָראָדאָק": אַפּנים צוליב דער שטאַרקער פאַרשפּריי־טונג פון די עפּידעמישע קראַנקייטן אין די לאַגערן און מחמת דעם אַליאַרם פון „נאַטשאַלסטוואָ". אַז מען פאַרלירט אַזוי פיל „הענט"...

ד"ר אַוועראבוך האָט דעם עלטסטן דאָקטער אויך צוגעפירט צו מיין בעטל.

— אַ שרייבער פון פּוילן, — באַמערקט אים ד"ר אַווערבוך.

דער עלטסטער דאָקטער לייגט צו, ווי פון יוצא־וועגן, דאָס טרייבל צו מיין האַרץ.

— שוין לאַנג פון פּוילן? — פרעגט ער מיך סתם אַזוי.

— דוכט, שוין אַן אייביקייט... — ענטפער איך.

— זעט אויס, — שפּאַסט דער אַלטער דאָקטער, — אַז דער טיפּוס שוינט אויך נישט קיין שרייבער.

און מיט אַ שאָקל פון קאָפּ גייט ער צו צו אַן אַנדער בעטל.

איך טראַכט אָפּט וועגן דער זאָרג פאַר די קראַנקע, וועגן דער אָר־דענונג אין „סטאַציאָנאַר" — און איך שטויס פּשוט: ס'אַראַ קאָנטראַסט מיטן „וואַלד"! מיט דער אכזריותדיקער קאַטאָרגע! דאָ הערט מען כאָטש אַ מענטשלעך וואָרט. דאָ זעט מען אַ מענטשלעך פּנים. איך טייטש עס אויס דערמיט, וואָס דער „וואַלד" ליגט אין רשות פון רויע מענטשן, פון בריגאַדירן — „ביטאָוויקעס", פּשוטע פאַרברעכער און רשעים; די „סאַנ־טשאַסט'" (סאַניטאַר־וועזן) מיט אַלע „סטאַציאָנאַרן" און אַמבולאַטאָ־ריעס, דאַקעגן, ליגט אין בעסערע הענט — אין הענט פון דאָקטוירים, פון קראַנקן־שוועסטער און סאַניטאַרן, ד"ה פון דער אינטעליגענץ. אַן עלעמענט אַ בעסערער וואָס ווערט דאָך דערצויגן צו באַרמהאַרציקייט, צו לינדערן מענטשלעכע יסורים... צו היילן... געזונט צו מאַכן... במילא קאָ־נען זיי נישט זיין רוי, גראָב, אכזריותדיק...

דערפאַר טאַקע, ליגנדיק אין שפּיטאָל, הייב איך זיך ווידער אָן צו

פילן ביסלעכווייז בקו מענטש, געווין צוריק מיין מענטשלעכן כבוד... כאָטש נעם און טו תפילה צום רבנו של עולם, ער זאָל מיר שיקן אַ לאַנגע מחלה...

עס קומען איצט צו מיר מיינע לאַגער־פריינד מבקר־חולה־זיין.

עס קומט צו מיר פרידמאַן — דער „ראַזדאַוושטשיק" פון די „ספּעצ־פּיטאַניע"־מיטיקן אין „סטאָלאָווע". ער קומט נישט מיט ליידיקן: ער ברענגט מיר „סוכאַרקעס", אַביסל צוקער און אַמאָל אויך אַ פּאָר „קאָסט־קעס" פון מאַננע־קאַשע — אַלץ, פאַרשטייט זיך, אין די ראַמען פון מיין דיעטע. בעת פרידמאַן קאָן אַליין נישט קומען, שיקט ער מיר עפּעס צו דורך עמיצן אַנדערש.

עס קומט אויך צו מיר מיט אַ באַזוך מיין „לייענער" — דער איי־דעלער גורעוויטש. ער ווייסט, אַז כ'בין שוין געווען כמעט אויף דער גרענעץ פון „יענער וועלט"... קומט ער איצט צו מיר אַ צופרידענער, וואָס מיר איז שוין בעסער. ער קומט מיט דערמוטיקונג, מיט אַ טרייסט־וואָרט.

— מיר ווערן דאָ אַלע געלייטערט... — זאָגט ער מיר מיט ביטערן סאַרקאַזם. — דערפאַר איבער „הונדערט און צוואַנציק יאָר" וועט אונדז שוין קיין גיהנום נישט קומען... מיר האָבן שוין דעם גיהנום אויף ד ע ר וועלט...

## 53

# מיט דער „עליטע" פון לאַגער

אין מיין פּאַלאַטע האָבן זיך געטוישט עטלעכע חולאים. אַז עמיצן ווערט נאָר אַביסל בעסער, שרייבט מען אים גלייך אויס — אָדער צוריק אין דער בריגאַדע אַריין, אָדער אין ספּעציעלן באַראַק פאַר שוואַכע — „סלאַב־קאָמאַנדע" — אויב ער קאָן נאָך נישט אַרבעטן.

די פריי־געוואָרענע בעטלעך האָבן פאַרנומען נייע מענטשן — „קאַרפּן־קעפּ" פון דער „זאָנע": שאַפּאַוואַלאָוו, — דער נאַטשאַלניק פון דער פּלאַניר־אָפּטיילונג און דער „זאַווכאָז" פון דער „סטאָלאָווקע" — דער קליינגעוויקסיקער „כינטשיק" מיט די קליינע שוואַרצע אייגעלעך. (יידן האָבן אים גערופן „כינטשיק", ווייל זיין כינעזישן נאָמען איז שווער

געוועז אויסצורעדן). שאַפּאָוואַלאָוו איז קראַנק אויף אַ שווערער אַנגינע און דער „כינטשיק" — אויף אַ גריפּע. היות ווי אין לאַגער זענען פאַר־טראָטן אַלע פעלקער פון ברייטן, גרויסן רוסלאַנד, פעלט דאָ אויך נישט דער כינעזער, וועלכער איז אַהער מגולגל געוואָרן אַזש פון כאַבאַראָווסקער געגנט.

דער דאָזיקער כינעזער איז דער גרעסטער פּריץ איז לאַגער צוליב זיין „פּעטן" אַמט. דאָס זעט מען באַשיינפּערלעך אַפילו אין „סטאַציאָ־נאַר": יעדן טאָג ברענגט מען אים פון קיך עקסטרע עסנס: ווייסע בול־קעלעך, קאָטלעטן און „פּרעמבליודאָס", מיט וואָס מען לאָקט די „סטאַ־כאַנאָווצעס" אין וואַלד. דער „כינטשיק" באַשטעלט ביים ברענגער אַלערליי געריכטן, וואָס אים שמעקן...

צוליב די אַרומיקע שכנים־חולאים, וועלכע קוקן זיך צו צו זיין אכילה, פילט ער זיך אַביסל אומבאַקוועם. ער ווייזט אַרויס „גרויסמוטי־קייט" און איז מיט עפּעס מכבד אויך די נאָענטסטע שכנים. ס'איז אים אגב לייכט צו זיין אַ גוטער — ער גיט נישט זיינס...

מיין נייער נאָענטסטער שכן, — טאַקע אין זיעמבעקס בעטל, איז פאַר מיר לכתחילה געוועזן אַ רעטעניש. געהייסן האָט ער רוסאַנאָוו. אַזוי האָט ער געזאָגט דעם דאָקטער, בעת ער האָט פאַר אים עפּעס פאַרשריבן ביים ערשטן באַטראַכטן.

שוין ביי זיין אַריינקומען דאָס ערשטע מאָל אין פּאַלאַטע האָט זיך רוסאַנאָוו געהאַלטן אַנדערש ווי אַלע. ווי אַ פאַרשלאָסענער אין זיך. אַ מיטליעריקער מאַן, אַ הויכער, אַ שלאַנקער, מיט אַ סימפּאַטישן פּנים און אַ שווייגער. מ'האָט פון אים ממש קיין וואָרט נישט געהערט. ער האָט זיך אַריינגעלייגט אין בעטל, וואָס איז פאַר אים אַביסל צו קורץ געוועזן און ער האָט דעריבער געמוזט איינקאָרטשען די קני. ער האָט זיך איינגע־נורעט אין קישעלע און אַזוי אָפּגעשוויגן גאַנצענע שעהען. צי איז ער אַזוי קראַנק? צי סתם דערשלאָגן? ווער קען וויסן? אויך מיט דער שפּי־טאָל־שוועסטער און מיטן דאָקטער האָט ער גערעדט נאָר געציילטע, זאַכ־לעכע ווערטער. ער האָט זיי נאָר געענטפערט אויף אַ פראַגע. ער איז גע־ווען אַ קאָנטראַסט פון אַלעמען אין פּאַלאַטע. אַלע קראַנקע, וואָס זענען נישט אַזוי ערנסט קראַנק געווען, האָבן גערעדט, אַפילו געלאַכט — אים אָבער איז עס גאָרנישט אָנגעגאַנגען, גלייך ווי ער וואָלט געווען פון אַן אַנדער וועלט.

שאַפּאָוואַלאָוון האָב איך שוין געקענט פון פריער. כ׳האָב געוואָלט באַקומען אַרבעט אין זיין קאַנטאָר. ער האָט געהאַט שוין צוגעזאָגט דעם אינזשעניער פריד, וועלכער האָט זיך אַלץ געמיט פאַר מיר; אָבער פון דער זאַך איז גאָרנישט געוואָרן. וויסנדיק ווער איך בין, האָט מיך שאַפּאָ־וואַלאָוו רק אָנגעצויגן אויף שמועסן. איך האָב עס דאָ געוואָלט אויס־מיידן: וואָס טויגן די רייד צווישן אומבאַקאַנטע? אָבער סוף־כל־סוף האָט ער מיך מיט עפּעס „פּראָוואָצירט״ און כ׳האָב געמוזט רעאַגירן. אַזוי פרעגט ער מיך צווישן אַנדערן:

— פאַרוואָס אייגנטלעך האָט מען אייך אַרויסגעשיקט אין לאַגער?

— איך ווייס אַליין נישט... — ענטפער איך.

— וואָס הייסט, איר ווייסט נישט?

— פּראָסט־פּשוט, איך ווייס נישט. כ׳בין אַרויסגעשיקט געוואָרן ווי אַ פּוילישער „ביעזשעניעץ״ צוגלייך מיט אַלע „ביעזשענצעס״.

— עט! — רופט אויס שאַפּאָוואַלאָוו מיט ביטול, — דאָס קען נישט זיין. אומזיסט שיקט מען נישט אין קיין לאַגער...

עס פאַרדריסט מיך זיין זיכערער טאָן. אין אַ ווײַלע אַרום פרעג איך אים:

— נו, און איר? איר ווייסט יאָ פאַרוואָס?

— אַוודאי ווייס איך.

— וועלכע „סטאַטיאַ״ האָט איר?

— „פּ. ש.״...

— זענט איר טאַקע געווען אַ שפּיאָן?

— טשעפּוכאַ! געווען עפּעס אַ מיספאַרשטייעניש. אַ נאַרישע גע־שיכטע.

— זעט איר שוין, אַז מען קאָן אויך פאַר גאָרנישט אַריינפאַלן אין לאַגער, — טריאומפיר איך איבער אים.

שאַפּאָוואַלאָוו לאָזט מיך ווייטער נישט אָפּ. אַזוי באַרעדעוודיק איז ער היינט.

— זאָגט מיר, פּאַזשאַלויסטאַ, — איז ער טשיקאַווע, — וויפל פאַר־דינט ביי אייך אין פּוילן אַ דורכשניטלעכער אַרבעטער?

— אַ באַשיידענער אַרבעטס־לוין איז לערך 200 זלאָטעס אַ חודש.

— וואָס קאָן מען האָבן פאַר אַזאַ לוין?

— פאַר אַזאַ חודשלעכן לוין קאָן מען קויפן 200 קילאָ צוקער!

— 200 קילאָ צוקער? — שטעלן אויס אַלע אויף מיר פאַרחידושטע אויגן.

— יאָ, 200 קילאָ! מען קאָן אויך קויפן פאַר דעם געלט 100 קילאָ פּוטער אָדער 100 קילאָ פליייש. פאַר דער בעסטער קוואַליטעט פליייש און פּוטער צאָלט מען אַ קלייניקייט טייערער. און ברויט — ברויט קאָן מען קויפן פאַר 200 זלאָטעס העכער טויזנט קילאָ!

— איז עס דען מעגלעך?

אַלע אין פּאַלאַטע קוקן אויף מיר מיט דערשטוינונג.

— ער זאָגט דאָך ליגן! — רופט עמיץ אויס פון אַ בעטל.

— ס׳איז אמת! ס׳איז אמת! — האַלט אונטער דער פּאָליאַק.

— ניטשעוואָ... זאָל ער דערציילן... — מישט זיך אַריין שאַפּאָוואַ־

לאָוו — און וויפל קאָסט אַן אנצוג? — פרעגט ער מיך ווייטער.

— פאַראַן אנצוגן פאַר הונדערט, פאַר הונדערט פופציק, פאַר צוויי הונדערט זלאָטעס און מער אויך — אָפּהענגיק פון דער קוואַליטעט.

— סיידן פאַר געגנוצטע, אויפן „טאָלקוטש" — באַמערקט שאַפּאָוואַלאָוו.

— איך רעד נאָר וועגן נייע. ביי אונדז קויפט מען נישט קיין אַלטע מלבושים, סיידן אַרבעטסלאָזע, אָרעמע לייט... יאָ, עס פעלן ביי אונדז נישט קיין אַרבעטסלאָזע...

— און מיר האָבן גאַנץ אַנדערע אינפאָרמאַציעס, — זאָגט שאַפּאָוואַלאָוו אַן צוטרוי צו מיינע רייד.

— אפשר, — זאָג איך — אפשר ווייסט איר עס פון „בעסערע" קוואַלן...

אָבער טשיקאַווע: וויפל רוסן האָבן מיך דאָ שוין אויסגעפרעגט וועגן די פאַרדינסטן פון אַן אַרבעטער אין פּוילן, וועגן די פרייזן פון עסנוואַרג, פון קליידער. און אַז איך ענטפער, עפענען אַלע פאַרוווּנדערטע אויגן. דאָס איז, אַפּנים, צוליב די ליגנערישע „אינפאָרמאַציעס", וואָס שטאַמען פון די „אַנדערע קוואַלן" — צוליב פּראָפּאַגאַנדע.

נאָך דעם דאָזיקן דיאַלאָג מיט שאַפּאָוואַלאָוון באַמערק איך ווי מיין שכן, רוסאַנאָוו, האָט אָנגעהויבן אַנדערש קוקן אויף מיר — מיט מער אויפמערקזאַמקייט. ער האָט געקוקט, געקוקט און שטיל אַ פרעג געטאָן:

— איר זענט פון פּוילן?

— יאָ, פון פוילן.

— פון וועלכער שטאָט?

— פון וואַרשע.

— אַ שיינע שטאָט וואַרשע, געווען דאָרט אַמאָל.

— די דייטשן האָבן זי איצט היפּש רואינירט מיט די באָמבאַרדי־רונגען.

— באַרבאַרן! — רופט אויס רוסאַנאָוו.

רוסאַנאָוו רעדט אַלץ מיט מיר אין דער שטיל. איך פיל, אַז ער וויל אַזוי אַרום מיך אָפּציען פון אַן אַלגעמיינעם שמועס מיט די איבעריקע אין פּאַלאַטע. איך פּאַס זיך צו צו זיין שטילן טאָן און מיר שמועסן ווי צווישן זיך גערעדט, האַלב פליסטערנדיק. אונדזערע בעטלעך שטייען נאָענט איינס פונעם אַנדערן און מיר הערן אַפילו האַלבע טענער אויך.

איך וואַג אים צו פרעגן:

— איר זענט שוין לאַנג אין לאַגער?

— ערשט נעכטן אָנגעקומען.

— אין וועלכן באַראַק?

— אין 22סטן.

— אין מיין באַראַק. וועלן מיר זיין שכנים.

— זייער אנגענעם! — זאָגט ער, — וועט זיין מיט וועמען אַ וואָרט אויסצורעדן.

ער ווערט אויף אַ ווײַלע אַנטשוויגן.

— עך־מאַ! — רייסט זיך אַרויס ביי אים אַ זיפץ. איך פיל, ער וויל עפּעס זאָגן און באַהערשט זיך.

איך וואַג נאָך ווייטער:

— פּאַרוואָס, גראַזשדאַנין, האָט מען אייך אַהער געשיקט?

ער קוקט מיר גלייך אין די אויגן און רעדט אַרויס מיט האַרץ:

— ס׳איז מיר פיינלעך וועגן דעם צו רעדן מיט אייך. איך שעם זיך אַזש. איר זענט דאָך אַ פרעמדער מענטש.

איך שווייג דיסקרעט. אָבער רוסאַנאָוו רעדט אַליין ווייטער:

— איר פאַרשטייט? ס׳טוט אַזוי באַנג! ס׳איז אַזאַ באַליידיקונג פאַר מיין גאַנצער פאַרגאַנגענהייט...

ער האַקט אָפּ. כ׳זע, ס׳איז אים באמת שווער צו רעדן.

נאָך אַ פּויזע רעדט ער ווידער. זיינע ווערטער קלינגען ווי אַ ווידוי. ער פּליסטערט, כדי איך איינער אין פּאַלאַטע זאָל עס הערן:

— איר פאַרשטייט? 20 יאָר פון מיין לעבן אַוועקגעגעבן דער פּאַרטיי... פאַרנומען די פאַראַנטוואָרטלעכסטע פּאָסטנס אין דער אַרבעט. געווען לעצטנס פּראָפעסאָר אין דער מאָסקווער מיליטערישער אַקאַדעמיע. צוליב געמיינע אינטריגעס אויפן ריין־פּערזענלעכן באָדן האָט „עמיצער" „עמיצן" אַריינגעשעפּטשעט וועגן מיר אין אויער: „שפּיאָן". דער דאָזיקער אַבסורד, פון וואָס סיי איך, סיי מיינע פריינד האָבן זיך אויסגעלאַכט, האָט אינגאַנצן צעבראָכן מיין לעבן. פּאַימיטיע, צען יאָר! „פּ. ש." הייסט עס ביי אונדז. פאַרוואָס? פאַרווען? איבער אַן אינטריגאַנט! אַ מנוול, וואָס האָט, מסתמא, אויך אַן אויג געוואָרפן אויף מיין פרוי... אַזאַ שאַנד! אַזאַ באַליידיקונג! איך, דער אַלטער פּאַרטיי־טוער!...

איך האָב אים אויסגעהערט שטום, נישט מאַכנדיק קיין שום באַמערקונג. אָט זאָל ער זיך אַליין אַראָפּרעדן פון האַרץ זיין ווייטיק, אויב ער וויל, אויב עס ווערט אים גרינגער. וואָס האָב איך אים דאָ צו זאָגן — איך, דער „פרעמדער מענטש", ווי ער האָט מיך פריער אָנגערופן. וואָס האָב איך דאָ צו זאָגן צו די טראַגעדיעס פון די רוסישע מענטשן...

איך קאָן נאָר הערן און — שווייגן.

פון דעם טאָג אָן זענען מיר געוואָרן באַפריינדעט. איך האָב באַמערקט, אַז מיט קיינעם אין דער פּאַלאַטע האָט רוסאַנאָוו קיין חשק נישט צו רעדן. איך בין זיין איינציקער מיטשמועסער. קיין סך האָט רוסאַנאָוו בכלל נישט גערעדט. ער איז כסדר געלעגן פאַרטיפט אין זיינע טרויעריקע מחשבות, אין זיינע מאָראַלישע יסורים און אין די יסורים פון זיין געשוואָלענעם פוס.

---

די טעמפּעראַטור ביי מיר איז שוין לחלוטין געפאַלן. איך האָב שוין נישט קיין היץ.

איך זע, ווי אַנדערע קראַנקע באַקומען מילך. איך ווייס, אַז איך טאָר עס נאָך נישט טרינקען. אָבער איך חלש נאָך אַביסל מילך. ווי לאַנג עס שוין נישט געזען פאַר די אויגן! חדשים לאַנג! איך בעט דעם דאָקטער אַוועבוך ער זאָל מיר אויך פאַרשרייבן כאָטש איין גלאָז מילך.

— אויסגעשלאָסן! איר טאָרט נישט!

— ווען וועל איך שוין מעגן?

— בעת עס וועלן פאַרשווינדן לחלוטין די בלוט־סימפּטאָמען.

און ער הייסט מיר, איך זאָל נאָכן באַזוכן די „אובאָרנאַיאַ״ וואָס אין קאָרידאָר, נישט אַראָפּלאָזן דאָס וואַסער, נאָר אים אַליין רופן אָב־סערווירן.

— אומבאַדינגט! — פאַרזאָגט ער מיר.

ס׳אַראַ ערלעכע זאָרגעוודיקייט! וואָס ווייטער געפעלט ער מיר אַלץ מער, דער ד״ר אַווערבוך.

איך הייב שוין אָן אַביסל צו קריכן איבערן קאָרידאָר. פאַרקוק אין אַנדערע פּאַלאַטעס. רעד אַ פּאָר ווערטער מיט איין באַקאַנטן, מיט אַ צווייטן. איך רעד מיט די קראַנקע פון „טשוט׳״. איינער פון זיי דער־ציילט מיר, אַז כמעט אַלע מענטשן, וואָס מען האָט אַהין געפירט, זענען שוין אין די שפּיטאָלן אָדער אויפן עולם־האמת. אַז מ׳האָט כסדר אויס־געפולט דעם צונויפגעקלאַפּטן קאַלטן באַראַקל מיט נייע מענטשן... אַז די אַרבעט איז שוין איצט דאָרט אינגאַנצן איבערגעריסן, ווייל פון דער גאַנצער „אימפּרעזע״ האָט זיך אויסגעלאָזט אַ בוידעם.

— יאָ, געהערט וועגן דעם.

— אַזוי פיל אומזיסטע קרבנות!

— פעלן דען אַנדערע מענטשן אין די לאַגערן? אַ ביליקע זאַך דאָ מענטשן... מענטשן ווי מיסט...

## 54

# וואָס דער קברן דערציילט...

איך פאַרפיר איינמאָל אַ שמועס מיטן „זאַווכאָז״ פון „סטאַציאָנאַר״. ער איז אויך דער קברן פון לאַגער. דאָס איז אַ ייד פון מינסק. שוין דאָ אַ „תושב״ זינט יאָרן... אַ מענטש אין די מיטעלע יאָרן, מיט געלבלעכע האָר, מיט אַ סך זומערשפּרינקלעך אויפן פּנים און אויף די הענט. זיינע גרויע אויגן קוקן גלייכגילטיק און אָן אויסדרוק. אָנגעטאָן איז ער פּינקט־לעכער ווי די מענטשן פון וואַלד. אין אַ נייער בלויער פופייקע און שוואַר־צע וואַטענע הויזן.

דערהערט, אַז איך בין אַ פּוילישער, האָט ער צו מיר אַ טענה:

— אייערע פּוילישע פֿאַרמאַטערן מיך... צו אָפט קומט מיר אויס צו פֿירן זיי אויפֿן בית־עולם... איר ווייסט, וואָס עס הייסט גראָבן דאָ אַ קבר אין אונדזער ווינטער?...

— יאָ, איך ווייס... — ענטפֿער איך, — איך האָב דאָ שוין גע־גראָבן גריבער פֿאַר עלעקטרישע סלופּעס...

— ווייסט איר דאָך... זומער, אַז איך פֿיר אַרויס אַ טויטן, שפּילט עס קיין ראָלע נישט. די גרוב גראָבט זיך זייער לייכט. וואַרף איך „אים" אַריין, פֿאַרשיט מיט דער זעלבער ערד — און פֿאַרטיק... איצט אָבער... די ערד איז דאָך פֿאַרפֿרוירן, קומט עס אָן מיט דער גרינגער גאַל. דערפֿאַר קלייב איך שוין אָן אין קעלער עטלעכע מתים פֿאַראַמאָל, נעם מיט אַ „פּאָמאָטשניק" און מיר גראָבן אויס אַ גרעסערע גרוב פֿאַר אַלע צוזאַ־מען... ס'וועט „זיי" דאָרט פֿריילעכער זיין צו ליגן...

פֿון זיין לייכטן טאָן, פֿון זיין גלייכגילטיקן רעדן וועגן זיין פֿונק־ציע, פֿון זיין קאַלטן אונטערשמייכלען דערביי דערשפּיר איך אַ טיפֿן שוי־דער... וויפֿל האָט דען געפֿעלט, אַז אויך איך זאָל ווערן זיין „קליענט"?...

— ווי מאָדנע איר רעדט עס וועגן די אומגליקלעכע קרבנות! — באַ־מערק איך אים.

— „אומגליקלעכע" זאָגט איר? — רעדט ער שוין ערנסט. — טייל־מאָל דאַכט זיך מיר, אַז ס'איז אַ גליק פֿאַר זיי, וואָס זיי זענען שוין גע־שטאָרבן... אומשטיינס געזאָגט, ס'אַראַ „גליקלעך" לעבן אין לאַגער... גלויבט מיר, וויפֿל מאָל האָב איך אַליין מקנא געווען די געשטאָרבענע... וואָס זשע מיינט איר, אַז די גאַנצע צייט האָב איך דאָ „געלעקט האָ־ניק"?... אמת, איצט איז מיר שוין לייכטער אין לאַגער. איך אַרבעט שוין נישט אויף קיין „נאָרמעס"... אָבער פֿריער, אין וואַלד... אָ, נישט איין מאָל האָב איך דעם טויט אויף זיך געבעטן...

די לעצטע רייד האָבן אים אַביסל „רעהאַביליטירט" אין מיינע אויגן: הייסט עס, אַז ער איז אין גרונט נישט אַזאַ ציניקער לגבי די טויטע. דאָס האָבן די צרות אין לאַגער ביי אים געשאַפֿן אַזאַ „פֿילאָזאָפֿישן צו־גאַנג" צו זיין קברן־פֿאַך...

— שטעקט איר כאָטש אַריין אַ ברעטל מיטן נאָמען צוקאָפּנס פֿון די קברים?... —פֿרעג איך אים.

— וואָס פֿאַלט אייך איין! פֿאַר וועמען?... עס וועט דען אַמאָל עמי־

צער קומען אַהער אויף קבר־אבות?... אַ קינד? אַ פרוי? איר מיינט דען ס׳איז אַ נאַסטאַיאַשטשעיע קלאַדבישטשע (אַן אַמתער בית־עולם) מיט אַ פּאַרקאַן, מיט מצבות?... ווייס איך וואָס... אַ פּשוטע פּאָליאַנע...

— פאַראַן שוין דאָ אַ סך נאָמענלאָזע קברים אויף דער דאָזיקער פּאָליאַנע?

— אָ, די פּאָליאַנע איז געווען גרויס. עס ליגן דאָרטן מענטשן אין די טויזנטער. דורך מיינע הענט אַליין זענען שוין אַריבער אַהין ווער ווייס וויפל מענטשן... איך צייל זיי דען?... דאָרט ליגן מענטשן פון אַלע פעל־קער... אויך אַחינו בני ישראל פעלן דאָרט נישט... דאָרט זענען אַלע גלייך... גוי, ייד... בעז ראַזניצי! (אָן אונטערשייד).

פון דעם „זאַווכאָזס" דערציילונג ווערט מיר אַזש קאַלט אין די ביי־נער...

איך האַק אָפּ. איך פרעג אים מער נישט. אָבער ער אַליין האָט אַ ווילן מיט מיר ווייטער צו רעדן און ער דערציילט מיר אַ כאַראַקטעריס־טישע ראָמאַנטישע געשיכטע. אַ געשיכטע פאַרבונדן מיט זיין קברני־שער פונקציע:

— זומער־צייט קום איך איינמאָל צו פאָרן מיט אַ דריי טויטע אויף דער פּאָליאַנע. אין מיטן האָט אָנגעהויבן גיסן אַ שלאַקס־רעגן. איך לאָז שטיין דעם וואָגן מיט די בר־מינבס — „זיי" וועלן מיר דאָך נישט אַנט־לויפן... — און כאַפּ זיך אַריין אין אַ דערבייאיקער פּוסטער שאָפּע. די שאָפּע איז געבליבן דאָ שטיין נאָך פון אַמאָל, ווען אַ בריגאַדע פון דער „בור־קאָלאָנאַ" האָט דאָ געזוכט אין דער געגנט נאָפט. איך קום אַריין — אַ זשענשטשינע! (פרוי). אַ יונגע זשענשטשינע, אַ קראַסאַוויצע! איך פרעג זי, ווער זי איז און וואָס זי טוט דאָ? דערציילט זי מיר, די טשודאַ־טשקע, אַ ווילדע זאַך: אַזוי ווי איר מאַן געפינט זיך דאָ אין אַ לאַגער— סך־הכל אַ קילאָמעטער פון דאַנען — וואַרט זי דאָ אויף אים ביז ער גייט אַרויס מיט דער בריגאַדע צו דער אַרבעט און זי זעט זיך דאַן מיט אים... איר הערט, אַ טשודאַטשקע! זי אַליין וווינט הינטער קיראָוו (ס׳איז פאָלג מיך אַ גאַנג!) — האָט זי אויסגעכלאָפּאָטשעט ביי „נאַטשאַלסטוואָ" אַ „פּראָפּוסק" ביזן שטעטל טשיביו; טאַקע דאָ נישט ווייט פון אונדז, 4 קילאָמעטער סך־הכל, פּאַנימאַיעטיע? ווען איר מאַן וואָלט געווען אַ „ק. ר. ד.ניק", וואָלט זי דאָך נישט געוווסט ווו זיין געביין איז אַהינגע־קומען, נאָר ווייל ער איז אַ „ביטאָוויק" און „זיצט" אין לאַגער פאַר „ראַז־

באַזאָרעווען״ (פאַרשווענדן) „גאָסודאַרסטווענאָיע אימושטשעסטוואָ״, נו, האָט זי באַקומען דעם „פּראָפּוסק״ „פּאָ בלאַטו״... אגב: מסתמא איז איר אויך בייגעשטאַנען איר שיין פּנימל... איר ווייסט נישט, אַ קראַסאַ־וויצאַ טוט אַ שמייכל, אַ ווינק מיט אַן אויגל... פּאַנימאַיעטיע?...

— אָבער נאָך וואָס איז זי געקומען צו אים?

— אַ טשודאַטשקע! איך פרעג זי: „ניעאָוזשעלי פעלן אַנדערע מע־נער אין קיראָוו?״... — ענטפערט זי: — „ניין, ניין! אויב נישט מיין סעריאָזשאַ, איז קיינער נישט!״... און זי דערציילט מיר, אַז ווען זי קומט נישט אַהער אַ קוק טאָן אויף אים, וואָלט זי געשטאָרבן פון בענקעניש... וואָט טשודאַטשקאַ!

און נאָך אַ קליינער פּויזע רעדט ער ווייטער:

— פּאַנימאַיעטיע? מ׳איז דאָך אָפּגעריסן אין לאַגער פון פרויען... אַז כ׳האָב זי דערזען איינע אַליין, האָט מיר אַזש דאָס האַרץ אָנגעהויבן ציטערן... איך האָב זי אָנגענומען ביים אָרעם און געפּרוווט זי אַ קוש טאָן... אָבער זי — זי האָט זיך פלינק ווי אַ קאַץ אַרויסבאַקומען פון מיי־נע הענט און זיך צעכליפּעט: „ראַדי באָגאַ (אום גאָטעס ווילן) רירט מיך נישט אָן... דערהרגעט מיך בעסער״... אַזוי האָט זי זיך געבעטן, די טשו־דאַטשקע... איך האָב געזען, אַז זי פּריטוואָריאַיעט זיך (סימולירט) נישט, אַזוי ווי אַ טייל זשענשטשינעס טוען עס... אַז זי מיינט עס אויף אַן אמת... נו, האָב איך זי אָפּגעלאָזט... שפּעטער, אַז זי האָט זיך באַרו־איקט, האָט זי מיר דערציילט, אַז זי קומט אַהער פון טשיביו שוין דעם דריטן טאָג. דער בריגאַדיר טוט איר צוליב — ווי זשע קאָן ער אָפּזאָגן אַזאַ קראַסאַוויצע?... — און זי גייט נאָך פון דער ווייטנס נאָך דער בריגאַדע ביז צום אַרבעטס־פּלאַץ אין וואַלד. דאָרט גנבעט זיך דער מאַן אָפּ — דער בריגאַדיר מאַכט זיך דערביי נישט זעענדיק... — און ער פאַר־שווינדט מיט זיין פרוי אין דער טיפקייט פון וואַלד אויף אַ פּאָר שעה צייט... פּאַנימאַיעטיע? גראָד אַ ווילער בריגאַדיר, אַ נאַש בראַט! דאָס פּאָרפאָלק האָט זיך געזעגנט ביז מאָרגן. ער איז אַוועק צו דער בריגאַדע, זי — אין טשיביו.

— און וואָס איז געשען אין יענעם טאָג בעת איר האָט זי געטראָפן אין דער שאָפע?

— אין יענעם טאָג איז מסתמא די בריגאַדע אַוועק אַרבעטן ערגעץ

אַנדערש און זי האָט אומזיסט געוואַרט. דערצו האָט זי פאַרכאַפּט דער שלאַקס־רעגן, האָט זי זיך געשיצט אין דער שאַפּע.

— האָט איר זי נאָכאַמאָל באַגעגנט ביים בית־עולם?

— ניין, מער נישט. צומאַרגנס בין איך ווידער געווען אויפן זעלבן פּלאַץ מיט מיין טויטן־וואָגן. כ׳האָב עקסטראַ אַריינגעקוקט אין שאַפּע — קיינער איז דאָרט נישט געווען. אָדער זי האָט אויסגעזוכט אַן אַנדער פּלאַץ אָפּצוואַרטן איר מאַן, נענטער צו זיין נייעם אַרבעטס־פּלאַץ, אָדער זי איז שוין צוריקגעפאָרן. געשטילט אַביסל איר גרויסע בענקעניש און צו־ריקגעפאָרן...

און דער „זאַווכאָז" פאַרענדיקט:

— האַ, וואָס־זשע זאָגט איר צו דער דאָזיקער טשודאַטשקע? וואָס באַבעס זענען!...

די דאָזיקע אויסטערלישע געשיכטע וועגן דער פאַרליבטער „קראַ־סאַוויצאַ" פון קיראָוו האָט פאַר מיר געבראַכט צום אויסדרוק, ווי אַ לע־בעדיקער סימבאָל, די צעריסנקייט פון מיליאָנען לעבנס אין די טויזנטער „זאָנעס" הינטער שטעכיקע דראָטן אין גרויסן סאָוויעטישן רוסלאַנד!

## 55

# אַ רומענער, וואָס אַנטלופט...

איין טאָג איז אין מיין פּאַלאַטע צוגעקומען אַ נייער חולה. דער „כינטשיק" האָט זיך שוין אויסגעשריבן און זיין בעטל האָט פאַרנומען אַ פּריש־געקומענער. ער האָט גערעדט רוסיש מיט אַן אויסלענדישן אַקצענט, האָט אַביסל אונטערגעזינדיקט קעגן דער גראַמאַטיק; אָבער זיינע רייד זענען נישט געווען קיין פּראָסטע, המונישע. קענטיק אַן אינטעליגענט. כ׳וועל באַלד געוווירר, אַז דאָס איז טאַקע אַן אויסלענדער, אַ רומענער.

דער דאָזיקער רומענער איז געלעגן אין גרויסע יסורים. נאָך אַ קורצן ווערטער־אויסטויש דערציילט ער מיר, אַז ער איז „באַשאָנקען" מיט עטלעכע חולאתן פאַראַמאָל: אַן אולסער אין מאָגן, פּאָדאַגרע און אַן אָפּגעפרוירענעם פוס. דעם פוס האָט ער זיך אָפּגעפרוירן דאָ לעצטנס אין

וואַלד. אפשר וועט מען נאָך דעם פוס אָפּראַטעווען און נישט מוזן אַמ־פּוטירן...

די שפּיטאָל־שוועסטער קומט אַריין צו אים אָפט, ברענגט אים מע־דיצינען, מאַכט אים איינשפּריצונגען וכדומה.

איינמאָל אין אַ פאַרנאַכט, אין אַ שעה, ווען די יסורים האָבן אים אַביסל אָפּגעלאָזט, איז ער געווען בעסער אויפגעלייגט, באַרעדעוודיקער און ער האָט מיך געבעטן צוצוזעצן זיך אויפן ראַנד פון זיין בעטל. היות ווי איך בין אויך אַן אויסלענדער, האָט ער צו מיר געפילט אַ געוויסע נאָענטקייט. מיר האָבן זיך אַזוי ביסלעכווייז פאַנאַנדערגערעדט און ער האָט מיר דערציילט זיין געשיכטע פון לאַגער, בעסער: לאַגערן... אַ גע־שיכטע, וואָס דערמאָנט אַ פאַנטאַסטישן ראָמאַן. אַ באַשרייבונג פון אויס־טערלישע אַוואַנטורעס:

אַליין איז ער אַ געוועזענער רומענישער אָפיציר. אַ געבוירענער אין בעסאַראַביע. בעת די באָלשעוויקעס האָבן „באַפרייט" בעסאַראַביע, האָבן זיי, פאַרשטייט זיך, באַלד זיך גענומען צו זייערע „רייניקונגען". ווי אַ געוועזענער רומענישער אָפיציר, איז ער געווען פון די ערשטע קרבנות. מ׳האָט אים אַרעסטירט און פאַרשיקט אַזש אויף די סאָלאָוויעצ־קע אינדזלען, וואָס אויפן ווייסן ים. דאָרט האָט זיך פאַר אים אָנגעהויבן דער אמתער גיהנום; אַגב דאָרט טאַקע האָט ער „דערוואָרבן" זיין אול־סער... ער האָט באַלד דערפילט, אַז לאַנג אויסהאַלטן וועט ער נישט קאָ־נען, האָט ער באַשלאָסן צו שפּילן „וואַ־באַנק!" — פּרווון אַנטלויפן! ענט־וועדער־אָדער: וועט אים געלינגען, איז ער דאָך אַ געראַטעוועטער; אלא נישט — איז ער דאָך סיי־ווי־סיי אַ פאַרלוירענער, וואָס־זשע שטעלט ער דאָ איין?...

ער האָט אַריינגענומען דעם פּלאַן אין קאָפּ אַריין, זיך אַרומגעקוקט, קאָמבינירט, געזוכט אופנים — און סוף־כל־סוף געפונען:

זיין בריגאַדע האָט איינמאָל געאַרבעט אין פּאָרט ביים אויסגרוי־זעווען משאות פון אַ באַרזשע. דאָרט האָט ער אין איין פּונקט ביים ברעג באַמערקט אַ ריי פישער־שיפלעך, צוגעטשעפּעטע מיט שטריק צו קלעצער. און עס האָט אים פּלוצלונג אַ בליץ געטאָן אַ געדאַנק: „דאָס איז דער וועג!"...

ער האָט זיך אין משך פון עטלעכע טעג אָפּגעשפּאָרט אין זיין טאָר־בע אַביסל ברויט און די טאָרבע מיטגענומען צו דער אַרבעט, כלומרשט

מ׳זאָל עס אין באַראַק פון אים נישט צוגנבענען. ער האָט אויך אַריינגע־לייגט אין טאָרבע אַ פלאַש וואַסער. בעת דער אַרבעט אין פאָרט האָט ער זיך גוט אַרומגעקוקט, אויסגעזוכט מיט די בליקן די נייטיקע באַהעלטע־ניש. אַז עס איז געוואָרן אָוונט האָט ער זיך אומבאַמערקט, ווי אַ גנב, אַרויסגעדרייט פון דער בריגאַדע און איז נעלם געוואָרן אין דער טונקל־קייט. די בריגאַדע איז אַוועק אָן אים. בעת ס׳איז גוט פינצטער געוואָרן האָט ער זיך צוגעשאַרט צו די פישער־שיפלעך. ער האָט אָפּגעטשעפּעט איין שיפל פון קלאָץ, אַ זעגל־שיפל, זיך אַריינגעכאַפּט אינעווייניק, גענו־מען אין די הענט די וועסלעס און — הײדאַ! זיך אַוועקגעלאָזט אויף ימישן הפקר אין דער נאַכט אַריין... ער האָט אָנגעצויגן דעם זעגל און דער שוואַכער ווינט האָט אים געטראָגן...

נאָר אַ מענטש, וואָס זיין לעבן איז שוין סיי־ווי־סיי פאַרשפּילט, האָט עס געקאָנט ביי זיך פועלן...

דער ים איז גראָד געווען נישט שטורמיש. די נאַכטיקע וואַסערן האָבן ווי געדרימלט. ס׳איז געווען אַ לינדע זומער־נאַכט. דער „רייזנדער" האָט ענערגיש געראָדערט מיט די וועסלעס. ער האָט געהאָלפן דעם שוואַכן ווינט, וואָס האָט צו פאַמעלעך באַוועגט דאָס שיפל. דער כוח, וועלכן ער האָט שוין כמעט געפּטרט ביי דער שווערער קאַטאָרגע, איז פלוצלונג צו אים ווידער געקומען: אַפּנים כדי אים בייצושטיין אין די שעהען פון סכנה...

דריי טעג און דריי נעכט האָט ער אַזוי געבלאָנקעט צווישן הימל און וואַסער. געווען שוין מאָמענטן, בעת ער האָט נישט געגלויבט, אַז ער וועט נאָך דערציען ביז ערגעץ אַ ברעג...

ביז איין באַגינען איז אויפגעגאַנגען אַ צעשטראַלטע זון און באַ־לויכטן אין דער ווייטנס אַ פּאַס לאַנד. ער האָט רעגולירט דעם אָנגעצוי־גענעם לייוונט, גענומען רודערן אַהין מיט די לעצטע כוחות.

ער איז צוגעשוואומען צו אַן אומבאַקאַנטן מדבר. ער איז אַרויס אויף דער יבשה און זיך גענומען אַרומקוקן. אַ פוסטעניש, באַדעקט מיט ווילדע געוויקסן. דאָ זענען עס די טונדרעס, וועגן וועלכע ער האָט אַמאָל אין די שול־יאָרן געלערנט אין געאָגראַפיע...

האָט ער אָנגעהויבן קריכן פאַר זיך, ווהין די אויגן פירן. געקראָכן, געקראָכן — און דערשלאָגן זיך צו עפּעס אַ ישוב. אַ דערפל. פאַר ליכ־טיקן האָט ער נישט געוואָלט אַהין אַריינקומען. בעת עס איז שוין גוט

טונקל געוואָרן, איז ער אַהין צוגעגאַנגען און נישט־דרייסט אָנגעקלאַפּט אין דער ערשטער כאַטע ביים עק דאָרף.

עס עפנט אים אַ פּויערטע:

— ווער זענט איר, אומבאַקאַנטער? צו וועמען?

— כ׳בין געקומען אויף אַרבעט. כ׳זוך אַ נאַכטלעגער. אפשר וועט איר זיין אַזוי גוט?

די פּויערטע האָט אַביסל געקווענקלט און לסוף אים אַריינגעבעטן. זיין נעבעכדיקער טאָן האָט אין איר דערוועקט אַ רחמנות. אין זיין פּנים האָט זי באַלד דערקענט, אַז זי האָט דאָ פאַר זיך נישט סתם אַ שלעפּער, אָדער „זשוליק״.

און פון יענעם טאָג אָן איז ער געוואָרן אַן „אַקטיאָר״: ער האָט ראַפיגירט געשפּילט פאַר דער פּויערטע די ראָל פון אַ „מענטש אָן אַ היים״, וואָס איז געקומען אויף אַרבעט, וואָס זוכט אַ דאַך איבערן קאָפּ... ער האָט באַלד געוווּנען דעם צוטרוי פון דער תמימותדיקער פרוי — בפרט, אַז זי אַליין איז אַן אלמנה, און נאָך נישט קיין אַלטע... זי לעבט אין דער כאַטע מיט איר איין־איינציקן נישט־דערוואַקסענעם זון. און ער — ער איז אויך אַ מענטש אין די מיטעלע יאָרן... איז אדרבה, זאָל זיין נאָך אַ מאַנסביל אין כאַטע. ס׳וועט פריילעכער זיין...

— וועט איר דאָ אַרבעטן אין קאָלכאָז? — פרעגט זי אים.

— מסתמא... — ענטפערט ער אַביסל רעזערווירט. — ווו איז דאָ די קאַנצעלאַריע פון קאָלכאָז?

— אָ, ווייט פון דאַנען. אַ צוויי קילאָמעטער אַוודאי.

— כ׳וועל צוגיין אַהין אין אַ פּאָר טעג אַרום... כ׳בין עפּעס נישט מיט אַלעמען... כ׳וועל זיך אַביסל אויסרוען...

די פּויערטע האָט דעם גאַסט מכבד געווען מיט דאַרפישן שוואַרץ־ברויט, מיט אַ טעפּל מילך, מיט קאַרטאָפל. די פּאַרע פון די הייסע קאַרטאָפל איז אויפגעגאַנגען איבערן שיסל פאַר אים מיט אַזאַ היימישקייט... מיטן אָטעם און מיט די ריחות פון דער היים...

מיט אַ טאָג שפּעטער האָט דער גאַסט — מחמת „זעלבסט־דערהאַלטונג״ — אָנגעהויבן שפּילן אַן אַנדער ראָל: די ראָל פון אַן „אַמאַנט״... הערנדיק פון דער פּויערטע, אַז זי איז אַן אלמנה, האָט ער פּאַוואָליע און פאַרזיכטיק אָנגעהויבן פאַר איר „אוכאַזשעווען״... געזאָגט איר, אַז אים געפעלט אַזאַ גוטע „כאַזייקע״ (באַלעבאָסטע)... אַז ער האָט פאַרלוירן זיין

פרוי, וואָס איז געשטאָרבן מיט אַ יאָר צוריק... אַז שווער איז די „דאַליע" פון אַ מאַנסביל אַליין, אָן דער זאָרג פון אַ פרוי...

די פויערטע האָט „פּאַטאַקעוועט":

— יאָ, יאָ, דרוזשאָק. לעבן אַליין, אָן אַ מאַן, אָן אַ ווייב, איז אַ קללה פון גאָט... זאָל יעזוס העלפן זיינע גלויביקע...

זי האָט גערעדט מיט גאָט, די פויערטע. מסתמא אַזוי געווינט געווען נאָך פון טאַטע־מאַמע. אין אַ ווינקל האָט ער אַפילו אויך געזען הענ־גען אַן אַלטע איקאָנע, וואָס איר גאָלדענע ראָם איז שוין פון לאַנג פאַר־צויגן געווען מיט אַ טונקלקייט.

און אַזוי האָבן זיי זיך ביסלעכווייז „דעררעדט"... נאָך די פּאָר טעג האָט ער ביי איר כלומרשט געגומען נאָכפרעגן אויפן „פּרעדסעדאַטיעל" (פּאָרזיצער) פון קאָלכאָז, צי איז ער אַ גוטער מענטש? צי וועט ער אים באַזאָרגן מיט אַ דאַך איבערן קאָפּ?

— וואָס־זשע איילט איר זיך? רוט נאָך אַביסל... — האָט זי אים געעצהט נאָך מער ווי פריינדלעך...

דער אַנטלאָפענער „זע־קאַ" איז צו זיך געקומען. אין דער גאַסט־פריינדלעכער כאַטע האָבן זיך אויסגערוט זיינע מידע ביינער. די „כאַ־זייקע" האָט אים „געקעכלט" מיט „לעפּיאָשקעס" (פּלעצלעך), מיט „שטשי", מיט „וואַרעניקעס". אַ בהמה אין שטאַל איז געווען — האָט צו עסן אין שטוב נישט געפעלט. זי האָט אים אויך געגעבן אָנצוטאָן דעם פאַרשטאָרבענעם מאַנס אַ מלבוש, און ער האָט געקריגן אַ מענטשלעכן אויסזען.

איצט איז אים געבליבן איין זאָרג: ווי דערשלאָגט מען זיך צו דער וויטער היים — צו זיין בעסאַראַביע און פון דאָרט אויף יענער זייט פון אָקופּאַציע־געביט — קיין רומעניע?

ער איז מיט דער צייט געוויר געוואָרן דעם מאַרשרוט, די וועגן און אומוועגן, ביז אַרכאַנגעלסק. פון דאָרטן וועט ער וייטער זען. דער באַ־לעבאָסטע — שוין געוואָרן מער ווי באַלעבאָסטע... — האָט ער „איבער־צייגט", אַז ער מוז נאָך צופאָרן קיין אַרכאַנגעלסק נאָך זיינע „וויע־שטשעס" (זאַכן)... ער האָט דאָך אַרויספאָרנדיק נישט געוווסט, אַז ער וועט דאָ אין דאָרף טרעפן אַזאַ פרוי... אַז ער וועט זיך תיכף אומקערן צו פאַרבלייבן מיט איר ווינען — שוין ווי אַ מאַן...

ער האָט איר אויך דערציילט, אַז „זשוליקעס" אין באַן האָבן ביי

אים צוגעגנבעט דעם פּאָרטפעל מיט געלט און דאָקומענטן און דעריבער איז ער אַביסל אין אַ פאַרלעגנהייט... די נאַאיווע — און אַביסל שוין פאַרליבטע... — פויערטע האָט אים אַלץ געגלויבט — אַזוי גוט האָט דער רומענער זיין ראָל געשפּילט... האָט זי אים נאָך געגעבן אַביסל געלט, „צדה לדרך" און עפּעס אַ פאַרוואַלגערטע „ספּראַווקע" פון איר מאַן — ווי אַ שטיקל דאָקומענט.

און אַזוי האָט ער זיך געזעגנט מיט דער כאַטע, מיט דער „כאַזייקע" וואָס האָט אים אַרויסגעוויזן אַזוי פיל האַרץ און אַזוי פיל נישט פאַר־דינגטן צוטרוי...

— איך ווייס, — איז מיר מודה דער רומענער, — איך האָב נישט געהאַנדלט אפשר אַזוי גוט לגבי דער דאָזיקער ווילער, פּרימיטיווער פרוי... כ'האָב געדאַרפט אויסמיידן אַזאַ באַציאונג, זי זאָל זיך נישט פילן נאָכדעם אָפּגענאַרט ווי אַ פרוי... אָבער פאַרשטייט מיך... איך האָב קיין ברירה נישט געהאַט... כ'האָב געמוזט אַזוי האַנדלען פאַר דער זיכערקייט פון מיין רעטונגס־פּלאַן...

ס'איז דעם רומענער אַזוי אַרום געלונגען צו דערשלאָגן זיך ביז אַר־כאַנגעלסק, פון דאָרט ביז מאָסקווע. דאָס האָט געדויערט אַ ריי טעג און נעכט. דאָס האָט געקאָסט אַ סך, אַ סך שוועריקייטן. אויף די רוסישע באַ־נען פאָרט מען נישט אַזוי לייכט, אַזוי נאָרמאַל... ער האָט געמוזט אָנ־ווענדן פאַרשיידענע „טריקן" און קאָמבינאַציעס מיט די „פּראָוואָדניקן" (וואַגאָן־קאָנדוקטאָרן).

— מיין אומגליק איז געווען מאָסקווע! — דערציילט ער ווייטער.

— ווען איך פאָר נישט דורך מאָסקווע, נאָר דורך אַן אַנדער מאַרשרוט, וואָלט איך אפשר מיין פּלאַן אויסגעפירט ביז צום סוף. אָבער...

און ער דערציילט באריכות ווי אַזוי ער האָט זיך צופיל אַרומגע־פּלאָנטערט אין שטאָט. אין מיטן דערינען איז ער נאָך טשיקאַווע געווען אָנצוקוקן די סאָוויעטישע רעזידענץ, דעם קרעמל, דעם רויטן פּלאַץ מיטן לענין־מאַוזאָליי... אויפן וואָקזאַל האָט ער זיך אָנגעשטויסן אויף גרויסע שוועריקייטן. אויף אַ פּאַסאַזשיר־צוג האָט ער נישט געקאָנט אויסקויפן קיין בילעט, ווייל עס האָט אים שוין אויסגעפעלט געלט; אגב האָט מען דאָ אין דער קאַסע געמוזט ווייזן אַ „קאָמאַנדיראָווקע"... האָט ער זיך אַרויסגעכאַפּט מיט אַ פּעראָן־בילעט און געוואָלט זיך אַרויפבאַקומען אויפן ערשטן בעסטן צוג, וואָס גייט אין דער ריכטונג צו אוקראַינע. אויפן וועג

וועט אים אַזוי אַרום אויסקומען צו טוישן דעם צוג אויף אַנדערע, וואָס גייען צו בעסאַראַביע... אַ זייער ריזיקאַלישער וועג. אָבער ער האָט דען געהאַט אַ ברירה?...

אָבער באַלד אין מאָסקווע איז מיט אים געשען דאָס אומגליק: ווי נאָר ער האָט זיך אַרויפגעכאַפּט אויפן צוג, האָט ער אויף דער „פּלאַש־טשאַדקע" (פּעראָן) פון וואַגאָן זיך אָנגעטראָפן פּנים אל פּנים מיט אַן „נ. ק. וו. ד.יסט", וועלכער האָט אים שאַרף גענומען נאָכקוקן. ער ווייס נישט מיט וואָס ער האָט צוגעצויגן זיין אויפמערקזאַמקייט. אפשר האָט ער זיך אַביסל דענערווירט. קאָן זיין. יענער האָט אים תיכף אַ פרעג געטאָן:

— אייער בילעט?

ער האָט זיך פאַרלוירן און געשטאַמלט:

— אַך פאַרגעסן... מ'האָט מיך באַגנבעט... זשוליקעס...

— און אייער דאָקומענט, בירגער? — ער ווייזט די „ספּראַווקע", וואָס ער האָט באַקומען פון דער פּויערטע...

— און אייער „קאָמאַנדיראָווקאַ"?

— מ'האָט מיך באַגנבעט... צוזאַמען מיטן בילעט...

— קומט! — האָט אים דער „נ. ק. וו. ד.יסט" אָנגענומען ביים אָרעם און אַראָפּבאַגלייט גלייך אין דער באַן־מיליץ אַריין.

און עד כאן...

דאָ האָט זיך געענדיקט זיין „נסיעה" קיין בעסאַראַביע...

אַפּנים אויף אָפּנאַרן די „נ. ק. וו. ד." איז ער געווען אַ צו קליינער „אַקטיאָר", דער רומענער. אַ בריה איז ער נאָר געווען צו שפּילן זיין ראָל פאַר דער פּויערטע אין יענער כאַטע, אין די טונדרעס...

אין תפיסה האָט ער געזען, אַז ער האָט דאָ נישט וואָס צו שפּילן אַ מענטשן מיט אַן אַנדער נאָמען. אַז דאָס וועט אים נאָך קאָסטן טייערער... האָט ער זיך באַלד אין אַלץ מודה געווען. נאָכן אָפּפינצטערן אַ פּאָר חדשים אין תפיסה איז ער דאַן מגולגל געוואָרן אין אונדזער לאַגער מיט אַ „דאַ־באַווקע" פון נאָך 5 יאָר צו זיין פריערדיקן „סראָק"... ד"ה אַז צוזאַמען איז אים נאָך געבליבן „אָפּצוזיצן" העכער 14 יאָר...

האָט זיך דער פאַרעקשנטער רומענער ווייטער געהאַלטן ביי זיין אַלטן פּלאַן: אַנטלויפן! אַנטלויפן — ביז עס וועט איין מאָל יאָ געלינגען...

דאָ אין לאַגער איז ער אָפּגעווען בלויז אַ וואָך צוויי, האָט זיך אָב־

געזאַמלט אַביסל ברויט — און ווידער געלאָפן... געלאָזט די בריגאַדע אין וואַלד און נעלם געוואָרן.

געקראָכן, געקראָכן דורך דער טייגע און זיך געוואָלט דערשלאָגן צו עפּעס אַ ישוב. ער האָט אַ סך געבלאָנדזשעט אין לאַבירינט פון די ווילדע וועלדער. טאָמער האָט ער אויפן וועג ערגעץ יאָ דערזען אַ ישוב, איז עס געווען אַ פאַרצאַמטע „זאָנע"... אַ לאַגער... מיט וואַך־טורעמלעך... האָט ער זיך שנעל אָפּגעטראָגן ווייטער... ווייטער... ביז ער איז צוגעקומען צו עפּעס אַ טייך. מיט אָט דעם טייך האָט ער גענומען גיין. געגאַנגען איין טאָג, אַ צווייטן טאָג — קיין שטאָט טרעפט ער אַלץ נישט אָן. די צווייטע נאַכט, ליגנדיק איינגענורעט ביי אַ בוים אויפן ברעג טייך, דערהערט ער פּלוצלונג אין דער נאַכט־שטילקייט דאָס געררויש פון אַ צוג. הייסט עס, נישט ווייט פון דאַנען איז אַ „פּוט' " (אייזנבאַן־ליניע). צומאָרגנס איז ער אַוועק אין יענער ריכטונג ביז ער איז צוגעקומען צו אַן אייזנבאַן־בריק. האָט ער זיך געלאָזט מיט דער אייזנבאַן־ליניע און אַזוי אַרום צוגעקומען ביז עפּעס אַ קליינער סטאַנציע. געשטאַנען איז דאָרט נאָר אַ ביידל אָנשטאָט אַ וואָקזאַל. ער איז פאַרזיכטיק, פּאַמעלעך, ווי אַ גנב, צוגעגאַנגען נענטער. דאָרט איז געזעסן ביי אַ טישל נאָר איין „זשעלעזנאָדאָראָזשניק" (באַן־באַאַמטער). ער האָט אים גאָרנישט געפרעגט. ער האָט זיך נאָר צוגע־זעצט אין דער זייט אונטער אַ בוים און געוואַרט. געוואַרט אויף אַ צוג, וואָס זאָל גיין ווהין עס זאָל נישט זיין...

עטלעכע שעה האָט ער אַזוי געוואַרט און זיך דערוואַרט. אין דער ווייטנס האָט זיך צעפייפט אַ לאָקאָמאָטיוו און באַלד דערנאָך איז אָנגע־קומען מיט אַ גערויש אַ באַן. אַן אָרעם באַנדל, מיט אַלטע וואַגאָנעס, טייל מיט צעזעצטע שויבן. דער רומענער איז שנעל צוגעלאָפן צו אַ וואַגאָן. פון אינעווייניק האָבן גענומען אויסשטייגן פּאַסאַזשירן. אָבער מעשה־שטן זענען עס געווען אַזעלכע „פּאַסאַזשירן", וואָס צוליב זיי האָט ער שוין פאַרשפּאָרט איינשטייגן אינעווייניק: דאָס איז געווען עפּעס אַ קאָמאַנדע פון דער „נ. ק. וו. ד."... די דאָזיקע מחנה, באַוואָפנט מיט אויטאָמאַטן, איז אַפּנים אָנגעקומען פון עפּעס אַ „מיסיע" ערגעץ־ווו אין אַ לאַגער... און אַז אַזוי פיל „נ. ק. וו. ד.יסטישע" אויגן דערזען אַזאַ פּאַסאַזשיר, ווי דער רומענער, אין זיין בידנעם הולך, ווייסן זיי דאָך באַלד ווער דאָס איז...

דאָס מאָל האָט דער רומענער פאַרשפּאָרט זיך צו מאַטערן אַזוי פיל

אין וועג... ער האָט גלייך דערקלערט דער „נ. ק. וו. ד.", אַז ער האָט פאַרבלאָנדזשעט און אַז ער זוכט זיין „זאָנע" — דעם „ווטאָראַי ניעפּטאָ־פּראָמיסל"...

און דאָס מאָל האָט מען אים אויך גאָר אין תפיסה נישט געהאַלטן: מ'האָט אים גלייך צוריקגעבראַכט אין אונדזער „זאָנע", ווו ער אַרבעט לעצטנס אין דער „בור־קאָלאָנאַ".

— נו, און וויפל האָט מען אייך דאָס מאָל „דאָבאַוועט" צום „סראָק"? — פרעג איך אים.

— מ'האָט מיר נאָך נישט געמאָלדן. אָבער פון מיינעטוועגן מעגן זיי מיר געבן נאָך 20 יאָר... אַ נפקא־מינה... און די 14 יאָר וועל איך דען יאָ אויסהאַלטן?...

— אָבער, — גיט ער צו צום סוף, — איר מיינט, אַז איך האָב שוין רעזיגנירט פון מיין פּלאַן?... ווי נאָר עס וועט ווערן וואַרעמער, פּרווו איך ווידער מזל... דאָ בין איך דאָך סיי־ווי־סיי אַ פאַרמשפּטער צו אַ גיכן טויט... וואָס־זשע שטעל איך דאָ איין?... סיידן איך וועל מיין אָפּגע־פּרוירענעם פוס פאַרשפּילן... דאַן בין איך שוין אַ פאַרפאַלענער...

„יאָ, — טראַכט איך, אויסהערנדיק די אַוואַנטוריסטישע מעשה פון דעם רומענער, — די „נ. ק. וו. ד." ווייס וואָס זי טוט ווען זי שיקט אַוועק די שקלאַפן אין מרחקים, אַזש צו די „ווייסע בערן"... פון דאַנען איז נישטאָ קיין אַנטרינונג... דאָ קאָן מען נאָר לויפן פון איין לאַגער אין אַן אַנדערן... מיט אַ נאָך גרעסערן „סראָק"...

— זאָגט מיר, פּאַזשאַלויסטאַ, — פרעג איך נאָכדעם דעם רומענער, — האָט איר גאָרנישט אַ טראַכט געטאָן, אַז יענע גוטע „כאַזייקע", וואָס האָט אייך געגעבן דעם פאַרשטאָרבענעם מאַנס „ספּראַווקע", האָט צוליב אייך זיכער געהאַט אַ צרה?...

— איך האָב אין דער „נ. ק. וו. ד." געטענהט, אַז דעם דאָקומענט האָב איך געגנבעט אין אַ כאַטע... דערמיט, מיין איך, האָב איך זי געראַ־טעוועט...

— עס ווענדט זיך וואָס זי האָט געטענהט. צי שטימט עס מיט אייער דערקלערונג...

— וואָס־זשע האָב איך מער געקאָנט טאָן? טאַקע אַ גרויסער ווייטיק, אויב די דאָזיקע ווילע פרוי האָט צוליב מיר געליטן... אַזוי האָט געוואָלט דער גורל...

# 56
## אין „סלאַב־קאָמאַנדע"

סוף דריטע וואָך אין „סטאַציאָנאַר" בין איך שוין אַ „העלד": נישטאָ שוין די סימפטאָמען פון בויך־טיפוס. דער אַפּעטיט איז שאַרף. איך באַקום אַלע טאָג אַ קילאָ ברויט. ד"ר אַווערבוך האָט אַפילו מיר פאַרשריבן מילך. איך האָב זיך דערוואַרט: מילך! מיט וואָס פאַר אַ גיריקייט האָב איך זיך צוגעכאַפּט צו דער דאָזיקער לאַנג־געגאַרטער, מילדער, הייליגער ווייסער משקה!

קיין סך האַלטן זיך אויף די פיס קאָן איך נאָך נישט. עס ציטערן נאָך די קני. אָפּגעשוואַכט. איך ליג נאָך דאָס רוב אין בעטל און לייען צוביסלעך. באַקומען עטלעכע נומערן פון „באָלשעוויק". אין איין נומער לייען איך אַ דערציילונג — אַזאַ מין „אוטאָפּיע" וועגן אַ מלחמה צווישן סאָוויעטרוסלאַנד און היטלער־דייטשלאַנד... עס ווערט געמאָלט, ווי אַזוי היטלער־דייטשלאַנד פאַלט אָן דורך פּוילן אויפן ראַטנפאַרבאַנד... ווי די רויטע אַרמיי טריאומפירט און שלאָגט דייטשלאַנד... ספּעציעל צייכנט זיך אויס די סאָוויעטישע אַוויאַציע...

לייענענדיק די דאָזיקע „אוטאָפּיע" האָט עס מיך שטאַרק געחידושט וואָס מען דרוקט זי איצט אין „באָלשעוויק". איצט — ביי דעם „קוצעניו־מוצעניו" מיט היטלערן... (נאָכן 22סטן יוני פון זעלבן יאָר איז מיר די דאָזיקע „אוטאָפּיע" אויסגעקומען קלערער צו קאָמענטירן...).

היות ווי מיר איז שוין בעסער, בין אַרויס פון געפאַר, שרייבט מען מיך אויס אין פליגל פון „סטאַציאָנאַר" — אין 23סטן באַראַק. דאָ איז אָן ענגשאַפט, מען ליגט אויף צוויי־שטאָקיקע בעטלעך, איינע איבער די אַנדערע — וואַגאָן־סיסטעם. די דיעטאַ איז דאָ די זעלביקע ווי אין הויפּט־„סטאַציאָנאַר". דאָ ליג איך נאָך אָפּ אַ וואָך צייט און פאַל אַריין נאָכדעם אין „סלאַב־קאָמאַנדע".

„סלאַב־קאָמאַנדע" (קאָמאַנדע פאַר שוואַכע) איז אַ ספּעציעלער באַראַק פאַר רעקאָנוואַלעסצענטן: נאָך אַ דורכגעמאַכטער שווערער קראַנקהייט אין „סטאַציאָנאַר" אָדער פאַר קראַנקע, וועמען אַ קאָמיסיע פון „סאַן־טשאַסט'" האָט אַהין געשיקט אויף דערהאָלונג. די דערנערונג איז

דאָרט אַ בעסערע: „ספעק־פיטאַניע". אַ בעסערער „אָביעד", בעסער גע־שמאַלצן, און זיבן הונדערט גראַם ברויט אַ טאָג.

מיין לאַגער־פריינד פרידמאַן — דער „ראַזדאַוושטשיק" פון קיך — זעט מיך איצט צו מער ווי תמיד. ער הייסט מיר צוקומען אָפט מיט מיין קעסעלע צום קיך־פענצטערל און ער איז מיך נאָך מכבד מיט „גוטע זאַכן", אַמאָל אויך מיט אַ ווייס בולקעלע — די גרעסטע „אַטראַקציע" אין קיך!... — וואָס עס באַקומט נאָר די „אי. ט. ר." פון די וואַרשטאַטן.

אין דער זעלבער צייט איז מיר אויך אָנגעקומען אַ צווייט שפּייז־פּעקל פון גראָדנע: מיין מאַמע און שוועסטער פאַרגעסן מיך נישט... אין פּעקל איז געווען אַ סך קנאָבל. וויטאַמין „צ" קעגן צינגאַ. מיטן קנאָבל האָב איך דאָס מאָל געקאָנט אַביסל רעוואַנשירן פרידמאַנען... ער האָט עס אָנגענומען ווי אַ גרויסן גאָב... דאָס אַלץ האָט מיך אין „סלאָב־קאָ־מאַנדע" אַביסל געשטעלט אויף די פיס. גלייכצייטיק איז מיר פון גראָדנע אויך אָנגעקומען אַ געלט־אָנווייזונג. דאָס געלט איז אריבער אין דער בוכהאַלטעריע אויף מיין קאָנטאָ, וואָס איז שוין פאַר דער צייט כמעט אויסגעשעפּט געווען.

די אַלע באַקומענע שפּייז־אַרטיקלען האָב איך נישט געהאַלטן אין באַראַק (ווו זיי וואָלטן זיך לאַנג נישט געקאָנט האַלטן צוליב די „זשו־ליקעס"...) נאָר ביי מיין „זעמליאַק" רוזשאַנסקי, אין „שוואַלניע". יענער האָט עס גוט באַוואָרנט און פאַרשלאָסן. פאַרשטייט זיך, אַז אויך רו־זשאַנסקין האָב איך מכבד געווען מיט אַ גאַנץ קעפּל קנאָבל!

אין „סלאָב־קאָמאַנדע" איז מען נישט געלעגן אויף די הוילע נאַ־רעס, נאָר אויף שעניקעס. יעדער האָט געהאַט פאַר זיך אַ שמאָלן שעניק און די זייטן האָבן אַזוי נישט ווי געטאָן פון די האַרטע ברעטער. קיין צו־דעקן זענען דאָ אויך נישט געווען, האָט מען זיך צוגעדעקט מיט די מלבושים.

אין דאָזיקן באַראַק איז געווען אַ שפע פון מייז. נישט סתם מייז, נאָר ריזיקע שטשורעס, גרויס אַזוי ווי די קעץ. קיין מייז האָבן אייגנט־לעך נישט געפעלט אין אַלע באַראַקן; אָבער דאָ זענען זיי געווען לרוב, מער ווי אומעטום. ביינאַכט פלעגט זיין אַ ווילדער געיעג און אַ פּישטשע־ריי אונטער די נאַרעס. די שטשורעס האָבן זיך אַפילו נישט „זשעני־רט" אַרויפצוקריכן אויך אויבן, אויף די געלעגערס, נישטערנדיק עפּעס צו דער אכילה. זיי האָבן גאָר קיין מורא נישט געהאַט פאַר די מענטשן. איך פלעג

טראַכטן: צי איז עס נישט אַמאָל דערפאַר, וואָס אויך די מייז שפּירן אפשר אַרויס דעם שפּלן מצב פון די דאָזיקע צעטראָטענע און דערנידע־ריקטע?... איז דעריבער רעכענען זיי זיך נישט מיט אונדז?...

מיך פלעגט עס דענערווירן און עקלען און כ׳פלעג, ליגנדיק מיט אָפענע אויגן, כסדר נאָכשפּירן יעדן שאָרך אין מיין שכנות. עס פלעגט זיך מיר אַלץ דוכטן, אַז אָט קריכן זיי אויף מיר. ב־ררר!!!

די אַלטע „זע־קאַ״ האָט עס נישט געאַרט. מיט דער צייט, לעבנדיק אין אַזעלכע באַדינגונגען, ווערט מען אויך צו אַזעלכע מיאוסקייטן צוגע־וווינט.

איינמאָל האָב איך זיך געקליגלט און אויף ביינאַכט אויסבאַהאַלטן פון גנבים אַ שטיק ברויט אין מיין גרויסן וואַטענעם היטל. דאָס היטל האָב איך אויפגעהאנגען אויף אַ טשוואָק איבער מיין צוקאָפּנס. אין דער פרי, אַז איך האָב אַ נעם געטאָן דאָס היטל, איז פון אינעווייניק אַרויס־געשפּרונגען אַ גרויסער שטשור. פון דער גאַנצער „פּייקע״ זענען גע־בליבן בלויז שריים...

---

ס׳איז שוין סוף מערץ. די לעצטע וואָך פון חודש. די פרעסט זענען שוין נישט געווען אַזעלכע גרויסע. געווען אַפילו טעג גאַנץ לינדע. פלעג איך אַרויסגיין אין דרויסן אַריינציען אין די לונגען אַביסל פרישע לופט. אַמאָל פלעגט אויך אַביסל אַ וואַרעם טאָן די זון. אירע שטראַלן האָבן מילד געוואַרעמט מיין אויסגעבלייכט פּנים. כ׳פלעג פּאַוואָליע אַזוי אומ־קריכן איבער דער „גאַס״ צווישן די באַראַקן, אויף די שמאָלע, אויסגע־טראָטענע דורכגענג צווישן בערג שניי. טיילמאָל פלעג איך, שפּאַצירנדיק אַ פאַרזונקענער אין מחשבות, גאָר פאַרגעסן ווו איך געפין זיך. עס פלעגט זיך מיר דוכטן, אַז אָט נאָך אַביסל קריכנדיק, נאָך אַביסל בלאָנ־קענדיק וועל איך דערגיין צו אַ באַקאַנטער שטוב און אַן עפן טאָן אַ היי־מישע טיר — — —

די מענטשן פון „סלאַב־קאָמאַנדע״ פלעגט מען לאָזן צורו. בלויז די, וואָס זענען דאָרט לענגער און זענען שוין געזינטער, פלעגט מען נעמען אַמאָל צו אַ היימישער לייכטער אַרבעט אין דער „זאָנע״: רייניקן דעם שניי, אָדער אָפּצופּן די נאָדעלעך פון אָנגעריסענע סאָסנע־צווייגן פאַרן געטראַנק קעגן צינגאַ. „אַנטי־צינגאָטנאָיע״ — האָט מען עס גערופן, אָבער

דאָס דאָזיקע געטראַנק האָט געהאָלפן ווי אַ טויטן וויירויך...

אין די דאָזיקע פרייע טעג און אין די אָוונטן האָב איך געהאַט די מעגלעכקייט צו זען זיך און צו שמועסן מיט מיינע אַלטע און נייע לאַגער־באַקאַנטע. איך האָב געזוכט רוסאַנאָוון; אָבער יענער איז נאָך געלעגן אין „געהאַקטע צרות״ אין „סטאַציאָנאַר״. אין „סלאַב־קאָמאַנדע״ גופא האָב איך זיך באַקענט מיט נייע מענטשן: מיט פּוילישע און מיט רוסן.

מיינע נאָענטסטע שכנים אויף דער נאַרע אין „סלאַב־קאָמאַנדע״ זענען געווען צוויי פּוילישע יידן: ביידע נאָך יונגע, ביידע אַדוואָקאַטן (דער פּאַר מסתמא האָבן זיי זיך געהאַלטן צוזאַמען). איינער — אַדוואָקאַט עלביך פון וואַרשע און דער אַנדערער — קאַצענגאָלד פון סאָסנאָוויץ. קאַצענגאָלד איז געקומען אַהער פון „סטאַציאָנאַר״ נאָך אַ שווערער גריפּע און דערצו — מיט אַן אָפּגעפרוירענער האַנט, וואָס טויג שוין נישט צו דער אַרבעט אין וואַלד. אַדוואָקאַט עלביך איז סתם אַ מענטש אַ חלוש, קוים וואָס ער פּאָכעט מיט דער נשמה. דאַר, קוואַר, מיט אַ געל פּנים, ווי פון געלזוכט, דערצו שטאַרק אָפּגעלאָזן, אָפּגעריסן־אָפּגעשליסן, מיט אַראָפּהענגענדיקע צויטן פון דער פּופּייקע.

— צי זענט איר אין דער היים אויך געווען פיזיש אַזוי שוואַך? — פרעג איך אים.

— דער לאַגער האָט מיך צעבראָכן... — ענטפערט ער.

דערביי נעמט ער אַרויס אַ פאָטאָגראַפיע זיינע, וואָס ער האָט נאָך פון וואַרשע. איך קוק אָן: אַן עלעגאַנטער, יונגער, פרישער מאַנספּאַרשוין, מיט שמייכלדיקע אויגן...

— אין דער היים, זע איך, האָט איר קיין פּופּייקע נישט געטראָגן...

איך ווייז מיינע שכנים אויך מיין פאָטאָגראַפיע, וואָס איך פאַרמאָג אין מיין פאָרטפעל. ביידע קוקן און פאַרגלייכן די פאָטאָגראַפיע מיטן „אָריגינאַל״.

— אויך אייך איז שווער איצט צו אידענטיפיצירן... — באַמערקט קאַצענגאָלד.

— מיר זעען אַלע אויס — גיט צו אַדוואָקאַט עלביך — ווי העלדן פון דער אונטערוועלט...

— אָבער דאָס קאָן זיך אויסדוכטן נאָר אַ מענטשן פון מערב, נישט אין רוסלאַנד... דאָ איז דאָס אויג געוווינט צו אַזאַ טראַכט...

— זענט איר, הייסט עס, אַ וואַרשעווער? פון וועלכער גאַס? — פרעג איך עלביכן, ווי דער שטייגער דאָ צווישן די פּליטים, אַז מען טרעפט עמיצן פון איין שטאָט. עס ווילט זיך הערן גענויער אַ היימישע גאַס... דעם נומער פון דעם הויז...

— פון נאַוואָליפּקי. אַ פּרעכטיקע דירה איבערגעלאָזט, כאָטש קיין נאַרעס זענען דאָרט נישטאָ... געוווינט דאָרט מיט אַ מוטער, וואָס האָט מיך, דעם בן־יחיד, געקעכלט און געקוקט אין די אויגן אַריין.

— און פאַרוואָס האָט די מוטער קיין „נחת“ נישט געהאַט פון בן־יחיד? כ׳מיין פאַרוואָס האָט זי אים נאָך נישט געפירט אונטער דער חופּה?...

— דאָס וואָלט שוין געשען — ווען נישט די מלחמה. מיט וועמען איז שוין געווען.

— און ווו איז זי, אייער אויסדערוויילטע?

— זי האָט בשום אופן נישט געוואָלט פאַרלאָזן וואַרשע. נו, האָב איך געפּרוווט דעררוייל פאָרן אַן איר, כדי זי שפּעטער אַראָפּצוברענגען. אָבער שפּעטער האָב איך שוין געזען, אַז נישטאָ צו וואָס זי אַראָפּצוברענגען... האָב איך זיך רעגיסטרירט, ווי אַלע, צוריקצופאָרן קיין וואַרשע. ווייטער ווייסט איר דאָך אַליין...

אויך קאַצענגאָלד איז שוין געווען אין סאָסנאָוויץ אַן איינגעאָרדנטער, געפירט אַן אַדוואָקאַטן־ביוראָ און געוואַרט מסתמא אויף זיין באַשערטער... אָבער דער גורל האָט אים עפּעס אַנדערש באַשערט... ער איז זייער רעזיגנירט, האָט נישט קיין מוט און גלויבט שוין נישט אין קיין אויסלייזונג פון דאַנען. ער איז זייער דעפּרימירט, וואָס ער איז דאָ געוואָרן אַן אינוואַליד: מיט אַ האַנט אַ קריפּל.

— האַלט איר טאַקע, פּאַניע מעצענאַשיע, אַז אַזוי בלייבט עס?... — שטעל איך אים די פראַגע.

— שלעכטס האָט טאַקע אויך אַ ברעג, — ענטפערט קאַצענגאָלד, — אפשר וועט קומען דער געגאַרטער טאָג. אָבער ווער וועט עס דאָ קאָנען אויסהאַלטן? איר זעט דאָך וואָס פון אונדז איז געוואָרן אין משך פון איין האַלב יאָר...

— אַזוי איז עס טאַקע די לאַגע, — האַלט אונטער אַדוואָקאַט עלביך די רייד פון זיין קאָלעגע — איר ווייסט? איך קוק זיך צו צו די רוסן און באַוונדער: טייל זיצן דאָך דאָ אָפּ יאָרן! זיי ווערן נישט איינ־

געבראָכן אַזוי ווי מיר. ס׳איז גערודלד! אַט האַקן זיי אַלע טאָג די ביימער פאַר דער „פייקע״ ברויט, אַזוי רואיק, אַזוי גלייכגילטיק... גלייך ווי אַנ־דערש דאַרף עס גאָרנישט זיין... ווי רואיק זיי זינגען עס אויס ביי דער אַרבעט — ביים אַ נעם טאָן אַ פּניאַק: — „ראַז! דוואַ! ווזיאַלי!!״... מיר אָבער... מיר מיט אונדזער אייראָפּעאישער מענטאַליטעט... ניין, עס גלייבט זיך מיר אויך נישט, אַז מיר וועלן זיך קאָנען דערוואַרטן אויף אונדזער באַפרייאונג... סיידן אפשר געציילטע פון אונדז... יחידים... גבורים...

אין אונדזערע שמועסן האָבן מיר זיך אָבער אַלע דעררעדט צו איין געדאַנק: אונדזער גורל — דער גורל פון די פּוילישע פּליטים — איז אָפּ־הענגיק פון דער אינטערנאַציאָנאַלער לאַגע. דערפאַר טאַקע דאַרף מען זיך נישט אינגאַנצן מיאש זיין...

## 57

# איך שרייב צו בעריאַן און סטאַלינען...

איין אָוונט איז צו מיר געקומען דער בריסקער פּועלי־ציוניסט. ער האָט צו מיר אַ בקשה: איך זאָל אים אָנשרייבן אַ „זאַיאַוולעניע״ צו בע־ריאַן, צום „שר״ פון די לאַגערן...

— גלייבט איר נאָך אין אַזעלכע נאַרישקייטן? — פרעג איך אים.

— כ׳גלייב יאָ, כ׳גלייב נישט. וואָס קאָן עס מיר שאַטן? איך בין דאָך פאָרט אַן אומשולדיקער. כ׳וויל אים אויפקלערן, אויפווייזן... אפשר...

— נאַאיווער מענטש... איך פאַר מיר אַליין שרייב נישט. כ׳בין שוין אויסגעהיילט פון די פאַלשע האָפענונגען...

— דאָך... כ׳בעט אייך, שרייבט, אָבער מיט אַ פיינעם רוסישן סטיל. ליטעראַריש...

— „ליטעראַריש״? בעריאַן קאָן איבערצייגן אַ ליטעראַרישער סטיל?...

עס האָט נישט געהאָלפן: איך האָב אים אָנגעשריבן אַן אויספּירלע־כע „זאַיאַוולעניע״ מיט אַ „ליטעראַרישן סטיל״... אויפגעוויזן, אַז פלוני בן פלוני איז געווען אַ „לאָיאַלער גראַזשדאַנין״ לגבי דער סאָוויעטנ־

מאַכט... אַז"ו און ער בעט צו פאַרריכטן דעם טעות, וואָס עס האָט געמאַכט די „נ. ק. וו. ד."־נאַטשאַלסטוואָ אין בריסק...

— נאָט אייך די „זאַיאַוולעניע". — זאָג איך אים. — נאָכדעם ווי מען וועט אייך באַפרייען, וועל איך פאַר מיר אַליין אויך אָנשרייבן אַזאַ „זאַיאַוולעניע"...

אַן אַנדערער פוילישער ייד קומט נאָכדעם צו מיר אויך מיט אַזאַ בקשה:

— געהערט, איר האָט געשריבן פאַרן בריסקער אַ „זאַיאַוולעניע" צו בעריאַן. וויל איך אייך אויך בעטן...

— וואָס איז? דער בריסקער איז שוין באַפרייט געוואָרן?...

— וואָס קאָן עס מיך שאַטן?... כ'בעט אייך... איר באַקומט אַ „פּייקע" פון 900 גראַם! אָבער שרייבט אַזוי ווי איר קאָנט! פאַר מיר שרייבט נישט צו בעריאַן, נאָר טאַקע צו „אים" אַליין, צו סטאַלינען...

האָב איך ווידער געשריבן, ווידער געפּראַוועט „ספּאָרט"...

די אַלע „זאַיאַוולעניעס" זענען אַריינגעוואָרפן געוואָרן אין אַ ספּעציעלן בלעכענעם „יאַשטשיק" (פּאָסט־קעסטל) ביי דער געביידע פון „ווטאָראַיאַ טשאַסט' ". איך האָב דעם דאָזיקן „יאַשטשיק" אָנגערופן „דער קבר פון האָפענונגען"...

## 58

## אַ סאָוויעטישער פּאַראַדאָקס

אַן אַנדער אָוונט גיי איך „צו גאַסט" אין מיין 22סטן באַראַק — צו מיינע לאַגער־פריינד: צו די אינזשעניערן, בוכהאַלטערס און צו די „אַריסטאָקראַטן" פון לאַגער — די שוסטערס און שניידערס פון „סאַפּאָזשנאַיאַ" און „שוואַלניאַ".

איך קום אַריין — באַגעגנט מיך חברה מיט אַן אָוואַציע:

— ווו זענט איר געווען מיט 15 מינוט פריער? ס'אַראַ שאָד! איר וואָלט געהאַט נחת...

— וואָס איז דאָ געשען?

און מען דערציילט מיר:

— דורכן ראַדיאָ האָט מען איבערגעגעבן אַ טראַנסמיסיע פון מינסק — אַ קאָנצערט פון יידישע לידער. האָט מען געזונגען אויך אייערס אַ ליד... דער ספּיקער האָט געמאָלדן פאַרן זינגען: „פּעסניאַ יעווריעיסקאַוואָ פּאָעטאַ אַוראַאַמאַ זאַקאַ“...

כ׳בין באמת איבערראַשט: איך זיץ אין לאַגער און אין סאָוויעטישן מינסק זינגט מען מיינס אַ ליד?!... זיכער ווייס מען נישט אין מינסקער ראַדיאָ, אַז איך, דער מחבר פון ליד, בין אין אַ לאַגער: אַ „זע־קאַ“ אין קאַמי־אסס״ר... ווען זיי ווייסן עס דאָרט, וואָלט מען מיך זיכער נישט באַטיטלט „יעווריעיסקי פּאָעט“, נאָר מסתמא „ווראַג נאַראָדאַ“ (שונא פון פאָלק)... „שפּיאָן“... „דיווערסאַנט“... און מיינע לידער — לא יזכר ולא יפּקד...

אויסטערלישע סאָוויעטישע פּאַראַדאָקסן!

דער דאָזיקער פאַל איז פאַר מיר אויך געווען אַן אומגעריכטער גרוס פון מיין פאַרלוירענער וועלט... פון מיין אַמאָליקן „איך“...

— וואָס פאַר אַ ליד האָבן זיי געגעבן?

— דעם טיטל פון ליד האָט מען נישט אָנגעגעבן. מען האָט נאָר געזאָגט: „פּיעסניאַ“.

— אַ שיינע מעלאָדיע?

— זייער אַ שיינע. אַ פרוי האָט עס געזונגען.

איך דערצייל מיינע באַראַק־פריינד, אַז דאָס איז שוין דער צווייטער פאַל אַזוי: דאָס ערשטע מאָל האָט מען דורכן מינסקער ראַדיאָ אָנגעגעבן מיינס אַ ליד פאַריקן ווינטער, בעת איך בין נאָך געווען אין גראָדנע. אויך דאַן איז מיר אַליין נישט אויסגעקומען צו הערן, נאָר באַקאַנטע האָבן מיר דערציילט. קאָן זיין, אַז דאָס איז טאַקע געזונגען געוואָרן דאָס זעלבע ליד.

צו אונדזער געזעמל פּוילישע אין באַראַק איז צוגעקומען פּראָפעסאָר איזראַעלס.

— אָט אייך, פּוילישע, איז גוט. אייך בין איך באמת מקנא.

— וואָס פאַר אַ „גליקן“ זעט איר ביי אונדז?...

— אייער גליק איז דאָס, וואָס איר האָט אַ האָפענונג אַמאָל פּטור צו ווערן פון דעם רוסישן געמויזשעכץ...

— צי גלייבט איר, אַז מיר קאָנען נאָך האָפן? — פרעגט אים ווער.

— אַ שטיקל האָפענונג זיכער... מיר אָבער — מיר זענען פאַרפאַ־

לענע... איר פאַרשטייט? איר זענט דאָך אויסלענדער. פאַראַן ווער עס זאָל זיך פאַר אייך אָננעמען, שרייען קעגן דער עוולה. אייערע ווייבער און מאַמעס וועלן דאָך וועלטן איינלייגן: „ראַטעווועט אונדזערע מאַ־נען!" „ראַטעווועט אונדזערע קינדער!"... „קאַראַאול!"...

פון פּראָפעסאָר איזראַעלס׳ רייד — הגם גערעדט אין אַ לייכטערן טאָן — איז דאָך געוואָרן וואַרעמער אויף דער נשמה! דער שוואַכער שטראַל פון בטחון איז העלער געוואָרן...

אַגב ווער איך געוואויר, אַז פּראָפעסאָר איזראַעלס האָט זיך איינגע־אָרדנט אין דער פּלאַניר־אָפּטיילונג אַלס „סטשאַטאָוואָד". אַ געוויסע צייט איז ער געגאַנגען אין וואַלד „קאָרטשעווען"ביימער, מאַכן קאַנאַלן — אַזוי ווי איך. לעצטנס, דורך עפּעס אַ „סדיעלקאַ" (מאַכערייקע), איז אים גע־לונגען אָנצוקומען אין דער קאַנצעלאַריע צו שאַפּאָוואַלאָוון. אַזוי איז ער שוין איצט „שטשאָטאָוואָד" און דער הילצערנער „שטשאָט" (רעכן־ברעטל) האָט פאַרטוישט זיין פאַרלוירענע קאַטעדרע...

מיין „זעמליאַק" רוזשאַנסקי פון דער „שוואַלניע" גיט מיר צו לייע־נען אַ רוסישן בריוו פון זיין פרוי. דאָס איז אַ תשובה אויף אַ בריוו, וואָס איך האָב איר געשריבן אין זיין נאָמען. די פרוי שרייבט אים „גוטע בשו־רות": אַז זי איז געווען ביי „נאַטשאַלסטוואָ" וועגן זיין „דיעלאָ"... בעטן... וויינען... מ׳האָט איר צוגעזאָגט, אַז ס׳וועט זיין גוט... מ׳האָט איר גע־זאָגט, אַז איר מאַן גייט זייער גוט... אַז עס פעלט אים גאָרנישט... אַז ער פאַרדינט זייער גוט... אַז ער איז זייער צופרידן פון זיין לעבן און וויל גאָרנישט אַהיימפאָרן...

„כ׳בין זייער צופרידן, מיין טייערער מאַן, וואָס דיר גייט עס גוט, — שרייבט זי, — אָבער אָן דער פאַמיליע דאַרף מען נישט פאַרגעסן... געדענק, אַז דו האָסט איבערגעלאָזט אַ פרוי מיט קינדער... אונדז איז נישט אַזוי לייכט... זע, שיק אונדז כאָטש עטלעכע רובל... איז עס אמת, אַז דו ווילסט זיך נישט אומקערן אַהיים?"...

איך האָב די דאָזיקע ווערטער געלייענט אויפן קול און דער עולם האָט געלאַכט מיט יאַשטשערקעס...

— נו, קאָן מען נישט פּלאַצן? — פרעגט רוזשאַנסקי אָן אויפגע־רעגטער, פול מיט עגמת־נפש.

רוזשאַנסקי האָט מיך געבעטן אָנצושרייבן צו זיין פרוי „יענעם" בריוו — אַ בריוו, וואָס זאָל איר עפענען די אויגן, דער גרויסער חכמה...

און איך האָב איר צווישן אַנדערן געשריבן:

„אַלץ, וואָס דו שרייבסט מיר וועגן מיר, איז פונקט קאַפּויר. איך האָב געקוקט אין דיין בריוו אויף דער דאַטע: אפשר איז עס פּרימאַ אַפּ־ריליס?“...

אגב־אורחא:

אַ קוריאָז איז אויך אַרויסגעקומען מיט מיינעם אַן אייגענעם בריוו:

מיין שוועסטער האָט מיר געהאַט געשריבן וועגן די קיפּניסעס, וועל־כע זענען געווען מיט מיר צוזאַמען אין גראָדנע, אַז זיי זענען ווייט נישט אַרויסגעפּאָרן (ד״ה אַז מען האָט זיי נישט אַרויסגעפירט מיט קיין עשאַ־לאָן...); אַז זיי געפינען זיך איצט אין וואָלקאָוויסק; אַז קיפּניס־אושיצקי איז לערער פון מוזיק אין אַ מוזיק־שול. דערביי האָט זי צוגעגעבן זייער אַדרעס. איך האָב באַלד אָנגעשריבן אַ בריוו צו קיפּניסן; געשילדערט מיין לעבן אין קאַמי כלומרשט אין „ראָזע פּאַרבן“ און באַלד דערויף צוגע־שריבן: „אַ גרוס פאַר סגי־נהור“... כ׳בין זיכער געווען, אַז דער „סגי־נהור“ וועט אים דינען ווי אַ שליסל צו מיינע „גוטע“ אינפאָרמאַציעס... ד״ה אַז אַלץ איז פונקט קאַפּויר... לא היה ולא נברא... אַז ס׳איז מיר ביטער און פינצטער.

ווי דערשטוינט בין איך געוואָרן, ווען איך האָב באַקומען פון די קיפּניסעס אַ תשובה.

קיפּניס־אושיצקי האָט געשריבן:

„מיר זענען באמת צופרידן, וואָס עס גייט אייך גוט; וואָס איר זענט גוט איינגעאָרדנט, וואָס איר אַרבעט ביי אייער פאַך, וואָס די באַ־ציאונג צו אייך איז אַזאַ פיינע; וואָס אייער שטימונג איז אַזאַ גלענצנ־דיקע... וואָס שייך אונדז, זענען מיר נאָך אייער אַוועקפאָרן געבליבן אַביסל אין גראָדנע און געמוזט אַריבערפאָרן קיין וואָלקאָוויסק. אָבער מיר בענקען אַהיים... נאָך דער גאָוואָליפּקי גאַס... דער עיקר מיין פרוי גייט ממש אויס פון בענקעניש... איר געדענקט דאָך אירע סצענעס“...

„ווי איך זע פון אייער שרייבן, זענט איר איינגעאָרדנט בעסער פון אונדז און איך בין אייך באמת מקנא. איך באַדויער, וואָס מיר זענען נישט געפאָרן גלייך מיט אייך“...

צום סוף קומט אַן אָנפראַגע: „וועמען מיינט איר דאָס מיט אייער גרוס פאַר „סגי־נהור“? צי נישט אַמאָל ראָזענבערגן, וואָס האָט מיט אונדז

געגעסן מיטיק צוזאַמען? יענער איז אַוועקגעפאָרן אַזוי ווי איר — זייער ווייט"...

איך האָב מיר נישט פאָרגעשטעלט, אַז קיפּניס־אושיצקי, דער מוזי־קאַלישער רעצענזענט פון „אונדזער עקספרעס", ווייס נישט די באַדייטונג פון „סגי־נהור"...

איך האָב אים אין אַ צווייטן בריוו געגעבן אַן עצה:

„גיט, זייט אַזוי גוט, מיין בריוו איבערצולייענען נח באַסן אָדער אַ רב... זיי וועלן אייך שוין זאָגן דעם פּשט".

# 59

# איסאַק באַבעל דער „קאַניוך"...

איינמאָל פאַרפיר איך אַ שמועס מיט דעם סטאַראָסטאַ פון „סלאַב־קאָמאַנדע". הייסן הייסט ער קאָפּ. ווייזט זיך אַרויס, אַז ער איז גאָר אַ משלנודיקער, אַ ייד פון פוילן. אַ לאָדזשער, פון באַלוט. אָבער קאָפּ איז נישט קיין פליט, אַזוי ווי מיר. ער האָט דורכגעמאַכט אַן אַנדערן וועג. דעם זעלביקן וועג, וואָס זיינע אַנדערע „חברים־קאָמוניסטן": אין פוילן געווען פאַרפאָלגט ווי אַ קאָמוניסט; געוואַלגערט זיך אין וואַרשעווער מאָקאָטאָווער תפיסה; אין די 30ער יאָרן אומלעגאַל אַנטלאָפן קיין סאָוויעט־רוסלאַנד, וווהין עס האָט אים שטאַרק געלאָקט: דאָס לאַנד פון סאָציאַליזם... ער האָט אַפילו געלעבט עטלעכע יאָר אין לענינגראַד. איז אָבער אָנגעקומען דאָס פאַטאַלע יאָר 1937 — די גרויסע „רייניקונג", דער עיקר פאַר אויסלענדער... — און דאַן האָט קאָפּ, — ווי טויזנטער, טויזנטער אַנדערע „קעפּ"... — פאַרלוירן די פרייהייט... קאָפּ שעמט זיך צו אַביסל און ער רעדט מיט האַלבע ווערטער... כלומרשט פאַרבייגייענדיק...

ביסלעכווייז ווער איך אין שמועס געוויר, אַז קאָפּ איז אויך אַ שרייבער. אַזוי דערציילט ער מיר. מיר איז זיין נאָמען נישט באַקאַנט. אפשר דערפאַר, ווייל ער איז נאָך געווען אין לאָדזש אַן אָנפאַנגער? אין רוסלאַנד האָט ער פאַרעפנטלעכט אַ גרעסערע אַרבעט — אַן עסיי — וועגן שלום עליכמען. קאָן זיין. מיטן רעדן מאַכט ער יאָ דעם איינדרוק ווי אַ באַהאַוונטער אין היימישע ליטעראַרישע ענינים.

ער דערציילט מיר, אַגב, אַז אין אַ שכנותדיקן לאַגער, נישט ווייט פון אונדזער „זאָנע", געפינט זיך אויך ווי אַ „זע־קאַ" דער באַקאַנטער רוסישער שריפטשטעלער, דער ייד איסאַק באבעל.

— טשיקאַווע, וואָס־זשע טוט באַבעל אין לאַגער? ער אַרבעט אויך אין וואַלד?

— ער איז דאָרט אַ „קאָניוך", אַ באַדינער אין פערד־שטאַל.

— אַ פיינער, בכבודיקער פאָסטן, כ'לעבן... — זאָג איך אין שפּאַס.

— עס דערמאָנט אים זיכער זיין „קאָנאַרמיאַ" *).

אין ווייטערדיקן שמועס איז קאָפּ פול מיט טענות צו די פּוילישע אין לאַגער:

— די פּוילישע יידן ווילן נישט אַרבעטן... דרייען זיך שטענדיק אַרויס פון אַרבעט... ס'איז אַן עוולה... מ'דאַרף אַרבעטן...

איך קוק אים אָן און פאַרשטיי אים נישט: קיין „תם" זעט ער נישט אויס צו זיין — וואָס־זשע לוינט עס אים אַזוי צו רעדן?

— אפשר קאָנט איר מיר זאָגן, — פרעג איך אים, — פאַר וועלכע מעשים־טובים זאָלן זיי יאָ וועלן אַרבעטן? אפשר אין נאָמען פון „מאַרק־סיזם"?...

— פאַרפאַלן! — ענטפערט ער, — אַז מען איז אַפילו אין אַ לאַ־גער, דאַרף מען זיך אויך נישט אַרויסדרייען פון קאָלעקטיווער אַרבעט...

קאָפּס „שטאַנדפּונקט" דערמאָנט מיר אָן דעם „שטאַנדפּונקט" פון עמיצן אַנדערש — פון לאַגער־נאַטשאַלניק, סטאַרשי לייטענאַנט קראַוו־טשוק... צי קאָפּס רייד האָבן נישט אַמאָל אַ שייכות מיט קראַווטשוקן, וועלכער האָט מיר אַמאָל געמאַכט אַ געוויסן „פאַרשלאַג"?...

דער גאַנצער קאָפּ ווערט מיר שטאַרק פאַרדעכטיק...

איך געפין דעריבער פאַר „געזינטער" אָפּצוהאַקן דעם דאָזיקן וויכוח און צי אַרויף דעם שמועס בעסער אויף ליטעראַרישע ענינים...

---

*) אַ באַקאַנט ווערק פון איסאַק באַבעל.

# 60

# בילדלעך אין „סטאָלאָווקע“

איך האָב אַ סך צייט — הגם איך אַרבעט שוין עטלעכע שעה אין טאָג אין „זאָנע“ ביים ראמען שניי. איך זיץ לענגער אין קיך ביים עסן — עלעהיי אין אַ וואַרשעווער קאַפע, להבדיל... איך קוק זיך צו צו די טיפּן, וואָס דרייען זיך דאָ דורך. אַהער קומען מענטשן אין אַלע צייטן פון טאָג: מ'אַרבעט דאָך אין אַ סך צווייגן אין צוויי שיכטן — בייטאָג און ביינאַכט. דער עיקר — די „עקספּלואַטאַציע־קאָלאָנאַ“. אַ גאַנצן מעת־לעת אַרבעטן די עלעקטראָסטאַנציעס, די „פּאָדסטאַנציעס“, די „קאָטשעגאַרקעס“. די מאָטאָרן מוזן כסדר רוישן, אָן איבעררייס; די רימענע פּאַסן דורך דער טייגע, אָנגעצויגענע אויף שטאָלענע רעדער, יאָגן זיך אין אייביקן געדריי... עס ווערט קיינמאָל נישט אַנטשוויגן, נישט באַרואיקט, ווי דער זידנדיקער סמבטיון... און די טרייבערס פון די מאָטאָרן זענען דאָך די שקלאַפן — די מענטשלעכע מוראַשקעס. עסן דערייבער די בריגאַדעס אין פאַרשיידענע שעהען פון טאָג. עס זיצן ביי די טישן, איבער די „קאָטיאָלקעס“, די מידע, פאַרסאַדזשעטע, פאַרשוויצטע מענטשן און שעפּן הונגעריק מיט טונקל־גרויע הילצערנע לעפל, אָדער גריזשען אַרום די הערינגלעך, און נאָגן־אויס די ביינדלעך. די לאַנגע טישן זענען באַלייגט מיט אָנגעוואָרפענעם אָפּפאַלעכץ. צווישן די טישן דרייען זיך אַרום די צינגאַקראַנקע מיט געשוואָלענע פּנימער, מיט הונגעריקע, פאַרלאָפענע אויגן. זיי נישטערן און טאַפּן צווישן דעם אָפּפאַלעכץ אויף די טישן און כאַפּן אַמאָל אַריין אין מויל אַ קאָפּ פון אַ הערינג, וואָס עמיצער האָט שוין געהאַט אויסגענאָגט...

איינער אַזאַ פאַרשוין — גראָד פון אונדזערע פּוילישע, אַ יידישער בחור מיט אַ געשוואָלענעם פּנים ווי אַ פּאַס, — שטייט אַנטקעגן אַ רוס, וואָס גריזשעט אַ הערינג. ער שטייט און וואַרט: טאָמער וועט יענער עפּעס איבערלאָזן... דער רוס גריזשעט, גריזשעט, און באַמערקנדיק דעם בחור, טוט ער האַסטיק אַ שמיץ דעם אַרומגעגריזשעטן הערינג אויף דער פּאָדלאָגע אין דער ריכטונג צום בחור. יענער האָט זיך אַ וואָרף געטאָן ווי אַ חיה צום רויב, צום פאַרצוקן... ער האָט אויפגעהויבן דעם אַוועקגעשליידערטן הערינג־סקעלעט און פאַרענדיקט דאָס גריזשען מיט אַזאַ הונ־

גער, מיט אַזאַ גיריקייט! געענדיקט — האָט ער מיט די קליינע פּאַרלאָ־פּענע אויגן ווייטער געלויערט צווישן די טישן, זוכנדיק ווו זיך ווידער אַנידערצושטעלן וואַרטן...

איך טרעף דאָ ביי איין טיש טשיזשעוון — דעם רוסישן זשורנאַ־ליסט און פּייערדיקן „טראָצקיסט".

— זעט, זעט, — ווייז איך אים אָן אויף דעם יידישן בחור. — זעט דאָס בילד פון מענטשלעכער געפּאַלנקייט... צו וואָס הונגער ברענגט!

— נישט קיין ווונדער! — ענטפערט טשיזשעוו, — איך קען גוט די דאָזיקע בילדער... זיי זענען דאָ קיין נייס נישט... אין דער פּאָליאַר־געגנט פּאָדערט אונדזער אָרגאַניזם אַ פאַרשטאַרקטע דערנערונג מיט אַ סך וויטאַמינען. אָבער וואָס גיט מען דאָ די מענטשן? אַנשטאָט פאַרשטאַרקטע דערנערונג — פאַרשטאַרקטע נאָרמעס אַרבעט... אַנשטאָט אַלקאָהאָל... — יאָ, דרוזשאָק, דאָ מוז מען מאַכן אַ „כוסה"... — אַנשטאָט שנאַפּס גיט מען דאָ צו טרינקען סאָסנע־קוואַס... ס'איז גאָרנישט קיין חידוש אָט־די מאַסן־דערשיינונג פון צינגאַ...

— יאָ, יאָ, — זאָג איך ביטער. — ס'האָט זיך נישט געלוינט צו פאָרן אַזוי ווייט אָנצוקוקן ביינאַכט די „סיעווערנאָיע סיאַניע" (פּאָלאַר־שיין)... איר אָבסערווירט אַמאָל די נאַטור־שיינקייט?

— יאָ, געזען, געזען. אָבער די „סיעווערנאָיע סיאַניע" העלפט אַב־סאָלוט נישט קעגן דער אַוויטאַמינאָזע...

איינמאָל אין אַזאַ טאָג ווער איך אין קיך ברוטאַל באַליידיקט:

איך שטיי מיט מיין קעסעלע אין „אָטשערעד" צום קיך־פענצטערל. די ריי איז געווען אַ גענוג לאַנגע. ס'זענען אָנגעקומען עטלעכע בריגאַ־דעס מיטאַמאָל. פלוצלונג טוט מיך עמיצער פון הינטן אַ שלעפּ פאַרן קאָלנער און „אָן צערעמאָניעס" אַ וואָרף־אַרויס פון דער ריי, מיט אַ „צו־לאָג" דערצו:

— זשידאָווסקאַיאַ מאָרדאַ!

געווען איז דאָס אַ רויער פאַרשוין, אַ רוצח — מסתמא איינער פון די געציילטע, וואָס האָט דעם לאַגער כשר פאַרדינט...

כ'האָב געזוכט „גערעכטיקייט"... כ'האָב זיך אַרומגעקוקט און גע־זוכט עפּעס אַ נאַטשאַלניק — נישט געווען צו וועמען צו רעדן. בין איך אַרויסגעלאָפן אין „זאָנע" און געטראָפן דעם סטאַראָסטע פון „סלאַב־

קאָמאַנדע״ — קאָפּן. איך דערצייל אים און פרעג אים אַן עצה, צי ווע־
מען איך זאָל זיך ווענדן.

— מאַכט זיך נישט וויסנדיק... — זאָגט מיר קאָפּ.

— סטייטש? אַזוי ברוטאַל? און „זשידאָווסקאַיאַ מאָרדאַ״?... אין קאָמוניסטישן רוסלאַנד!

— יאָ, איר זענט גערעכט. אָבער יענער איז אין לאַגער. וואָס קאָנט איר אים טאָן? און אַז מען וועט אים אַריינזעצן אין „איזאָלאַטאָר״, איז וואָס? שפּעטער קאָן ער אייך מכבד זיין מיט אַ מעסער אין זייט אַריין...

— איז, הייסט עס, לית דין ולית דיין?...

— פאַרגעסט נישט, אַז איר זענט אין אַ לאַגער...

— אָבער אין אַ סאָוויעטישן לאַגער?...

— אַ לאַגער איז אַ לאַגער... — ענטפערט ער קאַלטבלוטיק. — פאַרפאַלן... מען מוז אַראָפּשלינגען...

אָבער זייער שווער איז מיר אָנגעקומען „אַראָפּצושלינגען״ די דאָ־זיקע פּיל פון מענטשלעכן בזיון. די דערנידערונג האָט מיר אַ גאַנצן טאָג נישט געלאָזט זיך באַרואיקן. איך האָב כסדר געפילט, ווי אַ ברוטאַלע האַנט שלעפּט מיך ביים קאָלנער און שליידערט מיך אַוועק ווי אַן אומ־נייטיקע, זלידנע באַשעפעניש — — —

„לאַגער איז לאַגער״... — האָבן מיך געגריזשעט ווי ווערים די פאַ־טאַליסטישע רייד פונעם יידישן סטאַראָסטע פון „סלאַב־קאָמאַנדע״ — דעם מחבר פון דער עסיי וועגן שלום עליכמען...

## 61

# אַן „עקספּערימענט״ מיט די שוואַכע

די טעג האָבן זיך פּאַמעלעך גערוקט. ס׳איז שוין אַפּריל. אין דער וויטער היים איז שוין פרילינג. אַלץ איז שוין דערוואַכט צו אַ ניי לעבן: די נאַטור און אויך דער מענטש. אָבער דאָס איז אַלץ ווייט, ווייט. דאָ אין דער טייגע איז אַלץ נאָך פאַרגליווערט אין ימים שניי.

פונדעסטוועגן איז שוין לינדער אויך דאָ אויפן צפון. נישטאָ שוין יענע פרעסט. ס׳זענען שוין בכלל נישטאָ קיין פרעסט. דער שניי ליגט

נאָך פעסט מחוץ דער „זאָנע“; אין דער „זאָנע“ אָבער ווערט ער צעטראָטן פון אַזוי פיל פיס און ווערט ביסלעכווייז פאַרוואַנדלט אין וואַסער און בלאָטע.

די טעג זענען שוין גרעסער. עס ווייזט זיך שוין אָפטער די זון און פאַרהאַלט זיך לענגער אויפן הימל. פון די באַראַקן־דעכער קאַפּעט. טייל באַראַקן זענען ממש פאַרגאָסן אַרום און אַרום. מ'האָט אָנגעלעגט גרויסע שטיינער ביז צו דער טיר, כדי צו קאָנען צוקומען צו זיי. אין די נידער־ריקסטע טיילן פון דער „זאָנע“ בילדן זיך גאַנצע אָזיערעס.

איין טאָג — אַ נייס אין דער „סלאַב־קאָמאַנדע“:

מען קלייבט אויס, לויט אַ רשימה, די אַלע, וועלכע זענען שוין דאָ זינט צוויי וואָכן און מען פירט זיי איבער אין אַ ספּעציעלן באַראַק. אויך איך בין צווישן זיי. עס קלייבט זיך אָן אַן עולם פון אַ מאַן אַכציק־ניינציק.

מען גרייט זיך אונדז ווידער נעמען „אין שפּאַן“... ווידער צו דער אַרבעט!

אָבער דאָס מאָל איז עס מיט חסד: מיר זענען דאָך נאָך שוואַך. די פיס פּלאָנטערן זיך נאָך ביים גיין... אַ דאָקטער האָט אונדז אַלעמען באַ־טראַכט און מסתמא נישט אָפּגעגעבן קיין „גוטע מיינונג“ וועגן אונדזער פיזישן מצב. דעריבער שיקט מען אונדז נאָך נישט צו קיין נאָרמאַלער אַרבעט אין די בריגאַדעס.

מען מאַכט נאָר מיט אונדז אַ געוויסן „עקספּערימענט“. אַן „עקס־פּערימענט“ אַזאַ פון וויצע־נאַטשאַלניק פון לאַגער. דאָס האַרץ האָט אים נעבעך ווײי געטאָן, וואָס אַזוי פיל „זע־קאַ“ עסן אומזיסט די „פּייקע“... דערצו נאָך „ספּעצפּיטאַניע“... אַזוי פיל „דאַרמאָיעדניקעס“... איז אים איינגעפאַלן אויסצונוצן די אַלע מענטשן צו אַ לייכטער אַרבעט. ער האָט עס אָנגערופן מיט איניציאַלן: „ל. פ. ט.“ (ליאָכקי פיזיטשעסקי טרוד — לייכטע פיזישע אַרבעט).

דער וויצע־נאַטשאַלניק אַליין — אויך אַן אָפיציר פון דער „נ. ק. וו. ד.“ — איז אַריינגעקומען צו אונדז אין באַראַק און פייערלעך דער־קלערט:

— פון מאָרגן אָן וועט איר ווידער אָנהייבן צו אַרבעטן, כאָטש איר זענט נאָך אַלץ פאַרשריבן אין דער „סלאַב־קאָמאַנדע“. אָבער מיר וועלן אייך געבן אַ לייכטע אַרבעט: אָפּרייניקן אַ פּלאַץ הינטער דער „זאָנע“ פאַר אַ גאָרטן. אַ גרינוואַרג־גאָרטן פאַר אונדזער „זאָנע“. אַזוי ווי איר

זענט נאָך שוואַך, וועט איר אַרבעטן אָן נאָרמעס. איר וועט אויך באַקו־מען גאַנצע 1.200 גראַם ברויט אַ טאָג, כדי איר זאָלט האָבן כוח צו דער אַרבעט...

דער קראַנקער עולם האָט עס אויפגענומען ווי אַ „סענסאַציע": 1.200 גראַם ברויט! נאָך מער וויפל עס באַקומט אַ „סטאַכאַנאָוויעץ"...

אַדוואָקאַט עלביך — מיין שכן אויך אין דעם נייעם באַראַק — האָט צו מיר אין דער שטיל געזאָגט:

— דער וויצע־נאַטשאַלניק מאַכט זיך „הומאַניטאַר"... ווען מען וואָלט געקאָנט היילן קראַנקע נאָר מיט ברויט, וואָלט מען אויך אין מערב־אייראָפּע געגעבן יעדן קראַנקן אַ גאַנצן לאַבן ברויט אַ טאָג — אָנשטאָט צו שיקן אין אַ קוראָרט.

מ'האָט איינגעטיילט די מענטשן אין עטלעכע בריגאַדעס. מיין ברי־גאַדיר איז אַ רוסישער ייד.

און אָט איז מען צוזאַמענגנס באַגינען אַרויס צו דער אַרבעט. ווידער ביי מיין „באַליבטער" „אינסטרומענטאַלקע", כדי צו באַקומען אַרבעטס־מכשירים. שוין לאַנג נישט געהערט דעם עקלהאַפטן געקלאַנג פון די מכשירים...

מיר גייען אין באַגלייטונג פון אַ „סטריעלאָק", ווייל די גרויסע מער־הייט האָט „סראָקן" מער ווי דריי יאָר... מיר זענען ווידער אויף יענער זייט טויער.

הינטער דער „זאָנע" ליגט נאָך אומעטום שניי. אָבער די לופט איז פריש און לינד. ווען עס וואָלט געווען נאָר אַ שפּאַציר, וואָלט עס זייער צונוץ געקומען די אַלע אָפּגעשוואַכטע מענטשן, די אָפּגעצערטע פון קאַ־טאָרגע און שווערע קראַנקייטן...

די מענטשן קריכן קוים. מען בלייבט אַלע ווײַלע שטיין. איך פיל ווי אַ שווייס באַגיסט מיך, די קני ציטערן. די אויסגעשעפּטקייט ביי אַלעמען האָט זיך אַפּנים נישט גערעכנט מיט דער הבטחה פון 1.200 גראַם ברויט...

מען גייט נישט ווייט. אַ קילאָמעטער וועג בסך־הכל פון דער „זאָ־נע". מען בלייבט שטיין אויף עפּעס אַ פרייען שטח. מען מוז דעם פּלאַץ אויסרייניקן פון פּניאַקעס. פאַראַן אַ סך, אַ סך צו קאָרטשעווען.

מען טיילט פאַנאַנדער די אַרבעט צווישן די בריגאַדעס. די מענטשן זענען שוין אָפּגעוווינט פון דער אַרבעט. עס קלעפּט זיך נישט. אַ סך וואַק־לען זיך פשוט אויף די פיס. אָפּגעשוואַכט...

איך פרווו מיט אַ רידל אָפּשאַרן דעם שניי אַרום אַ פּניאַק — די הענט אָבער לאָזן זיך פאַרחלשט אַראָפּ. איך אַרבעט פּאַוואָליע; אָבער עס באַקומט זיך גאָרנישט. אַזוי ביי מיר, אַזוי ביי אַ סך אַנדערע.

— לאָזט אָפּ דעם רידל, — זאָגט מיר מיין יידישער בריגאַדיר, — איך זע דאָך, איר האָט קיין כוח נישט...

— גוט, כאַפּט עס דער וואַטנמאַכער!

— זעצט זיך צו, לאָמיר פאַררויכערן... איר האָט דאָך מאַכאָרקע...

איך בין אים גערן מכבד. צי האָט דעם בריגאַדיר געלאָקט מיין ביסל מאַכאָרקע, צי טאַקע געווען גוט צו מיר — אַלצאיינס... איך צי זיך אויס נעבן אים אויפן שניי און אָטעם אַריין די פרישע לופט.

דאָס זעלבע, וואָס איך, טוען אַ סך. אין משך פון איין האַלבער שעה איז מער ווי אַ העלפט מענטשן שוין געלעגן אויסגעצויגן אויפן שניי...

מיט אונדזערע אַלע בריגאַדעס איז אויך מיטגעגאַנגען אַ „דיעסיאַט־ניק". אַ קאַצאַפּ מיט אַ געלער באָרד. ער איז אומגעקראָכן הין און צוריק פון איינעם צום אַנדערן און געמונטערט מען זאָל אַרבעטן. אַז זיינע רייד האָבן נישט געהאָלפן — גיי רעד צו האַלבע מתים!... — האָט ער זיך ממש געבעטן רחמים:

— טאָוואַרישטשי... ווי האָט איר עס נישט קיין יושר? איר באַקומט דאָך טויזנט צוויי הונדערט גראַם ברויט!...

נעבן מיר איז געזעסן אַ גריך (אויך דאָס גריכישע פאָלק איז געווען פאַרטראָטן אין סאָוויעטישן לאַגער...). אויסהערנדיק דעם „דיעסיאַט־ניקס" טענות, האָט ער זיך אָנגעצונדן:

— „ווי האָט איר עס נישט קיין יושר?"... און צען יאָר לאַגער איז יושרדיק?... מאַט' וואַשו... — פאַרענדיקט ער אויפן עכט־רוסישן שטייגער, וואָס ער האָט זיך שוין באַוויזן דאָ אויסצולערנען...

איז וואָס־זשע האָט געקאָנט דערויף ענטפערן דער „דיעסיאַטניק"?...

## 62

# אַ גלח, וואָס זאָגט תהלים...

צווישן די געציילטע, וואָס האָבן יאָ געאַרבעט, איז געווען דער פּוילי־שער גלח שולמינסקי — אויך פון מיין בריגאַדע. אַ מענטש אין די פּערצי־קער. שולמינסקי איז נישט געגאַנגען אָנגעטאָן אַזוי ווי אַלע. די פּופייקע האָט ער געטראָגן פון אונטן און פון אויבן האָט ער געטראָגן אַ שוואַרצן מאַנטל, איבערגעמאַכט פון אַן אונטערגעהאַקטער סוטאַננע, וואָס איז שוין געווען שמוציק פון אַרבעט און מיט אַ סך לעכער. ער האָט געשאָטן מיטן רידל דעם שניי, געריייניקט אַרום זיין פּניאַק, הגם דער יידישער בריגאַדיר האָט אויך אים נישט געטריבן דווקא צו אָרבעטן. איך זע, אַז ער איז שוואַך, קוים וואָס ער הייבט אויף דעם רידל. אַלע ווײַלע ווישט ער זיך אָפּ דעם שווייס פון שטערן. אָבער דעם רידל לייגט ער נישט אַוועק. ער מאַכט דעם איינדרוק פון אַ בעל־תשובה, וואָס איז מקבל באהבה דעם עונש...

— רוט אייך אָפּ אַביסל... — גיי איך צו אים צו און פאַרפיר מיט אים אַ שמועס.

שולמינסקי שפּאַרט זיך אָן אַן רידל.

— אמת, איר זענט גערעכט... — רעדט ער אַרויס שטיל, עניוותדיק.

— איר זענט דאָך שוואַך. צו וואָס זיך צופיל אָנשטרענגען?

— אַז מען אַרבעט, טראַכט מען ווייניקער... פאַרגעסט מען זיך... ס'איז שווער דאָס טראַכטן תמיד, אַז מען איז אַ „זע־קאַ“...

— זאָגט מיר, איך בעט אייך, — פרעג איך אים נאָכדעם, — איר זענט דאָך אַ גלויביקער מענטש. צי גלייבט איר אין אונדזער אויסליי־זונג?...

דער גלח שולמינסקי האָט אויף מיר אַ קוק געטאָן מיט אַן אומעטיקן שמייכל:

— איר ווייסט? — זאָגט ער, — אייערע ברידער (געמיינט די יידן) פאַרשפּרייטן דאָ דעפעטיזם. זיי האַלטן, אַז מיר זענען שוין פאַרלוירן... מ'טאָר אַזוי נישט רעדן. גאָטס אויג זעט אַלץ און אומעטום. אַפילו דאָ אינעם פאַרוואָרפענעם העק. אַלץ האָט אַ גרענעץ...

און גלח שולמינסקי פאַרענדיקט מיט אַ ציטאַט פון תהלים:

— „אַפילו אַז איך גיי אין טאָל פון טויט, האָב איך אויך קיין מורא נישט פאַר שלעכטס, ווייל דו ביסט מיט מיר“... *).

איך האָב אין דער רגע באמת מקנא געווען שולמינסקין. ער קאָן גלויבן און גלויבט, אַז „אַלץ האָט אַ גרענעץ“ — — — —

דער דאָזיקער טאָג האָט געגעבן ווייניק רעזולטאַטן אין דער אַרבעט. אָבער דאָך האָט מען אונדז אַלע טאָג אַרויסגעפירט קאָרטשעווען. מ'האָט די קראַנקע נישט פאַרגונען צו זיצן פוסט־און־פּאַס אין דער „זאָנע“.

מיין באַקאַנטשאַפט מיט שולמינסקין איז נענטער געוואָרן. מיך האָט געצויגן מיט אים צו פאַרברענגען, שמועסן, גלייך ווי איך וואָלט געזוכט ביי אים צו געווינען אַביסעלע בטחון... כ'פלעג מיט אים שמועסן בעת די הפסקות ביי דער אַרבעט, צי אין אָוונט אין באַראַק. ער איז באמת געווען אַ קרישטאָל־ריינער מענטש.

איינמאָל אין מיטן נאַכט כאַפּ איך זיך אויף פון שלאָף און באַמערק, ווי ביים טיש זיצט שולמינסקי איינער אַליין איבער אַ קליין געבעט־ביכעלע אין אַ לעדערנעם איינבונד. ער זיצט אַזוי אַ פאַרמוחטער, ווי אַ שאָטן, און רירט זיך נישט פון אָרט. איך קוק אים נאָך אַ היפּשע ווײלע. ער ווייסט נישט, אַז איך קוק אויף אים און ער ענדערט נישט זיין פּאָזע. פּלוצלונג עפנט זיך די טיר און עס קומט אַריין דער וויצע־נאַטשאַלניק פון לאַגער. זעט אויס, זיין אויג וואַכט איבער אונדזערע באַראַקן... ער גייט צו מיט האַסטיקע הילכיקע טריט צו שולמינסקין:

— וואָס אַזוינס האָסטו דאָ?

שולמינסקי ווייזט אים:

— פּסאָלם...

דער „נ. ק. וו. ד.יסט“ נעמט דאָס געבעט־ביכעלע אין די הענט, טוט אַ בלעטער און גיט אַ זאָג:

— גיי לייג זיך!

און ער גייט צוריק אַרויס מיט די הילכיקע טריט, נישט אָפּגעבנדיק צוריק שולמינסקין דאָס תהילימל...

שולמינסקי האָט זיך אויפגעהויבן אַ באַטריבטער. מיט פאַמעלעכע טריט, אַן איינגעהויקערטער, האָט זיך דער מענטש אין שוואַרצן געלאָזט צו זיין אָרט אויף דער נאַרע.

---

*) גם כי אלך בגיא צלמות לא אירע רע כי אתה עמדי. (תהלים כ״ג).

פאַרבייגייענדיק מיין פלאַץ, האָט ער ערשט באַמערקט ווי איך קוק אויף אים און ער האָט טרויעריק אַ מורמל געטאָן:

— איך האָב שוין נישט מיין פסאַלם...

— אַ האַרצלאָזער נפש! — רוף איך אויס. — דער דאָזיקער כאָם מיינט, אַז ער ראַטעוועט דערמיט דעם קאָמוניזם...

— פאַרפאַלן... — זאָגט שולמינסקי, — איך קען אָבער אַ סך קאַפּיטלעך אויף אויסנווייניק... און דאָס קענען „זיי" ביי מיר נישט צונעמען...

# 63

# מען „פּאָליטיקירט" אויף די נאַרעס

די צינגאַ לאָזט מיך נישט אָפּ — זי אַוואַנסירט. עס העלפן נישט די 1.200 גראַם מאַגער ברויט... עס העלפט אויך נישט דער סאָסנע־קוואַס מיט די „אַנטי־צינגאַטנע" טאַבלעטקעס... איך באַקום אַ פוס־געשווילעכץ און האָב ווייטיקן ביים גיין.

איך גיי אין אַמבולאַטאָריע. גראָד איז היינט אַ מעדיציניש קאָמיסיע. מען באַטראַכט די מענטשן פון „סלאַב־קאָמאַנדע" — די „דאַרמאָיעדניקעס"... דער גרעסטער טייל ווערט געשיקט צוריק אין די בריגאַדעס. מיך באַטראַכט ד"ר בעקער. איך ווייז אים דעם געשוואָלענעם פוס.

— נישטאָ קיין עצה קעגן דעם? — פרעג איך דעם דאָקטער כלומרשט תמעוואַטע.

— יאָ, פאַראַן זייער אַ גוטע עצה, — חכמהט ער זיך ווי תמיד: — צוויי חדשים אין אַ קרימער סאַנאַטאָריע וועט אייך זיכער גוט מאַכן...

ד"ר בעקער נאָטירט, אַז איך בלייב ווייטער אין „סלאַב־קאָמאַנדע": אָבער אין פריערדיקן באַראַק, וווּ מען באַקומט נאָר זיבן הונדערט גראַם ברויט.

— אויב איר אַרבעט נישט, — זאָגט ער שמייכלענדיק, — קומט אייך דאָך נישט קיין 1.200 גראַם ברויט...

— ריכטיק... ריכטיק... מסכים... — ענטפער איך אויך שפּאַסיק, — זאָל לעבן די גערעכטיקייט!...

דריי איך זיך שוין, הייסט עס, ווידער אַרום שלינג־און־שלאַנג אין באַראַק פון „סלאַב־קאָמאַנדע". ליגט מען גרופּעסווייז אויף די נאַרעס און מען רעדט וועגן די „סראָקן". מ׳חשבונט טעג, וואָכן, חדשים, יאָרן... דערציילן אַנדערע די פּרטים פאַרוואָס, פאַר וועלכע חטאים מען האָט באַקומען דעם „סראָק". פון אַלע רייד שרייט אַרויס די לעכערלעכקייט פון די פאַרברעכנס לגבי דעם שווערן עונש... פאַר דער מינדסטער נאַרישקייט — דריי יאָר, פיר יאָר, פינף יאָר און דאָס אַלץ וואָס שייך „ביטאָוויקעס". בנוגע פּאָליטישע — איז בכלל זעלטן פאַראַן אַ קאָנקרעטער חטא. באַשולדיקונגען ווערן געבויט אויפן סמך פון דענונציאַציעס, פון פאַרדאַכטן און דאָ גילטן שוין די גרויסע „סראָקן": פאַר אַ וואָרט, פאַר אַ וויץ — 10 יאָר; פאַר אַ חשד, פאַר סתם צוטשעפּענישן — 15 יאָר! און ווער רעדט נאָך פאַר אַן אָפּאָזיציאָנעלן אַרויסטריט קעגן אַ נאַטשאַלניק מחמת אַן אומגערעכטיקייט פון זיין זייט, צי קעגן אַ „פּרעדסיעדאַטיעל" פון אַ קאָלכאָז צוליב אומדערהערטער אויסנוצונג פון די קאָלכאָזניקעס — דאָ טאַנצן שוין די „סראָקן" אַרויף אויך ביז צוואַנציק יאָר!... דאָס טייטשט מען שוין אויס ווי מרידה, קאָנטררעוואָלוציע. אַזעלכע „מורדים" ווערן לחלוטין ליקווידירט, כדי זיי זאָלן שוין מער די לעבעדיקע וועלט נישט אָנקוקן...

איך טראַכט וועגן מיינע פינף יאָר — מיין „דיעטסקי סראָק" — ווי די אַלטע לאַגערניקעס וויצלען זיך. עס קומט אויס, אַז איך דאַרף זיך נאָך פרייען און דאַרף דאַנקען דעם „פאָטער פון די פעלקער" פאַר דעם „גרויסן חסד", וואָס ער האָט מיט מיר געטאָן...

פון די אַלע רייד ווערט ביי מיר נאָך קלאָרער און נאָך פעסטער די מיינונג פון אינזשעניער מעלניקאָוו און פון אַנדערע „זע־קאַ", אַז די סאָוויעטישע מאַכט, וואָס פאַרשיקט די מיליאָנען אין די לאַגערן, ווייסט אויסגעצייכנט די פּיקציע פון די „פאַרברעכנס" אין 99 פּראָצענט; זי ווייסט, אַז דאָס זענען לחלוטין נישט קיין פאַרברעכער; די מענטשן האָבן הענט; און הענט דאַרף מען צו באַאַרבעטן די פאַרלאָזענע טייגעס! מיליאָנען הענט דאַרף מען צו אַזעלכע וועלדער! און כדי צו האָבן די הענט, מוז מען האָבן אַ „פאָרמולע". האָט מען געשאַפן אַ גאַנצע ריי „פאָרמולעס": „ק. ר. ד."... „פּ. ש."... „וורעדיטעלסטוואָ" (שעדיקעריי)... „דיווערסיאַ"... „סאָע"... וכדומה.

אַזוי שמועסט מען, אַזוי „פּאָליטיקירט" מען אויף די נאַרעס גאַנ־

צענע שעהען. און אַזוי רוקן זיך ביסלעכווייז די אַפּריל־טעג, וואָס ווערן שוין וואָס אַמאָל לענגער און לינדער.

די יידן אין באַראַק — דער עיקר די פּוילישע — טראָגן פון מויל צו מויל, אַז עס איז ערב־פּסח. עס וואָלט גוט געווען ווען מען קאָן איינ־אָרדענען כאָטש אַ סימבאָלישן סדר... אַ זכר פון יציאת מצרים... אָבער מען דערמאָנט באַלד דעם פאַרגאַנגענעם יום־כיפּור, ווען דער בריגאַדיר פישער האָט נישט געלאָזט זאָגן אין באַראַק קיין כל־נדרי... זיצט מען אין רעדלעך און מען דערמאָנט מיט יסורימדיקער בענקעניש דעם סדר אין דער אָפּגעריסענער היים... דעם אַמאָליקן מלכותדיקן סדר־טיש... דעם גאַנצן סדר־„צערעמאָניאַל", די אָנגעצונדענע ליכט... די הסבה־בעט... דער טאַטע אין קיטל... די בני־בית אַרום טיש... די אַרבע כוסות... די אַלטע הגדה מיט די אויסגעמאָלטע בילדלעך ביי דער זייט פון די פאַרגעלטע בלעטער... נעמט ווער ברומען אין דער שטיל אַ ניגון פון דער הגדה... כאַפּן אונטער אַנדערע... טוישן זיך די ניגונים און זאָגעכצן.

זאָגט איינער:

— עבדים היינו לפרעה במצרים...

זאָגט אַ צווייטער:

— אויך מיר אין קאָמי בויען פּתום און רעמסס...

און אַ דריטער:

— צו אונדז קומט אָבער נישט קיין משה...

ווערט אַלעמען אַזוי אומעטיק אויף דער נשמה — נישט ווי פּסח, נאָר ווי תשעה־באב. צעגלאַנצן זיך ביי אַנדערע די אויגן פון טרערן...

## 64

## פּטור פון וואַלד!

איין טאָג רופט מען מיך אין קאַנטאָר פון „פּראָדסטאָל" (באַשפּיי־זונגס־ביוראָ) ביי דער „סטאָלאָווקע". עס רעדט צו מיר דאָרט דער נאַ־טשאַלניק — פאַרשטייט זיך, אויך אַ „זע־קאַ". ער זאָגט מיר, אַז ער דאַרף האָבן אין ביוראָ אַ „שטשאָטאָוואָד", ווייל דעם אַלטן האָט מען צו־

ליב זיין גוטן געזונט־צושטאַנד צוגענומען אין וואַלד אַריין. מ׳האָט אים געזאָגט, אַז איך קען רוסיש, דערפֿאַר רופט ער מיך.

— אדרבה, — זאָג איך.

— שרייבט שוין אָן אַ „זאַיאַוולעניע״ צום „נאַטשאַלניק סנאַבזשע־ניאַ״ (אַפּראָוויזאַציע־נאַטשאַלניק), וועל איך אָגב זען ווי איר שרייבט.

איך טו עס גלייך.

— אָטליטשנאָ! (אויסגעצייכנט). אויב איר ווילט דאָ אַרבעטן, דאַרפֿט איר זיך אויסשרייבן פֿון „סלאַב־קאָמאַנדע״.

— גוט.

פֿאַרשטייט זיך, אַז קיין שטערונגען מאַכט מען מיר נישט איצט; אדרבה, כ׳בין דאָך סיי־ווי־סיי אַ ליידיקגייער. אַפֿילו דער הויפּט־נאַ־טשאַלניק פֿון לאַגער, דער סטאַרשי לייטענאַנט קראַווטשוק, וועלכער האָט זיכער אויף מיר „אַן אויג״ צוליב מיין אָפּוואַרפֿן זיין „פֿאָרשלאָג״ — אַפֿילו ער האָט מהאי טעמא באַשטעטיקט מיין נייעם אַמט.

שוין דעם אַנדערן טאָג בין איך געזעסן אין קאַנטאָר פֿון „פּראָד־סטאָל״ ביי דער אַרבעט.

נאָך אַ קורצן שמועס מיט מיין נאַטשאַלניק, ווייזט זיך אַרויס אַז ער איז מיינער אַ שטיקל „שכן״, אַ „זעמליאַק״: ער שטאַמט פֿון מיינע מקומות, פֿון גראָדנער געגנט — פֿון וואָלקאָוויסק. אַז איך זאָג עס אים, ווערט ער פֿריידיק איבערראַשט, גלייך ווי איך וואָלט אים געבראַכט אַ גרוס פֿון זיין אַמאָל... ער ווייזט מיר אַרויס אַ סענטימענט און איז זייער צופֿרידן צו הערן פֿון מיר די נעמען פֿון יענע שכנותדיקע שטעט און שטעטלעך, וואָס ער געדענקט נאָך עד היום, הגם ס׳איז שוין גענוג לאַנג ווי ער האָט פֿאַרלאָזט יענע געגנט.

— בענקט זיך אייך נישט אַהין? — פֿרעג איך אים.

— איך טראַכט, אַז ווען איך וואָלט אַמאָל נישט פֿאַרלאָזט וואָלקאָ־וויסק, וואָלט איך איצט אין לאַגער נישט געווען...

— אָט זעט איר — זאָג איך אים — איך בין נישט אַוועקגעפֿאָרן פֿון מיין היימשטאָט און בין אויך, אַזוי ווי איר, אין לאַגער...

— דאַ, דאַ, סוד׳באַ... (יאָ, יאָ, דער גורל...) — ענטפֿערט ער.

— כ׳האָב געהערט — רופֿט ער זיך אָפּ אין אַ ווײַלע אַרום — אַז איר זענט אַן ערלעכער מענטש... דאָ ביי אונדזער אַרבעט איז נייטיק אַן

ערלעכער מענטש... די פריערדיקע „שטשאָטאָוואָדן" האָבן דאָ געמאַכט קאָמבינאַציעס מיט טאַלאָנען...

— אין דער הינזיכט וועט איר זיך אין מיר נישט אַנטוישן: דער גנבישער „פאַך" איז מיר פרעמד...

— אַזאַ האָבן מיר טאַקע געזוכט...

דער „פראָדסטאָל" פלעגט באַזאָרגן אַלע בריגאַדעס און אָפּטיילונגען פון לאַגער מיט די טאַלאָנען צו דער קיך, און מיין אַרבעט איז געווען צו מאַכן יעדן טאָג די טאַבעלן, ווו איך פלעג פאַרשרייבן וויפל, וועמען און וואָסערע טאַלאָנען עס ווערן אַרויסגעגעבן. יעדן אינדערפרי פלעג איך אָפּנעמען פון קיך די נעכטיקע טאַלאָנען, וואָס זענען גענומען געוואָרן פון די מענטשן ביים אַרויסגעבן זיי די פּאָרציעס. נאָך אַ קאָנטראָל פלעגן די טאַלאָנען ווידער געלאָזט ווערן אין גאַנג.

קיין אַרבעט האָט מיר נישט געפעלט. אין לאַגער זענען געווען לערך 3.000 „זע־קאַ". יעדער האָט באַקומען דריי טאַלאָנען אַ טאָג: אויף פרישטיק, מיטיק, אָוונטברויט. אין סך־הכל, הייסט עס, 9.000 טאַלאָנען. די דאָזיקע טאַלאָנען פלעג איך באַקומען אין אַ שאַכטל — צעקנייטשטע דורך די נישט־זויבערע הענט פון די „ראַזדאַוושטשיקעס" (טיילער). איך פלעג די טאַלאָנען מוזן אויסגלייכן, צונויפפלייגן און צונויפבינדן מיט אַ פאָדעם אין פעקלעך — יעדעס פעקעלע צו 100 שטיק. דערצו זענען נישט אַלע טאַלאָנען געווען פון איין מין. אין לאַגער־סיסטעם זענען געווען 11 דיעטעס: „ערשטער קעסל", „צווייטער קעסל", „סטאַכאַנאָווסקי", „אי־ט. ר.", „באַלניטשנאַיע פּיטאַניע", „ספּעץ־פּיטאַניע", „דיעטאַ" און אַנד. ביים סאָרטירן האָב איך געמוזט אויססדרן די טאַלאָנען יעדן למינהו, אין אַ באַזונדער פעקעלע. נישט שטענדיק פלעג איך זיך קאָנען אַליין אַן עצה געבן מיט די 9.000 טאַלאָנען. דאַן פלעגט מיר מיין נאַטשאַלניק הייסן נעמען אויפן טאָג אַ געהילף פון „סלאַב־קאָמאַנדע". דעם געהילף פלעג איך פאַר דער טרחה באַפרידיקן מיט עטלעכע עקסטראַ טאַלאָנען. פאַר יענעם איז עס געווען אַ געווינס.

מיין אויפגאַבע איז אויך געווען צו מאַכן די טאַלאָנען. כ'פלעג מיר צושניידן פאַפּירלעך פון פאַרשיידענע קאָלירן פאַר די באַזונדערע מינים און פאַרזען יעדן טאַלאָן מיט זיין ספּעציעלן שטעמפּל. די טאַלאָנען פלעגן נישט דינען אויף לאַנג. מ'האָט זיי אָפט געמוזט טוישן: ערשטנס פלעגן זיי אין אומגאַנג ווערן שנעל אויסגענוצט און אָפּגעריבן; צווייטנס —

אַן אַנדער צרה: פּאַלסיפיקאַטן! ווי נאָר אין „זאָנע" פלעגט זיך באַווייזן אַ נייער טאַלאָן, פלעגט ער באַלד צומאָרגנס ווערן נאָכגעמאַכט. געווען אין לאַגער אַ פּאָר גראַווירער און פון זיי פלעגן עס שטאַמען די פאַלסי־פיקאַטן. די „ראַזדאַוושטשיקעס" פלעגן נישט דערקענען — אַזוי גע־שיקט האָט מען עס נאָכגעמאַכט. איך אַליין, וואָס פלעג די טאַלאָנען שטעמפּלען, פלעג קוים באַמערקן דעם פאַלסיפיקאַט. די קיך פלעגט צו־ליב דעם אָפט זיין אין אַ פאַרלעגנהייט: עס פלעגן פשוט אויספעלן אין די קעסלען „אַביעדן"...

כדי צו באַקעמפן די דאָזיקע פלאָג פלעג איך מיטן נאַטשאַלניק אויס־טראַכטן אַ ספּעציעלן סעקרעטנעם סימן פאַר דער קיך: מיר פלעגן, למשל, אין אַ געוויסן בוכשטאַב דורכזעגן אַ ליניע און פאַרטרויען עס די „ראַז־דאַוושטשיקעס" אין קיך. די ערשטע טעג פלעגט עס העלפן. די קיך פלעגט אַלע טאָג קאָנפיסקירן אַ היפּש ביסל פאַלשע טאַלאָנען. שפּעטער האָבן זיך די פעלשער געכאַפּט אויף דעם „טריק" און מען האָט שוין געמוזט זוכן אַנדערע סימנים... טיילמאָל פלעג איך די נאָך גוטע טאַלאָנען פאַר־זען מיט אַ צוגאָב־שטעמפּעלע — ביז וואָס־ווען. איינמאָל האָט מען גע־מאַכט אַ רעוויזיע ביי איינעם פון די פאַרדעכטיקטע אין די פעלשערייען און מ׳האָט טאַקע ביי אים געפונען נאָכגעמאַכטע שטעמפּלען. אָבער די שטראָף איז געווען נישט קיין הויכע: ער האָט באַקומען צוויי וואָכן קאַר־צער. ווייל ער איז גראָד אַ „ביטאָוויק" און אַ „ביטאָוויק" איז דאָך אַ „יחסן"... אַנדערש וואָלט מען זיך באַגאַנגען מיט אים, ווען זיין חטא וואָלט געווען פון אַ פּאָליטישן כאַראַקטער...

דערפאַר טאַקע פלעגן די מילדע שטראָפן ווייניק העלפן. מען האָט די נאָכמאַכערס נישט געקאָנט אינגאַנצן אויסראָטן. די פאַלשע טאַלאָנען האָבן כסדר פאַרשאַפט צרות און קלאָפּאָטן דער קיך און דעם „פּראָד־סטאָל" — דער עיקר מיר... ווייל כ׳פלעג כסדר מוזן מאַכן אַלץ נייע און נייע טאַלאָנען...

צו דער אַרבעט פלעג איך קומען 8 אינדערפרי. ענדיקן פלעג איך נישט אַלע מאָל גלייך. אַמאָל 8 אין אָוונט, אַמאָל 9 און אַמאָל אויך 10, ד״ה פון 12 ביז 14 שעה אַ טאָג!

אָבער אַלץ בעסער ווי אין וואַלד: איך זיץ אין אַ שטוב, ביי אַ טיש, נישט אין קעלט, נישט אין רעגן... און דער עיקר — איך בין זאַט! אין קיך בין איך אַ היימישער און באַקום צום עסן וואָס איך וויל, קלייב אויס

וועלכע דיעטאַ עס געפעלט מיר, באַקום אַלע טאָג 800 גראַם ברויט און — „פּאָ בלאַטו" — אַמאָל אויך ווייס ברויט... ווייל ביי דער קיך איז אויך געווען די „כליעבאַריעזקאַ" (דער פּאַרטייל־פּונקט פונעם ברויט), וואָס פלעגט צושניידן און אויסטיילן דאָס ברויט פאַר אַלע בריגאַדעס און אָפּ־טיילונגען אין לאַגער. פלעגט מיר מיין נאַטשאַלניק אָפּט געבן אַ צעטע־לע צו דער „כליעבאַריעזקאַ" אַז מען זאָל אַרויסגעבן ווייס ברויט פאַר אים און פאַר מיר. אַזוי אַרום פלעג איך שוין עסן ברויט לרוב, ספּעציעל געשמאַלצענע זופּן, אָפּט קאָטלעטלעך פון דער שפּיטאָל־דיעטע, „פּרעמ־בליודאָס" און אָפּטמאָל אַ געדיכטע מאַננע־קאַשע מיט פּוטער און באַ־שאָטן מיט זאַמד־צוקער.

אַזוי האָבן זיך דערנערט די עטלעכע מיטאַרבעטער פון „פּראָד־סטאָל". אין משך פון אַ פּאָר וואָכן בין איך געקומען צו די כוחות. דאָס פּנים איז ביי מיר געוואָרן פולער. איך האָב באַקומען אַ לעבעדיקן קאָ־ליר אין די באַקן, הגם איך האָב געאַרבעט 12־14 שעה אַ טאָג, און אַפילו פון „וויכאָדנאָי" — איין מאָל אין דריי וואָכן! — האָב איך אויך נישט געקאָנט געניסן, ווייל אַפילו אין רו־טאָג איז דאָך אויך טעטיק די קיך מיט איר גאַנצן אַפּאַראַט.

איך לעב שוין אויך אַביסל היגיענישער: אַזוי ווי קיין עסנוואַרג דאַרף איך שוין נישט צוקויפן, האָב איך מיר געקאָנט איצט דערלויבן „איינצוהאַנדלען" אַ פּאָר נייע העמדער, אַ בלוזע פון „כאַקי" און עטלעכע פּאָר „פּאָרטיאַנקעס" (לייוונטענע טיכער) אַרומצוּוויקלען די פיס. איך פלעג זיך אָפּטער אַריינכאַפּן אין באָד, אין דער „פּאַריקמאַכערסקאַיאַ". פלעג זיך אָפּטער שערן און ראַזירן. דאָרט אינעם שפּיגל האָב איך אַליין געקאָנט זען די גוטע ענדערונג אויף מיין פּנים... מיט דער צייט האָב איך מיר אַפילו אויך „דאָראָביעט" (אַרויפגעאַרבעט) צו אַן אייגענעם שעניק מיט אַ קאָץ און האָב זיך דערשלאָגן ערגעץ אויף דער נאַרע צו אַן איי־גענעם, סעפּאַראַטן געלעגער: גראָד פון יענעם פּלאַץ זענען אַ פּאָר מענטשן אַריבערגעטראָגן געוואָרן ערגעץ אַנדערש, האָב איך אויסגענוצט די גע־לעגנהייט און פאַרכאַפּט אַן אָרט אַפילו אָן „שליסל־געלט"...

און אַז איך ליג איצט ביינאַכט אויף מיין אייגענעם געלעגער — אויף אַ שעניק, אונטער אַ צודעק, אַליין, אָן שכנים ביים סאַמע לייב, נישט שפּירנדיק פרעמדן זויערלעכן שווייס — ווערט אויך מיין זעלבסט־געפיל אַ בעסערער, אַ מונטערער. עס טראַכט זיך שוין אַנדערש. עס הייבט

זיך מיר אָן צו גלייבן אין אויסדויער, אין דערלעבן דעם טאָג פון אויס־לייזונג...

## 65

# איך קאָן נישט זיין קיין גנב...

באַלד ווי איך האָב אָנגעהויבן אַרבעטן אין „פּראָדסטאַל" קומט צו מיר צוגיין דער „סוחר" קאָזלאָווסקי — מיין „מאָמענט"־שכן פון נאַלעווקעס 38 — מיט אַ פאָרשלאַג:

— פאַרקויפט מיר אַ 10 „גרויסע" און אַ 15 „קליינע".

„גרויסע", ווי דערמאָנט, זענען טאַלאָנען אויף מיטיק און „קליינע" אויף אָונטברויט און פרישטיק.

— ניין, קאָזלאָווסקי, איך האַנדל נישט.

ער שטופּט מיר געלט אין האַנט.

— ניין, קאָזלאָווסקי, איך דאַרף נישט קיין געלט.

— זייט נישט קיין מלמד! איר ווייסט, אַז גאָלדפאַרב, וואָס האָט דאָ געאַרבעט פאַר אייך, האָט געמאַכט אַ שיינע פאַר גראָשן. עס וועט אייך צונוץ קומען. איר וועט מיר אַלע טאָג געבן בשתיקה אַביסל טאַלאָנען, גוט?

— ניין, ס'איז נישט גוט.

און קאָזלאָווסקי האָט זיך לחלוטין אַנטוישט אין מיר...

— איך האָב מיר גאָרנישט פאָרגעשטעלט, — זאָגט ער מיר „מוסר", — אַז איר זענט אַזאַ מלמד... איר פאַרגעסט, אַז איר זענט אין לאַגער? אַז דאָס געלט קאָן אייך אַמאָל ראַטעווען? ווען גייט איר דאָ איינ־שפּאָרן? דער „נ. ק. וו. ד."?...

און נישט קאָזלאָווסקי, נישט אַנדערע „סוחרים", וועלכע האָבן עס געפּרוווט, האָבן געמאַכט מיט מיר „געשעפטלעך". איך האָב אַזוי גע־האַנדלט נישט מחמת צדקות, צוליב דעם „לא תגנב" — איך האָב גוט פאַרשטאַנען קאָזלאָווסקין, וואָס איז אין דער היים מסתמא אויך נישט געווען קיין גנב — אַז אין לאַגער גילטן אַנדערע זיטן, אַנדערע געזעצן. זיין אַרגומענט („ווען גייט איר דאָ איינשפּאָרן? דער „נ. ק. וו. ד."?")

איז טאַקע אַ זייער וואָגיקער: אַז יענע באַגייען לגבי אונדז און אונדזערע לעבנס אַזאַ מוראדיק פאַרברעכן — צי דאַרפן מיר דען, צי זענען מיר מחויב צו זיין אָפּגעהיט אַפילו מיט אַזאַ „אומשולדיקער" שולד ווי גנבה?...

אָבער כ'האָב עס אָרגאַניש נישט געקאָנט. עס האָט מיר פשוט גע־עקלט פון גנבה.

מיין נאַטשאַלניק פון „פּראָדסטאָל" האָט מיר אַמאָל געזאָגט:

— געדענק, היט זיך פון פאַרקויפן טאַלאָנען. שענקען אַמאָל אַ טאַ־לאָן אַ חבר — דאָס יאָ, דאָס פאַרשטיי איך.

עס איז מיר געפעלן געוואָרן זיין „זשעסט". און אָן זיין כלל האָב איך זיך טאַקע געהאַלטן. פאַרשטייט זיך, אַז נישט דווקא צוליב דעם נאַ־טשאַלניקס וואָרענען, נאָר צוליב מיר אַליין, צוליב מיין אייגענעם זעלבסטגעפיל.

וואָס שייך „שענקען אַ חבר" — דערין בין איך גראָד ווייט אַרי־בער די ראַמען. קודם־כל האָב איך באַלד פון ערשטן טאָג אָן, וואָס כ'בין אַריבער די שוועל פון „פּראָדסטאָל", אָנגעהויבן פאַרזאָרגן גורעוויטשן — מיין אַמאָליקן „לייענער"; דעם גוטן מלאך, וואָס האָט מיר די ערשטע צייט באַזאָרגט מיט „פּייקעס" אין משך פון וואָכן, בעת ער האָט געאַר־בעט אין בעקעריי. איצט איז ער אויף צרות. איצט איז ער „דניעוואַלני" — דאָס „דינסט־מויד" — טאַקע פון מיין באַראַק. איצט קאָן איך זיך „רעוואַנשירן"... אים האָב איך איטלעכן אָוונט געבראַכט אין באַראַק עט־לעכע טאַלאָנען: אַ „גרויסן" פון „ספּעץ־פּיטאַניע" און אַ פּאָר „קליינע" — לויט קאַזלאָווסקיס טערמינאָלאָגיע... מיינע אייגענע טאַלאָנען — פאָרמעל פלעג איך באַקומען גלייך מיט אַלעמען טאַלאָנען — פלעג איך קיינמאָל נישט אויסנוצן, ווייל ביי די קיך־טיילער בין איך דאָך געווען אַ היימישער און זיי פלעגן מיר אויסטיילן אָן טאַלאָנען. אַדרבה, איך בין דאָך געווען זייער „נאַטשאַלניק", איך פלעג דאָך ביי זיי אַלע טאָג אָפּנע־מען די טאַלאָנען, קאָנטראָלירן זיי. מסתמא האָט נישט איינער פון זיי טאַקע געמאַכט „געשעפטלעך" מיט די לאַגער־„סוחרים"... זיי זענען דאָך נישט געווען אַזעלכע „מלמדים" ווי איך... ווי נאָר איך פלעג צוקומען צו זיי מיט מיין קעסעלע, פלעגן זיי מיך פרעגן בכבוד גדול:

— טשעוואָ איזוואָליש?... (וואָס באַוויליקסטו?...).

זיי פלעגן מיר געבן בשפע וויפל און וואָס איך האָב נאָר געוואָלט.

אַחוץ גורעוויטשן האָב איך נאָך געהאַט אַנדערע „קליענטן" פון די היימישע פריינד אין באַראַק. כ'פלעג יעדן טאָג צעטיילן נישט ווינציקער פון אַ 10 טאַלאָנעז. די ברכות, וואָס איך פלעג באַקומען יעדן טאָג פון מיינע הונגעריקע יידן, זענען ביי מיר מער ווערט געווען ווי קאָזלאָווסקיס אָנבאָטן...

איך האָב עס מיר אויסגעטייטשט במחשבה:

וואָסער וואַלאַר קאָן האָבן געלט אויף אַ זינקענדיקער שיף? זעראָ! דאַקעגן אַ ברכה קאָן געבן אַ רגע טרייסט, אַ שטראַל פון האָפענונג — —

## 66

# עס אַנטפּלעקן זיך געשיכטעס...

עס האָט זיך געביטן מיין נאַטשאַלניק. מיין נייער נאַטשאַלניק איז באַשקאָוו, אַ רוס פון קוייבישעוו (סאַמאַרע). אַ יונגער מענטש נאָך, מיט אַ געדיכטן קאָפּ טונקעלע האָר. אַ שטיקל אינטעליגענט, אָבער אַ גאַנץ פּלאַכער.

צו מיר האָט זיך באַשקאָוו באַצויגן גאַנץ גוט. אַז כ'פלעג פּרוּוון שמועסן מיט אים אַמאָל אויף אַ מער אַבסטראַקטער טעמע, פלעגט ער זיך פילן הינטערשטעליק און פלעגט קוקן אויף מיר מיט נישט אָן אַ געפיל פון דרך־ארץ. איך האָב באַמערקט, אַז ער האָט בכלל אַ סענטימענט פאַר „זאַפּאַדניקעס". ער איז מודה, אַז דער מערב איז אַוועק אַ סך ווייטער אין ציוויליזאַציע און קולטור.

באַשקאָוו האָט אויך געהאַט נישט קיין „דיעטסקי סראָק": מ'האָט אים מכבד געווען מיט אַ צען יאָרלעך... ער האָט אָבער נישט געוואָלט זאָגן פאַר וועלכן „חטא". איך האָב פאַרשטאַנען, אַז ער מוז אַוודאי האָבן אַ פּאָליטישן פּאַראַגראַף. מיין השערה האָב איך געשטיצט אויף זיין נאָענטן חברן זיך מיטן „טאָוואַרישטש" קאַטניקאָוו, וועלכער האָט אויך געאַרבעט אין „פּראָדסטאָל" — אין דער בוכהאַלטעריע־אָפּטיילונג, וואָס האָט זיך געפונען אין אַ דערנעבנדיקן חדר. קאַטניקאָוו איז זיכער געווען אַ „פּאָליטישער", אַ „ק. ר. ד.ניק", מיט אַ זייער שאַרפן פּאַראַגראַף, איינ־

מאָל אין אַ שמועס נעמט קאַטניקאָוו אַרויס פון טאַש אַ פּאַפּירל און זאָגט מיר:

— נאַט, לייענט. ס׳איז אַן אָפּשריפט פון מיין אורטייל.

כ׳לייען — און עס טוט מיר אַ שוידער. דאָרט זאָגט זיך נישט מער און נישט ווייניקער, אַז פלוני בן פלוני, באַשולדיקט אין ............ (דאָ גייט אַ שורה פּינטעלעך), לויט די פּאַראַגראַפן די און די ווערט דורכן לע־נינגראַדער מיליטערישן טריבונאַל פאַרמשפּט צום טויט דורך דערשיסן...

— נו?... — קוק איך אים אָן. — ווי אַזוי־זשע קומט איר אַהער קיין קאָמי?...

— דאָס האָב איך צו פאַרדאַנקען מיין פרוי. זי האָט איינגעלייגט וועלטן און עס איז איר געלונגען מיט עדות פעסטצושטעלן מיין „אַליבי״.

— טאָ פאַרוואָס האָט מען אייך נישט באַפרייט, אויב מ׳האָט דער־וויזן אייער אומשולד?

— אַזוי גוט איז עס נאָך נישט... — שמייכלט ער. — קיין גרויסן „סראָק״ האָב איך נישט באַקומען: סך־הכל 15 יאָר...

— דאָס האַלט איר אויך פאַר אַ „דיעטסקי סראָק״?...

— יאָ, יאָ, ביי אונדז אין רוסלאַנד גייען אַן אַזעלכע טרויעריקע שפּאַסן...

ער האָט געוואָלט מיט מיר רעדן אָפנהאַרציקער, האָט אָבער אָפּנים נישט געקאָנט ביי זיך פועלן און איבערגעריסן. אַז זיין פּראָצעס איז גע־ווען אַ פּאָליטישער — דאָס האָט מיר נאָכדעם באַשקאָוו דערציילט.

— ביי אונדז איז אַ מענטשלעך לעבן געגליכן צו אַ שטויבעלע. עס האָט קיין שום ווערט נישט. יעדער מנוול קאָן עס צעטרעטן מיטן שטיוול... — קאָמענטירט ער דערביי.

באַשקאָוו, האָב איך באַמערקט, איז געווען אַביסל אַ סענטימענטאַ־לער און ראָמאַנטישער. ער פלעגט זיך אַפילו אַמאָל באַנוצן מיט ציטאַטן פון לערמאָנטאָוון. און גראָד מיט לירישע שטעלן.

איין אָוונט קומט צו אים אין קאָנטאָר אַ גאַסט — רעגינע.

באַמערקנדיק מיך, האָט זי זיך שמייכלענדיק מיט מיר געגריסט:

— ראַדאַקו! (לאַנדסמאַן).

באַשקאָוו זאָגט מיר גלייך דיפּלאָמאַטיש:

— איר קאָנט גיין אין באַראַק זיך אויסרוען. מאָרגן קומט גאַנץ פרי.

— גוט!

איך גיי גלייך אַוועק און לאָז זיי איבער אַליין...

פון דעמאָלט אָן פלעגט רעגינע זיין אַן אָפטער גאַסט ביים נאַטשאַל־ניק. איך בין איר געווען זייער דאַנקבאַר. אַדאַנק איר פלעג איך אַוועק־גיין פריער פון דער אַרבעט..

אין דער זעלבער צייט האָט רעגינע אויך אָנגעהויבן אַרבעטן אונטן אין קיך. זי האָט געאַרבעט ביי „שוואַרצער אַרבעט": ביי שיילן קאַר־טאָפל, ביים וואַשן די קעסלען וכדומה. איר אַרבעט אין קיך איז זיכער געווען פאַרבונדן מיט אירע אָוונטיקע וויזיטן ביי באשקאָוון... פאַרוואָס זי איז געפלויגן פון איר פּאָסטן אין ביוראָ האָב איך קלאָר נישט געוווּסט; אָבער כ׳בין זיכער געווען, אַז דאָס איז געשען צוליב אַ סכסוך מיט איר יענעם נאַטשאַלניק אויפן „ראָמאַנטישן באָדן": אייפערזוכט... פאַרראַט... אז איך האָב זי איינמאָל אַ פרעג געטאָן — עקסטראַ אין פּויליש — פאַר־וואָס זי האָט פאַרלאָזן די קאַנטאָר, האָט זי אַ מורמל געטאָן:

— ווּשיסצי מענשטשיזני סאָן שובראוּוצי... (אַלע מענער זענען אויס־ווורפן...).

פון איר ענטפער האָב איך געדרונגען, אַז מיין השערה איז אַ ריכ־טיקע. איך האָב אויך פאַרשטאַנען, אַז דאָ אין „פּראָדסטאָל", ביי דער קיך־אַרבעט, דערוואַרט איר אויך דער זעלביקער סוף, ווייל דאָ איז פאַראַן נאָך אַן „אַמאַנט" — דער „כינטשיק", דער „זאַווכאָז" פון דער קיך. דער „כינטשיק" לעבט דאָך דאָ ווי אַ „מאַהאַראַדזשאַ", וואָס זאָגט זיך אין קיין זאַך נישט אָפּ — היינט פאַרוואָס־זשע זאָל ער זיך אָפּזאָגן פון אַזאַ „קראַסאַוויצאַ" ווי רעגינקע?... פאַראַן דען דאָ אַ סך אַזעלכע ווי זי?... האָבן טאַקע אונטן אין קיך בייזע צינגער זיך געוויצלט אויף איר חשבון... אויף איר „גוטפריינדשאַפט" מיטן „כינטשיק"... מסתמא וועט עס אַ ליאַ־דע טאָג דערגיין צו באשקאָוון — און זי וועט אויך פון דאַנען פליען... ווי איך האָב געהערט, האָט זי שוין אין „זאָנע" געאַרבעט אין אַ סך ער־טער און אָפט זיי געביטן...

— וואָס מאַכט דער נאַטשאַלניק פון קלוב? — פרעג איך זי איינ־מאָל — וואָס הערט זיך מכוח זיין „שעדעוור"?...

— ער מיינט, אַז ער איז אַ גרויסער דראַמאַטורג... אַן איינרעדע־ניש איז ערגער פון אַ קרענק... אין דער אמתן איז ער אַ גרויסער זעראָ...

„מסתמא, טראַכט איך, איז אויך אין קלוב געקומען ביי איר צו אַ

ריס מיטן נאַטשאַלניק און איר אַרטיסטישע „קאַריערע" איז דעריבער געבליבן אויף אַ טויטן פונקט"...

און איך ציטער איבער דער „ליבע" צווישן איר און באשקאָוון. איך וואָלט געוואָלט, אַז זי זאָל דויערן וואָס לענגער: זינט זייער „ליבע" פּראָפּיטיר איך פון פרייע אָוונטן...

איך ווער געוווּיר — איך האָב איצט מער צייט אַלץ זיך צו דערוויסן... — איך ווער געוווּיר, אַז די געציילטע פרויען אין לאַגער גייען דאָ פון האַנט צו האַנט... אַז רעגינע איז נישט קיין אויסנאַם... און נישט קיין חידוש: אַ הערמעטיש־פאַרשלאָסענע „זאָנע"... דאָס בלוט מאָנט...

דעם גרעסטן דערפאָלג אין „זאָנע" האָבן געהאַט דריי יינגערע פרויען: רעגינע, די רוסין יעלענאַ ניקאָלאַיעווּנאַ פון „סטאַציאָנאַר" און סאַראַ. סאַראַ איז געווען אַ יידיש מיידל פון וויטעבסק. אַ באַחנט פּנימל, אַ שאַטינקע, מיט גרויסע מאַנדל־אויגן און טונקעלע ברעמען. דערציילט האָט מיר אַ רוסישער ייד פון מיין באַראַק, אַן אַלטער לאַגערניק, אַז אָט די סאַראַ מיטן שיינעם פּנימל, וואָס איז, דאַכט זיך, גאָט די נשמה שולדיק, איז גאָר געווען פאַרמישט אין אַ מאָרד־געשיכטע: אינעם מאָרד פון אַן אַלטן באַקאַנטן קינסטלער, פּען פון וויטעבסק. אַ סברה, אַז דער דאָקער פּען איז אין וויטעבסק געווען אַמאָל מאַרק שאַגאַלס אַ לערער. אַזוי דערציילט מיר דער רוסישער ייד. פאַרשטייט זיך, אַז אין לאַגער קאָן איך די פּינקטלעכקייט נישט קאָנטראָלירן. דערמאָנען דערמאָן איך זיך יאָ, אַז אַפילו אין דער וואַרשעווער יידישער פרעסע איז בשעתו געשריבן געוואָרן וועגן פּענס מאָרד. אָבער די פּרטים געדענק איך שוין נישט. אַז אָט די סאַראַ — מיט די צאַרטע, ווייסע הענטלעך (זיי זענען נאָך ווייס, ווייל זי אַרבעט נישט ביי קיין שוואַרצער אַרבעט...) — זאָל קאָנען האָבן אַ שייכות צו אַזאַ בלוטיקער דראַמע, איז מיר שווער געווען צו גלייבן. ווער ווייס? ווען איך פלעג זי טרעפן אין דער „זאָנע", אָט די סאַראַ, פלעג איך זי דורכדרינגענד אָנקוקן, ווי וועלנדיק אַרויסלייענען פון אירע מאַנדל־אויגן דאָס פינצטערע רעטעניש...

די צעהוליעטע חברה נאַטשאַלניקעס, וואָס פלעגן אויסנוצן די געציילטע פרויען, איז אין „זאָנע" געווען נישט קיין גאַנץ גרויסע. דאָס רוב האָבן דאָך די מענטשן געלעבט אין שווערע הונגער־באַדינגונגען. דער גאַנצער עולם שקלאַפן — די מענטשן פון וואַלד — האָבן קיין קאָפּ נישט געהאַט דערצו... דעם אָרגאַניזם האָבן פּשוט געפעלט די נייטיקע נאַרונגס־

שטאָפּן און כמעט אַלע זענען דאָ געווען — אַעראָטיש. קיינער פון דער גרויער מאַסע האָט נישט געפילט קיין רייץ, קיין פיזיאָלאָגישן דראַנג צו פרויען. ביי דעם דערדריקטן עולם איז דאָס בלוט איינגעשלאָפן געוואָרן... בלויז דאָס הייפל נאַטשאַלניקעס, וועלכע האָבן געלעבט אין בעסערע באַדינגונגען, וואָס האָבן זיך בעסער דערנערט און בעסער אָפּגעהיט דעם חומר — יענע זענען עס געווען די „אַמאַנטן". די „ליבהאָבער" אין לאַגער... און ווי נאַטשאַלניקעס האָבן זיי אויך געהאַט די געלעגנהייט אויסצונוצן די עטלעכע פרויען — ווי די ווייסע שקלאַפינס. אַזוי אַרום זענען די פרויען געווען טאָפּלטע שקלאַפינס: פון דער „נ. ק. וו. ד." און פון די לאַגער־נאַטשאַלניקעס. די ווייסע שקלאַפינס האָבן געמוזט צאָלן מיט זייער לייב פאַר בעסערע אַרבעטס־באַדינגונגען, פאַר אַ „פּייקע" ברויט, צי פאַר אַ צוגאָב־טאַלאָן אין דער „סטאָלאָווקע".

## 67

# כ׳בין שיער נישט געפלויגן...

איינמאָל בין איך שיער נישט געפלויגן פון מיין פּאָסטן אין „פּראָדסטאָל". געווען איז עס צוליב אַ גנבה. נישט ווייל א י ך האָב געגנבעט, נאָר ווייל מען האָט מ י ך באַגנבעט...

געשען איז עס אַזוי:

ס׳קומט אַריין צו מיר אַ בריגאַדיר מיט אַ בקשה: היות ווי ער האָט פאַרלוירן די באַקומענע טאַלאָנען פאַר דער בריגאַדע, בעט ער אַנדערע טאַלאָנען. מיין נאַטשאַלניק איז גראָד נישט געווען. ראָט איך אים אָנשרייבן אַ „זאַיאַוולעניע" צום „פּראָדסטאָל" און הייס אים קומען שפּעטער. אָבער באַלד נאָך זיין אַוועקגיין כאַפּ איך זיך, אַז פון מיין טישל איז נעלם געוואָרן אַ פּעקעלע פון 100 טאַלאָנען... איך ווער בלאַס פאַר שרעק. כ׳בין פאַרלוירן!...

עס קומט אָן דער נאַטשאַלניק און איך דערצייל אים וועגן מיין אומגליק.

— ווער איז דאָ געווען? — פרעגט באַשקאָוו אויך אַ דענערווירטער.

— דער בריגאַדיר פּראָקאָפּיעוו.

— זיין מלאכה! ער איז דאָך אַ באַוווסטער גנב!

באַשקאָוו לויפט גלייך אַרויס זוכן פּראָקאָפּיעוון. עס דויערט גענוג לאַנג איידער ער קומט צוריק. קודם־כל איז באַשקאָוו אַריינגעלאָפן אין קיך און פאַראָרדנט אָפּצושטעלן דאָס אַרויסגעבן די מיטיקן. דאַן איז ער אַוועק אין געיעג נאָכן בריגאַדיר. אין זיין אייגענעם באַראַק האָט ער אים נישט געפונען. איז באַשקאָוו אַזוי ווי אַ שפּיר־הונט אומגעלאָפן איבער אַלע ווינקעלעך פון דער „זאָנע". לסוף האָט ער אים געפּאַקט ערגעץ אין אַן „אובאָרנאַיאַ", ווו ער האָט געהאַלטן אין מיטן „משא ומתן", אין סאַמע פאַרקויף פון די טאַלאָנען... באַשקאָוו האָט אים גענומען „אויף זיכער" און צוריקגענומען ביי אים די גנבה. פון די הונדערט טאַלאָנען האָבן געפעלט נאָר צוואַנציק. באַשקאָוו איז תיכף אַוועק מיט אַ ראַפּאָרט צום „נאַטשאַלניק סנאַבזשעניאַ".

ווער ווייס וואָס מיט מיר וואָלט געוועזן, ווען מען פּאַקט נישט דעם גנב. אָבער כ'בין סיי־ווי־סיי זיכער געווען, אַז איך פלי פון „פּראָדסטאָל" — צוליב אומפאַרזיכטיקייט... אַז כ'וועל צוריק מוזן גיין אין וואַלד אַריין... דער עיקר, האָב איך מורא געהאַט נישט אַזוי פאַרן „נאַטשאַלניק סנאַבזשעניאַ" ווי פאַרן לאַגער־נאַטשאַלניק, דעם סטאַרשי לייטענאַנט קראַווטשוק, וואָס האָט דאָך זיכער אויף מיר אַן אויג...

צום גליק בין איך אָפּגעקומען מיט שרעק: ס'האָט זיך פאַר מיר זייער שטאַרק איינגעשטעלט מיין נאַטשאַלניק, באַשקאָוו. ער האָט ממש גאַראַנטירט פאַר מיין ערלעכקייט.

— קיין פאַסיקערן קאַנדידאַט אויף דעם פּאָסטן זע איך נישט אין „זאָנע"! — האָט ער געטענהט.

און דער „נאַטשאַלניק סנאַבזשעניאַ" האָט געהייסן מיך איבערלאָזן ווייטער ביי דער אַרבעט. אויך דעם בריגאַדיר האָט מען צוליב דער גנבה אין קיין לאַגער נישט פאַרשיקט... מ'האָט אים נאָר געמאַכט פאַר אויס בריגאַדיר און ער האָט געמוזט אַרבעטן אין וואַלד ווי יעדער איינער „זעקאַ". אָבער נישט אויף לאַנג... אַ גנב איז דאָך נישט קיין קאָנטררעוואָלוציאָנער...

# 68
# מען אינסצעניזירט פראָצעסן

און אַז עס גייט שוין די רייד וועגן גנבה, זאָלן אויך דערמאָנט ווערן צוויי פּראָצעסן טאַקע פאַר גנבה, פאַר שווינדלערייען און מאַלווערזאַציעס. די באַשולדיקטע זענען געווען אַ גאַנצע גרופּע „נאַריאַדטשיקעס" (די פאַרטיילערס פון די אַרבעטן אין די אַלע אַרבעטס־קאָלאָנעס) — פאַרשטייט זיך, אַלע „זע־קאַ". דער פּראָצעס איז פאַרגעקומען אין קלוב. טעג פאַרן פּראָצעס האָט מען דורכן לאָקאַלן ראַדיאָ גערעדט וועגן די באַשולדיקטע, וועלכע זיצן פאַרשפאַרט אין „איזאָלאַטאָר". דער משפּט האָט זיך געצויגן עטלעכע אָוונטן. מ'האָט אויך צוגעלאָזט דאָס „פּובליקום". דער קלוב איז געווען געפּאַקט מיט נייגעריקע. די ריכטער זענען געווען מענטשן פון אויסערן לאַגער. מ'האָט אויסגעהערט אַ גאַנצע ריי עדות.

פון די פאַרהאַנדלונגען איז קלאָר געוואָרן, אַז אין לאַגער איז אָנגעגאַנגען אַ האַנדל מיט „פּאָסטנס". מ'האָט פאַרקויפט די אַרעסטאַנטן גוטע, לייכטע פּאָסטנס, „פּלאַצוווקעס", ביי וועלכע מען קאָן „מאַכן אַ לעבן"... מ'האָט זיך נישט גערעכנט מיט די קוואַליפיקאַציעס פון די אַרבעטער. אדרבה, מען פלעגט אָפּט באַזייטיקן פאַכלייט און אויף זייער אָרט אַנידערזעצן מענטשן, וועלכע האָבן „אונטערגעשמירט"...

אַלס עדות זענען אויפגעטראָטן געליטענע, פריש־געקומענע „זע־קאַ", „פריצן" נאָך, ביי וועמען מ'האָט גענומען „שווה כסף": אנציגער, שיך, אויבער־העמדער וכדומה, וואָס זיי האָבן נאָר געהאַט; וואָס עמיצן איז געלונגען צו דערפירן פון דער היים ביזן לאַגער. די „נאַריאַדטשיקעס" האָבן גענומען „כאַבאַר" (שוחד) — און נישט שטענדיק מקיים געווען די הבטחה איבערצוטראָגן פון וואַלד אויף אַ „גוטן פּאָסטן"... די דאָזיקע געליטענע, זעענדיק, אַז מ'האָט זיי אָפּגענאַרט, האָבן גענומען פאָדערן צוריק די זאַכן; אָבער זייערע זאַכן זענען שוין אַוועק ווער ווייס וווהין און די „נאַריאַדטשיקעס" האָבן שוין פאַרן געלט נישט איין „לחיים" געמאַכט...

האָבן זיך די געליטענע צונויפגערעדט און דערלאַנגט אַן אָנקלאַגע צום לאַגער־נאַטשאַלניק. היות ווי די שווינדלערייען זענען געווען אין אַ גרעסערן פאַרנעם, האָט דער נאַטשאַלניק אַראַנזשירט דעם דאָזיקן פּראָצעס.

דער פּסק־דין איז געווען נישט אַזאַ האַרבער: היות ווי דער ענין איז דאָך נישט קיין פּאָליטישער — און די „נאַריאַדטשיקעס" זענען דאָך אויך נאָר „ביטאָוויקעס" — האָט מען איטלעכן פון זיי צוגעגעבן צו זיין „סראָק" אַ קליינעם צולאָג: צו 3 און 5 יאָר... לויט די לאַגער־נאָרמען — אַ „דיעטסקי סראָק"...

נאָך דעם משפּט האָט מען זיי אַרויסגעלאָזט פון „איזאָלאַטאָר" „אויף דער פריי"... ד"ה אין לאַגער... אויף אָפּצוקומען זייער אַלטע שטראָף צו־זאַמען מיט דער נייער...

לאַנג האָט מען גערעדט און קאָמענטירט דעם דאָזיקן פּראָצעס אין „זאָנע", ווו דאָס לעבן גייט דאָך אַזוי גרוי, מאָנאָטאָן; ווו עס פעלט יע־דער מין „אַטראַקציע"; ווו מ'הערט נאָר איין זאַך: „אַרבעט!" „אַרבעט"! „אַרבעט!" אָדער די קאָלעקטיווע אויסרופן ביים אונטערהייבן אַ פּניאַק: „ראַז, דוואַ, ווזיאַלי!", „יעשטשאָ ראַז — ווזיאַלי!!!"...

אין דער זעלביקער צייט איז אין קלוב אינסצעניזירט געוואָרן אַ צווייטער פּראָצעס. דאָס מאָל פון אַ גאַנץ אַנדער כאַראַקטער. אַ פּראָצעס פון אַן „אָטקאַזטשיק" — פון אַ מענטש (אייגנטלעך פון אַ „זע־קאַ" — אין לאַגער איז נישטאָ דער באַגריף „מענטש"...), וועלכער האָט זיך לחלו־טין אָפּגעזאָגט אַרויסצוגיין אין וואַלד צו דער אַרבעט.

אין גרונט איז דער דאָזיקער „זע־קאַ" נישט דער איינציקער אין לאַ־גער. פאַראַן אַזאַ גאַנצע גרופּע פון אַ פּאָר צענדליק מאַן.

— טוט מיט מיר וואָס איר ווילט — צו דער אַרבעט גיי איך נישט!

— אַזוי דערקלערט עקשנותדיק יעדער „אָטקאַזטשיק".

ווער עס טוט עס מחמת פּאַסיוון ווידערשטאַנד, ווער מחמת רעזיג־נאַציע און ווער מחמת זיין הפקר־נאַטור. די דאָזיקע גרופּע „זע־קאַ" ווערט געהאַלטן אין „איזאָלאַטאָר" — אינעם ספּעציעלן באַראַק פאַר אַרעסטיר־טע, אונטערן שלאָס און שמירה פון „נ. ק. וו. ד.". דער אַרעסט אין דער ארומגעצאַמטער „זאָנע" איז אַ מין איזאָלאַציע אין דער איזאָלאַציע — אין דער צווייטער דימענסיע, הייסט עס.

אין „איזאָלאַטאָר" באַקומען זיי אַ „שטראַפנאָי פּאַיאָק" (אַ שטראָף־ראַציע): 300 גראַם ברויט אַ טאָג און אַ שיטערע זופּקע. און אַזוי לעבן זיי, אַזוי צאַנקען זיי, אַזוי ווערן זיי אויסגעלאָשן אין הונגער, אָן ליכט און אָן לופט, אָן זון און אָן הימל...

די „אָטקאַזן" ווערן געציילט און פאַרשריבן ביי יעדערן אויפן איג־

דעקס. פון צייט צו צייט קלייבט מען אויס איינעם פון די „אַטקאַזטשי־קעס", וועלכער האָט די גרעסטע צאָל „אַטקאַזן", און מען משפט אים. — למען יראו... ווי אַ מעמענטאָ פאַר דעם גאַנצן עולם לאַגער־קנעכט...

דאַסמאָל האָט מען אין קלוב געמשפט אַן „אַטקאַזטשיק", וואָס האָט געהאַט אויף זיין אינדעקס גאַנצע 72 „אַטקאַזן"!

מ'האָט אינסצעניזירט אַ פּראָצעס מיט צוויי ריכטער, אַ פּראָקוראָר און אַ כלומרשטן פאַרטיידיקער. דער באַשולדיקטער — אַ סקעלעט ממש, אָן לייב און אָן לעבן, מיט טיף איינגעזונקענע אויגן — איז געשטאַנען ווי אַ געשפּענסט פון יענער וועלט און האָט אויסגעהערט די באַשולדיקונג פון פּראָקוראָר, וועלכער האָט זשאָנגלירט מיט זיינע ווערטער אַזוי ווי אַ קלאָאון אין אַ צירק:

— דאָ שטייט פאַר אונדז אַ שעדיקער, אַ שונא פון פאָלק. אין דער צייט, ווען אונדזער פרייע, אומאָפּהענגיקע סאָציאַליסטישע מלוכה ניי־טיקט זיך אין דער אָנשטרענגונג פון אַלע אירע בירגער, כדי צו פאַרפעס־טיקן די יסודות פון אונדזער פאָטערלאַנד קעגן די קאַפּיטאַליסטישע שונאים, וואָס רינגלען אונדז אַרום — אין דער צייט, וואָס יעדער בירגער מוז דערפילן זיין פּאַטריאָטישן חוב פאַר אונדזער לאַנד, געפינען זיך אַזעל־כע סאַבאָטאַזשניקעס, וועלכע זאָגן זיך אָפּ צוצולייגן אַ האַנט צום גרויסן אויפבוי. די מאָטאָרן אין אונדזער לאַנד גייטיקן זיך אין נאַפט. אונדזער „נעפטאָפּראָמיסל" האָט געדאַרפט דינען ווי אַ פּאַטריאָטישער ביישפּיל. אָבער אָט שטייט פאַר אונדז אַ פאַרשוין מיט 72 „אַטקאַזן"! פאַדומאַי־טיע! (באַרעכנט עס!). אַזעלכע שעדיקער שטערן אונדז אין אויספירן אונ־דזער סאָציאַליסטישן פאַרמעסט. אַזעלכע נפשות מוזן אָפּגערוימט ווערן פון אונדזער אויבערפלאַך...

נאָך דער „פּאַטעטישער" און דראָענדיקער רעדע פון פּראָקוראָר, אין דער געשפּאַנטער שטילקייט צווישן „פּובליקום" — אַ צונויפגעדריקטער עולם „זע־קאָ" — דערהערט זיך אַ פראַגע פון איינעם פון די ריכטער צום באַשולדיקטן:

— באַשולדיקטער! צי דריקסטו אויס דיין חרטה?

— ניין! — דערהערט זיך זיין שוואַכער קול.

עס מישט זיך אַריין דער כלומרשטער פאַרטיידיקער:

— דערקלער דיין חרטה, וועסטו באַקומען אַ מילדע שטראָף. מאָטי־וויר פאַרוואָס זאָגסטו זיך אָפּ פון דיין פליכט צו אַרבעטן? אפשר ביסטו

קראַנק? דו ווייסט דאָך, דו געפינסט זיך אין אַן אויסבעסערונגס־אַרבעטס־לאַגער...

— ווייל כ׳בין אומשולדיק... — ענטפערט יענער קורץ.

— דער דאַזיקער נפש האָט אַן אורטייל פון אַ סאָוויעטישן געריכט!

— רופט אויס דער פּראָקוראָר.

די ריכטער האָבן אַ ווייל גערעדט צווישן זיך אין דער שטיל. איינער האָט אַריינגערעדט אין אַנדערן. זיי האָבן אַפּנים געזוכט די פּאַסיקסטע „פאָרמולירואָווקאַ"... די „זע־קאַ" זענען געזעסן מיט אַ פאַרכאַפּטן אָטעם.

איינער פון די ריכטער האָט זיך אויפגעהויבן, געגעבן אַ צייכן דעם „פּובליקום" מ׳זאָל זיך אויפהייבן פון די ערטער און אַן שום איבעריקע „צערעמאָניעס" געמאָלדן דעם אורטייל:

— טויט־שטראָף דורך דערשיסן...

אין „זאַל" איז דורכגעלאָפן אַ ציטער.

בלויז איין מענטש אין זאַל איז געווען רואיק — דער רואיקסטער — דער פאַרמשפּטער...

אַפּנים, די פאַרצווייפלונג אַליין האָט אים „באַרואיקט", און אין טויט האָט ער גראָד דערזען זיין דערלייזונג — — —

דער ריכטער מיטן פּראָקוראָר זענען אַראָפּ פון דער טריבונע. צוויי „נ. ק. וו. ד.יסטן" האָבן אַרויסגעפירט דעם לעבעדיקן סקעלעט און דאָס געפּאַקטע „פּובליקום" איז זיך פאַנאַנדערגעגאַנגען אין גערדיכטן געמורמל.

איך האָב זיך נאָכגעפרעגט ווער עס איז דער פאַרמשפּטער און בין געוווירר געוואָרן, אַז דאָס איז אַ „זע־קאַ" מיט אַ פּאָליטישן פּאַראַגראַף... אַ „ק. ר. ד.ניק"... דערפאַר טאַקע דער האַרבער אורטייל... דערפאַר האָט מען עס דווקא אים אויסגעוויילט אויף אָפּצושרעקן אַנדערע...

נאָך דעם טויט־אורטייל אין לאַגער האָבן טייל „זע־קאַ" פון „איזאָלאַטאָר" זיך איינגעבראָכן און זענען צומאַרגנס אַרויס אין וואַלד צו דער אַרבעט.

עס האָט, הייסט עס, געלוינט צו באַצאָלן מיט אַ קאָפּ... בפרט מיט אַ קאָפּ פון אַ „קאָנטררעוואָלוציאָנער"...

צי איז דער אורטייל אויסגעפירט געוואָרן? דאָס האָט קיינער נישט געוווּסט. קיינער האָט דאָך דערביי נישט געקאָנט זיין. ס׳איז צו גלייבן, אַז יאָ. ווייל וואָס איז דער גאַנצער זין פון לאַגער? — העגנט! פּראַצע! וויבאָלד אַז נישט אַרבעטן — טאָ וואָס דאַרף מען זיך „צערעמאָניען" מיט

אַן אומזיסטן פּרעסער? אַפילו דעם „שטראַפּנאַי פּאַיאָק״ לוינט נישט אים צו געבן... בפרט, אַז עס האַנדלט זיך דאָ וועגן אַ „פּאָליטישן״... אַזאַ עקשנות שמעקט שוין מיט מרידה... מיט בונט... ווי האָט אויסגערופן אויפן פּראָצעס דער פּראָקוראָר? — „אַזעלכע נפשות מוזן אָפּגערוימט ווערן פון דער אויבערפלאַך״...

מ ר י ד ה... דאָרט, ווו אין לאַגער איז פאַראַן נאָר אַ שאָטן דער־פון, אַ רמז בלויז — ווערט עס דערשטיקט נאָך איידער עס באַווייזט זיך אָנצוצינדן... דאָס פאָדערט די וואַכזאַמקייט, און צו „וואַכזאַמקייט״ טויגן זיך גוט אויס די לייט פון דער „נ. ק. וו. ד.״...

# 69

# מיר טרעטן אויף קברים

אַן אַלטער רוסישער לאַגערניק — אַ „וועטעראַן״, מיט אַ „סראָק״ פון צוואַנציק יאָר — האָט מיר דערציילט וועגן אַ בלוטיקן אַקט פון אַ גרעסערן פאַרנעם.

דאָס איז געווען מיט אַ פינף־זעקס יאָר צוריק. אין יענער צייט איז גראָד די מערהייט אין „זאָנע״ באַשטאַנען פון „ק. ר. ד.ניקעס״. די ברי־גאַדעס האָבן שלעכט געאַרבעט. אַ סך האָבן פּשוט סאַבאָטירט ווו נאָר זיי האָבן געקאָנט. שטענדיק זענען געווען קריגערייען מיט די בריגאַדירן און „דיעסיאַטניקעס״. אַז יענע האָבן גערעדט וועגן בעסער אַרבעטן, האָט מען זיי געענטפערט:

— אַז מען וועט אונדז געבן בעסער צו עסן און בעסער זיך אָנצו־טאָן, וועלן מיר בעסער אַרבעטן...

— איר זענט נישט אין קיין סאַנאַטאָריע... — האָבן געחוזקט זייע־רע נאַטשאַלניקעס.

די פּאָליטישע זענען נישט שולדיק געבליבן קיין תשובה:

— פאַר דעם שיטערן „שטשי״ און פאַר די צעריסענע לייזיקע פו־פייקעס וועלן אייך מענטשן נישט אַרבעטן...

איינמאָל איז ביי אַזאַ קריגעריי געקומען אין בריגאַדע צו אַ בלוטיקן געשלעג. דער קריגערישער בריגאַדיר איז געקומען אין „זאָנע״ מיט אַן

אונטערגעהאַקטן אויג. צומאָרגנס איז מיט דער בריגאַדע מיטגעגאַנגען אַן אָפּטיילונג פון דער „נ. ק. וו. ד.". ווי נאָר די בריגאַדע איז אָנגעקומען אין וואַלד, האָבן די „נ. ק. וו. ד.יסטן" פון הינטן פּלוצלונג געעפנט אַ פייער און אַלע ביז איינעם אויסגעשאָסן... זיי האָבן נאָר פריער אָפּגערופן צו זיך די בריגאַדירן, וועלכע האָבן עס שפּעטער בלחש דערציילט אין „זאָנע"... אונטער די יאָלקעס זענען געבליבן ליגן צענדליקער הרוגים. דערמיט האָט זיך נאָך אָבער נישט געענדיקט די „ראָספּלאָטאַ" (די צע־צאָלונג): מען האָט נאָכדעם אויסגעקליבן פון אַ ריי בריגאַדעס די שטענ־דיקע שרייערס, וואָס רופן אַרויס די קאָנפליקטן מיט די נאַטשאַלניקעס; וואָס זענען גורם סאַבאָטאַזש און העצן קעגן דער סאָוויעטן־מאַכט. מ'האָט זיי אַרויסגעפירט אין וואַלד אַריין און זיי אַלעמען דאָרט „פּאַרטיק גע־מאַכט"... גאָר אָן אַ פּראָצעס, אָן אַן אורטייל... קיין האָן האָט אַפילו נישט אַ קריי געטאָן...

— מיר גייען אין וואַלד, — האָט מיר געזאָגט דער לאַגער־„וועטע־ראַן", — מיר קריכן צווישן ביימער; אָבער דאָ־דאָרט טרעטן מיר זיכער אויף קברים...

פון דער דאָזיקער געשיכטע איז מיר אויך קלאָר געוואָרן דער מע־טאָד אויסצומישן די פּאָליטישע מיט די „ביטאָוויקעס", וועלכע זענען דאָך אַ מער זיכערער עלעמענט... דעריבער זענען די „ביטאָוויקעס" איצט אין דער מערהייט אין לאַגער. עס איז בעסער און געזינטער פאַרן לאַגער־סיסטעם...

אגב: צווישן די „ביטאָוויקעס" געפינען זיך תמיד אַזעלכע, וועלכע „דינען דער רעוואָלוציע" — ווען מען דאַרף. וועלכע טראָגן אונטער „נאַ־טשאַלסטוואָ" וואָס דער און יענער האָט געזאָגט; ווי אַזוי דער און יע־נער אַרבעט — אָדער אַרבעט נישט... (אָן אמת, וואָס מ'האָט אויך מיר געהאַט פאַרגעלייגט...). און פאַר וועמען מען דאַרף איז פאַראַן דער „אי־זאָלאַטאָר" און אַחוץ דעם „איזאָלאַטאָר" איז פאַראַן נאָך עפּעס ערגערס — דער „שטראַפּנאָי לאַגער". וועגן יענעם לאַגער דערציילן די אַלטע „זע־קאָ", אַז אין פאַרגלייך מיטן „שטראַפּנאָי" איז אונדזער לאַגער אַ „סאַ־נאַטאָריע"...

אין „זאָנע" האָט מען אָפּט דערמאָנט דעם „שטראַפּנאָי לאַגער" — ווי אַ שרעק־בילד. ווי אַזוי ער זעט אויס האָב איך נישט געוווּסט. ביז איך האָב אים איינמאָל געזען מיט מיינע אייגענע אויגן. מיר זענען גראָד

דעמאָלט געגאַנגען זייער ווייט צו דער אַרבעט דורך וועלדער און פליי־נען. אין איין אָרט האָב איך באַמערקט עפּעס אַ „זאָנע". אַ „זאָנע" נישט ווי אַלע. מיט אַ העכערן צאַם, מיט אַ זייער געדיכטער נעץ שטעכיקן דראָט אַרומגעפלאָכטן; מיט אַ סך „באָטשאַנעס" (וואַך־טורעמלעך, — לויט דער באַצייכענונג פון אונדזערע פּוילישע, ווייל די וואַך־טורעמלעך זענען געווען הויכע, סטאַרטשענדיקע, ווי די באָטשאַנעס אויף זייערע הוי־כע פיס...). אַ נאָרמאַלע „זאָנע", ווי אַ שטייגער אונדזערע, האָט נאָר פיר „באָטשאַנעס" — אין אַלע פיר עקן אַ „באָטשאַן" מיט אַ „סטריעלאָק". אָבער דאָ ביי דער דאָזיקער „זאָנע" האָב איך געזען מער ווי טאָפּלט וואַך־טורעמלעך. פון מיטן דער אַרומגעצוימטער „זאָנע" האָט אַרויסגעקוקט אַ גרויסע מאַסיווע געביידע מיט בלינדע פענצטער, פאַרשטעלט מיט שוץ־בלעכן, אַזוי ווי מיט שפּאַקולן.

— דאָ איז דער „שטראַפּנאָי לאַגער", — ווייזט אונדז אָן דער ברי־גאַדיר.

ער דערציילט אונדז, אַז די אַרעסטאַנטן פון „שטראַפּנאָי" אַרבעטן נישט אין וואַלד; סיידן נאָר אין אינערלעכע וואַרשטאַטן. מען האָט זיי פאַרשפּאַרט און איזאָלירט פון דער ליכטיקער וועלט.

—ווער זיצט דאָ אין „שטראַפּנאָי"? — פרעג איך אַ פאַראינטערי־גירטער.

— אָ, דאָ זיצן גרויסע „העכט"... דער עיקר קאָנטררעוואָלוציאָנערן...

איך קוק אויף דער אויסטערלישער געביידע — די תפיסה אין דער טייגע — און פיל זיך ווי פאַר אַ רעטעניש. הייסט עס, אַז נישט אַלץ האָב איך שוין געזען... נישט פון אַלץ האָט זיך פאַר מיר אויפגעהויבן דער פאָרהאַנג... אַז עס איז פאַראַן נאָך עפּעס ערגערס ווי לאַגער... און אפשר זענען אין דער דאָזיקער בלינדער געביידע — אין דעם גרויסן טייגע־קבר — לעבעדיק באַגראָבן טאַקע נישט קיין סתם „בשר ודמס", גרויע מענטשן פון דער מאַסע, נאָר די מענטשן פון גייסט, פון רום?... די גרויסע נשמות פונעם גרויסן רוסלאַנד? — — — — — — — — — — — — — — —

ווי אויף אַ רעטעניש האָב איך געקוקט אויף דעם אויסטערלישן מאַ־סיוון קבר מיט די בלינדע פענצטער... פון די וואַך־טורעמלעך האָבן קאַלט אַראָפּגעקוקט די „נ. ק. וו. ד."־זעלנער מיט די אויטאָמאַטן, אָנגעהאַנ־גענע אויף די אַקסלען. תמיד גרייטע צו באַנוצן געווער — ווען מען דאַרף נאָר...

# 70
# ווייסע נעכט

ס׳איז שוין מאַי. מאַי 1941.

פון שניי אין די טייגעס איז שוין קיין סימן נישטאָ. ס׳איז שוין וואַרעמער, ליכטיקער. די זון גלעט די פאַרחושכטע פּנימער אין דער „זאָ־נע״. פון די אַרומיקע ווילדע וועלדער ווייעט עס מיט פרישע אַראָמאַטן.

עס דערמאָנען זיך אַנדערע פרילינגס... אין אַנדערע מקומות... ווערסט דערטרונקען אין אַ ים זכרונות... שוועבן דורך געשטאַלטן, וואָס דו גלויבסט שוין נישט כמעט, אַז דו וועסט זיי נאָך אַמאָל זען... וויפל פרייד פלעגט עס אַמאָל אויפוועקן דער פרילינג, וויפל שכרות... פלעגסטו קריכן דורך גרינקייט, דורך באַרג און דורך טאָל... פלעגסטו אַרומוואָגלען אַ באַרויש־טער אָן ציל, אַ זאָרגלאָזער, אַ פאַרחלומטער...

דאָ אָבער... אַ פאַרמאַכטע „זאָנע״ ווי אַ שטייג... אַ שטייג אַ פאַר־וואָרפענע, ווייט פון לעבן און וועלט. ווייט פון די נאָענטע, מיט וועמען דו האָסט דיין פרייד געטיילט — — —

אין דער נשמה צעברענט זיך אין די דאָזיקע טעג אַ גוואַלדיקע בענ־קעניש. כ׳בין ממש קראַנק פון דער נאָסטאַלגיע.

עס טרייסט מיך נישט, וואָס איך בין איצט זאַט: קאָן דען זיין פריי־דיק דער פויגל אין שטייג?... פאַרשטומט זענען אין תפיסה זיינע לידער, זיין פרייד — — —

אין מאַי האָבן זיך אָנגעהויבן די ווייסע נעכט. די ווייסע נעכט פון צפון. די ליכטיקייט איז קיינמאָל גאַרנישט פאַרשווונדן. אין אָוונט פלעגט נאָר די ליכטיקייט ווערן מאַטער, גרויער. שפּעט אין דער נאַכט פלעגט מען זען ווי די זון זינקט נידעריקער, נידעריקער און ווערט פּלוצלונג אינגאַנצן פאַרהוילן פונעם אויג; אָבער נישט אויף לאַנג. באַלד זעט מען ווי דער הימל צעשפּילט זיך אין אַזעלכע וווּנדערלעכע פאַרבן. אַזוי פיל פאַרבן, אַזוי פיל דינע ניואַנסן פון קאָלירן האָב איך נאָך ערגעץ אַנ־דערש נישט געזען. איין קאָליר צעגייט אין אַנדערן און שאַפט אַ נייעם קאָליר, אַ נייע קאָמבינאַציע, אַ נייעם טאָן. אַזוי איבער אַ שטיק הימל־שטח. אַן אמתע סימפאָניע פון קאָלירן!

אין אַן אַנדער צייט און אין אַן אַנדער אָרט וואָלט מען געקאָנט פאַר־

כישופט ווערן פון אַזאַ שיינקייט. אָבער דאָ אין לאַגער איז יעדע פרייד לכתחילה דערשטיקט, יעדע עמאָציע דערוואָרגן... אדרבה, פילסט, אַז די אַלע נאַטור־שיינקייטן זענען ווי אויף צו להכעיס, נאָר צו רייצן, ווײ צו טאָן... ס'איז לועג לרש... די שיינקייט האַרמאָנירט לחלוטין נישט מיטן אָפּגרונט פון מענטשלעכער פּיין... וואָס טויג אין דער טייגע אַזאַ שיינ־קייט?... דאָ וואָלט גיכער געפּאַסט אייביקע נאַכט, אייביקער חושך. אַנ־שטאָט ווייסע נעכט — שוואַרצע טעג...

אין דער דאָזיקער צייט אַרבעטן אַלע בריגאַדעס — אַפילו אויך די בריגאַדעס פון דער „סטראָי־קאָלאָנאַ" — אין צוויי „סמענעס" (שיכטן). יעדע „סמענע" אַרבעט אויף לענגער, ווייל קיין פינצטערניש שטערט דאָך נישט אין דער אַרבעט. אַזוי אַז פאַר די לאַגערניקעס איז די כסדרדיקע ליכטיקייט אַן אמתע צרה.

פאַראַן נאָך אַ קללה, וואָס קומט אויף די „זע־קאַ" אין די ווייסע נעכט — די מאָסקיטן!

אין די טייגעס זענען פאַראַן אַ סך זומפּיקע ערטער, פון וואַנען עס טראָגן זיך די מאָסקיטן מחנותווייז. דאָס זענען אַזעלכע העסלעכע, חוצפּה־דיקע דראָבנע באַשעפענישן מיט שאַרפע נאָדל־פּיסקלעך, וואָס צעבייסן און צעשטעכן ווו נאָר אַ שטיקל נאַקעט לייב. אַ סך גייען שוין אַרום מיט צעביסענע געשוואָלענע פּנימער. געציילטע פון די אַלטע לאַגערניקעס טראָגן ספּעציעלע מאַסקעס. אָבער מען קאָן דאָך דאָס גאַנצע לייב נישט אויסבאַהאַלטן און די מאָסקיטן געפינען שוין ביי יעדן אויס אַן אָרט, וווהין אַריינצושטעקן זייערע נאָדלדיקע פּיסקעס. די דאָזיקע פּיסקעס זע־נען לאַנגע און אַזעלכע שאַרפע, אַז אַפילו אין באַראַק, אויפן גע־לעגער, אונטער דעם צודעק, פלעג איך ווערן צעביסן. זיי פלעגן פּשוט דורכשטעכן דעם קאָץ ביז אין לייב אַריין!

אין קאַנטאָר ביי דער אַרבעט פלעגט מען מוזן זיצן ביי פאַרמאַכטע פענצטער. דאָך איז שווער געווען זיך אויסצובאַהאַלטן פון די משחיתימ־לעך און זיי פלעגן אויך אַהין אַריינדרינגען.

— מ'האָט אונדז געשיקט אין אַ צו פייכטער דאַטשע... — איראָ־ניזירט אַדוואָקאַט עלביך, מיין „פּאָמאָטשניק" ביים אויסזאָרטירן די טאַ־לאָנען.

היות איך פלעג אָפט מוזן נעמען עמיצן פון „סלאָב־קאָמאַנדע" צו העלפן מיר אין דער אַרבעט, פלעג איך אויסקלייבן היימישע — אין דער

ערשטער ריי אַדוואָקאַט עלביכן, צו וועמען איך האָב געהאַט אַ באַזונדער סימפּאַטיע. אגב איז ער אויך געווען פון מיינע „פּאַוואָריטן", וועמען איך פלעג סיי־ווי־סיי אונטערררוקן אַן אומזיסטן טאַלאָן אויף אַ מיטיק „ספּעץ־פּיטאַניע". פאַר זיין זייער אויסגעשעפטן אָרגאַניזם איז עס געווען אַ גרויסער געווינס.

— ווי מיינט איר, פּאַניע מעצענאַשיע, מיר וועלן נאָך אַמאָל פאָרן אויף אונדזער היימישער „אַטוואָצקער ליניע"? אַ־האָ, יענע הייסע, טרו־קענע זאַמדן! יענע סאָסנע־וועלדער! די „דאַטשע" דאָ אין קאָמי „פּאָ־ליובעט" אונדז נישט...

— גאָט ווייס... — ענטפערט אַדוואָקאַט עלביך מיט אַ זיפץ.

איך באַמערק לעצטנס, אַז עלביך דערמאָנט אָפט גאָט. דאָס זעלבע באַמערק איך ביי אַ סך אַנדערע יידן אין לאַגער. מענטשן, וואָס זענען תמיד ווייט געווען פון גלויבן, דערמאָנען כסדר גאָטס נאָמען: „גאָט זאָל העלפן", „גאָט זאָל געבן", „גאָט זאָל אונדז אויסלייזן פון „זייערע" הענט"... וכדומה.

— זענט איר טאַקע געוואָרן אַ גלויביקער? — פרעג איך עלביכן.

— ווער דען קאָן אונדז העלפן, אַז נישט גאָט?... — איז געווען זיין ענטפער, — אַז מענטשן זענען געוואָרן חיות רעות...

— און אַז „גאָט וועט געבן", איר וועט אויסגעלייזט ווערן, צי וועט איר לייגן אַלע טאָג תפילין?...

— אומבאַדינגט! — רופט ער אויס.

דערווייל אָבער, ביז „גאָט וועט העלפן", איז אַדוואָקאַט עלביך גע־גאַנגען אויף קאָמיסיע, און די קאָמיסיע האָט אים אויסגעשריבן פון „סלאַב־קאָמאַנדע" אין וואַלד אַריין. דאָס איז נישט דאָס ערשטע מאָל און נישט דאָס לעצטע... אויך פון אים האָט דער „ניעפּאָטאָפּראָמיסל" קנאַפּ נחת... כסדר איז ער קרענקלעך. נאָך אַ וואָך אַרבעט מוזן אים די דאָק־טוירים — צי זיי ווילן, צי זיי ווילן נישט — געבן אַ באַפרייאונג און אי־בערשיקן אין „סלאַב־קאָמאַנדע" — אַזוי אַז ער איז מער תושב אין „סלאַב־קאָמאַנדע" איידער אין דער בריגאַדע.

אויך דאָס מאָל נעמט זיך אַדוואָקאַט עלביך שטאַרק נישט איבער, וואָס מען שיקט אים אין וואַלד אַריין, ווייל ער ווייסט, אַז „גאָט וועט העלפן": די געשווילעכץ פון די פיס וועט ווידער קומען...

ווען עלביך אַרבעט אין וואַלד, נעם איך אַמאָל אַלס „פּאָמאָטשניק"

טשיזשעוון — דעם פֿאַרברענטן טראָצקיסט. טשיזשעוו איז בייטאָג פֿריי נישט מחמת קראַנקייט, נאָר ווייל ער אַרבעט אָפּט אין דער נאַכט־„סמע־נע“ און בייטאָג איז ער אין באַראַק. נעם איך אים צו העלפֿן מיר ביי די טאַלאָנען, ווען איך דאַרף. ער איז מיר אויך זייער דאַנקבאַר וואָס איך גיב אים צו פֿאַרדינען אַ פּאָר בעסערע מיטיקן. אגב ביי דער אַרבעט כאַפּ איך שוין מיט אים אַ שטיקל שמועס וועגן פּאָליטיק. ער דערציילט מיר איין טאָג, אַז אים איז געלונגען צו זען אַ „סיעווערנאַיאַ פּראַוודאַ“ פֿון סיק־טיווקאַר׳, די הויפּט־שטאָט פֿון קאָמי, און ער גיט מיר אָפּ אַ שטיקל באַ־ריכט: די מלחמה אויפֿן מערב פֿלאַקערט ווייטער און פֿאַרכאַפּט אַלץ מער שטח. היטלער האָט געקריגן אַפּעטיט! פֿראַנקרייך האָט ער געשטעלט אויף די קני. די פֿראַנצויזישע אַרמיי קעמפֿט נאָר אין אַפֿריקע, צוזאַמען מיט די ענגלישע באַוואָפֿנטע כוחות. אָבער ענגלאַנד האַלט זיך. אַרויסזעצן זיך דורכן לאַמאַנש אויף די בריטישע ברעגעס — דאָס נישט! וואַרפֿט ער זיך מיט דער אַוויאַציע אויף לאָנדאָן און מאָרדעט פֿרויען און קינדער...

— די „סיעווערנאַיאַ פּראַוודאַ“, — פּירט אויס טשיזשעוו, — שפּילט אונטער מיט לאַקריץ־רייד די מערדערישע קופּט־אָנפֿאַלן פֿונעם אויבער־אויבער־פֿאַשיסט און תּליון! דעם קברן פֿון דער מערב־דעמאָקראַטיע!

## 71

## אַ טאָג, וואָס פֿאַרגעסט זיך נישט...

איינמאָל פֿאַרמיטאָג זיץ איך ביי מיין אַרבעט־טיש, איבערשטעמ־פּלענדיק טאַלאָנען צוליב אַ ניי־אַנטדעקטן פֿאַלסיפֿיקאַט. קעגנאיבער זיצט מיין נאַטשאַלניק באַשקאָוו. פּלוצלונג קלינגט דער טעלעפֿאָן, וואָס אויף דער וואַנט ביי זיין טיש. ער נעמט דאָס טרייבל צום אויער און באַלד דער־הער איך זיינע אויסרופֿן פֿון איבערראַשונג:

— טשטאָ וויי! טשטאָ ווי! (וואָס רעדט איר!).

כ׳קוק אויף אים — די קאָלירן אויף זיין פּנים בייטן זיך. עס הייבט אים אַזש פֿון אָרט.

— וואָס איז געשען? — פֿרעג איך.

ער ענטפערט נישט אויף מיין פראַגע. ער טוט נאָר אַ זאָג מיט אַן אויפגערעגטער שטים:

— שנעלער! רופט אַריין קאַטניקאָוון!

אַז קאַטניקאָוו קומט אַריין שיסט באַשקאָוו אויס:

— די דייטשן האָבן אונדז דערקלערט קריג... געוועזן שוין הייַנט לופט־אַנגריפן אויף לענינגראַד, קיעוו, אָדעס, כאַרקאָוו... פאַראַן שוין מענטשלעכע קרבנות...

קאַטניקאָוו בלייבט שטיין אַ שטומער, אַ געפּלעפּטער, ווי אַ סלופּ.

אין דער רגע האָט אויך ביי מיר אַ בלוט־כוואַליע האַסטיק אַ פּליי געטאָן צום קאָפּ. איך האָב מיר בעת־מעשה נישט אָפּגעגעבן קיין קלאָרן חשבון וועגן דער געשעעניש, נאָר ווי פון זיך אַליין האָט אין מוח אַ בליץ געטאָן אַ געדאַנק:

„מיר זענען געראַטעוועט" — — —

איך האָב נערוועז ליקווידירט מיין אַרבעט און בין שנעל אַרויסגע־לאָפן אין „זאָנע". די נערוון האָבן מיך געיאָגט. איך האָב זייער געוואָלט טרעפן עמיצן פון די היימישע יידן, פון די פּוילישע. די בריגאַדעס זענען דאָך געווען אין וואַלד, בין איך געלאָפן פון באַראַק צו באַראַק. אין „סלאַב־קאָמאַנדע" האָב איך געטראָפן אַדוואָקאַט עלביכן: ער איז שוין ווידער באַפרייט...

איך דערצייל אים די נייעס. ער ווערט פּלוצלונג בלאַס און די אויגן ווערן אים גרויס פון איבערראַשונג.

— וואָס זשע זאָגט איר דערצו, פּאַניע מעצענאַשיע?

— גאָט ווייס וואָס ער טוט...

— אין דער רגע אינטערעסירט מיך נישט וואָס „גאָט טוט", נאָר וואָס איר זאָגט...

— איך מיין, אַז אַלץ, וואָס גאָט טוט, איז צום גוטן...

אין „סלאַב־קאָמאַנדע" טרעף איך אויך דעם גלח שולמינסקי. ער ליגט אויף דער נאַרע אַ בלאַסער און אָפּגעשוואַכטער: נישט אומזיסט אָפּנים געפינט ער זיך אין דאַזיקן באַראַק...

איך דערצייל אויך שולמינסקין די נייעס.

ער טוט זיך האַסטיק אַ זעץ אויף און נעמט זיך צלמען:

— ניעך בענדזשע פּאָכוואַליאָני יעזוס... (געלויבט זאָל זיין יעזוס).

— מווו פאַן... אָפּאָוויעדז פּאַן... (רעדט... דערציילט...) — בעט ער מיך אין זיין איבערראַשונג.

איך דערצייל וועגן די לופט־אַנגריפן איבער סאָוויעטישע שטעט.

— וואָס וועט איר איצט זאָגן? — פרעג איך אים.

— גאָט קאָן מאַכן, אַז די רשעים זאָלן זיך איינע די אַנדערע באַשטראָפן, כדי די גערעכטע זאָלן אויסגעלייזט ווערן...

און אין אַ ווײַלע אַרום גיט ער צו אַ טיף עמאָציאָנירטער:

— באמת אַ גרויסע נייעס! אַ גרויסע געשעעניש!

ער איז אַראָפּגעקראָכן פון דער נאַרע און גענומען אומשפּאַנען. עס האָט אים געיאָגט אַזוי ווי מיך. שולמינסקי האָט זיך גאָרנישט געקאָנט באַרואיקן. ער האָט געמורמלט צו זיך אַליין:

— זשעטשיווישטשע... זשעטשיווישטשע... (אין דער אמתן... אין דער אמתן...).

דאָס האָט ער דערגאַנצט מיט דעם דאָזיקן וואָרט זיינע פּלוצלונג־אָנגעלאָפענע מחשבות.

איך האָב נישט קיין געדולד און לויף אום ווייטער אין דער „זאָגע“, איך כאַפּ זיך אַריין אין דער „סטאָלאָווקע“. דאָרט טרעף איך מיינע באַקאַנטע פון דער בוכהאַלטעריע: אינזש. פעלדהיי, שיקער, גיזענבורג. זיי וויסן שוין אַלץ. אַלע זענען אויפגעלעבט.

— נו, וואָס זאָגט איר, האַ?

— איצט קאָנען מיר וואָס דערוואַרטן... — ענטפערט פעלדהיי אין זיין גוטער שטימונג.

— עפּעס אַן ענדערונג וועט שוין איצט זיין מיט אונדז... — האַלט שיקער.

אַן אַנדערער וואַרפט אַריין אַ טאָן פון ספקות:

— מ׳קאָן נישט וויסן... אַ מלחמה קאָן ברענגען אַלערליי „סיור־פּריזן“...

דעם רעכטן אויפברויז האָט די סענסאַציע אַרויסגערופן אין אָוונט, בעת די בריגאַדעס זענען געקומען פון וואַלד. אין דער „סטאָלאָווקע“ האָט עס געזשומעט ווי אין אַ בינשטאָק. מ׳האָט גערעדט וועגן דעם נישט הויך אויפן קול, כמעט שעפּטשענדיק, אָבער פון דאָזיקן געפּליסטער האָט זיך געשאַפן אַן אויסטערלישער גערויש. די ידיעה איז געגאַנגען פון מויל צו

מויל. יעדער האָט עס אַנדערש אויפגענומען, קאָמענטירט, יעדער אויף זיין אופן.

דעם גרעסטן גערודער האָט די ידיעה אַרויסגערופן ביי די פּוילישע יידן. אַלע האָבן זיך אַנגעצונדן. ס'איז מערקווערדיק ווי ביי אַלעמען איז די ערשטע רעאַקציע געווען איין און די זעלביקע — אַז...

— מיר זענען געראַטעוועט...

גלייך ווי אַ כישוף־מאַכער וואָלט די דאָזיקע פראַזע דורכגעטריבן דורך אַלעמענס מוחות.

אויך צווישן די רוסן האָט עס געברויזט. „וואָינאַ!" — האָט זיך גע־טראָגן דורך די לאַנגע טישן אין דער „סטאָלאָווקע". מ'האָט דאָס וואָרט געשלונגען און געקייט אינאיינעם מיטן באָרשט פון די „קאָטיאָלקעס"...

איך טרעף אויך טשיזשעוון אין דער „סטאָלאָווע".

— נו, וואָס? — קוק איך אים אָן. טשיקאַווע, וואָס וועט ער זאָגן?

טשיזשעוו שיסט גלייך אויס מיט זיינע קאָמענטאַרן:

— ס'איז אַ צוזאַמענשטויס פון צוויי פאַשיזמען... פון צוויי טייוו־לאָנישע כוחות... זיי קאָנען ביידע ברעכן האַלדז און נאַקן... פון דער דאָ־זיקער קאַטאַסטראָפע קאָן דאָס רוסישע פאָלק — און אפשר בכלל די גאַנצע מענטשהייט — גענעזן ווערן...

— אָבער דערווייל גיסט זיך בלוט... אין פעלד פאַלט דער גרויער מענטש...

— אפשר... אפשר וועט דאָס פאַרגאָסענע בלוט נישט גיין לאיבוד...

איך זע — טשיזשעווס אויגן גלאַנצן. איך דערקען אים ממש נישט. איך האָב קיינמאָל נישט געהערט אים רעדן אין אַזאַ דערהויבענעם טאָן.

אין מיין באַראַק כאַפּ איך אויך אָן שמועס מיט פּראָפעסאָר איזראַעלס. ער איז זייער שאַרפזיניק, דער דאָזיקער ייד, מיטן ווינקלדיקן שטערן, מיטן שאַרפן מוח.

ער איראָניזירט:

— „ער", זאָל לעבן, דער חכם, דער ווייטזעעוודיקער, הגדול והנורא, דער „טאַטע פון די פעלקער", האָט זיך נעבעך שטאַרק באַנאַרישט... ער האָט געמיינט, אַז שליסנדיק אַ פאַקט מיטן טייוול, וועט ער זיך קאָנען זיצן רואיק אויפן טראָן אין קרעמל און צוקוקן זיך, אַזוי ווי נעראָן, צו דער שרפה... ווי דער גאַנצער מערב ברענט... ווי זשע זעט ער איצט אויס? אומזיסט זיך דאָס פּנים פאַרשוואַרצט...

איזראַעלס פאַרלירט אין רעדן זיין גלייכגילטיקייט. זיין טאָן ווערט מער שאַרפער, אויפגערעגטער. ער רעדט, קענטיק, מיט האַרצווייטיק. ער פלאַמט ממש:

— אין פראַנקרייך, למשל, וואָלט פאַר אַזאַ היסטאָרישן „לאַפּסוס“ (איידל גערעדט...) דער קאָפּ פון אַזאַ פירער זיכער געפלויגן אין קאָרב פון דער גיליאָטינע... אין רוסלאַנד אָבער... מיטן רוסישן גולם קאָן מען אַלץ מאַכן...

איך סומיר ביי זיך די אַלע רייד, וואָס איך האָב זיך אָנגעהערט היינ־טיקן טאָג, די אַלע שעפּטשערייען, אַלע אויפברויזן און רעפלעקסן פון די מענטשן אין לאַגער און איך טראַכט:

„ווי טיף איז די טראַגעדיע פון אַ פאָלק, ווי גרויס איז דער תהום פון מענטשלעכע ליידן, ווען אַזאַ אומגליק ווי מלחמה קאָן גאָר אין פאַר־צווייפלטע הערצער מאַכן געבוירן אַ האָפענונג... און ווייַ צו די פירער, וואָס ברענגען דעם מענטש צו אַזאַ מצב פון פאַרצווייפלונג, צו אַזאַ אָפּ־גרונט!“ — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

אַ נערוועזע, אַ שלאָפלאָזע נאַכט האָבן מענטשן איבערגעלעבט אין לאַגער. מ׳איז געלעגן אויף די נאַרעס און נישט אויפגעהערט צו רעדן. צו שעפּטשען, זיך צו טיילן מיט השערות, מיט נביאותן.

מ׳האָט זיך קוים דערוואַרט אויפן טאָג, אויף דער ערשטער „סוואָד־קע“ (קאָמוניקאַט) פון פראָנט.

עס רעדט דער ספּיקער פון מאָסקווער ראַדיאָ. ער רעדט וועגן גרויסן פאַרראַט פון נאַצי־דייטשלאַנד... (פריער „נאַש סאָיוזניק“ — אונדזער פאַרבינדעטער...). ער גיט לסוף די „סוואָדקאַ“ פון „סאָוואינפאָרמביוראָ“ (סאָוויעטישע אינפאָרמאַציע־אַגענטור).

זעט אויס, די דייטשישע אָנפאַלער רוקן זיך פאָראויס. בליץ־שנעל. זיי האָבן שוין פאַרנומען גראָדנע, סוואַלק, מאַרשירן אויף ביאַליסטאָק. זיי רוקן זיך אויך פון אַנדערע זייטן. פאַרשיטן מיט באָמבעס די פרידלע־כע שטעט... קרבנות... קרבנות... קרבנות...

הערנדיק די „סוואָדקאַ“ ווילט זיך לאַכן:

אומזיניקע ליגנער! ערשט מיט אַ וואָך צוריק געהערט דורכן ראַדיאָ, ווי „טאַס“ גיט איבער אַזאַ הכחשה: „היות ווי די ענגליש־אַמעריקאַנער מלחמה־אונטערצינדער פאַרשפּרייטן אין זייער פּרעסע בייזוויליקע קלאַנ־גען, אַז די דייטשן קאָנצענטרירן כלומרשט מיליטער ביי דער סאָוויעטי־

שער גרענעץ און אַז סאָוויעטישע מיליטער־אײנהייטן קאָנצענטרירן זיך ביי דער דייטשישער טעריטאָריע — איז „טאַס" באַפולמעכטיקט צו דער־קלערן, אַז די דאָזיקע קלאַנגען זענען אַ פשוטע אויסטראַכטעניש פון די ענגליש־אַמעריקאַנישע פּאַרכאַפּערס, וועלכע האָבן בדעה דערמיט צו צע־שטערן די סאָוויעטיש־דייטשישע פריינדשאַפט"...

פרעגט זיך: ווי זשע קאָן מען עס אַזוי זאָגן ליגן געציילטע טעג שוין פאַר דער קאַטאַסטראָפע?...

ווי זעען זיי איצט אויס פאַר דער וועלט?

נאָך דער „סוואָדקאַ" גיט מען איבער דורכן ראַדיאָ אַ קאָנצערט פון דיסקן. אַלץ מיליטערישע לידער. לידער, וואָס דאַרפן דערמוטיקן די ביר־גער. און איבער אַלע לידער דאָס ליד מיט דער פרעכטיקער מעלאָדיע, וואָס איך האָב נאָך געהערט פון די רויטאַרמייער איבער די גאַסן פון ביאַ־ליסטאָק און גראָדנע:

יעסלי זאַווטראַ וואָינאַ,

יעסלי זאַווטראַ וו'פּאָכאָד — — —

אויב דעמאָלט — נאָכן פאַקט מיט דער היטלער־בעסטיע — איז מיר געווען קשהדיק דאָס זינגען פון אַזאַ ליד, איז עס איצט אויף אַן אָרט און צו דער צייט...

איז שוין גראָדנע, מיין גראָדנע, הייסט עס, ביי די דייטשן. אויך אי־בער גראָדנע פלאַטערט דער האַקנקרייץ. כ'בין שוין אַזוי אַרום אָפּגעשניטן פון אַלע מיינע נאָענטע — פון גראָדנע, ווי פון וואַרשע. פון איצט אָן וועל איך שוין גאָרנישט וויסן פון זיי — פונקט ווי זיי וועלן פון מיר נישט וויסן... ווער ווייס ווי לאַנג... ביז וואַנען...

כ'דערפיל ווי אַ תהום וואָלט זיך מיטאַמאָל געעפנט צווישן מיר און מיין היימישער וועלט — — —

ס'איז נישט מקנא צו זיין: זיי — ד אָ ר ט ן און מיך — ד אָ... ווער קאָן דען אָפּמעסטן דאָס שלעכטס? די טיפקייט פון דיביידע אָפּ־גרונטן?... דעם אָפּגרונט דאָרטן, אונטערן האַקנקרייץ, און דעם אָפּגרונט דאָ, אונטער רויטע פאָנען כלומרשט, אונטערן האַמער און סערפּ — — —

# 72

# די שפּאַנונג אין דער „זאָנע״

די שטימונג אין דער „זאָנע״ איז געוואָרן נערוועזער, געשפּאַנטער מיט איטלעכן טאָג. דער לאַגער־רעזשים איז געוואָרן שטרענגער, די „וואַכזאַמקייט״ גרעסער. עפּעס האָט מען געזען אַ סך מער „ב. ק. וו. ד.יסטן״ ביי דעם טויער פון לאַגער... די „סוואָדקאַ״ פון „סאָוואינפּאָרמביוראָ״, וואָס מען פלעגט הערן דורכן ראַדיאָ (נישט אַלע טאָג פלעגט מען זי הערן...) און פון וועלכער מען איז געוווּיר געוואָרן, אַז די דייטשן רוקן זיך אַלץ פאָראויס, — האָט נאָך מער אָנגעצויגן די שפּאַנונג. געווען טעג, ווען דער ראַדיאָ־הילכער איז לחלוטין שטום געווען. דאָס האָט די „ווטאָראַיאַ טשאַסטש׳ ״ (די „ב. ק. וו. ד.״־קאַנצעלאַריע) עקסטראַ אויסגעשלאָסן, כדי נישט אַלץ זאָל אין לאַגער געהערט ווערן... און אַז מען האָט שוין יאָ געערעדט דורכן ראַדיאָ, איז עס נישט געווען פאַר קיינעם אינטערעסאַנט: אָנשטאָט די נייעסן פון פראָנט, אויף וואָס אַלע האָבן אַזוי אומגעדולדיק געוואַרט, האָט מען איבערגעגעבן לאָקאַלע מעלדונגען און רעדעס מיט פּאַטריאָטישן בוימאייל... די אַלע רעדנער האָבן גערופן צו העלפן דעם פאָטערלאַנד, וואָס איז באַפאַלן געוואָרן פון פאַשיסטישן שונא... און העלפן קאָן מען דעם פאָטערלאַנד מיט אַרבעט, אַרבעט! דאָס לאַנד דאַרף איצט האָבן „גאָריוטשעיע״ (ברען־שטאָף), נאַפט! אַ סך נאַפט! מ׳מוז פאַרשטאַרקן די פּראָדוקציע, מען מוז פּראָדוצירן מער „גאָריוטשעיע״ פאַר אונדזערע מאָטאָרן, פאַר אונדזערע טאַנקן און אַוויאַציע...

און באַלד נאָך די אַלע רעדעס קומט די מעלדונג, אַז דער „וויכאָדנאָי״ (דער איינציקער פרייער טאָג אין דריי וואָכן!) ווערט פאַר דער צייט פון דער מלחמה אָפּגעשאַפט...

איך הער ווייטער, ווי מען גיט איבער אַ לייטאַרטיקל פון דער „פּראַוודאַ״.

ווי שנעל — איבער נאַכט — איז געענדערט געוואָרן די גאַנצע פּראָפּאַגאַנדע: פריער האָט מען היטלער־דייטשלאַנד טיטולירט: „פאַרבינדעטער״, איצט — „פאַשיסטישע בעסטיע״... פריער האָט מען ענגלאַנד און אַמעריקע אָנגערופן: „ענגליש־אַמעריקאַנישע פאַרכאַפּערס״, „מלחמה־אונטערצינדער״... איצטער — „די ענגליש־אַמעריקאַנישע דעמאָקראַ־

טיע״... די פּאָליאַקן האָט מען פריער טיטולירט „ביעלאָפּאָליאַקי״ (ווייסע, אָדער ווייס־גוואַרדייאישע פּאָליאַקן); איצט — „פּאָלסקיע פּאַטריאָטי״ (פּוילישע פּאַטריאָטן)...

ווי שנעל מען גיט עס אַ בייט איבער די פעל!

דער דרוק אויף די „זע־קאַ״ ביי דער אַרבעט אין וואַלד איז געוואָרן אומדערטרעגלעכער. אַלע בריגאַדעס, אָן אויסנאַם, זענען געגאַנגען אין וואַלד אין דער באַגלייטונג פון „סטריעלקי״, אין יעדער בריגאַדע צו צוויי. די שומרים פלעגן אָפט אונטערזאָגן דעם בריגאַדיר:

— נאַזשימאַי!...

דאָס הייסט: טרייב אונטער, יאָג אַרויס די נשמה...

האָבן די בריגאַדירן אונטערגעיאָגט, נישט געגעבן אַפילו קיין „פּרי־קורקאַ״ (הפסקה צום רויכערן), קיין מינוט רו דעם אָטעם צו כאַפּן. דער „נאַטשאַלניק פּראָמיסלאַ״ מיט זיינע געהילפן פלעגן כסדר אַרומפּאָרן אי־בער די צעשפּרייטע אַרבעט־פּלעצער — צו די בריגאַדעס אין וואַלד. צו די „בורעוואַיאַס״ און „קאָטשעגאַרקעס״. אומעטום האָבן זיי געהאַט אַן אויג, אונטערגעיאָגט די אַרבעט, צוגעוואָרפן די בריגאַדירן:

— נאַזשימאַי!

— נאַדאָ ראַבאָטאַט׳!

— פּאַבאָלשע נעפטי!

מ׳האָט די בריגאַדירן צוגעזאָגט פּרעמיעס פאַר אַרויסבאַקומען מער אַרבעט פון די בריגאַדעס. האָט מען אומעטום פון די שקלאַפן די נשמה אַרויסגעיאָגט...

— דאַוואַי! דאַוואַי!

און פון אַלע אַרבעטס־פּונקטן אין דער טייגע האָט זיך עס געטראָגן:

— ראַז! דוואַ! — ווזיאַלי!

— יעשטשאָ ראַז — ווזיאַלי!

און דעם דאָזיקן לאַגער־פּזמון האָבן באַגלייט די גרילצערייען פון זעגן, די קלעפּ פון העק און קילאָפּן. אין דעם דאָזיקן פּזמון פון דער קאַ־טאָרגע זענען אויך געווען אַריינגעמישט די זיפצן פון די צענדליקער און הונדערטער טויזנטער שקלאַפן, די צעזייטע קאַטאָרזשניקעס איבער די טייגעס, די פאַרוואָרפענע מרחקים, אין שאָטן פון די ווילדע וועלדער.

פון אַזאַ יאָגעניש און פּלאָגעניש, פון אַזאַ „נאַזשים״ (דרוק) אויף די „זע־קאַ״ איז דער „סטאַציאָנאַר״ אין „זאָנע״ געוואָרן נאָך מער איבער־

פולט... מענטשן זענען געפאַלן פון דעם שווערן יאָך. דערצו נאָך האָבן מיטן אָנקומען פון זומער זיך פאַרשטאַרקט די עפּידעמישע קראַנקייטן: בויך־טיפוס, דעזינטעריע. אויך די צינגאַ איז נישט אָפּגעשטאַנען אין איר פאַר־מעסט... די אַמבולאַטאָריע ביים „סטאַציאָנאַר" האָט אויך געמוזט אַר־בעטן — אַזוי ווי די בריגאַדעס — אין צוויי שיכטן — בייטאָג און ביי־נאַכט... זי האָט זיך גאָר קיין עצה נישט געקאָנט געבן מיט אַזוי פיל חולאים. אַ סך האָט מען געמוזט איבערשיקן אין אינוואַלידן־לאַגער וועט־לאַסיאַן, אַ סך צו אָפּפירן אין „סאַן גאָראָדאָק". אין די באַגינענס פלעגט דער „זאַווכאָז" פון „סטאַציאָנאַר" מיט זיין פערד־און־וועגעלע אַרויספירן די טויטע צו זייער „אייביקער רו"... אַזוי אַלע טאָג... אַלע טאָג...

## 73
## דער לעצטער גרוס

אויפן זיבעטן טאָג פון דער מלחמה איז צו מיר דערגאַנגען אַ בריוו פון גראָדנע — דער לעצטער גרוס פון מיינע נאָענטע. דער דאָזיקער בריוו איז געגאַנגען קנאַפּע דריי וואָכן. בעת מיין שוועסטער האָט אים געשריבן (דעם 10טן יוני), האָט זי נאָך נישט געוווּסט, אַז דאָס איז דער לעצטער בריוו צו מיר...

אין קאָנווערט האָב איך אויך געפונען אַ בריוו — דעם ערשטן און דעם לעצטן... — פון מיין פרוי, מיט אַ צושריפט פון מיין בן־יחידל. דאָס האָט זי פון וואָרשע געשיקט צו מיין שוועסטער און מיין שוועסטער האָט עס צוגעלייגט צו איר איצטיקן בריוו.

ביז טרערן האָט מיך גערירט דער בריוו פון מיין שוועסטער — גע־שריבן אויך אין נאָמען פון מיין מוטער. זי שרייבט צווישן אַנד.:

„שוין באַלד אַ יאָר ווי מיר זענען צעשיידט — און ווי אומעטיק איז אונדזער לעבן אָן דיר... ווען וועלן מיר זיך שוין זען?...

דו בעטסט, מיר זאָלן פאַרקויפן דיינע זאַכן און דיר שיקן שפּייז־פּעקלעך און געלט. ניין, טייערער! ווי אַזוי קאָנען מיר זיי פאַרקויפן?... מיר גלויבן דאָך, אַז דו וועסט זיי ווידער טראָגן... אָן דעם דאָזיקן גלויבן וואָלטן מיר דאָך לעבן נישט געקאָנט... איך האָב באַשאָטן מיט נאַפטאַלין

דיין אנצוג און פוטער און זיי וואַרטן אויף דיר — צוזאַמען מיט אונדז...

שפּייז־פּעקלעך און געלט שיקן מיר דיר סיי־ווי־סיי. ביז איצט האָבן מיר דיר שוין געשיקט דריי פּעקלעך. אויך געלט האָבן מיר דיר איבער־געוויזן דורך פּאָסט. ביז אַהער שוין געשיקט 160 רובל.

דאָס שיקן די פּעקלעך קומט אונדז נישט אָן לייכט. אין גראָדנע גופא נעמט די פּאָסט נישט אָן. מ׳נעמט אָן נאָר פון מיליטערלייט. אין בין גע־פאָרן עקסטראַ קיין לידע, אַ צווייט מאָל קיין פּאָרעטש, פון וואַנען מיר איז יאָ געלונגען אַרויסצושיקן. דאָס דריטע פּעקל דערליידיקט אין פּאָ־רעטש ערשט מיט דריי טעג צוריק. געמוזט פאָרן אַהין אַ פּאָר מאָל, ווייל אויך דאָרט מאַכט מען שוין שוועריקייטן״...

און דאָ גייט זי איבער צו „אַלעגאָריע״:

„מיר זענען אַלע געזונט; אָבער די גרעסטע צרה אין אונדזער לעבן איז די קראַנקייט פון אונדזער איינציקן בעניאַקאָוון. ווי ערליידט! ווי ער ליידט! די מאַמע פאַרגיסט טרערן בייטאָג און ביינאַכט... מיר האָבן שוין גערופן עטלעכע דאָקטוירים. דער עיקר ווענדן מיר זיך שטענדיק צו ד״ר אַלמי. אָבער צו אונדזער גרויסן צער ווערט בעניאַקאָוון דערווייל נישט בעסער... דאָס ערגסטע איז, וואָס בעניאַקאָוו ווינט נישט ביי זיך אין שטוב, נאָר ביי אונדזער מומע רויזע *). די דאָזיקע מומע איז אויף דער עלטער געוואָרן זייער נערוועז — ממש אַ מרשעת, און דאָס ווירקט אויפן מצב פון קראַנקן. מיר וואָלטן אים זייער געוואָלט פון איר צונעמען צו זיך. אָבער די מומע רויזע וויל דערפון נישט הערן... מיר קאָנען מיט איר נישט איינרייסן, ווייל דאָס קאָן נאָך ברענגען דעם קראַנקן צו אויפרעגונ־גען, וואָס קענען פאַרערגערן זיין געזונט־צושטאַנד״...

לייענענדיק דעם בריוו, האָב איך געוויינט: פון איין זייט — דער גרויסער צער פון מיינע נאָענטע; פון דער צווייטער זייט — מיין פינצ־טערער גורל... פון איר „אַלעגאָריע״ זע איך, אַז אַלע באַמיאונגען פאַר מיר האָבן גאָרנישט געהאָלפן...

נישט ווייניקער האָט מיך באַטריבט דאָס קורצע בריוול פון מיין פרוי, געשריבן אין ערשטער העלפט מאַי 1941, — פון וואַרשעווער געטאָ!...

זי שרייבט צווישן אַנדערן:

---

*) געמיינט רוסלאַנד — לויט שלום־עליכמס הומאָרעסקע „דער פעטער פיניע און די מומע רויזע״: וועגן דער יאַפּאַניש־רוסישער מלחמה אין 1904.

„איך מאַך מיר אַליין פאָרווורפן און איך באַגיס זיך מיט טרערן, ווען איך טראַכט, אַז מיר וואָלטן דאָך געקאָנט זיין צוזאַמען — אין לייד און אין פרייד... איך אַליין בין שולדיק, ווייל איך האָב דיר געהייסן פאָרן... און איצט ביסטו אַזוי ווייט פון אונדז, אַזוי ווייט... איך קאָן דיר אַפילו נישט אויסדערציילן אַלץ, וואָס עס ליגט מיר אויפן האַרץ...

דעם גרוס אויף כמיעלנע־גאַס קאָנען מיר שוין נישט באַזאָרגן: מ׳קאָן מער אַהין נישט גיין *)...

אונדזער אַלעק איז געזונט. ער לערנט זיך איצט אין אַ האַנטווער־קער שול (אַזאַ מאָדע ביי אונדז...). דיינע קאָלעגן־שרייבער אַרבעטן אין אַ יידישער שול. דו וואָלסט דאָרט אויך געקאָנט אַרבעטן, ווען דו וואָלסט געווען מיט אונדז... אָבער זעט אויס, דער גורל האָט אַנדערש געוואָלט...

...איך לעב מיט דער האָפענונג, אַז מיר וועלן זיך נאָך אַמאָל זען... היט זיך אָפּ. זיי שטאַרק און געמיט! איך קוש דיך הייס. מאַניע".

צום סוף פון בן־יחידל בלויז די אונטערשריפט: „אַלעקסאַנדער".

נאָך די ביידע בריוו בין איך ביינאַכט נישט געשלאָפן. כ׳בין געלעגן אויף דער נאַרע, אָבער געזען זיך ערגעץ אַנדערש... צוקאָפּנס, האָב איך געפילט, וואַכן איבער מיר מיינע נאָענטע... זיי רעדן צו מיר... איך הער, דוכט, זייערע שטימען...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — —

מיט דריי טעג שפּעטער איז מיר אויך אָנגעקומען דאָס דריטע שפּייז־פּעקל: פּעטס, היימישע קיכלעך, קאָנפיטורן, צוקער און — דער עיקר — קנאָבל!

די לעצטע מתנה פון מיין שוועסטער און פון מיין מאַמען... מיין שוועסטער האָט די קיכלעך אַליין געבאַקט פאַר מיר. און אפשר ביים קנעטן איז אין טייג אויך אַ טרער אַריינגעפאַלן...

איך האָב די קיכלעך געגעסן ווי הייליק ברויט. ווי דאָס ברויט, וואָס כהנים האָבן אַמאָל געגעסן אין בית־המקדש — — —

---

*) אַן אָנדייט אויף געטאָ: כמיעלנאַ איז געווען אויף דער אַרישער זייט.

# 74

# ווען דאָס לאַנד גייט־אָפּ מיט בלוט...

מיידן טעג. ס'איז שוין יולי. עס ברענט דער זומער און עס ברענט די מלחמה. ישובים ווערן חרוב פון שרפות. די ערד ווערט פאַרפלייצט מיט בלוט...

דער „סאָוואינפאָרמביוראָ" גיט איבער אַלץ נישט קיין פריילעכע „סוואָדקעס". ער גיט עס איבער אין אַן איינגעהאַלטענער פאָרם. באַלד דערויף קומען פירושים צו די דייטשישע נצחונות. עס קומען פאַרזיכערונגען, אַז דאָס זענען צייטווייליקע טריאומפן, ווייל דער היטלעריסטישער איבערפאַל איז געווען אַן אומגעריכטער, אַ פּערפידנער, אַז די העלדישע רויטע אַרמיי קאָנצענטרירט זיך אויף גינסטיקע סטראַטעגישע פונקטן און גרייט זיך צו געבן דעם פאַרהאַסטן שונא דעם געהעריקן ווידערשטאַנד; אַז די אַלע פרייהייטס־ליבנדיקע פעלקער פון מזרח און פון מערב קאָנסאָלידירן זייערע כוחות קעגן דער היטלעריסטישער הידרע...

די איראָניע פון גורל!

דער „מערב" איז שוין מער נישט קיין „פּלאַצדאַרם" קעגן סאָוויעט־רוסלאַנד... דאָרט זענען שוין נישטאָ קיין „מלחמה־אונטערצינדער", נאָר „פרייהייטס־ליבנדיקע פעלקער"...

דער ראַדיאָ האָט איבערגעגעבן סטאַלינס רוף צו די פעלקער פון ראַטנפאַרבאַנד. ער האָט גערעדט זייער גערירט: „חברים, בירגער, ברידער און שוועסטער! מענער פון אונדזער אַרמיי און פלאָט!"...

עס חידושט די מענטשן פון לאַגער, די „זע־קאָ": ווי קומט צו אים, דעם האַרטן, שטאָלענעם מענטש, וואָס קאָן אָפּטאָן אַזעלכע בלוטיקע עוולות לגבי מיליאָנען אייגענע און פרעמדע בירגער — ווי קומט צו אים אַזאַ מענטשלעכער, געבראָכענער טאָן!...

דערווייל אָבער — ביז עס וועט קומען די „קאָנסאָלידאַציע פון די כוחות" — בושעוועט דער שטורעם פון דער היטלעריסטישער לאַווע אַלץ שטאַרקער, אַלץ גרויזאַמער. עס רוקן זיך די טעג און איינע נאָך דער אַנדערער פאַלן די שטעט און „נאַסיעליאָנניע פונקטי" (ישובים) אין ווייס־רוסלאַנד און אוקראַינע. דער פראָנט האָט זיך שוין איבערגערוקט איבער דער אַלטער רוסישער גרענעץ: איבער באַראַנאָוויטש־ניעגאָריעלאָיע —

אין דער ריכטונג צו מינסק, באָברויסק, סמאָלענסק; איבער ווילנע צו דווינסק, פסקאָוו און העט צו מורמאַנסק... איבער לעמבערג — צו קיעוו אאַז״וו. אומעטום — אויף אַ ריזיקן, אויסגעצויגענעם שטח — גיסט זיך בלוט... דאָס גאַנצע לאַנד גייט אָפּ מיט בלוט...

אין „זאָגע״ שטייגט מיט יעדן טאָג די שפּאַנונג. איטלעכער איז ווי אויפגעריסן פון אַ לאַנגער אַפּאַטיע. ביי טייל „זע־קאַ״ דערקענט מען אַפילו אַ באַשיינפּערלעכע פרייד... ווער עס וואַרט אויף עפּעס אַ פלוצלונגדיקער ענדערונג... ווער עס האָפט אויף אינערלעכע אויפ־טרייסלונגען אין לאַנד... און אַנדערע, די מער פאַרביטערטע, די דער־שלאָגנסטע מיט די לאַנגע „סראָקן״ — יענע נערן זיך אַפילו מיט נקמה... יענע גאַרן עס זאָל קומען אַפילו דער טייוול אַליין, אַבי עס זאָל ווערן אַנ־דערש, אַנדערש אין לאַנד... די נקמה האָט זיי פשוט בלינד געמאַכט, פאַר־שיכורט, און זיי האָבן גאָרנישט אַ טראַכט געטאָן, אַז אַזעלכע באַר־באַרן ווי די נאַציס קאָנען דאָך אויך זייערע היימען חרוב מאַכן, אַוועק־לאָזן מיטן רויך, זייערע נאָענטע אויסשעכטן...

אָט גיט איבער דער ראַדיאָ אַ דעפּעשע פון ניו־יאָרק וועגן אַ גאַנצער ריי גרויל־אַקטן פון די דייטשן אין די פאַרנומענע שטעט: אין מינסק, למשל, האָבן זיי אויסגעשאָכטן הונדערטער ציווילע בירגער... אין יאַסי האָבן זיי דורכגעפירט אַן עקזעקוציע איבער פינף הונדערט יידן... שחיטות איבער יידן אין וואַרשעווער געטאָ... הריגות פון יידן אין די גאַסן פון קאָוונע און שאַוועל... מאַסן־עקזעקוציעס איבער די יידן אין ביאַליסטאָק...

און נאָך און נאָך... עס שווינדלט מיר אַזש פאַר די אויגן... אין מוח — אַ קאָשמאַר... אַלץ טרינקט זיך אין בלוט... אַלץ ווערט פאַרגאָסן פון בלוט און רציחה... היינט ווי זיך קאָנען זיי זיך פרייען מיט די דייטשישע נצחונות?... איבער רוסלאַנד הענגט טאָקע אַ קללה — דער פאַרהאַסטער רעזשים! די פאַרשאָלטענע דיקטאַטור! די צעטראָטענע פרייהייט פון מענטש! די קאָנצענטראַציע־לאַגערן, וווּ עס ווערן אויסגעלאָשן מיליאָנען בירגער — — —

אַלץ אמת! אָבער די נאַצישע רוצחים? די היטלערישע בלוט־הינט? צי זענען זיי דען נישט קיין גרעסער אומגליק? צי זיי קאָנען דען זיין אוי־דזערע דערלייזער? — — —

און אַז מען הערט אַזוי די ידיעות וועגן די דייטשישע רציחות אי־בער יידן, קרענקט עס, טוט עס וויי: איצט רעדן זיי, איצט דערציילן זיי...

פריער האָט מען אין דער סאָוויעטישער פּרעסע און אין ראַדיאָ קיין רמז, קיין צייכן דערפון נישט געגעבן... ווי טרייע קנעכט, האָט מען אָפּגעהיט דעם כבוד פונעם באַרבאַרישן „שותף"... אדרבה, מ'האָט זיך געהאַלטן אין איין „דעלעקטירן" מיט די דייטשישע טריאומפן איבער די „אַליאירטע"...

ווי וואָלטן „זיי" זיך איצט געדאַרפט שעמען פאַר דער וועלט — ווען „זיי" וואָלטן פעאיק געווען זיך צו שעמען!... ווען „זיי" וואָלטן נישט געווען אַזוי פּראָסטיטואירט!...

עס קומט־צו צו מיר איינמאָל טשיזשעוו, דער טראָצקיסט, און מאַכט פאַר מיר אַ חשבון:

— נו, איצט וועט עס גיין אַ גאַנג... מיר האַלטן שוין ביי סמאָ־לענסק... ס'איז שוין נישט ווייט דער טאָג, ווען די דייטשן וועלן שטיין ביי די טויערן פון מאָסקווע... און פון דער אַנדערער זייט האַלטן מיר שוין ביי פּסקאָוו... עס עפנט זיך פאַר די דייטשן דער וועג אויף לענינגראַד... און דאַן... דאַן שטייען מיר פאַר גאָר גרויסע געשעענישן...

— די מאַפּע, זע איך, קענט איר גוט... — זאָג איך אים אין שפּאַס — אָבער צי קאָנט איר אַזוי גוט פאָראויסזען די „גרויסע געשעענישן"?...

— איר ווייסט, — זאָגט ער מיר כמעט אין אַ פּאַטעטישן טאָן, — מיר שיינט, אַז אויף אָט דעם מנוול היטלער איז אויסגעפאַלן אַ היסטאָ־רישע מיסיע: אַ סוף צו מאַכן צום אַזיאַטישן באָלשעוויזם!...

ער איז געווען נישט קיין קליינער היץ־קאָפּ, אָט דער טשיזשעוו, און איך שלאָג אים אָפּ:

— אַ פאָלק דאַרף זיך אַליין קאָנען באַפרייען פון זיינע טיראַנען און נישט וואַרטן אויף אַזאַ „משיח" ווי היטלער... איר האָט נישט געהערט דורכן ראַדיאָ וועגן די מוראדיקע שחיטות אין די פאַרנומענע שטעט?...

טשיזשעוו האָט דערויף געשוויגן. צי האָט ער מיט זיין שווייגן מיר מודה געווען, אַז איך בין גערעכט? זיכער דערין בין איך נישט געווען.

ער האָט געשוויגן און איך האָב אים נאָך צוגעגעבן:

— נאָר אַזאַ פאָלק ווי דאָס רוסישע האָט אַזאַ געדולד... די פראַנ־צויזן, למשל, וואָלטן פאַר די עטלעכע און צוואַנציק יאָר קאָמוניסטישער דיקטאַטור שוין צוואַנציק רעוואָלוציעס געמאַכט, און וואָלטן אויך אַזאַ „באַסטיליע" לאַנג אומגעשטירצט...

# 75

# פריידיקע טעג...

אין איינעם פון די דאָזיקע טעג האָט דער ראַדיאָ איבערגעגעבן וועגן אַ געשלאָסענעם פּאַקט מכוח קעגנזייטיקער הילף צווישן סאָוויעט־רוסלאַנד און גרויס־בריטאַניע. „ביידע גרויס־מאַכטן — גיט צו דער ספּיקער — גייען צוזאַמען אין קאַמף קעגן דעם ערגסטן שונא פון דער מענטשהייט — היטלער־דייטשלאַנד"...

די דאָזיקע פריידיקע ידיעה ווערט פאַרענדיקט אין ראַדיאָ מיטן שפּילן די הימנען פון ביידע לענדער: מ'שפּילט צוערשט דעם סאָוויעטישן הימן, נאָכדעם דעם ענגלישן — „גאָד סייוו דהי קינג".

באַלד האָט דער ראַדיאָ איבערגעגעבן אַן איבערזיכט וועגן די קריגס־אָפּעראַציעס אויף אַלע פראָנטן — סיי אין לאַנד, סיי אין אַפריקע און אַזיע, ווו די דייטשן באַקומען קלעפּ פון די פראַנצויזישע און ענגלישע אַרמייען אין סיריע און ליביע. דער ספּיקער דערציילט אויך, אַז אַמעריקע האָט צוגעזאָגט רוסלאַנד באַלדיקע ממשותדיקע מאַטעריעלע הילף, אַפילו געווער און אַמוניציע, און אַז אין גיכן זאָל אויך אַמעריקע אָפיציעל צושטיין צו די „אַליאירטע" און אַרויס אין קריג קעגן היטלער־דייטשלאַנד. „מיט אַנדערע ווערטער — פירט אויס דער ספּיקער — היטלערס „בליץ־קריג" איז דורכגעפאַלן. די מלחמה קאָן דויערן יאָרן אַפילו — ביז היטלערס מפּלה"...

די דאָזיקע אויספירן, אַז „די מלחמה קאָן דויערן יאָרן אַפילו" האָט אין די באַראַקן אַנטוישט די „אָפּטימיסטן", וועלכע האָבן געוואַרט אויף גיכע ענדערונגען... אויף שנעלע „ישועות"... בלויז טשיזשעוו האָט זיך געהאַלטן פעסט ביים זייניקן. יעדן טאָג האָט ער אויפגענומען פון דער „סוואָדקאָ" די ניי־דערמאָנטע שטעט פון די אויסגעצויגענע רוסיש־דייטשישע פראָנטן און געמאַכט זיינע „אָפּטימיסטישע" חשבונות... ער האָט זיך אין געדאַנק געדרוקט צוזאַמען מיט דער דייטשישער אַרמיי — אַלץ פאָראויס, פאָראויס, אַלץ נענטער צו מאָסקווע... אין דמיון האָט ער שוין קלאָר געזען, ווי דאָס פאָלק רינגלט אַרום די מויער־ווענט פון קרעמל און מאַכט חרובֿ די נעסט פון ווילקיר — — —

איז אָנגעקומען נאָך אַ טאָג — אַ פריידיקער טאָג פאַר אַלע פּוילישע. אייגנטלעך נישט קיין טאָג, נאָר אַן אָוונט, נאָך דער אַרבעט. דאָס איז געווען שוין אָנהייב אויגוסט.

דער ראַדיאָ האָט ווידער איבערגעגעבן אַן אָפיציעלע ידיעה פון „טאַס" אַז אין לאָנדאָן איז געשלאָסן געוואָרן אַן אָפּמאַך וועגן קעגנזייטיקער הילף צווישן רוסלאַנד און פּוילן, לויט וועלכן ביידע זענען זיך מתחייב צו קעמפן צוזאַמען קעגן היטלער־דייטשלאַנד. עס ווערן דאַן אויסגערעכנט די באַדינגונגען פון דעם אָפּמאַך.

אין די ראַמען פון דאָזיקן אָפּמאַך — ווערט ווייטער איבערגעגעבן — גאַראַנטירט די סאָוויעטישע רעגירונג אַן אַמנעסטיע פאַר אַלע פּוילישע בירגער, וועלכע זענען אינטערנירט אין רוסלאַנד זינט 1939: סיי אַלס קריגס־געפאַנגענע, סיי צוליב פאַרשיידענע פאַרברעכנס — פּאָליטישע און קרימינעלע — אין תפיסות און לאַגערן.

דער דאָזיקער אָפּמאַך איז אונטערגעשריבן געוואָרן אין לאָנדאָן פון סאָוויעטישן אַמבאַסאַדאָר מייסקי און פון פּרעמיער־מיניסטער פון דער פּוילישער רעגירונג אין גלות גענעראַל שיקאָרסקי, אין דער אָנוועזנהייט פון בריטישן פּרעמיער־מיניסטער טשערטשיל און אויסערן־מיניסטער עדען.

אויך דער דאָזיקער קאָמוניקאַט איז פאַרענדיקט געוואָרן מיטן שפּילן די הימנען פון סאָוויעט־רוסלאַנד און פון פּוילן.

באַקאַנטע טענער פאַר די פּוילישע האָבן זיך צעטראָגן איבערן באַראַק:

יעשטשע פּאָלסקאַ ניע זגינעלאַ
פּוקי מי זשיעמי...

די פּוילישע בירגער — סיי יידן, סיי פּאָליאַקן — ווערן פריידיק אויפגערעגט, צעצונדן. אין דער ערשטער רגע ווערן די מענטשן ממש ווי צעחושט.

אין באַראַק איז געוואָרן אַן אויפרודערונג. די שמחה צווישן די פּוילישע — אין לשער. יידן האָבן זיך אָפּגעגעבן „מזל־טוב"... מ'האָט זיך געדריקט די הענט. אַנדערע האָבן זיך געקושט. אין די אויגן האָבן זיך געשטעלט טרערן פאַר פרייד... פּאָליאַקן האָבן זיך געצלמט... אַ פריידיקע

צעמישונג. מענטשן זענען אומגעלאָפן ווי משוגעים... מ׳איז געלאָפן פון איין באַראַק אין אַנדערן זיך צו טיילן מיט פריינד, מיט באַקאַנטע...

די רוסן אין די באַראַקן האָבן זיך צוגעקוקט מיט קנאה און פאַרדרוס צום ספּאָנטאַנעם אויסברוך פון פרייד ביי די פוילישע. פאַרוואָס קומט עס זיי, די פרעמדע, אַזאַ גליק?... און זיי, די אייגענע בירגער — אָן זיי פאַרגעסט מען... וועגן זיי דערמאָנט מען זיך נישט... זיי דאַרפן פוילן אין לאַגער אָן אַ סוף, אָן אַ ברעג...

ביז שפּעט אין דער נאַכט זענען די פּוילישע אין די באַראַקן געזעסן רעדלעכווייז אויף די נאַרעס און גערעדט וועגן דער גליקלעכער בשורה.

די שטענדיקע אָפּטימיסטן האָבן טריאומפירט:

— האַ, וואָס זאָגט איר איצט? — באַרימט זיך איינער — איך האָב כסדר געטענהט, אַז עפּעס וועט שוין ווערן...

— און איך האָב אויך געהאַלטן, אַז מיר זענען נאָר „ביעזשענצעס״... נאָר פרעמדע בירגער... — רופט זיך אָן אַ צווייטער.

און אַ דריטער באַרימט זיך:

— איך האָב אַלעמאָל געזאָגט, אַז לא אלמן ישראל... אַז וועגן אונדז טראַכט מען אין אויסלאַנד... והא ראיה...

און נאָך איינער גייט נאָך ווייטער:

— איך האָב פאַרשטאַנען, אַז די „ליבע״ צווישן היטלערן און סטאַ־לינען איז נישט אויף לאַנג.

דער דאָזיקער „פּאָליטיקער״ כאַפּט אָבער אַ פּסק פון עמיצן אַנדערש:

— איצט זענט איר אַ חכם... איצט זענען מיר אַלע קלוג... ווי זאָגט אַ ווערטל: „ווען איך וואָלט געוווסט פריער, וואָס מיין ווייב שפּעטער״... זייט זיכער, ווען נישט די איצטיקע מלחמה; ווען סטאַלין וואָלט נישט געווען אין אַזאַ סכנה, וואָלט ער שיקאָרסקין נישט צוליב געטאָן... און מיר וואָלטן קיינמאָל די ליכטיקע שיין פון דער וועלט נישט אָנגעזען... עס וואָלט געווען ווי די רוסן זאָגן כסדר: „ דיין ליגקן אויער זעסטו, אַזוי וועסטו אָנזען דיין וואַרשע״...

אַזוי איז מען געזעסן אין די נאַכטיקע שעהען און געשמועסט און זיך וויכוחט. די פריידיקע אויפרעגונג האָט נישט געלאָזט גאָר גיין שלאָפן. עס האָט זיך די פּוילישע געגלוסט היינט צו זיין צוזאַמען, צו רעדן, צו טיילן זיך מיט דער איבערפולטער פרייד...

אינעם גרויסן עלנט און חושך האָט פּלוצלונג אַ סנאָפּ ליכט די אויגן פאַרבלענדט...

## 76

## „אַבי אַ סוף צו אונדזער טיראַניע!..."

צומאָרגנס איז אין לאַגער געווען אַ טאָג ווי אַלע טעג. אַ טאָג פון שווערער פּראַצע, פון שווערן יאָך. דערווייל איז נאָך וועגן די פּוילישע נישט געווען קיין שום פאַראָרדענונג אין לאַגער. און נישט נאָר צומאָרגנס — אַלע ווייטערדיקע טעג אַזוי. קיין שום שנוי.

די פּוילישע האָבן זיך שוין אָנגעהויבן צו דענערווירן: ווער ווייסט?... פון ווערטער ביז מעשים איז נאָך אַ ווייטער מהלך... קליינע ליגנערס זענען זיי, די באָלשעוויקעס?...

אויפן פראָנט, זעט אויס, ווערט עס אַלץ ערגער. די „סוואָדקעס" דורכן ראַדיאָ דערמאָנען אַלץ מער נייע שטעט. דער פראָנט ציט זיך שוין העט, העט... ווייט אויף צפון... עס דערציילט זיך שוין וועגן אָפּגעשלאָגענע אַטאַקעס! ביי דער דווינאַ... אַז סמאָלענסק גייט איבער פון האַנט צו האַנט... די „סוואָדקאַ" פאַרזיכערט, אַז מורמאַנסק איז אין רוסישע הענט...

נישט פויגלדיק, הייסט עס, און טשיזשעוו — ווי אַ סך אַנדערע רוסן — „טריאומפירט"...

אין עצם שאָקירן מיר די מענטשן, וואָס „טריאומפירן"; וואָס פרייען זיך מיט היטלערס נצחונות. אָבער — פון דער אַנדערער זייט — מוז אויך למען האמת געזאָגט ווערן:

אָט די אַלע וואָס „טריאומפירן", זענען דאָך נישט קיין שונאים פון זייער רוסישן פאָטערלאַנד. אדרבה, זיי האַלטן זיך פאַר גרעסערע פּאַטריאָטן פון די אַנדערע, וועלכע שרייען „הוראַ". זיי זענען שונאים נאָר פון רעזשים, וואָס מאַכט חרוב דאָס פאָטערלאַנד. די דאָזיקע מענטשן וואַרטן נאָר, אַז די מלחמה זאָל ברענגען צו אַן אינעוווייניקסטער איבער־קערעניש... דאָס האָבן תמיד אונטערגעשטראָכן טשיזשעוו, פּראָפעסאָר איזראַעלס, אינזשעניער מעלניקאָוו, אינזשעניער פריד און אַנדערע, וועל־

כע גיבן זיך גוט אָפּ אַ חשבון פון פּאָליטישן מצב. זיי, די אינטעליגענטן, ווייסן וויל, אַז היטלער איז אַ תליון. אָבער דער דאָזיקער תליון קאָן אַמאָל נישט ווילנדיק גורם זיין גוטס פאַרן שמאַכטנדיקן רוסלאַנד...

עמיצער פון די „זע־קאַ״, וועלכער האָט געאַרבעט ערגעץ אויסער דער „זאָנע״, האָט געכאַפּט אַ שמועס מיט מענטשן פון שכנישן שטעטל טשי־ביו. יענע האָבן מיט אַ פּאָר טעג צוריק גערעדט אין קאָטלאָס מיט „ביע־זשענצעס״ פון מורמאַנסקער געגנט. די דאָזיקע פּליטים האָבן דערציילט, אַז בעתן עוואַקואירן אַ לאַגער ביי מורמאַנסק, האָט די „נ. ק. וו. ד.״ אויס־געשאָסן 3.000 פּאָליטישע...

דאָס האָט מיר טאַקע טשיזשעוו דערציילט, און ער האָט צוגעגעבן:

— איך ווייס אויסגעצייכנט, אַז אויב דאָ וועט עס דערגיין צו עוואַ־קואַציע, בין איך אויך אַ קאַנדידאַט דערשאָסן צו ווערן... פונדעסטוועגן — טשאָרט וואַזמי! כ׳בין מפקיר מיין לעבן... אבי עס זאָל קומען אַ סוף צו אונדזער טיראַניע!...

## 77

# אויפן גרינעם גראָז

איין פאַרנאַכט זיץ איך מיט אַדוואָקאַט עלביך אויפן גרינעם גראָז הינטערן באַראַק פון „סלאַב־קאָמאַנדע״. עטוואָס ווייטער זיצן אין גרופּקע־לעך אונדזערע פּוילישע. פּאָליאַקן מיט פּאָליאַקן, יידן מיט יידן. די שטי־מונג ביי אַלעמען איז אַ הייטערע. מען זעט אויף די פּנימער אַ שמייכל, עס פאַרקלינגט אַ געלעכטער. אומעטום רעדט מען נאָך אַלץ אויף איין און דער זעלבער טעמע — אַמנעסטיע...

עלביך האָט ערגעץ אין אַ קאַנצעלאַריע געפּאַקט ביי אַ באַקאַנטן אַ קליינע רוסישע בראָשור, וואָס איז ערשט דערשינען אין סיקטיווקאַר. מיר לייענען עס צוזאַמען. דאָס איז אַ פּראָפּאַגאַנדע־בראָשור. דאָרט ווערט גע־שילדערט אויספירלעך, אַז היות ווי אין דייטשלאַנד זענען פאַראַן אַ סך נישט־באַאַרבעטע שטחים, אַ סך באָדן מיט נאַטירלעכע רייכטימער — האָט היטלער איינגעפירט קאָנצלאַגערן, וווהין מען פאַרשיקט אויף צוואַנגס־אַרבעט צענדליקער טויזנטער בירגער אָן שום פאַרברעכן... מען

באַשולדיקט זיי אין נישט־געשטויגענע נישט־געפלויגענע חטאים — ווי אַ פּרעטעקסט פאַר דער פאַרשיקונג אין קאָנצלאַגער...

מיר האָבן געלייענט די בראָשור און געלאַכט: אַן אויטענטישע באַ־שרייבונג, אַ טרייע קאָפּיע ממש, פון די סאָוויעטישע קאָנצלאַגערן!...

אומפאַרשעמטע! „זיי" האָבן אַפילו קיין בושה נישט אַזאַ בראָשור צו פאַרשפּרייטן צווישן די לאַגערניקעס אין קאָמי! — אין צענטער פון זייע־רע אייגענע קאָנצלאַגערן!...

אין דער זייט, אין די רעדלעך, איז מען פון רייד אַריבער צו גע־זאַנג. פון אַ פּוילישער גרופּקע האָט זיך דערהערט די „ראָטאַ". איינער האָט אַ זונג געטאָן און עטלעכע האָבן אונטערגעכאַפּט:

ניע דאַמי זיעמי סקאָנד נאַש רוד,
ניע דאַמי פּאָגזשעשטש מאָווי.
פּאָלסקי נאַש נאַרוד, פּאָלסקי ליוד,
קרולעווסקי שטשעפּ פּיאַסטאָווי.
ניע בענדזיע ניעמיעץ פּליול נאַם וו'טוואַזש
אי דזיעצי נאַם גערמאַניל...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

נאָך דער „ראָטאַ" האָבן זיך דערהערט די טענער פון „נאַ באַריקאַדי". דאָס איז שוין נישט געווען קיין געזאַנג פון עטלעכע, נאָר פון אַ סך. דער גאַנצער רעדל פּאָליאַקן האָט זיך צעזונגען. מען האָט געזונגען פריי, גאָר־נישט ווי אין אַ סאָוויעטישן לאַגער...

אויך אונדזערע פּוילישע יידן זענען נישט געבליבן הינטערשטעליק. פון איין יידישן רעדל, וואָס איז געזעסן אַביסל ווייטער און „געמאַכט שבת פאַר זיך", האָט זיך באַלד אויך דערהערט אַ געזאַנג אין כאָר:

ס'לויפן, ס'יאָגן שוואַרצע וואָלקנס,
ס'ברומט און ס'פייפט דער ווינט.
פון סיביריען שיקט זיין טאַטע
דיר אַ גרוס, מיין קינד.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

און פון אַן אַנדער יידישן רעדל, ביים אַנדער עק פון באַראַק, הייבט זיך אויף אַן אַנדער ניגון:

עוד לא אבדה תקותנו — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

אין לאַגער, ווו מ׳הערט קיינמאָל נישט קיין קלאַנג פון אַ ליד; ווו עס קלינגען תמיד נאָר העק און זעגן — איז דאָס איצטיקע זינגען געווען אַ נייס. פאַרבייגייער־לאַגערניקעס האָבן זיך אָפּגעשטעלט און פאַרחידושט זיך צוגעהערט.

דאָס האָבן געזונגען שקלאַפּן, צו וועמען עס האָט שוין אַ ווונק געטאָן פון דערווייטנס די פרייהייט — — —

## 78
## עס עפנט זיך די דראָט־פאַרצוימונג

איז לסוף אָנגעקומען דער געגאַרטער טאָג. דער טאָג, ווען מען האָט פאַר אונדז געעפנט די דראָט־פאַרצוימונג פון דער „זאָנע"...

— אַטדיעליט׳! (אָפּטיילן!) — האָט מען פאַנאַנדערגעטראָגן אַ פאַראָרדענונג פון דער מאַכט איבער אַלע באַראַקן פון דער „זאָנע", ד"ה, אַז מען זאָל תיכף, נאָך אין משך פון טאָג, אָפּטיילן אַלע פוילישע בירגער פון די רוסן.

מ׳האָט אויסגעליידיקט אַ פינף באַראַקן, וואָס זענען געשטאַנען נאָענט פון דעם פאַרקאַן. די דאָזיקע באַראַקן האָט מען אויסגעשלאָסן פון דער „זאָנע", איבערטראָגנדיק אַ שטיק פאַרקאַן מיט דער דראָט־פאַרצוימונג פון דער אַנדער זייט, מחוץ די באַראַקן, אַהין האָט מען באַפוילן איבערצוגיין אַלע פוילישע בירגער, וואָס אויף זיי איז חל די אַמנעסטיע.

אין גליקלעכן גערודער, אין שיכרותדיקער פרייד, האָבן די פוילישע שנעל געכאַפּט זייערע אָרימע קלומיקעס — ווער אַ רוקזאַק, ווער אַ פּשוטן זעקל — און מען האָט זיך געלאָזט צו יענע „פוילישע באַראַקן". די רוסן האָבן זיך צוגעקוקט מיט קנאה צו דער צעיאַכמערטקייט פון די פוילישע. אַ טייל האָבן צוגעוואָרפן מיט איראָניע:

— פרייט זיך, פרייט זיך... איר וועט זען די „גליקן" אויף דער פרייהייט...

— דאָ האָט איר כאָטש געהאַט אַלע טאָג אַ „פּייקע"; אָבער דאָרט... איר וועט נאָך דערמאָנען דעם לאַגער צום גוטן...

— עס וועלן אייך די פיס געשוואָלן ווערן שטייענדיק אין די „אָטשערעדן"...

אַזוי האָבן די רוסן אַרויסבאַגלייט די פּוילישע אין די „פּוילישע באַראַקן"...

זייער רירנד איז געווען מיין געזעגענען זיך מיט גורעוויטשן. איך האָב אים איבערגעלאָזט מיינע וואַליקעס, שעניק, קאָץ און נאָך אַ פּאָר „לאַכעס" פון מיין „גאַרדעראָבע". אין זיינע אויגן זענען געשטאַנען טרערן. זיין שטים האָט געציטערט. אין האַלדז האָט אים געוואָרגן. ס'איז אים שווער געווען צו רעדן.

— איך האָב צו אייך אַ בקשה, — בעט ער מיך, — פאַרשרייבט צוויי אַדרעסן: איינעם אין טאַמבאָוו, דעם צווייטן אין מאָסקווע. איר ווייסט דאָך, אַז איך בין „בעז פּראַוואַ פּערעפּיסקי" (אָן רעכט צו איבער־שרייבן זיך מיט קרובים), און מיין פאַמיליע ווייס דאָך גאָרנישט פון מיין געביין. ווי נאָר איר וועט אָנקומען אין אַ שטאָט, שרייבט אָן צו מיין פרוי אַ גרוס, אַז איר האָט מיך געזען... שרייבט פאַרזיכטיק... איר מעגט אויך אָנגעבן דאָס אָרט... זאָלן זיי כאָטש וויסן, אַז איך לעב... שרייבט, אַז אפשר אין פינף יאָר אַרום וועלן מיר זיך זען...

ער האָט זיך פאַרהאַקט אין רעדן און פאַרשטעלט מיט דער האַנט זיינע אויגן...

איך האָב פאַרשריבןביידע אַדרעסן און אים הייליק צוגעזאָגט צו דערפילן זיין בקשה. איך האָב זיך צעקושט מיט אים ווי מיט אַ נאָענטן. ביים אַוועקגיין האָט ער מיר נאָך געבעטן:

— אַז איר וועט שוין זיין אין אויסלאַנד... — מסתמא וועט עס דאָך געשען... — דערציילט דער וועלט... דערציילט פון אונדזער גרויסער פּיין... זאָל די וועלט וויסן דעם אמת...

ביים אַריינגאַנג צו די פּוילישע באַראַקן, ביים טויערל פון דער דראָט־פאַרצוימונג, האָבן זיך אויך געוויזן דער ייד פון בריסק, זילבערמאַן — דער קאָמוניסט, וואָס איז אַמאָל פאַרהאַלטן געוואָרן ביי דער סאָוויע־טישער גרענעץ — און רעגינע די וואַרשעווערין. ס'האָט זיי געחלומט, אַז, ווער ווייס, אַ קשיא אויף אַ מעשה, אפשר זענען זיי אויך פאַראַן אויף די רשימות פון די פּוילישע?... אָבער זיי זענען אַוועק אַנטוישטע: אויף די רשימות האָט די „נ. ק. וו. ד." אַרויפגענומען נאָר די יעניקע פּוילישע, וואָס זענען אַהער געבראַכט געוואָרן נאָך 1939.

איך האָב זיך אויך מיט רעגינען געזעגנט:

— צום ווידערזען אויף מאַרשאַלקאָווסקאַ!... *) — ווינטש איך איר.

— אָ, איך גלייב שוין נישט... — ענטפערט זי מיט אַן אומעטיקן שמייכל, — אוקלאַן דליאַ אוקאַכאַנעי וואַרשאַווי! (אַ גרוס דער ליבער וואַרשע!), — האָט זי אויסגערופן אין פויליש. אירע אויגלעך האָבן פייכט אַ גלאַנץ געטאָן...

מיר זענען שוין, הייסט עס, אויף „יענער זייט". אויסער דער „זאָנע". אין „זאָנע" גופא קאָנען מיר שוין נישט אַריינגיין, סיידן מיט אַ „פּראָפּוסק". אויך קיינער פון די רוסן — די „זע־קאַ" — האָט נישט קיין צוטריט צו אונדז. פאַר אונדז ליגט איצט אַן אָפענער דרויסן. מיר האָבן שוין נישט קיין פּאַרקאַן, קיין דראָט־פאַרצוימונגען, קיין „סטריעלקי"...

אַן אָפענער, ווילדער וואַלד... אַ פּאָליאַנע, אַ לאַנגע און שמאָלע פּאָליאַנע, באַוואָקסן מיט הויכן גראָז ציט זיך העט ווייט, אַזוי ווי אַ לאַנגע אַלייע, און איבער דער גרינקייט שפּרייט זיך אַ הימל, אַ רחבותדיקער הימל, אַ ליכטיקע זון — — — —

חברה צעלויפט זיך איבער דער פרייער גרינקייט... מענטשן זענען ווי משוגע פון פרייד... קאָנסט גיין וווהין דו ווילסט, קאָנסט שפּאַצירן, לויפן, טאַנצן...

— העי, כלאָפּצי, כאָטשציע נאַ יאַגאָדי! (העי, חברה, קומט נאָך יאַגדעס). — רופט ווער אויס.

ווער עס לאָזט זיך אין וואַלד אַריין יאַגדעס קלייבן, ווער סתם אַזוי צו בלאָנקען, צו שלינגען די פרישע, שמעקעדיקע לופט, אַריינצואָטעמען אין זיך אַריין די ליכטיקייט פון דער וועלט, די פרייהייט — — — — — די ערשטע רגעס, וואָס באַרוישן...

## 79

## „בירגער פּאָליאַקן!"...

אין אונדזערע באַראַקן איז אַ סך געראַמער ווי דאָרטן אין דער „זאָנע". אויף די נאַרעס ליגט מען באַזונדער, נישט צונויפגעפּרעסט ווי הע־

*) מאַרשאַלקאָווסקאַ — אַ הויפּט־גאַס אין וואַרשע.

רינג אין אַ פּאַס. אין איין באַראַק האָט מען פאַר אונדז איינגעאָרדנט אַ ספּעציעלע קיך. אויך די עסנס פאַר אונדז זענען אַ סך בעסערע, מיט עפּעס פעטס, אַלע, אָן אויסנאַם, באַקומען צו 900 גראַם ברויט אַ טאָג.

אין דער פרי קומט אַריין צו אונדז אַן אָפיציר פון דער „נ. ק. וו. ד." און האַלט פאַר אונדז אַ פּראָפּאַגאַנדע־רעדע:

— גראַזשדאַניע פּאָליאַקי! (בירגער פּאָליאַקן!), — הייבט ער אָן. (שוין נישט „זע־קאַ" — נאָר „גראַזשדאַניע"...).

— גראַזשדאַניע פּאָליאַקי! איך ווענד זיך צו אייך ווי צו אונדזערע פאַרבינדעטע... איר ווייסט דאָך, אַז מיר האָבן איצט איין געמיינזאַמען שונא: די היטלעריסטישע באַרבאַרן, וואָס זענען באַפאַלן אונדזער און אייער פאָטערלאַנד...

(נישט איין פּאָליאַק האָט בעת־מעשה אַ טראַכט געטאָן: „צו דער חלוקה פון אונדזער פאָטערלאַנד האָט איר אויך צוגעלייגט אַ יד"...).

— גראַזשדאַניע! כדי צו צעקלאַפּן דעם שונא, מוזן מיר אַלע מאַכן אָנשטרענגונגען; מיר מוזן העלפן מיט אַרבעט דער אַרמיי אויפן פראָנט. ווי פרייע בירגער, האָט איר דאָס רעכט נישט צו אַרבעטן. מיר צווינגען אייך נישט. נאָר מיר לייגן אייך פאָר, אַז ביז וואַנען עס וועט צוגעגרייט ווערן אייער אַרויספאָר זאָלט איר נישט איבעררייסן די אַרבעט. יעדער איינער אויף זיין פּלאַץ. פאַר דער אַרבעט וועט יעדער פון אייך פון היינט אָן באַקומען עקסטראַ באַצאָלט, אַזוי ווי „וואָלנאַנאַיאָמניע" (פרייוויליקע). ווי איר זעט, באַמיען מיר זיך אויך, אַז איר זאָלט באַקומען אַ בעסערע דערנערונג.

די דאָזיקע רעדע האָט געהאַט איר פּעולה טיילוויז: די וואָס אַר־בעטן אין וואַרשטאַטן, אין קאַנצעלאַריעס אָדער ביי אַנדערע נאַרמאַלע, לייכטע אַרבעטן, האָבן זיך ווייטער געמאָלדן צו דער אַרבעט. אגב האָט זיך יעדער איינער געוואָלט באַוואָרענען מיט אַביסל געלט. מען האָט דאָך צוגעזאָגט איצט צו צאָלן פאַר דער אַרבעט. דאַקעגן, נישט געשטעלט צו דער אַרבעט האָבן זיך אַלע שוואַרצע אַרבעטער פון וואַלד — פון דער קאַטאָרגע... יענע האָבן אַפילו נישט געוואָלט הערן וועגן ווייטער גיין אין די בריגאַדעס און צו דער פאַרשאָלטענער „אינסטרומענטאַלקע" — ווען זיי האָבן אַ ברירה אַ שפּיי צו טאָן אויף די העק, זעגן און אייזערנע לאָ־מען... צו די דאָזיקע „גראַזשדאַניע פּאָליאַקי" האָבן די פּאַטריאָטישע רייד

פונעם „נ. ק. וו. ד.״־אָפיציר זיך נישט צוגעקלעפּט. זיי זענען אין דער פרי געבליבן אין באַראַק.

איך — וואָס האָב דאָך געהאַט „דעם בעסטן פּאָסטן אין לאַגער״, ווי די פּוילישע פּלעגן מיר זאָגן, — איך בין יאָ געגאַנגען צו מיין אַרבעט. איך האָב אגב געוואָלט האָבן די געלעגנהייט צו זען זיך מיט מיינע רוסישע לאַגער־פריינד, מיט וועלכע מיר איז נישט אויסגעקומען זיך צו געזעגענען אַפילו. כ׳האָב דערויף באַקומען אַ ספּעציעלן „פּראָפּוסק״ פון „נאַטשאַל־ניק סנאַבזשעניאַ״, כדי צו קאָנען יעדן טאָג אַריינגיין אין „זאָנע״ דורכן הויפּט־טויער.

אַז איך בין איין אָוונט צוריקגעקומען פון דער אַרבעט, האָב איך אין באַראַק דערזען אַזאַ בילד:

אין אַ ווינקל איז געהאָנגען אַן איקאָנע, אַרומגעפּוצט מיט גרינע צווייגן. אַ גרופּע פּאָליאַקן איז געשטאַנען אַרום מיט אַנטבלויזטע קעפּ און דער גלח שולמינסקי האָט אָפּגעריכט די אָוונט־תפילה: „אָיטשע נאַש״...

נאָך דער אָוונט־תפילה איז אָוועק אַ געזאַנג פון „אַווע מאַריאַ״. אַלע פּאָליאַקן האָבן אונטערגעכאַפּט און דער באַראַק איז געוואָרן אָנגעפּילט מיט געזאַנג. יידן האָבן זיך פון דערווייטנס שווייגעוודיק צוגעקוקט צו דער צערעמאָניע.

אַ חידוש: ווו האָבן די פּאָליאַקן שוין געפּאַקט אַן איקאָנע? שפּע־טער בין איך געוואויר געוואָרן, אַז דאָס האָבן זיי געקריגן ביי אַ קאַטאָליק, אַ געוועזענער „זע־קאַ״, אין דערבייאיקן שטעטל טשיביו. דאָס איז געווען די איניציאַטיוו פון גלח שולמינסקי.

צומאָרגנס אין אָוונט האָבן מיר אויך געהאַט אין באַראַק אַ יידישן „מעריב״. דאָס איז געווען אַדאַנק קאָזלאָווסקין דעם „סוחר״ פון טאַלאָנען, וועלכער האָט זיך דערמאָנט אָן יאָרצייט נאָך זיין טאַטן... ער האָט „צו־נויפגעקלאַפּט״ אַ „מנין״ און ער איז אַליין געווען דער בעל־תפילה.

— והוא רחום...

אַ גוטער בעל־תפילה· דער קאָזלאָווסקי.

שוין לאַנג נישט געהערט דעם ניגון... עס האָט אַזוי פיל דערמאָנט... ביי טייל זענען געשטאַנען טרערן אין די אויגן... דער עיקר, ווען קאָז־לאָווסקי האָט געזאָגט „קדיש״:

— יתגדל ויתקדש שמיה רבאָ...

## 80

# אין שטעטל פון געוועזענע „זע־קאַ“

זונטיק האָב איך מיר געמאַכט יום־טוב — כאָטש אין לאַגער איז קיין „וויכאָדנאָי“ איצט נישט געווען: ווער קאָן מיר איצט אַ דעה זאָגן?... איך האָב געמאַכט אַ שפּאַציר אין שטעטל — אין טשיביו. אַ 4 קילאָמע־טער פון אונדזער „זאָנע“. איך בין געגאַנגען מיט אַ גאַנצער גרופּע יידן און פּאָליאַקן.

ווי גוט, ווי גוט, אַז מען גייט פראַנק און פריי... אָן אַ בריגאַדיר... אָן אַ „סטריעלאָק“ מיטן טייטל... כ׳קאָן מיר גיין רעכטס, לינקס — ווי מיר געפעלט... איך קאָן אויפן וועג גאָר שטיין בלייבן ביי אַ יאַגדעס־קוסט און קוויקן זיך מיט די זאַפטיקע דראָבנע פּירהלעך... גאָט, ווי שיין איז דיין וועלט! ווי פּרעכטיק די ערד און דער הימל! ווי גוט איז צו זיין פריי! — — —

כ׳בין געגאַנגען הפקרדיק און אונטערגעברומט עפּעס אַ ניגון. דאָס האַרץ איז שיער נישט צעשפּרונגען געוואָרן פאַר פרייד...

— וואָס טראַכט איר עפּעס מכוח אונדזער וואַרשע?... וועגן געט־טאָ?... גאָט ווייס, וואָס עס געשעט דאָרט מיט אונדזערע פאַמיליעס...

מיט די דאָזיקע רייד איז צו מיר צוגעקומען אויפן וועג קאָזלאָווסקי. כ׳בין פּלוצלונג ווי אַראָפּגעפאַלן פון הימל אויף דער ערד...

— יאָ, ווער ווייס... ווער ווייס... די דייטשישע רוצחים...

איך האָב גאָרנישט געוואָלט אַרויסברענגען פאַר די ליפּן, וואָס איך האָב בעת־מעשה געטראַכט. די געדאַנקען וועגן וואַרשע, וועגן גראָדנע, וועגן די נאָענטע זענען געווען אַזוי ווי סם, וואָס האָט פאַרסמט די פרייד...

אַרומגעקראָכן שפּעטער הפקרדיק ביי דער בריק איבערן טייך אוכטא, וואָסביים סאַמע שטעטל; איבער די שטעטלשע געסלעך. אַלץ הילצערנע הייזער: קיין האָלץ פעלט דאָך נישט אין דער טייגע... אומעטום פּלאָנ־טערן זיך גאַנצענע גרופּעס פּוילישע. נישט נאָר פון אונדזער „זאָנע“, נאָר אויך פון אַנדערע שכנישע „זאָנעס“. די איינוווינער קוקן אונדז אַפילו נישט נאָך: פאַר זיי, אַפּנים, על פּי רוב געוועזענע לאַגערניקעס, זענען „זע־קאַ“ נישט קיין זעלטנקייט... די איינוווינער פונעם שטעטל זענען דאָס רובֿ רוסן. נאָכן ענדיקן די „סראָקן“ אין די אַרומיקע לאַגערן האָבן זיי זיך

דאָ באַזעצט און זיי האָבן עס טאַקע דאָ אויסגעבויט דאָס שטעטל. די אָרטיקע, די קאַמי׳קער, באַגעגנט מען דאָ ווייניק. כמעט אַלע רעדן רוסיש. זעלטן הערט מען אַן אַנדער לשון. די קאַמי׳קער זענען קליין־געוויקסיקע, רעדן צווישן זיך אויף עפּעס אַ קאַרעלישן דיאַלעקט.

פאַראַן דאָ אויך אַ „סטאָלאָוואַיאַ״. אונדזער עולם כאַפּט זיך אַריין אינעווייניק; אָבער אַחוץ „בראַגאַ״ (קוואַס) איז דאָ קיין זאַך נישטאָ... פאַרפאַלן, טרינקט מען קוואַס, ווען עפּעס בעסערס איז נישטאָ... די פּוילישע באַפאַלן אויך אַ „לאַראָק״ (געוועלבל). דאָ פאַקט מען צו קויפן שאַכטלעך ציין־פּודער, שפּיגעלעך, שוועבעלעך. כאַפּט מען אויס. נישט פאַר אַלעמען קלעקט די סחורה...

דרייט מען זיך אום אויפן באַזאַר. מען זוכט עפּעס צו קויפן „מציאות״. מען זוכט אַ פּרוכט, אַ ווייס בולקעלע, אַ שטיקל וווּרשט, — נישטאָ! עפּעס איינע אַ פויערטע פאַרקויפט „סעמעטשקעס״ (קערלעך) — קויפט מען עס שנעל אויס און איר באַנקע ווערט אויסגעליידיקט. ביי אַן אַנדער געשטעל פאַרקויפט מען קרויט, געזייערטע אוגערקעס. כאַפּט דער עולם קויפן די אוגערקעס.

די איינציקע „מציאה״, וואָס עטלעכע פּוילישע האָבן דאָ געפּאַקט, איז עפּעס אַ היימישע מאַכאָרקע, געמאַכט פון געטריקנטע בלעטער. די גליקלעכע האָבן באַלד אויפן אָרט געמאַכט געשעפט: זיי האָבן אַ טייל פון זייער סחורה פאַרקויפט פאַר כופל כפלים...

אויך מיר איז געלונגען צו קויפן אַביסל מאַכאָרקע ביי די איבער־קויפער. ביטער איז עס געווען ווי גאַל און דער שאַרפער ריח האָט גע־שטיקט אין קעל אַזוי ווי שוועבל...

אַ שיינע פּאָר שעה האָט מען זיך אַזוי אומגעדרייט איבערן שטעטל. געכאַפּט אַ שמועס מיט דעם און מיט יענעם. טייל פון די איינוווינער אַרבעטן דאָ אין טאַרטאַקן אָדער ביים „ספּלאַוו״ פון געהילץ, וואָס די לאַגערן ליפערן. עס ווינען דאָ אויך אַ היפּש ביסל „וואָלנאַנאַיאָמניע״ — אַזעלכע, וועלכע אַרבעטן אַ גאַנצן טאָג אין די שכנותדיקע „זאָנעס״ און אויף ביינאַכט קומען זיי אין שטעטל. דאָס זענען אַלץ מענטשן, וואָס האָבן געענדיקט זייערע „סראָקן״ דאָ אין די לאַגערן און האָבן מורא אַהיים צו פאָרן... בלייבן זיי דאָ אַרבעטן אויף עטלעכע יאָר, און אַמאָל נאָך לענ־גער... אַנדערע ברענגען אַהער אַראָפּ זייערע פאַמיליעס פון די געוועזענע

היימען — און לעבן שוין אַזוי אָפּ זייער רעשט ביסל אומעטיקע יאָרן אין די טייגעס...

אַז מיר זענען צוריק „אַהיים“ געקומען, אין די באַראַקן, האָבן מיר געטראָפן אַ יאַרידל: עס זענען געקומען ווערבירער אויף אַרבעט. פון אַ גאַנצער ריי פּונקטן איז מען געקומען ווערבירן צווישן אונדז בעלנים אויף מיטצופאָרן מיט זיי. די ווערבירער זענען געקומען פון קלענערע פּונקטן און פון גרעסערע, אַפילו פון דער רעזידענץ פון קאָמי — פון סיקטיווקאַר. מען זאָגט צו די אַרבעטער „גאָלדענע גליקן“: אַן „אָבשטשעזשיטיע“ (קאָ־לעקטיווע וווינונג), אַ גוטע „זאַרפּלאַטאַ“ (לוין) און אַ „סטאָלאָוואַיאַ“, ווו מען באַקומט צוויי מאָל אין טאָג הייסע שפּייז. מען זוכט דער עיקר פאַכלייט: שלאָסער־מעכאַניקער, סטאָלערס, שמידן, בעקערס, שוסטערס, שניידערס. און אַפילו מענטשן אָן אַ פאַך זענען די ווערבירער אויך גרייט צו פאַרשרייבן: קיין אַרבעט אין רוסלאַנד פעלט נישט ב״ה פאַר קיינעם...

די ווערבירער האָבן צוגערעדט:

— וואָס זשע דאַרפט איר זיך שלעפּן אַזוי ווייט איבער רוסלאַנד, אַז איר האָט דאָ גאָר נאָענט פון דאַנען אַן אָרט צו אַרבעטן און צו פאַרדינען. דער סאַמע ווייטסטער פּונקט איז סיקטיווקאַר — 400 קילאָמעטער. עס איז דאָך מלחמה־צייט, וועט אייך ביי אונדז זיין אַ סך בעסער.

די גרויסע מערהייט פּוילישע האָט דערפון נישט געוואָלט הערן אַפילו. יעדער איינער האָט געגאַרט — וואָס ווייטער, וואָס ווייטער פון קאָמי!

— גענוג געווען „קאָמי׳קער“... צייט צו ווערן ערנסטע מענטשן...

— האָט מען זיך געוויצלט.

נאָר געציילטע האָבן זיך געפונען צווישן אונדזער עולם, וועלכע האָבן מסכים געווען צו פאָרן מיט די ווערבירער. עס האָט זיי געלאָקט דער אַוואַנס פון אַביסל געלט און „צידה לדרך“, וואָס די ווערבירער האָבן „גרויסמוטיק“ פאַרגעלייגט... יענע זענען אין אַ פּאָר טעג אַרום טאַקע אַוועקגעפאָרן.

וווהין אייגנטלעך מיר אַלע וועלן קאָנען פאָרן איז נאָך נישט קלאָר. עס גייען אום פאַרשיידענע קלאַנגען. טייל זאָגן: אוראַל; טייל — קאַ־זאַכסטאַן. אַלנפאַלס נישט אין גרויסע שטעט, נישט אין די „רעזשימנע“ שטעט, נאָר ערגעץ ווו אין די פּראָווינצן. פאַרשרייבן פאַרשרייבט מען נאָך נישט. מען וואַרט אויף ידיעות.

# 81

# אַלע — אין דער פּױלישער אַרמײ!

אַ צװײטן אָװנט קומט װידער צו אונדז אַ „נ. ק. װ. ד.״־אָפיציר — אַן אַנדערער מיט אַן אַנדער דרשה.

ער װענדט זיך אױך צו אונדז:

— גראַזשדאַניע פּאָליאַקי!

ער רעדט שױן װעגן עפּעס אַנדערש — װעגן דער פּױלישער אַרמײ. ער זאָגט:

— אױף אוראַל, נישט װײט פון אָרענבורג, אין בוזולוק, װערט פאָר־מירט די פּױלישע אַרמײ. דער אָנפירער פון דער אַרמײ איז אַ פּױלישער גענעראַל, גענעראַל אַנדערס. מיר ראַטן אײך דעריבער, גראַזשדאַניע פּאָ־ליאַקי, צו פאַרשרײבן זיך — אַלע װי אײנער — אין אײער אַרמײ, װעל־כע װעט גײן צוזאַמען, אַקסל בײ אַקסל, מיט דער רױטער אַרמײ צו באַפרײען אײער פאָטערלאַנד פון בלוטיקן שונא... עס איז נישט קײן צװאַנג — איר זענט פרײע בירגער — אָבער יעדער פּױלישער פּאַטריאָט װעט זיכער װעלן נאָכטאָן דעם דאָזיקן בײשפּיל...

דער דאָזיקער אָפיציר האָט געהאַט דערפאָלג — דעם גרעסטן דער־פאָלג. אַלע אָן אױסנאַם פּױלישע בירגער — ייד צי פּאָליאַק — האָבן זיך נאָכדעם פאַרשריבן אין דער פּױלישער אַרמײ, בפרט. אַז אַלע האָבן טאָג־טעגלעך געהערט דורכן ראַדיאָ מוראַדיקע גרוסן פון פּױלן: מאַסן־הרי־גות... עקזעקוציעס... דעפּאָרטאַציעס צו צװאַנגס־אַרבעט קײן דײטש־לאַנד...

אױך װעגן װאַרשעװער געטאָ האָבן מיר דורכן ראַדיאָ געהערט גרוסן: טױט און הונגער... איטלעכן טאָג הונדערטער טױטע... די טױטע קער־פּערס ליגט מען אַרױס פאַר די הײזער... נישטאָ קײן מיטלען זײ מקבר צו זײן... אין אַלע פּױלישע שטעט געטאָס פאַר יידן... געטאָס און מאַסן־דערשיסונגען... און נישט נאָר אין פּױלן — אױך אין אוקראַאינע און װײס־רוסלאַנד — געטאָס, חורבן און אומקום...

אַזױ אַלע טאָג, אַלע טאָג ברענגט איצט דער ראַדיאָ די שױדערלע־כע „גרוסן״ פון אונדזערע הײמען...

גראָד אין זעלבן טאָג האָט דער ראַדיאָ אין באַראַק אױך איבערגעגעבן

אַ טראַנסמיסיע פון אַ יידישער מאַסן־פאַרזאַמלונג אין מאָסקווע. מיר האָבן געהערט אַן אויפרוף צו אַלע יידן פון דער גאָרער וועלט. יידן אין מאָסקווע האָבן גערופן צו נקמה פאַר די הונדערטער טויזנטער דערמאָר־דעטע יידן... „די אַלע וועגן — האָט מען דערציילט דורכן ראַדיאָ אין יידיש — ווו די נאַציס גייען דורך, זענען איבערפולט מיט קופּעס טויטע קערפּערס פון טאָרטורירטע, פאַרפּייניקטע יידן“...

עס האָבן גערעדט דוד בערגלסאָן, פּרץ מאַרקיש און אַנד. זיי האָבן אַפּעלירט צו די יידן פון דער וועלט, דער עיקר פון אַמעריקע. „איר קאָנט נישט פאַרמאַכן די אויגן אויף דעם גרויסן ים בלוט, וואָס שרייט נאָך נקמה... אַלע, אַלע העלפט ענגלאַנד, פראַנקרייך און רוסלאַנד, וועלכע קעמפן מיט אייער שונא“...

איך האָב גוט דערקענט פּרץ מאַרקישעס שטים. דורכן ראַדיאָ איז זי געווען אַביסל הייזעריקלעך, אָבער פּאַטעטיש און מיט פלאַם:

„ברידער יידן“... — — — — — — — — — — — — — — — — —

איז נישט קיין חידוש, וואָס קיינער — סיי ייד, סיי פּאָליאַק — האָט זיך נישט געוואַקלט און זיך פאַרשריבן אין דער פּוילישער אַרמיי. אין דאָזיקן מאָמענט האָט מען פאַרגעסן די אייגענע עוולות — די עוולות, וואָס מען האָט געליטן דאָ אין לאַגער פון קאַמי — מ׳האָט נאָר געזען פאַר די אויגן יענעם שרעקלעכן מאָנסטער, וואָס מאַכט חרוב אונדזערע היימען, ברענגט אום אונדזערע נאָענטסטע — — —

איבעריקנס, די פּוילישע אַרמיי וועט דאָך נישט גיין קעמפן פאַר רוסלאַנד — נאָר פאַר פּוילן, און גלייכצייטיק פאַר די יידישע שטעט און שטעטלעך... כדי צו באַפרייען יידן פון די געטאָס... אדרבה, פאַר אונדז יידן איז דער שונא נאָך אַ שרעקלעכערער ווי פאַר אַנדערע. איז דעריבער דער חוב פון איטלעכן ייד — ווו עס זאָל נישט זיין! — צו נעמען אַ ביקס אין האַנט!

אַזוי האָבן יידן צווישן זיך אויפגעקלערט די געשאַפענע סיטואַציע.

פּאָליטיקער און דיפּלאָמאַטן וואָלטן עס אַנדערש פאָרמולירט:

— אויב היטלער איז פריער געגאַנגען מיט רוסלאַנד קעגן אונדז, מעגן מיר איצטער גיין מיט רוסלאַנד — דערצו נאָך צוזאַמען מיט ענג־לאַנד און פראַנקרייך! — קעגן היטלערן...

ס׳האָט מיר דעריבער געקלונגען ווילד, ווען איך האָב אין די דאָזיקע טעג געהערט פון טשיזשעווון:

— איר האָט זיך אַלע פאַרשריבן אין דער פּוילישער אַרמיי, — זייער פיין! אָבער איר אַלע דאַרפט אויפן פראָנט זיך אויסדרייען מיט די ביקסן קעגן אונדזער אַלעמענס שונא...

טשיזשעוו האָט געהאַט מיט סאָוויעט־רוסלאַנד ז יי ן פּאָליטישן „חשבון“, ז יי ן אייגענעם שטאַנדפּונקט...

מיט דער רעגיסטראַציע פון די פּוילישע אין דער אַרמיי האָבן זיך פאַרנומען די פּאָליאַקן גופא. אַ גאַנצער שטאַב פּאָליאַקן, מיט גלח שול־מינסקי בראש, איז געזעסן ביי אַ טיש און געמאַכט די רשימות. מ׳האָט געדאַרפט פאַרשרייבן די פערסאָנאַליען פון יעדערן און די ריכטונג, וווהין מען וויל פאָרן. אַלע ווי איינער האָבן אָנגעגעבן: בוזולוק! אין דער פּוי־לישער אַרמיי! קיינער האָט נישט געוואָלט זיין קיין אויסנאַם.

אַ פּאָר טעג נאָך דער דאָזיקער רעגיסטראַציע גיט מען לסוף איבער אין די פּוילישע באַראַקן מען זאָל זיין גרייט: מאָרגן אין דער פרי לאָזן מיר זיך אין וועג אַריין.

קיינער גייט שוין מער נישט אַרויס צו דער אַרבעט. אַלע זענען אין די באַראַקן. אַ פריילעכער טומל, אַ רעש. פון אַנדערע ווינקלען הערט זיך אַ געזאַנג.

איך האָב זיך שוין אויך געזעגנט מיטן נאַטשאַלניק פון „פּראָד־סטאָל“ — באַשקאָוו. ער האָט געמאַכט אַ „זשעסט“ און מיר אויסגעשריבן פון „כליעבאָזיעזקאָ“ דריי קילאָ ברויט אויף מיטצונעמען אין וועג אַריין...

אין דער לעצטער רגע, ביים אַרויסגיין פון קאַנטאָר, טוט ער מיר אַ זאָג:

— אייך מעג איך דאָך זאָגן... איר זענט אַ ייד... די פּאָליאַקן וואָלט איך קיין געווער נישט געטרויט... זיי זענען דאָך אונדזערע אייביקע שונ־אים... זיי קאָנען די שטיקעס אויסדרייען צו אונדזעריקע... יאָ, אַזוי זעט עס אויס. אונדזערע שונאים גיט מען געווער און אונדז, אייגענע בירגער, רופט מען נישט צו העלפן דעם פאָטערלאַנד...

זעט אויס, טראַכט איך בעת־מעשה, אַז באַשקאָוו גיט זיך נישט אָפּ קיין געניויען חשבון וו אָ ס עס טראַכטן אַ סך טאַקע פון ז יי נ י ק ע, פון די רוסן... ווען איך דערצייל אים, למשל, וואָס טשיזשעוו האָט מיר געהייסן טאָן מיט דער ביקס!...

ניין, ער זעט נישט דעם רוסישן אָפּגרונט... מסתמא, אגב, איז ער

נישט קיין „פּאָליטישער" — ווי כ'האָב געהאַט געמיינט — נאָר אַ „זע־קאָ" מיט נישט קיין פּאָליטישן פּאַראַגראַף...

# 82

# דער אויסגעטרוימטער טאָג

צומאָרגנס גאַנץ פרי זענען שוין אַלע געווען גרייט. אומשטיינס־גע־זאָגט, דעם גרויסן באַגאַזש, וואָס מען האָט מיטצונעמען!... כ'האָב פון עפּעס אַן אַלטער כאַקי־בלוזע אויסגעקאָמבינירט אַ „פּלעצאַק", אַריינגע־לייגט אַהין מיין פּאָרל וועש, צו וואָס איך האָב מיר דערשלאָגן אין די „גוטע צייטן", אַרבעטנדיק אין „פּראָדסטאָל"; די פּאָר האַנטיכער — פון אינזש' פריד און פון מיין שוועסטערס אַ פּעקל; די עטלעכע קילאָ ברויט, וואָס מיין נאַטשאַלניק האָט מיר מיטגעגעבן — און שוין, כ'בין שוין פאַר־טיק. פון מיין קאַזיאָנעם ברוינעם קאַץ, וואָס מען האָט נישט געטאָרט אַרויסטראָגן פון „זאָנע", האָב איך נאָר אָפּגעשניטן אַ לאַנגן פּאַס און גע־מאַכט דערפון וויקל־שניר אַרום די פיס ביז צו די קני. דאַן האָב איך דעם קאַץ — צוזאַמען מיט די איבעריקע „לאַכעס" — איבערגעגעבן גורעוויטשן.

זייגער צען אינדערפרי איז געקומען אַ גאַנצער שטאַב „נאַטשאַל־סטוואָ" מיטן לאַגער־נאַטשאַלניק בראָש, אונדז אַרויסצולאָזן פון דער „זאָ־נע". מען האָט אונדזער גאַנצן עולם צונויפגעזאַמלט אויפן פּלאַץ פאַרן הויפּט־טויער. עס זענען לעצטנס צוריקגעקומען אַלע פּוילישע, וועלכע זענען געווען ערגעץ אויף „קאָמאַנדיראָווקעס". עס זענען געווען אַלע, וועל־כע זענען מיט אַ יאָר צוריק אַהער געבראַכט געוואָרן שוין אויף צו פאַר־בלייבן דאָ... לעולם ועד...

פאַרן טויער זענען געשטאַנען צוויי לאַנגע טישן. ביי איין טיש איז געזעסן „נאַטשאַלסטוואָ" פון „ווטאָראַיאַ טשאַסט'", מיטן סטאַרשי ליי־טענאַנט קראַוטשוק. אויף זייער טיש זענען געווען אָנגעלייגט אַלעמענס פּאַפּירן. ביים צווייטן טיש זענען געזעסן באַאַמטע פון דער בוכהאַלטעריע און דער קאַסירער מיט אַ קאַסעטקע.

מ'האָט אויסגערופן איטלעכן לויטן נאָמען און פאַמיליע — צוערשט צום טיש פון „נאַטשאַלסטוואָ". נאָך דער קאָנטראָל לויט די רשימות און

פּאַפּירן האָט מען דעם אַרויסגערופענעם צוגעשיקט צום צווייטן טיש. ביים טיש פון דער בוכהאַלטעריע האָט מען אים אויסגעצאָלט זיין דעפּאָזיט — אויב ער האָט געהאַט — און די זאַרפּלאַטאַ״ פאַר די אָפּגעאַרבעטע טעג נאָך דער אַמנעסטיע. מיר איז אויסגעקומען אָפּצונעמען אַ פאַר הונדערט רובל — כמעט אַלץ מיין אייגן געלט, וואָס כ׳האָב דאָרט געהאַט אין דע־פּאָזיט: אַ רעשטל נאָך פון גראָדנע און פון די שפּעטערדיקע געלט־איבער־ווייזונגען פון מיין שוועסטער. פאַר דער אָפּגעאַרבעטער צייט נאָך דער אַמנעסטיע איז מיר צוגעקומען עטלעכע רובל בלויז: אַפּנים מ׳האָט אַראָפּ־גערעכנט די קאָסטן פון אויסהאַלטונג. קיין גרויסער פאַרדינער, זע איך, וואָלט איך דאָ נישט געקאָנט זיין...

איך ווייז די בוכהאַלטערן מיין צעטל אויפן זייגער, וואָס מען האָט ביי מיר צוגענומען אין גראָדנער תפיסה. מען זאָגט מיר, אַז איך קאָן דעם זייגער צוריקבאַקומען אין ״קרעקינגסטראָי״, וווהין מיר גייען פון דאַנען.

ביים טויער האָט זיך אויך אָפּגעשפּילט אַ דראַמע.

אַ דראַמע מיט עטלעכע צענדליק מענטשן: אין דער לעצטער רגע — טאַקע דאָ ביים טויער — האָט ״נאַטשאַלסטוואָ״ קוועסטיאָנירט זייער רעכט אויף דער אַמנעסטיע. עפּעס זענען כלומרשט זייערע פּאַפּירן נישט אינגאַנצן אין אָרדענונג... עס דאַרפן ביי זיי אויפגעקלערט ווערן געוויסע דעטאַלן, פּוילישע בירגערשאַפט... צווישן די דאָזיקע קוועסטיאָנירטע איז אויך געווען דער גלח שולמינסקי.

די דאָזיקע מענטשן זענען געטראָפן געוואָרן ווי פון אַ דונער. זיי זע־נען געבליבן שטיין שטומע, אָן לשון. לחלוטין איינגעבראָכענע. אונדזער גאַנצער עולם האָט איבערגעלעבט זייער גרויסן צער...

צום שווערסטן איז געטראָפן געוואָרן שולמינסקי. דערהערנדיק דעם גזר, איז ער בלאַס געוואָרן ווי די וואַנט. ער האָט זיך פּלוצלונג אַ וויג געטאָן אין אַ זייט און זיך אָנגעכאַפּט אָן עמעצנס אַקסל, כדי נישט אומצו־פאַלן. אַ שוואַך האַרץ (צוליב זיינע האַרץ־אָנפאַלן איז ער עס געווען אַן אָפטער גאַסט אין ״סלאַב־קאָמאַנדע״) — האָט עס רעאַגירט... צוויי מענטשן פון די פאַרבליבענע ״אחים לצרה״ האָבן אים גענומען אונטערן אָרעם און אָפּגעפירט פון פלאַץ אין אַמבולאַטאָריע...

אַלע זענען לסוף אַרויס פונעם טויער — אויף י ע נ ע ר ז יי ט...

אַלע — אַ חוץ די עטלעכע צענדליק פריש־באַטריבטע, וואָס האָבן דאָ ערשט אויסגעהערט זייער גזר...

אַלע — אַ חוץ אונדזערע קרבנות — נישט קליין אין זייער צאָל!
— יידן און קריסטן, וועלכע זענען דאָ פאַר דער צייט געפאַלן אונטערן שווערן יאָך: פון קאַטאָרגע, פון הונגער, פון כלערליי צרות און חולאתן... זיי אַלע זענען דאָ פאַרבליבן אין דער פאַרשאָלטענער קאָמי־ערד, אויף דעם טייגע־בית־עולם, אונטער די יאָלקעס, און קיינמאָל וועט קיין קרוב און קיין גואל אַהער נישט קומען צו פאַרגיסן אַ טרער אויף זייער נאָמענ־לאָזן קבר... זיי אַלע איז נישט באַשערט געווען צו דערלעבן די שעה פון אויסלייזונג — — — — — — — — — — — — — — — — — —

אויף יענער זייט שטעלט מען אונדז אויס אין שורות און — געגאַנ־גען... מיטן רעכטן פוס...

מ׳לאָזט זיך גיין אויף אַ וועג. פאַראויס גייען עטלעכע „נ. ק. וו. ד.יסטן" — די וועגווייזער. אָבער שוין אָן אַ „סטריעלאָק"... מ׳גייט פריי. די שורות ווערן באַלד אויסגעמישט. עס ווילט זיך רעדן מיט דעם, מיט יענעם.

דער טאָג איז אַ כמורנער. אַ גרויער הימל הענגט אָן אָנגעלאָדענער מיט רעגן. ביינאַכט האָט שטאַרק געגאָסן און דער וועג איז קלעפיק, בלאָ־טיק. די אומגעלומפערטע לאַגער־שיך ווערן שווער פון דער אַרומגעקלעפ־טער בלאָטע. מען קריכט פאַמעלעך און צעצויגן אויף אַ היפשער לענג.

מען פאַרדרייט זיך אויף אַ זייטיקן וועג. מען גייט דורך וואַלד. אויפן וועג רייסט מען אַ ווילד בלימל, מען צופּט אָפּ פון אַ קוסט אַביסל יאַגדעס.

אין אַ פּאָר שעה אַרום איז מען צוגעקומען צו אַ „זאָנע". אַ „זאָנע" מיט אַ פאַרקאַן און שטעכיקן דראָט — כדת וכדין... אָבער דאָסמאָל אָן „סטריעלקי". די היוכע „באַטשאַנעס" זענען געשטאַנען ליידיק.

דאָס איז „קרעקינגסטראָי". אַזוי הייסט דער דאָזיקער לאַגער. דאָ איז אַ לאַגער ווי אַלע לאַגערן, וווּ מען אַרבעט עבודת־פרך ווי אומעטום אין קאָמי. אָבער איצט איז „קרעקינגסטראָי" צייטווייליק נאָר אַן עטאַפּ־פּונקט פאַר די פּוילישע אויפן וועג צו זייער פרייהייט. דאָ דאַרף מען פאַר־מעל דערליידיקן (אָפאָרמיט׳ ״) אַלע באַפרייטע און אַרויסגעבן זיי די נייטיקע דאָקומענטן. דאָ אַמטירט די פאַרוואַלטונג פון די אוכטאַ־איזשע־מער אויסבעסערונגס־אַרבעטס־לאַגערן.

מ׳האָט אונדז לאָקירט אין אַ פינף־זעקס באַראַקן.

כ׳האָב פאַרנומען אַ פּלאַץ אויף אַ נאַרע און אַרויס זיך אַרומקוקן אין דער „זאָנע". די דאָזיקע „זאָנע" איז נאָך גרעסער פון אונדזערער. גאַנ־

צענע „גאַסן" מיט באַראַקן און כלערליי וואַרשטאַטן. אַ גאַנצע ריי היל־צערנע געביידעס פאַר „נאַטשאַלסטוואָ" און ביוראָען. אין די קאַנצעלאַ־ריעס אַרבעטן אַ סך מענטשן.

אין די „גאַסן" זע איך אַ גרויסע באַוועגונג פון מענטשן. אַלץ פּוי־לישע. שוין טויזנטער אָנגעפּאָרן פון די אַרומיקע לאַגערן אין אוכטאַ־איזשעמער געביט. כ'האָב געטראָפן אַ סך באַקאַנטע, וועלכע האָבן דורכ־געמאַכט דאָס ביטערע יאָר אין פאַרשיידענע „זאָנעס". אַ סך איז שווער צו דערקענען. געבליבן נאָר שאָטנס פון מענטשן... אַזוי האָט זיי אויסגעפּיי־ניקט דאָס שוואַרצע יאָר...

— אַבי מען זעט זיך...

— אַבי מען זעט זיך...

מיר האָט מען דווקא יאָ אָפּגעגעבן „קאָמפּלימענטן", אַז איך זע אויס גוט.

— קיין עין־הרע, טפו־טפו... איר זעט אויס בעסער ווי אין וואַר־שע... — האָט אַפילו עמיץ זיך געוויצלט.

— ווען איר זעט מיך מיט 5 חדשים צוריק, וואָלט איר אַנדערש גע־רעדט... — פאַרענטפער איך מיין „גוט אויסזען"...

און איך דערצייל זיי פון מיין „גליק" — פון מיין בויך־טיפוס... און אַז צוליב מיין קראַנקייט בין איך נאָכדעם געהאָלפן געוואָרן מיט אַ „זאַטן פּאָסטן".

און אַזוי רעדנדיק הייבט מען באַלד אָן צו מאַכן דעם חשבון וויפל פון אונדזעריקע זענען געבליבן אין אַלע לאַגערן אונטער די יאָלקעס...

געטראָפן אויך דאָ דעם מוזיקער שנעלוואַר, וועלכער איז פון מיין לאַגער, אַ געשוואָלענער פון צינגאַ, צוגענומען געוואָרן אין אַן אָרקעס־טער אויף אַן אַנדער אָרט. ער איז שוין מער נישט געשוואָלן. אָנגעטאָן איז ער אויך לייטיש. אַ נייע פופייקע, נייע, גוטע הויזן. אין אָרקעסטער האָט ער געהאַט אַ בעסערע מערכה ווי איך. די מוזיקער זענען „פאַוואָריטן". אויך די „נ. ק. וו. ד." האָט פאַר זיי אַ שטיקל סענטימענט. שנעלוואַר האָט נאָך מיט זיך זיין פידעלע. ער היט עס אָפּ ווי דאָס אויג אין קאָפּ. איך האָב אים אין אָוונט שטאַרק געבעטן ער זאָל עפּעס שפּילן און ער האָט מיר צוליב געטאָן. שוין לאַנג נישט געהערט קיין מוזיק. סיידן אַמאָל, זעלטן עפּעס דורכן ראַדיאָ. שוין העכער אַ יאָר. עס בענקט זיך אַזוי נאָך דער שיינקייט פון קלאַנג...

שנעלוואַר האָט געשפּילט דאָס רוב יידישע ניגונים. ער האָט גע־שפּילט מיט אַזוי פיל האַרץ, מיט אַזוי פיל בענקשאַפט... איך האָב עס איצט אויפגענומען ווי אַ דורשטיקער, וואָס פאַלט צו אין מדבר צו אַן אָאַזיס... עס האָט מיך גערירט — ביז טרערן...

עס האָבן אונדז אַרומגערינגלט שכנים — צוהערער, וואָס האָבן הייס אַפּלאָדירט יעדן מאָטיוו.

— איך געדענק נאָך אייער שפּילן אין דער באַרזשע, נישט היינט געדאַכט... איר געדענקט?

— ווי קאָנען מיר פאַרגעסן די באַרזשע?... — ענטפערט שנעלוואַר.

— מיט וואָס פאַר אַ געמיט זענען מיר דעמאָלט געפאָרן?... איר גע־דענקט... היינט, גאָט צו דאַנקען, איז אונדז שוין בעסער...

— יאָ, אונדז איז בעסער, אָבער אונדזערע פאַמיליעס? אונדזערע פאַמיליעס אין וואַרשע?...

— יאָ, נישט פריילעך איצט אין וואַרשע... די דייטשע באַנדיטן! — זאָגט שנעלוואַר — אָבער לאָמיר האָפן אויף גאָט... אַזוי ווי ער האָט אונדז דאָ געהאָלפן, אַזוי וועט ער אונדזערע פאַמיליעס ד אָ ר ט ן העלפן...

איך זע: אויך שנעלוואַר דערמאָנט כמעט אין יעדער פראַזע גאָטס נאָמען. פריער האָב איך עס נישט באַמערקט ביי אים.

## 83

## דער טויט פון אַ גלח

דעם אַנדערן טאָג זענען אָנגעקומען אין מיין באַראַק נאָך דריי פאַר־שפּעטיקטע יידן פון אונדזער „זאָנע“. צוליב דעם, וואָס זיי זענען געלעגן אין „סטאַציאָנאַר“, האָט מען זיי געזאָלט אַרויסלאָזן אין אַ שפּעטערדיקן טערמין. זיי האָבן עס אָבער פאַר קיין אופן נישט געוואָלט און זענען צו־געשטאַנען צו די דאָקטוירים, אַז זיי איז שוין בעסער; אַז זיי פילן זיך גוט; אַז זיי זענען שוין שטאַרק ווי אייזן... אַז מען זאָל זיי אויסשרייבן פון שפּיטאָל און שיקן מיט אַלעמען גלייך אויף דער פריי...

די דאָזיקע דריי — דריי פון אַ היפּשער גרופּע קראַנקע פּוילישע — האָבן לסוף געפּועלט ביי די דאָקטוירים און מ׳האָט זיי אויסגעשריבן. און

אָט זענען זיי שוין דאָ. איינער פון זיי איז נאָך פּאַקטיש אַ חלוש. קוים וואָס ער האַלט זיך אויף די פיס. ער איז קוים־קוים דערקראָכן אַהער, קיין „קרעקינגסטראַי".

— צו וואָס דאַרף איך ליגן אַ קראַנקער אין לאַגער? אויב איך מוז נאָך קראַנק זיין, וועל איך אַריינגיין אין אַ שפּיטאָל אויף דער פריי...

אַזוי האָט געטענהט דער חולה. דער דאָזיקער שטאַנדפּונקט פונעם קראַנקן איז דווקא אַ געזונטער...

אגב: די דריי פּאַרשפּעטיקטע האָבן געבראַכט פון דער „זאָנע" די טרויעריקע ידיעה, אַז דער ביי אַלעמען באַליבטער גלח שולמינסקי איז מיט אַ נאַכט פריער געשטאָרבן פון אַ האַרץ־אַטאַק...

שולמינסקיס פרייד צוליב דער לאַנג־אויסגעבענקטער פרייהייט איז געווען צו־טיף, אַז זיין קראַנק האַרץ זאָל קענען אויסהאַלטן אַזאַ אַנטוי־שונג, אַזאַ גרויסן צער...

מ'האָט די ידיעה צעטראָגן איבער אַלע באַראַקן. פּאָליאַקן האָבן זיך פרום געצלמט. אַלע, פּאָליאַק צי ייד, האָבן זיך באמת שטאַרק מצער גע־ווען. אַ קרישטאָל־ריינער מענטש געווען.

אויך איך האָב פאַר שולמינסקין געהאַט אַ גרויסן סענטימענט. ער איז קודם־כל געווען אַן אויסנאַם פונעם פּוילישן קלער, וואָס איז פאַרסמט געווען מיטן אַנטיסעמיטישן גיפט... אַדרבה, אין די שמועסן מיט מיר איז שולמינסקי תמיד געווען אַזוי מענטשלעך, אַזוי האַרציק. אין שווערע מי־נוטן פון יאוש פלעגט ער, דער גוי, דער רוימישער קאַטאָליק, אָפט מיך טרייסטן מיט אַ צוגעפּאַסטן פסוק פון תהילים... הגם דוד המלך איז דאָך געווען מ יי נ ע ר — נישט זיינער...

שולמינסקי האָט אַליין שווער, זייער שווער געליטן. געליטן אין דער שטיל און זיך פאַר קיינעם נישט געקלאָגט. האָט שטום געטראָגן זיין יאָך איבערן לאַגערדיקן „וויאַ דאָלאָראָזאַ"... ער האָט געליטן און געגלויבט, אַז די גערעכטיקייט וועט אַמאָל קומען... און טאָמער איז לסוף יאָ געקו־מען דער טאָג פון אויסלייזונג — איז עס געווען פאַר אַלעמען, אַחוץ פאַר אים...

אַ צו שווערער קלאַפּ געווען אַפילו פאַר אַזאַ גרויסן סבלן — — — —

## 84

# „די דײַטשן מאָרדן!“...

די קאַנצעלאַריעס אין „קרעקינגסטראַי“ האָבן געאַרבעט בײַטאָג און בײַנאַכט. מ׳האָט צוגעגרייט אונדזערע פּאַפּירן.

אויך דאָ, ווי אין אונדזער „זאָנע“ פאַרן אַרויסגיין, איז געקומען אין באַראַק אַן אָפיציר פון דער „נ. ק. וו. ד.“ אונדז אַגיטירן:

— גראַזשדאַניע פּאָליאַקי! זייט וויסן, אַז אייער פאָטערלאַנד ליגט בײַ אונדזער געמײנזאַמען שונא אין די הענט... די פאַשיסטישע דײַטשן רויבן אייערע היימען, מאָרדן אייערע פרויען און קינדער... פאַרשרײַבט זיך אַלע אין דער פּוילישער אַרמיי... עס רופט אײַך אייער אַרמיי־פירער גענעראַל אַנדערס... בעת מען וועט אײַך רופן אין קאַנצעלאַריע, גיט אָן, אַז איר ווילט פאָרן קיין בוזולוק — אין דער פּוילישער אַרמיי!

— פּאָניאַטנאָ? — האָט ער פאַרענדיקט מיט אַ פראַגע.

— פּאָניאַטנאָ! פּאָנאַיטנאָ! — האָבן זיך אין באַראַק געטראָגן שטי־מען פון אַלע זייטן.

אין מאַגאַזין האָט מען אַרויסגעגעבן בעסערע פופייקעס, שיך און היט־לען די יעניקע, וואָס זענען געווען לחלוטין אָפּגעריסן־אָפּגעשליסן: אַפּנים מען האָט זיך אַביסל פאָרט צוגעשעמט אַרויסצולאָזן די מענטשן אין אַזאַ מעמד אויף דער פרייער וועלט...

אויפן דריטן טאָג האָט מען איבערגעגעבן, מ׳זאָל זיך מעלדן אין די קאַנצעלאַריעס. דאָרט איז באַלד געוואָרן אַ באַלאַגערונג פון מענטשן. אין „קרעקינגסטראַי“ זענען דאָך צונויפגעבראַכט געוואָרן טויזנטער, טויזנטער פּוילישע. אָבער די אַרבעט איז צוגעגאַנגען שנעל, שנעל. מ׳האָט די מענטשן דערליידיקט בײַ אַ סך טישן, — לויט די אָנהייב־בוכשטאַבן פון די פאַ־מיליען־נעמען. אַזוי אַז אין משך פון איין מעת־לעת זענען אַלע דערליי־דיקט געוואָרן. איטלעכער האָט באַקומען אַ באַפרייאונגס־שיין — אַן „אור־דאָסטאָווערעניע“ (באַשטעטיקונג), אויסגעשטעלט פון „גלאַוונאַיע איפּראַ־וולעניע אוכטאַ־איזשעמסקיך איספּראַוו־טרודאָוויך לאַגערעי“ (הויפּט־פאַרוואַלטונג פון די אוכטאַ־איזשעמער אויסבעסערונגס־אַרבעטס־לאַגערן).

אין דאָזיקן באַפרייאונגס־שיין איז געשטאַנען, אַז פּלוני בן פּלוני איז לויט אַן אוקאַז פון פרעזידיום פון „וווערכאָווני סאָוויעט“ (איבער־

ראַט) פון ס. ס. ס. ר. באַפרייט געוואָרן ווי אַ פוילישער בירגער און האָט דאָס רעכט פריי צו וווינען אויף דער סאָוויעטישער טעריטאָריע, אַחוץ אין די פאַרבאָטענע זאָנעס, אין ערטער, וווּ עס איז דערקלערט געוואָרן קריגס־צושטאַנד, און אין די רעזשימנע שטעט פון ערשטער און צווייטער קאַ־טעגאָריע.

פלוני בן פלוני פאָרט צום אָרט, וואָס ער האָט אויסגעוויילט — בו־זולוק, טשקאַלאָווער (אָרענבורגער) געגנט.

אַזאַ פּאַפּיר האָט יעדער באַלד געקריגן אויף דער האַנט. איצט האָט זיך יעדערער דערפילט זיכערער, אַז ער איז — פריי!

ס׳איז מיר טאַקע דאָ אויך געלונגען צוריקצובאַקומען אין קאַנצעלאַ־ריע מיין זייגער, וועלכער איז מיר נאָכגעגאַנגען אַזש פון גראָדנער תפיסה. כ׳האָב זיך דערויף נישט געריכט. כ׳בין צוגעפאַלן צום זייגער ווי צו אַן אַלטן פריינד... ס׳איז געווען ווי אַ גרוס פון י ע נ ע ר וועלט... מיין וואַרשעווער זייגער!...

איך האָב ספּעציעל געמאַכט פאַר אים אין די הויזן אַן אינעווייניקסט טעשל און דאָרט פאַרשטעקט דעם זייגער פון אַן „עין־הרע"... איך פלעג אים אָפט אָנטאַפּן מיט דער האַנט, געוואָלט אים פילן — מיין איינציקן זכר פון די „גוטע צייטן"...

דעם זעלבן אָוונט האָט מען אין די באַראַקן געטיילט פאַר אַלעמען „סוכאָי פּאַיאָק" (טרוקענע שפּייז): ברויט אויף עטלעכע טעג, הערינג, קאָנסערוון. צווישן די קאָנסערוון איז אַפילו געווען אַ פּאַסטע פון ראַקעס, מיט אַמעריקאַנישע עטיקעטן אויף די בלעכענע באַנקעס. אפשר, פון די ערשטע טראַנספּאָרטן הילף, וואָס אויסלאַנד שיקט רוסלאַנד. אַ צווייטע ווערסיע איז אומגעגאַנגען, אַז דאָס האָט געשיקט די פּוילישע רעגירונג פון לאָנדאָן פאַר די פּוילישער בירגער אין רוסלאַנד.

## 85

# אַרויסמאַרש צו דער פרייהייט...

אינדערפרי האָט מען אַרויסגעבעטן די מענטשן פון די באַראַקן. אַ היפּשע מחנה! פון אַ פּאָר „זאָנעס" אַוודאי. מ׳האָט אַלעמען אויסגעשטעלט אין באַזונדערע גרופּן, לויט די לאַ־

גער־„זאַנעס". עס האָבן זיך אויסגעטיילט אַ גאַנצע ריי אָרדענונגס־עלטס־טע, צוויי פון די אָרדנער — פּאָליאַקן — האָבן איבערגענומען די קאָ־מאַנדע. איינעם פון זיי האָט מען טיטולירט: „פּאַניע קאַפּיטאַניע!", דעם אַנדערן — „פּאַניע מאַיאָזשע!"

בעת דער גאַנצער עולם — אַ פּאָר טויזנט מענטשן — איז שוין גע־ווען אויף יענער זייט פּאַרקאַן, מחוץ פון דער „זאָנע", האָבן דיביידע אָפי־צירן און זייערע געהילפן־אָרדנערס אַרומגעלאָפן לענג־אויס דעם גאַנצן שטח, וואָס די מאַסע האָט פאַרנומען און געמאַכט אָרדענונג אין די באַ־זונדערע גרופּן: מ'האָט די מענטשן אויסגעשטעלט צו פיר אין אַ ריי און אַזוי אין מיליטערישן סדר האָט מען גערירט פון אָרט.

געגאַנגען איז מען אין דער ריכטונג צו דער אייזנבאַן־סטאַנציע, נישט ווייט פונעם שטעטל טשיביו.

מען גיט איבער, אַז צוריקוועגס וועלן מיר שוין כסדר פאָרן מיט דער אייזנבאַן און נישט מיטן וואַסער, ווי אַהער פאַרנדיק.

ס'איז נישט קיין שלעכטע בשורה פאַר אונדז: מיר זענען פּטור פון דער שמוציקער באַרזשע! עס ליגט יעדערן פון אונדז נאָך אין זכרון און אין די ביינער יענע לאַנגע, פּיינלעכע נסיעה איבער דער וויטשעגדאַ...

דער טאָג איז היינט אַ זוניקער. איבער די ווילדע וועלדער אַרום און אַרום הענגט אַן אויסגעלייטערטער הימל. אויבן, איבער דער גרינקייט, פליען אַדורך מחנות פייגל.

מיר האָבן שוין אַלץ הינטער זיך — די „זאָנע" מיט די וואַך־טורעמ־לעך; די נאָפּט־„ווישקעס", וועלכע סטאַרטשען נאָך פון דערווייטנס דאָ און דאָרט אַריבער דיביימער... עס גלוסט זיך אַפילו נישט אַ קוק טאָן צוריק צום עמק הבכא... זאָל עס דאָ אַלץ בלייבן ווי אַ בייזער חלום, ווי אַ קאָשמאַר... אַבי ווייטער, ווייטער פון אַלץ אין דער טייגע...

נאָכן אָפּמאַרשירן אַ געוויסע צייט גיבן די אָפיצירן אַ צייכן מיט די אויפגעהויבענע שפּיצרוטן מ'זאָל זיך אָפּשטעלן. אַ „ביוואַק". אַ קורצער אָפּרו. ס'איז אַ שמאָלער וועג ביי אַ ברעג וואַלד.

— ספּאָטשני! סיאַדאַטש! (אָפּרוען! זעצן זיך!) — צעטראָגט זיך אַ קאָמאַנדע פון די אָפיצירן לענג־אויס דער אויסגעצויגענער מחנה.

אַלע זעצן זיך אויס ביים וואַלד.

דער „פּאַן קאַפּיטאַן", אין פיינע שטיוועלעך, אין אַ נייער ברוינער פּופייקע (פון אַן עקסטראַ צוטיילונג מסתמא...) טיילט זיך אויס פון דער

מחנה, שטעלט זיך אויף אַ דערנעבנדיקן בערגעלע און גיט אַ צייכן מיטן שפּיצרוט:

— אוואַגאַ! ראַזעם זאַשפּיעוואַמי! (אַכטונג! לאָמיר אינאיינעם זינגען).

און ער אַליין הייבט אָן:

מי פּיערוושאַ בריגאַדאַ...

איבער דער גאַנצער לענג פון דער מחנה האָט זיך פּלוצלונג צעטראָגן אַן אַלגעמיינער געזאַנג. דאָס איז געווען אַ כאָר פון אַ פּאָר טויזנט שטימען. אַלע זענען דורכגענומען געוואָרן פון איין סטיכיע. אַרום איבער די וועלדער האָט פאַרקלונגען:

מי פּיערוושאַ בריגאַדאַ,
סטשעלעצקאַ גראַמאַדאַ.
נאַ סטאָס זשוטשילישמי
נאַש זשיטשיאַ לאָס,
נאַש זשיטשיאַ לאָס...

דאָס דאָזיקע סטיכישע געזאַנג איז געווען מעכטיק און גלייכצייטיק אַזוי רירנדיק. ביי איטלעכן אין נשמה האָט אַ ציטער געטאָן אַ סטרונע. יעדער איז מיטגעריסן געוואָרן פונעם געזאַנג. אין אַ סך אויגן האָבן זיך געשטעלט טרערן...

דאָס איז נישט געווען קיין אויסדרוק פון סתם פּאַטריאָטיזם. נישט קיין פּיעטעט צו די אַמאָליקע פּילסודסקי־צייטן אין פּוילן. סיידן ביי געציילטע, ווי, אַ שטייגער, ביי די אָפיצירן און אַנדערע געוועזענע מיליטערלייט, פאַר וועמען דאָס פּילסודסקי־ליד האָט געהאַט אַ גאַנץ אַנדער באַדייט. דאָ האָבן זיך צעשפּילט ריין־מענטשלעכע רעגונגען: אַ מחנה מענטשן, קרוע בלויה, גייט אַרויס על פּי נס פון אַזאַ גיהנום... מ׳שטעלט די ערשטע טריט צו דער פרייהייט... די ערשטע טריט — אַהין, אויף מערב, צו באַפרייען די היימישע שטעט, די ליבע היימען, די נאָענטסטע און טייערסטע... באַפרייען פון בראַנד און טויט — — — —

מ׳גייט שוין פאַרביי האַרט ביים שטעטל טשיביו. די מאַרשירנדיקע הערן נישט אויף צו זינגען. איצט זינגט מען שוין האָפערדיקע, פריילעכע לידער. פאַר די הייזער פון דער הינטערשטעטישער גאַס שטייען נייגעריקע: מאַנסבילן, פרויען און קינדער. זיי קוקן זיך צו מיט גרויסע פאַרחידושטע אויגן: אַפנים אַזאַ מאַסע באַפרייטע פון די לאַגערן זעען זיי

דאָס ערשטע מאָל... און דערצו נאָך פרעמדע, וואָס זינגען אויף אַ פרעמ־דער שפּראַך... אַ ר יי נ ב ר ע נ ג ע ן  מאָסן אין די לאַגערן — דערצו זענען זיי יאָ געווינט... אַזעלכע בילדער זענען פאַר זיי גראָד נישט קיין נייעס... אָבער  אַ ר ו י ס פ י ר ן?!...

און דאָס געזאַנג פון דער פּוילישער מחנה קלינגט אַלץ העכער און העכער, מונטערער, איבער דער גאַנצער לענג, וואָס דער צוג פאַרנעמט. דער שפּיץ פון צוג גייט פאַרביי מיט דער פּאָפּולערער „וואָיענקאַ":

וואָיענקאַ, וואָיענקאַ,
צוזש־זשעש טי זאַ פּאַני,
זשע זאַ טאָבאָן אידאָן,
כלאָפּצי מאַליאָוואַני,
סאַמי וויביעראַני.

און ווייטער, פון די הינטערשטע רייען, הערט זיך שוין אַן אַנדער גע־זאַנג. די פאַרגאַפטע אייגנווייגער פון דער טייגע נעמען עס אויף מיט צע־שמייכלטע פּנימער:

ראַזקוויטנעגלי פּענקי ביאַליך רוזש
וורוטש, יאַשיענקו, ז׳טעי וואָיענקי, וורוטש!
וורוטש, אוצאַלוי, יאַק זאַ דאַווניך ליאַט,
דאַם צי זאַ טאָ נאַיפּיענקניעישי קוויאַט.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

ביי דער סטאַנציע האָט שוין געוואַרט אויף אונדז דער עשאַלאָן. ער איז נאָך אָבער נישט געווען קאָמפּלעטירט און נישט גרייט אונדז אויפצו־נעמען. צוויי לאָקאָמאָטיוון פון ביידע עקן האָבן געהאַלטן אין צופירן וואַ־גאָנעס פון די נאָענטע „ראַזיעזדן" (אויסמייד־סטאַנציעס). די וואַגאָנעס זענען פאַר משא אָדער בהמות — ווי אַלע עשאַלאָנען, וועלכע שניידן דורך די לאַנגע שטחים פון רוסלאַנד. אין אַזעלכע וואַגאָנעס האָט מען אונדז אויך אַהער געפירט. מיט דעם חילוק נאָר, וואָס איצט זענען זיי אָפענע, מיט נישט קיין פאַרקראַטעוועטע פענצטערלעך — ווי פאַר פרייע בירגער... בני חורין...

דער עולם האָט זיך דערווייל אויסגעשפּרייט רחבותדיק אויפן גראָז, לענג־אויס די באַן־שינעס.

דעם גאַנצן טאָג האָט מען זיך שוין אַזוי אַרום דערנערט מיטן „סו־כאָי פּאַיאָק": מיטן ברויט און הערינג און פאַרטרונקען מיט וואַסער פון

וואַנען עס האָט זיך נאָר געלאָזט. עס האָט זיך ווידער אָנגעהויבן דער דורשט און דאָס גיסן אין זיך אַריין וואַסער, אַקוראַט ווי אויפן לאַנגן וועג צום לאַגער. ווער עס האָט זיך נישט געפוילט, האָט אויפגעלייגט אַ שייטער און געמאַכט „קיפּיאַטאָק״.

היות ווי מען מוז דאָ פאַרברענגען דעם גאַנצן טאָג, איז דער עולם צעקראָכן געוואָרן פונעם פלאַץ. ווער עס האָט זיך אַוועקגעלאָזט אין שטעטל אַריין זוכן מאַכאָרקע אָדער עפּעס אַ משקה; ווער עס האָט אויפגעלייגט אַ שייטער; ווער עס האָט סתם אַרומגעקראָכן איבער דעם אַרום, זיך קוויקנדיק מיט דער פרייהייט...

ערשט שפּעט ביינאַכט האָט דער צעצויגענער און צעוואָקסענער עשאַלאָן אָנגעהויבן איינצושלינגען די מחנה. אויך דאָסמאָל אַ שטיקעניש, אַן ענגשאַפט, — צו 40 מענטשן אין אַ וואַגאָן. הוילע נאַרעס. מען האָט זיך אויסגעלייגט אויף די האַרטע ברעטער.

— קיין דאגה נישט, — זאָגט קאָזלאָווסקי ביי מיין זייט, — אַבי מיר פאָרן שוין צ ו ר י ק וו ע ג ס... זאָל ברעכן, זאָל שטעכן אין די זייטן... אַפילו אויף אַ קאָטשערע רייטנדיק וואָלט איך פון דאַנען געפלויגן...

אַ לאַנגער פייף פון לאָקאָמאָטיוו ווייט אין דער נאַכט אַריין — און מיר פאָרן לסוף. מיר פאָרן אויף אַן אמת. ס׳איז נישט קיין חלום... דער צוג לויפט שוין און די רעדער רוישן...

— טראַ־טאַ, טראַ־טאַ, טראַ־טאַ — — — —

מיר פאָרן צ ו ר י ק, צ ו ר י ק, צ ו ר י ק — — — —

די טירן זענען נישט פאַרריגלט. קיינער פון דער „נ. ק. וו. ד.״ באַגלייט אונדז נישט. צווישן די וואַגאָנעס אין די וואַך־טורעמלעך זענען נישטאָ קיין שומרים מיט אויטאָמאַטן... און קיין „פּאָווערקאַ״ מאַכט מען אויך נישט אין די וואַגאָנעס...

מיר פאָרן אונטער דער אויפזיכט פון אייגענע — פון אַן אייגענעם „שטאַב״: עטלעכע פוילישע אָפיצירן, אַ מיליטערישער דאָקטער, סאַניטאַרן.

איך ליג אין דער פינצטער אויף דער נאַרע און מיינע אויגן זענען אָפן. וואַך דאָס האַרץ און וואַך די מחשבות.

עס טראַכט זיך, עס חשבונט זיך:

אַ יאָר אַזוי פאַרביי... אַ יאָר — אַ קאָשמאַר... אַ יאָר — אַ פילפאַך

געכופלטער... די צרות און פּלאָגן פון דעם אײן יאָר וואָלטן נאָך צופיל געווען פאַר אַ גאַנץ לעבן — — —

אַ יאָר — פאַרשאָלטן פון אַ בייזן טײוול — — — — — — — — —

פון דער נשמה־טיפעניש רײסט זיך אַ ברענדיקע קללה דער קנעכט־שאַפט!

## 86

# אונטערן גערויש פון די רעדער

זענען פאַרגאַנגען די ערשטע מעת־לעתן אונטערן גערויש פון די שטאָלענע רעדער. דער עשאַלאָן ציט זיך אַלץ ווײטער און לאָזט איבער הינטער זיך די צעזײטע „זאָנעס" אינעם מלכות פון לאַגערן...

אויף אײנער אַ סטאַנציע האָט מען אונדזער עשאַלאָן אויסגעפּוצט גאָר יום־טובדיק. פון אויסנווייניק האָט מען די וואַגאָנעס דעקאָרירט מיט גרינע צווײגלעך. זאָל מען זען, אַז דאָ פאָרן פרײע בירגער... נישטאָ שוין דאָ אויף די וואַגאָנעס די אָנשריפט מיט ריזיקע בוכשטאַבן: „ווראַגי נאַראָדאַ" (פיינט פון פאָלק)... פון די אָפענע וואַגאָן־טירן טראָגט זיך געזאַנג: מ׳זינגט פּוילישע און יידישע לידער...

אויף די סטאַנציעס קוקט מען אונדז אָן בײגעריק: אַ זינגענדיקער עשאַלאָן?!... אַ זעלטנקײט אין רוסלאַנד, אַז אַן עשאַלאָן זאָל זינגען...

אויף גרעסערע סטאַנציעס בלײבט דער עשאַלאָן שטײן. אָפט שטײט ער גענוג לאַנג. דער וועג איז פאַרנומען. עולם כאַפּט זיך אַראָפּ אַ קוק טאָן, אַ שמעק טאָן, צי עס איז פאַראַן עפּעס צו קויפן. איך זוך אויף אײן סטאַנציע אַ צײטונג און געפין נישט: „נישטאָ שוין" — ענטפערט מען מיר.

— אַ צײטונג זאָל אויספעלן?! — וווּנדער איך זיך.

— מען צעכאַפּט... — ענטפערט מען מיר, — ווער עס קויפט טאַקע צו לײענען און ווער — צו רויכערן...

— צו רויכערן?!

— אַזוי, אַזוי, גראַזשדאַנין...

כאַפּ איך אַ שמועס מיט עפּעס אַ „גראַזשדאַנין", וועלכער וואַרט אויפן פּעראָן אויף אַ צוג. איך פרעג אים אויס וועגן פראַנט.

— נישט גוט... — ענטפערט יענער, — מען שלאָגט זיך גאָר שטאַרק... דער גערמאַן רייסט זיך צו מאָסקווע... אונדזערע קעמפן פאַר־ביטערט... אין אַפריקע גייט עס בעסער: דאָרט קריגט דער דייטש קלעפּ פון דע־גאָלס אַרמיי און פון די ענגלענדער...

ער דערציילט מיר אויך, אַז אין קאָטלאַס זענען שוין פאַראַן אַ סך „ביעזשענצעס" פון די שטעט אַרום פראַנט. ער האָט אַליין גערעדט מיט זיי. זיי דערציילן שרעקלעכע זאַכן וועגן די דייטשן. אַזעלכע „מערזאַוו־צעס!" זיי שעכטן פרידלעכע איינוווינער פון די פאַרנומענע שטעט...

אין אונדזערע וואַגאָנעס האָט אַריינגעדרונגען דער געשפּענסט פון מלחמה... אויף די נאַרעס האָט מען גערעדט מיט אומרו און שרעק וועגן אונדזערע שטעט, ווו דער דייטש געוועלטיקט פראַנק און פריי... ווער ווייס, וואָס פון אונדזערע היימען איז געוואָרן?

ביינאַכט זענען מיר אָנגעקומען אין קאָטלאַס. אַ חושך, אַ בלינדע פינצטערניש. מען זעט נישט קיין פייער. די שטאָט איז שוין אין „זאַטמע־ניע" (פאַרטונקלונג). די וואָקזאַל־פענצטער זענען פאַרהאָנגען. די לאַמ־טערנעס דאָ־דאָרט זענען פאַרמאַסקירט מיט שוואַרצן לייוונט. די נאַכט איז געווען אָנגעפילט מיט אומעט און אימה.

אַזוי ווייט, הייסט עס, דערגייט שוין די סכנה פון שונאס ליפּט־משחיתים!...

פון קאָטלאַס און ווייטער איז אומעטום אַזוי געווען: ווו אַ סטאַנציע, אַ ישוב — פאַרטונקלונג אין די נעכט. מיר פאָרן, הייסט עס, נענטער, נענטער צום מלחמה־אומגליק...

מיר זענען שוין אין קיראָוו (וויאַטקע). דער עשאַלאָן שטייט דאָ לאַנג. אונדזער עולם צעקריכט זיך איבער דער צפון־שטאָט. מען גייט פראַנק און פריי איבער די גאַסן, מען דרייט זיך אום אויפן באַזאַר. מען נישטערט, מען זוכט וואָס צו קויפן. מען זוכט אַ „סטאָלאָוואַיאַ".

אויף איינער אַ גאַס האָב איך געהאַט אַ נישט־אָנגענעמע מינוט: עס האָט מיך פאַרהאַלטן אַ „נ. ק. וו. ד.יסט" און געהייסן מיר ווייזן מיינע דאָקומענטן... כאָטש איך האָב געוווסט, אַז מיין באַפרייאונגס־שיין פון דער פאַרוואַלטונג פון די אוכטאַ־איזשעמער לאַגערן וועט מיר ביישטיין, פונדעסטוועגן האָט בלויז דאָס לעגיטימירן מיך ביי מיר אַרויסגערופן אַ

שלעכט געפיל. עס איז מיר בכלל נישט ניחא צו קוקן אַפילו אויף די פּאַר־שוינען אין די היטעלעך מיט די רויטע „נ. ק. וו. ד.״־„אָקאָלאָזשקעס״. בפרט אַז זיי נעמען זיך לעגיטימירן... ווער ווייס, צו וואָס זיי קאָנען זיך טשעפּען... אַ קשיא אויף אַ מעשה...

היות ווי אין קיראָוו האָב איך געהאַט אַ סך צייט, האָב איך דאָ גע־קאָנט דערפילן מיין הבטחה, וואָס איך האָב געגעבן מיין לאַגער־פריינד גורעוויטש: איך האָב אָנגעשריבן צוויי בריוו צו זיין פאַמיליע אויף די צוויי אַדרעסן, וואָס ער האָט מיר געגעבן — קיין טאַמבאָוו און קיין מאָס־קווע. איך האָב געשריבן צו זיין פרוי:

„עס רעדט צו אייך אַ פריינד פון אייער מאַן. כ׳בין געווען צוזאַמען מיט אים אַ גאַנץ יאָר אין איין אָרט. דאָס איז זייער ווייט, ווייט. אייער מאַן איז זייער אַן איידעלער מענטש און איך האָב אים זייער ליב געקריגן ווי אַ גוטן חבר. ליידער האָט ער נישט געקאָנט אַרויספאָרן פון יענעם אָרט צוזאַמען מיט מיר, כאָטש ער האָט עס זייער און זייער געוואָלט. ער מוז דאָרט אַרבעטן נאָך 5 יאָר... ער לעבט נאָר מיט דער האָפענונג אייך ווידער צו זען...

איך פאָר עס איצט פון קאָמי־אסס״ר, ראַבאָטשי פּאָסיאָלאָק אוכטאַ, פּאָסט־קעסטל 226, 3טער לאַג־פּונקט, 2טער ניעפּטאָפּראָמיסל״.

אַז גורעוויטשעס פרוי וועט באַקומען דאָס דאָזיקע בריוול, וועט זי קודם־כל געוויר ווערן, אַז איר מאַן לעבט, און צווייטנס — ווו ער געפינט זיך. אפשר קאָן זיך אַמאָל שאַפן אַ מעגלעכקייט צו טאָן פאַר אים עפּעס...

## 87

## די מאַקאַברישע לוויה

אויפן וועג זענען באַלד געקומען די רעזולטאַטן פונעם „סוכאָי פּאַ־יאָק״ — דער עיקר פון די הערינג: דער עולם האָט געטרונקען וואַסער ווו און ווּעלכע עס האָט זיך געמאַכט און פאַרסמט זיך מיט מיקראָבן. עס האָט זיך פאַרשפרייט איבער די וואַגאָנעס די דעזינטעריע... די ערנסטע קראַנקע האָט מען איבערגעפירט אין סאַניטאַר־וואַגאָן; אָבער די קראַנקייט האָט אַוואַנסירט.

איין טאָג דערפֿיל איך זיך אויף זייער קראַנק: די זעלבע צרה! די זעלבע סימפּטאָמען. אין אַן ערנסטער פֿאָרם. איך האָב גרויס פֿיבער. דער פּוילישער דאָקטער גייט פֿון וואַגאָן צו וואַגאָן און פֿרעגט אויף קראַנקע. איך מעלד זיך צו אים. ער באַטראַכט מיך און הייסט מיר איבערגיין אין סאַניטאַר־וואַגאָן.

אין סאַניטאַר־וואַגאָן איז פֿאַראַן אַ שטענדיקער דעזשורני — אַ סאַניטאַר, וועלכער טיילט אויס איטלעכן חולה מעדיקאַמענטן. איך באַקום טאַבלעטן, אָבער עס ווערט מיר נישט בעסער. אַלע נאַרעס זענען שוין דאָ פֿול. כסדר לויפֿן די קראַנקע צו דעם לאָך אין דיל מיט זייערע יסורים און בלוט־אויסגוסן... די לופֿט איז דאָ אַ שווערע, אַ פֿאַרסמטע. פֿון די נאַרעס טראָגט זיך אַ כסדרדיק קרעכצן... פֿאַראַן דאָ עטלעכע שווער־קראַנקע — דער עיקר דער פֿאָליאַק, וועלכער ליגט אויף דער אונטערשטער נאַרע, פּונקט אונטער מיר. יענער קרעכצט שוין זייער שוואַך... ער האָט שוין קיין כּוח נישט צו קרעכצן...

צווישן די דעזינטעריע־קראַנקע איז פֿאַראַן איין יידישער בחור, וועלכער האָט אויך אַן אַטאַק אויף די נירן. יענער וואַרפֿט זיך ממש פֿון שרעקלעכע יסורים. ער ליגט אַנטקעגן מיר אויף דער נאַרע און כ׳זע ווי ער קאָרטשעט זיך. מען דאַרף אים מאַכן אַן איינשפּריצונג; אָבער אין סאַניטאַר־אַפּטייקל פֿעלט די נייטיקע אַמפּולקע...

אַזוי האָבן מיר זיך דורך טעג און דורך נעכט דערשלעפּט ביז צו דער וואָלגע־שטאָט — צו ג אָ ר ק י (ניזשני־נאָווגאָראָד). אויך דאָ שטייט דער עשאַלאָן היפּשע שעהען. עס גלוסט זיך מיר זייער אַראָפּגיין און כאַפּן אַ קוק אויף מאַקסים גאָרקיס שטאָט; אָבער כ׳בין שוואַך און אויסגעשעפּט פֿון דער קראַנקייט. איך קוק נאָר מיט נייגעריקע בליקן דורכן וואַגאָן־פֿענצטערל צו דער אויסגעשפּרייטער פּאַנאָראַמע פֿון דער שטאָט, צו די גאַסן און הויכע פֿאַבריק־קוימענס. נישט ווייט פֿון וואָקזאַל, אויף אַ סקווערל, זע איך איינגעגראָבן אַ באַטערייע פֿון דער זעניט־אַרטילעריע, פֿאַרמאַסקירט מיט גרינע צווייגן. דאָס איז מען דאָ גרייט צו באַגעגענען די דייטשע באָמבאַרדיר־אַוויאָנען... די מלחמה, זעט אויס, שפּרייט זיך אַלץ טיפֿער אין לאַנד.

אין גאָרקי האָבן זיך אונדזערע עלטסטע מיטן דאָקטער בראש באַמיט מען זאָל אויפֿנעמען די קראַנקע אין אַ שפּיטאָל; אָבער ס׳איז נישט געלונגען: די שפּיטאָלן זענען דאָ פֿול מיט פֿאַרווונדעטע פֿון פֿראָנט...

— ווייטער איז עס לייכטער... — האָט מען זיי געענטפערט.
פאַרט מען שפּעטער ווייטער.

דערווייל איז דעם שווערן חולה אונטער מיר אויף דער אונטערשטער נאַרע געוואָרן אַלץ ערגער. ער האָט אָנגעהויבן שווער צו כאָרכלען מיטן האַלדז, ראַנגלען זיך אין אַנגסטיקע יסורים און איז פּלוצלונג גאָר אַנט־שוויגן געוואָרן... אויף אייביק אַנטשוויגן געוואָרן...

אַז דער פּוילישער דאָקטער איז אויף דער ערשטער סטאַנציע אַרויפ־געקומען אין וואַגאָן און אַ קוק געטאָן צו אים, האָט ער נאָר אַ מורמל געטאָן:

— ניע מיאַל שטשענשטשיא... (ער האָט נישט געהאַט קיין מזל...).
ד״ה, ער האָט נישט געהאַט קיין מזל צו דערלעבן די פרייהייט...

אויף דער דאָזיקער סטאַנציע — געווען איז עס אין אַרזאַמאַס — האָט מען אונדז אַלעמען געהייסן אַרויסקריכן פון סאַניטאַר־וואַגאָן. דעם טויטן האָט מען אַרויפגעלייגט אויף אַ טראַג־בעטל. און אַזוי האָט זיך פון אונדזער סאַניטאַר־וואַגאָן ביז צו דער סטאַנציע — אַ היפּשער מהלך — געצויגן אַ מאַקאַברישע פּראָצעסיע: פאָראויס האָט מען געטראָגן דעם טויטן און מיר אַלע, די קראַנקע, זענען נאָכגעגאַנגען פון הינטן. עס האָט אויסגעזען ווי אַן אויסטערלישע לוויה...

ביי דער זייט זענען געגאַנגען די סאַניטאַרן מיטן דאָקטער בראש. און אַזוי זענען מיר צוגעקומען צום סאַניטאַר־פּונקט: אַ קליין הייזל ביים וואָקזאַל.

פאַרן אַריינגאַנג האָבן מיר זיך אָפּגעשטעלט. דאָס טראָג־בעטל מיטן בר־מינן האָט מען אַנידערגעשטעלט דערנעבן.

דער דאָקטער מיט די סאַניטאַרן זענען אַריין אינעווייניק און אין אַ ווײַלע אַרום זענען אַרויסגעקומען פון דאָרט עטלעכע מענטשן אין ווייסע כאַלאַטן. זיי האָבן אַ קוק געטאָן אויף אונדזער עולם, אויפן בר־מינן — און זיך ווי געבעטן:

— צום באַדויערן... נישטאָ קיין ערטער...

אונדזערע סאַניטאַר־לייט האָבן זיך דאַן געווענדט צו דער „ב. ק. וו. ד.״־אָפּטיילונג אויפן וואָקזאַל. עס איז אַרויסגעקומען אַן אָפיציר, אַ קוק געטאָן אויף אונדזער היפּשן עולם קראַנקע און געדריקט מיט די אַקסלען:

— סטאָלקאָ נאַראָדו...

ער האָט גערעדט עפּעס אין דער שטיל מיט די סאַניטאַרן פון דער אַמבולאַטאָריע און לסוף זיך אָפּגערופן:

— מ׳קען גאָרנישט מאַכן... ס׳איז איבערפולט...

דער עלטסטער פון דער אַמבולאַטאָריע האָט פאַרזיכערט, אַז אַביסל ווייטער, אין לוקיאַנאָוו, זענען פאַראַן עטלעכע שפּיטאָלן, און אַז דאָרטן קאָן מען יאָ אויפנעמען די קראַנקע.

— און וואָס טוט מען מיטן טויטן? — פרעגט אונדזער דאָקטער.

— דעם טויטן נעמען מיר צו... לאָזט אים איבער... — ענטפערט מען. — פאַר „אים" וועלן מיר געפינען אַ פּלאַץ...

און אַזוי האָבן מיר זיך געמוזט צוריק אומקערן אין סאַניטאַר־וואַגאָן, — שוין אָן דעם בר־מינן... און אַזוי איז דער עשאַלאָן ווייטער געפאָרן...

דער דאָקטער פאָרט דאָסמאָל מיט אונדז אין סאַניטאַר־וואַגאָן. עס איז אים איינגעפאַלן אַ „טריק", כדי אויף דער ווייטערדיקער סטאַנציע — לוקיאַנאָוו — זאָל נישט געשען דאָס זעלבע וואָס פריער. דער דאָקטער „רעפּעטירט" מיט אונדז איין:

— אין לוקיאַנאָוו וועלן מיר אייך צופירן צום סאַניטאַר־פּונקט ביים וואָקזאַל. איר וועט אַריינגיין אינעווייניק און נישט אָפּטרעטן פון דאָרט... מיר וועלן זיך תיכף צוריקציען אין עשאַלאָן און גאָרנישט זיין דערביי... זאָלן זיי נישט האָבן צו וועמען צו רעדן... דער עשאַלאָן וועט דערווייל אַוועקגיין... איר זאָלט זיך דאָרט אַלע אויסלייגן אויף דער פּאָדלאָגע און קרעכצן... אַזוי אַרום וועט מען אייך מוזן אויפנעמען אין אַ שפּיטאָל... זראָזומיעלישטשע, ראָדאַצי?... (איר האָט פאַרשטאַנען, לאַנדסלייט?...).

און אַזוי איז טאַקע געווען:

אַז מיר זענען פאַרנאַכט אָנגעקומען אין לוקיאַנאָוו, זענען אונדזערע סאַניטאַרן באַלד אַראָפּ צום וואָקזאַל געוויר ווערן ווו עס געפינט זיך דאָ דער סאַניטאַר־פּונקט. אין אַ קורצע ווײַלע אַרום זענען זיי צוריקגעקומען מיט אימפּעט:

— פרענדזעי, פרענדזעי! (שנעלער, שנעלער!).

מיר זענען אַלע אַרויסגעקראָכן פון סאַניטאַר־וואַגאָן.

— כאָדזשציע! (קומט!).

מיר זענען נאָכגעגאַנגען נאָך די וועגווייזער.

— אָט דאָרט. איר זעט? דאָס פאַרטער־הויז הינטערן וואָקזאַל —

דאָס איז די אַמבולאַטאָריע. גייט אַלע אַריין אַהין און בלייבט דאָרטן. קיין צוריקוועגס איז נישטאָ...

— ז׳פּאַנעם באַגיעם! (מיטן האר גאָט!), — געזעגנט אונדז אונדזער דאָקטער מיט אַ האַנט־פּאַכען.

די סאַניטאַר־לייט בלייבן שטיין און מיר, חולאים, לאָזן זיך אַהין, צו דער אַמבולאַטאָריע.

מיר שיטן זיך אַלע אַריין איינע נאָך די אַנדערע דורך דער אָפענער טיר אין קאָרידאָר פון דער אַמבולאַטאָריע. קיינער איז גראָד פאָרנט נישטאָ. מיר לייגן זיך אַלע גלייך אויס אויף דער פּאָדלאָגע אין קאָרידאָר. מיר הייבן אָן צו קרעכצן... דער נירן־קראַנקער קרעכצט אויף אַן אמת... ער קאָרטשעט זיך אַלץ פון יסורים...

פּלוצלונג עפנט זיך די טיר פון אַ קאַבינעט און עס ווייזט זיך אַ פרוי אין אַ ווייסן כאַלאַט.

— וואָס איז דאָס פאַר אַן עולם? ווער זענט איר? — ווערט זי אַזש אַ דערשראָקענע...

— קראַנקע...

— פון וואַנען קומט איר אַהער?...

— פּאָליאַקן... פון אַן עשאַלאָן... אונדזער עשאַלאָן איז אַוועקגעפאָרן אין דער פּוילישער אַרמיי...

זי כאַפּט זיך פאַרן קאָפּ:

—אָבער וואָס וועל איך טאָן מיט אייך? מיר האָבן דאָ נישט קיין ערטער. אַזוי פיל מענטשן... וואָס איז אייך?

— דעזינטעריע...

— אַ נירן־אַטאַק... — רופט זיך אָפּ דער יידישער בחור. — ראַטעוועט!...

זי גייט צו צו אים:

— שוין לאַנג אַזוי?

— פון אינדערפרי אָן. איך האַלט שוין נישט אויס. אוי! אוי!

זי גייט אַריין אין קאַבינעט און קומט אין אַ ווײַלע אַרום אַרויס מיט אַ שפּריצער. זי מאַכט אים אַן איינשפּריצונג.

זי קוקט אונדז ווידער אָן אין דער גרעסטער פאַרלעגנהייט:

— אָבער וואָס טו איך מיט אייך אַלעמען? דאָ איז נישט קיין שפּיטאָל.

— טאָ רעדט מיטן שפּיטאָל מען זאָל אונדז אויפנעמען.

זי גייט צוריק אַריין אין קאַבינעט. די טיר לאָזט זי אָפן. זי טעלע־פאָנירט ערגעץ. מיר הערן איר שטים:

— פאַראַן ביי אייך פּלאַץ פאַר אַ 20 פּערזאָן? ניין? נישטאָ? וואָס־זשע טו איך מיט זיי? יאָ, יאָ... שווער קראַנקע... נעמט אַריין כאָטש אַ 6־5 קראַנקע... ניין? איז כאָטש אַ 3־4... יאָ?... ספּאַסיבאָ...

באַלד הערן מיר ווידער אַ טעלעפאָנישן שמועס מיט אַן אַנדער שפּיטאָל:

— וויערע אַלעקסאַנדראָוונאַ?... כ׳בעט אייך... מיר האָבן 16 שווער קראַנקע פון אַן עשאַלאָן... מען מוז זיי אויפנעמען... דעזינטעריע... מיר האָבן דאָך נישט קיין שום בעטן... איר מוזט... איר מוזט... איך בעט אייך, וויערע אַלעקסאַנדראָוונאַ... וויפל? אַכט קראַנקע?... נישט מער?... כ׳בעט אייך, שטעלט צו עטלעכע בעטן אין קאָרידאָר... לאַדנאָ... לאַדנאָ... מאָרגן פרי?... באַלשאָיע ספּאַסיבאָ, וויערע אַלעקסאַנדראָוונאַ!

זי קומט אַרויס מיט דער בשורה, וואָס מיר אַליין האָבן שוין גע־הערט דורך דער אָפענער טיר:

— מאָרגן פרי וועט מען אייך אויפנעמען אין שפּיטאָל. אייגנטלעך אין צוויי שפּיטאָלן. די היינטיקע נאַכט וועט איר שוין איבערנעכטיקן דאָ אויף דער פּאָדלאָגע, כאָטש ס׳איז נישט דערלויבט... פאַרפאַלן, נישטאָ קיין עצה... אַ פּאָר מענטשן קאָנען אַריינגיין אין קאַבינעט...

ס׳איז שוין פונקט געווען פאַרנאַכט. איך בין געגאַנגען אַריין אין קאַבינעט און זיך דאָרט אויסגעצויגן ביי אַ וואַנט אויף דער רויטער, ריי־נער פּאָדלאָגע. נאָך מיר זענען אַריין נאָך צוויי קראַנקע און האָבן זיך אויס־געלייגט אַנטקעגן ביי דער וואַנט. די רעשט איז געבליבן אין געראַמען קאָרידאָר.

— נו, רעביאַטאַ, איר האָט מיר אָנגעמאַכט אַ זאָרג...

— וואָס זענען מיר שולדיק, סעסטריצאַ?...

— פון וואַנען פאָרט איר עס אַלע?

— פון לאַגער, סעסטריצאַ... אויפן לאַנגן וועג זענען מיר קראַנק געוואָרן...

— פון וואַנען? פון וועלכן לאַגער?...

— פון קאָמי.

— פון קאָמי?!

— וואָס וווּנדערט איר זיך אַזוי, סעסטריצאַ? איר ווייסט פון קאַמי?...
— איך, גאָט צו דאַנקען, ווייס נישט... אָבער... מיין ברודער ווייס...
— אין וועלכן „אַלף" *) איז אייער ברודער געווען?...
— ניע וואַזשנאָ... (נישט וויכטיק...), — כאַפּט זי זיך פּלוצלונג, אַז זי איז מיט אונדז געוואָרן צופיל באַרעדעוודיק און האָט גענומען רעדן מיט אונדז וועגן עפּעס אַנדערש.

זי זאָגט אונדז אָן, מיר זאָלן זיך פאַרהאַלטן רואיק, נישט שמוציק מאַכן די פּאָדלאָגעס... אַז די „אובאָרנאַיאַ" געפינט זיך באַלד הינטער דעם הויז.

זי איז אַרויס און מער האָט זי זיך נישט געוויזן אַ גאַנצע נאַכט.

„ווי מאָדנע, — האָט זיך מיר געטראַכט, — דער ערשטער מענטש, וועמען מיר באַגעגענען אויף דער פריי, האָט אַ שייכות צום לאַגער... שמאַכטן דאָך אין די לאַגערן גאַנצענע מיליאָנען!" — — —

די קראַנקע אויף דער פּאָדלאָגע האָבן געשמאַק געשנאָרכט — אַ חוץ אין די מאָמענטן, בעת מען האָט געמוזט „לויפן" אין „אובאָרנאַיאַ", גע־טריבן פון דער חולאת... דאָס האָט זיך נישט זעלטן איבערגעחזרט...

די עלעקטרי איז געווען אויסגעדרייט. כ'בין געלעגן אויפן דיל מיט אַזאַ הרחבה, גלייך ווי כ'וואָלט געלעגן אין אַ פּאַלאַץ. די ערשטע נאַכט אין אַ שטוב, כאָטש נישט אין קיין פּריוואַטער שטוב. ס'איז מיר אַפילו באַקוועם, ס'איז מיר וואַרעם. וואַרעם אין גוף און וואַרעם אין דער נשמה... דורכן פענצטער האָט אַריינגעקוקט נאָך נישט קיין פולע, אָבער קלאָרע לבנה. אין דרויסן איז אַ קילע, בלויע סעפּטעמבער־נאַכט. כ'האָב געקוקט מיט אַזוי פיל בענקעניש אין דער בלויער נאַכט אַריין. מיין ערשטע נאַכט אין אַ צופעליקער רוסישער שטאָט. אַ נאַכט אויף דער פריי... אין אַ כאָטע אָן דראָט־פאַרצוימונגען... אָן אַ „סטריעלאָק"... איז עס אמת?... אמת?... אָדער חלומט זיך עס מיר?...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

אינדערפרי האָט מען אונדז אין עטלעכע פורלעך אָפּגעפירט אין די שפּיטאָלן. איך מיט צוויי פּאָליאַקן און איין אוקראַינער זענען אַריינגענו־מען געוואָרן אין ערגעץ אַ קליין שפּיטאָלעכל, וווּ עס זענען געווען נאָר געציילטע פּאַלאַטעס.

---

*) „אַלף" — אָפּטיילונג פון לאַגער־פּונקט.

נאָכן אויסבאָדן זיך אין אַ פּרימיטיווער צינענער וואַנע, נאָכן אָנטאָן די גראָבע, אָבער ריינע שפּיטאָל־וועש, בין איך שוין געלעגן אין זאָרגלאָזער מנוחה אין אַ ווייס־אויסגעבעטן אייזערנעם בעטל, אונטער אַ ריינעם צודעק.

כ'האָב רואיק אַרויסגעקוקט דורכן פענצטער, וואָס ביי מיין צו־קאָפּנס, צו דער גאַס — צ ו ם ל ע ב ן...

עס איז אַריינגעקומען אַ דאָקטערין מיך באַטראַכטן. (ווי כ'בין שפּע־טער געוווּיר געוואָרן — אַ יידישע דאָקטערין, עוואַקואירט פון לענינ־גראַד).

— זינט ווען זענט איר קראַנק? וויפל טעג? — פרעגט זי מיך.

איך זאָג איר.

— אייגנטלעך, — גיב איך צו, — אַ יאָר קאָמי — דאָס איז אַ יאָר קראַנקייט!... דאַן בין איך שוין העכער אַ יאָר קראַנק!...

זי שמייכלט. זי, די באַחנטע יידישע פרוי, האָט פאַרשטאַנען מיין טרויעריקן שפּאַס...



דער דאָזיקער שפּיטאָל מיט זיין סביבה — דער „מעד־פּערסאָנאַל" (מעדיצינישער פּערסאָנאַל) מיט די חולאים — איז געווען פאַר מיר די ש וו ע ל, ד ע ר ע ר ש ט ע ר ט ר י ט צו דער סאָוויעטישער „פריי־הייט"...

אַ נייע מגילה האָט זיך אָנגעהויבן פאַנאַנדערוויקלען פאַר מיינע אָפענע אויגן...

פּאַריז — בוענאָס איירעס, 3־1952.

# ביכער פון אברהם זאַק

אַקאָרדן (לידער), גראָדנע 1918.
אַקאָרדן (לידער), צווייטע אויפלאַגע, פאַרלאַג מ. י. פרייד, וואַרשע 1921.
רגעס פון טרוים (טאַנקעס), פאַרלאַג א. גיטלין, וואַרשע 1919.
צווישן פיר ווענט (לידער), פאַרלאַג מ. י. פרייד, וואַרשע 1920.
אונטער די פליגל פון טויט (מלחמה־בוך), צווײ אויפלאַגעס, פאַרלאַג „די צייט", וואַרשע 1921—3.
אונטער די פליגל פון טויט (דריטע אויפלאַגע), פאַרלאַג בנימין האַרץ, בערלין־ווין, 1929.
אונטער די פליגל פון טויט (רוסישע איבערזעצונג), „גאָסאיזדאַט", מאָסקווע 1930.
אין שאָטן (נאָוועלן), פאַרלאַג א. גיטלין, וואַרשע 1922.
די חורבה און דער פּאַלאַץ (קינדער־מעשה), פאַרלאַג „אַלט־יונג", וואַרשע.
אַ זומער־חלום (נאָוועלן), פאַרלאַג א. י. שאַפּיראָ, וואַרשע 1923.
אונטער הײמישע הימלען (פּיעסע אין 3 אַקטן), פאַרלאַג ח. בזשאָזאַ, וואַרשע 1926.
שטאָט־קאַשמאַרן (לידער), פאַרלאַג ח. בזשאָזאַ, וואַרשע 1926.
פּאָניע גנב (אַ כראָניק), פאַרלאַג א. גיטלין, וואַרשע 1929.
די פרוי פון שטאָט (נאָוועלן), קאָאָפּ. „ביכער", וואַרשע 1931.
מיט אַש אויפן קאָפּ (לידער), פאַרלאַג „דאָס נײַע לעבן", לאָדזש 1947.
יאָרן אין וואַנדער (לידער און פּאָעמען), פאַרלאַג „דאָס פּוילישע יידנטום", בוענאָס איירעס 1949.
צווישן שאָטנס (דערציילונגען), פון דער סעריע „ביכער פון יידישן פּען־קלוב", פּאַריז 1950.
אין אומרו פון יאָרן („וואַרשע 1939" און אַנד.), פאַרלאַג „יידבוך", ב. א. 1954.
(פּרעמירט מיט דער סטאַליאַר־פּרעמיע ביי „די אידישע צייטונג", ב. א. 1955).
פון אַלע נע־ונדן (לידער), הויפּט־פאַרקויף קולטור־קאָנגרעס, בוענאָס איירעס 1955.
קנעכט זענען מיר געווען, פאַרלאַג „דאָס פּוילישע יידנטום", בוענאָס איירעס 1956.

# איבערזעצונגען:

פּאַר שטוב און עסטראַדע (איבערזעצונגען), פאַרלאַג א. י. שאַפּיראָ, וואַרשע 1938.
מצירי (פּאָעמע פון מ. יו. לערמאָנטאָוו), „נייער פאַרלאַג", וואַרשע 1921.
דער פּאָטער (פּיעסע פון א. סטרינדבערג), פאַרלאַג „די צייט", וואַרשע.
די חתנים (קאָמעדיע פון נ. וו. גאָגאָל), פאַרלאַג „די צייט", וואַרשע.
דאָס רעכט אויף ליבע (פּיעסע פון מאַקס נאָרדוי), פאַרלאַג „אונדזער בוך", וואַרשע.
רודין (ראָמאַן פון א. ס. טורגעניעוו), פאַרלאַג ח. בזשאָזאַ, וואַרשע.
די ערשטע ליבע (פון א. ס. טורגעניעוו), פאַרלאַג ח. בזשאָזאַ, וואַרשע.
קלאַרע מיליטש (פון א. ס. טורגעניעוו), פאַרלאַג ח. בזשאָזאַ, וואַרשע.

# דאָס פּױלישע ייִדנטום

ביכער-סעריע פון דעם צענטראַל-פאַרבאַנד פון פּוילישע ייִדן
אין אַרגענטינע

רעדאַקטאָר: מאַרק טורקאָוו

פאַרלאַג־לײַטער: אַבֿרהם מיטלבערג

**ביז איצט דערשינען:**

31) **שמחה פּאַליאַקיעוויטש — אַ טאָג אין טרעבלינקע**
32) **מרדכי שטריגלער — אין די פאַבריקן פון טויט**
33) **אברהם נחתומי** — אין שאָטן פון דורות
34) **יחיאל לערער** — מיין היים (אויספאַרקויפט)
35) **יוסף וואָלף** — לייענענדיק פּרצן...
36) **צפּורה קאַצענעלסאָן־נאַכומאָוו** — יצחק קאַצענעלסאָן
37) **י. הירשהויט** — פינצטערע נעכט אין פּאַוויאַק
38) **נחום סאָקאָלאָוו** — פּערזענלעכקייטן
39) **רחל קאָרן** — היים און היימלאָזיקייט (לידער)
40) **א. אלמי** — מאָמענטן פון אַ לעבן
41) **מנשה אונגער** — פּשיסכע און קאָצק (אויספאַרקויפט)
42) **מ. בורשטין** — איבער די חורבות פון פּלוינע
43) **מ. קיפּניס** — הונדערט פאָלקס־לידער (אויספאַרקויפט)
44) **ז. סעגאַלאָוויטש** — מיינע זיבן יאָר אין תל־אביב (אויספאַרקויפט)
45) **ד״ר ח. שאָשקעס** — אַ וועלט וואָס איז פאַרביי... (אויספאַרקויפט)
46) **שלמה וואַגאַ** — חורבן טשענסטאָכאָוו
47) **אברהם זאַק** — יאָרן אין וואַנדער (לידער)
48־49) **ש. איזבאַן** — פאַמיליע קאַרפּ (אויספאַרקויפט)

(פּרעמירט דורכן צבי־קעסעל־ליטעראַטור־פאָנד, מעקסיקע 1950)

50) **ד״ר א. מוקדוני** — מיינע באַגעגענישן (זכרונות)
51) **ר. שושנה־קאַהאַן** — אין פייער און פלאַמען (אויספאַרקויפט)
52) **י. י. טרונק** — די יידישע פּראָזע אין פּוילן
53) **יאָנאַס טורקאָוו** — אין קאַמף פאַרן לעבן (אויספאַרקויפט)
54) **יצחק פּערלאָוו** — די מענטשן פון „עקזאָדוס 1947״ (ראָמאַן)
55) **פּנחס ביזבערג** — שבת־יום־טובדיקע יידן
56־57־58) **שלום אַש** — פּעטערבורג־וואַרשע־מאָסקווע
59) **ד״ר פיליפּ פרידמאַן** — אָשוויענטשים
60) **ב. ראָזען** — טלאָמאַצקע 13
61־62) **דוד פלינקער** — אין שטורעם (ראָמאַן)
63) **יאַנוש קאָרטשאַק** — משהלעך, יאָסעלעך, ישראליקלעך
64—65) **מרדכי שטריגלער** — „ווערק צע״

(פּרעמירט דורכן האָפּער־לייב ליטעראַטור־פאָנד ביים יידישן קולטור־קאָנגרעס, בוענאָס איירעס 1951)

66) **חיים גראַדע** — שיין פון פאַרלאָשענע שטערן
67) **רבקה קוויאַטקאָווסקאַ** — פון לאַגער אין לאַגער
68) **יואל מאַסטבוים** — מיינע שטורמישע יאָרן (זכרונות)
69) **אליהו טראַצקי** — גלות דייטשלאַנד
70) **ד״ר י. שאַצקי** — קולטור־געשיכטע פון דער השכלה (אויספאַרקויפט)
71) **נחמן מייזיל** — געווען אַמאָל אַ לעבן... (אויספאַרקויפט)
72) **י. י. טרונק** — סימכע פּלאַכטע פון נאַרקאָווע (אויספאַרקויפט)

(פּרעמירט דורכן צבי־קעסעל־ליטעראַטור־פאָנד, מעקסיקע, 1951)

73) **יהודה עלבערג — אונטער קופּערנע הימלען** **(אויספאַרקויפט)**

(פרעמירט דורכן ליטעראַטור־פאָנד אין סאַן פּאַולאָ, בראַזיל, 1952)

74) **ד״ר א. מוקדוני** — אויסלאַנד

75) **זיגמונט טורקאָוו** — פראַגמענטן פון מיין לעבן

76) **יהושע פּערלע** — יידן פון אַ גאַנץ יאָר

(פרעמירט מיט דער פּרץ־פּרעמיע פון יידישן פּען־קלוב אין פּוילן און ליטעראַטור־־פּרעמיע פון „בונד״ אין פּוילן, וואַרשע 1937)

77) **יעקב לעשצינסקי** — ערב חורבן

78) **דניאל טשאַרני** — ווילנע

79) **ז. סעגאַלאָוויטש** — דער לעצטער לאָדזשער ראָמאַן

80) **יזכר־בוך** — בעלכאַטאָוו **(אויספאַרקויפט)**

81) **מ. י. שעליובסקי** — אויף אַ פולער וואָך

82—83) **יצחק פּערלאָוו** — דער צוריקגעקומענער **(ראָמאַן)**

84) **יוסף אָקרוטני** — דאָס בוך פון די עלנטע

85—86) **מרדכי שטריגלער** — גורלות

87) **ד״ר יוסף טענענבוים** — גאַליציע — מיין אַלטע היים

88) **זלמן שזר** — שטערן פאַרטאָג

89) **משה דוד גיסער** — דאָס געזאַנג פון אַ לעבן (אויספאַרקויפט)

90) **ז. י. אנכי** — ר׳ אבא און אַנדערע כתבים

91—92) **ד״ר עמנואל רינגעלבלום** — קאַפּיטלען געשיכטע

93) **שמעון האָראָנטשיק** — אין געדויש פון מאַשינען **(ראָמאַן)**

94) **גרשם באַדער** — מיינע זכרונות **(קראָקע)**

95—96) **יאַנאָס טורקאָוו** — פאַרלאָשענע שטערן

(פרעמירט דורכן צבי קעסעל־פאָנד, מעקסיקע 1954).

97—98) **אַלטער קאַציזנע** — שטאַרקע און שוואַכע **(ראָמאַן)**

99) **פּועה ראַקאָווסקי** — זכרונות פון אַ יידישער רעוואָלוציאָנערן

100) **מאַרק טורקאָוו** — די לעצטע פון אַ גרויסן דור

101) **י. הירשהויט** — יידישע נאָפט־מאַגנאַטן

(פרעמירט מיט דער מרדכי סטאָליאַר־פּרעמיע ביי „די אידישע צייטונג״, בוענאָס־איירעס 1955).

102) **משה זאַנשיין** — יידיש וואַרשע

103) **פּ. מינץ** — די געשיכטע פון אַ פאַלשער אילוזיע

104) **י. י. טרונק** — די וועלט איז פול מיט נסים **(ראָמאַן)**

105—106—107) **מיכאל באָרוויטש** — אַרישע פּאַפּירן

108—109) **מרדכי שטריגלער** — געאַרעמט מיטן ווינט **(היסטאָרישער ראָמאַן)**

110—111) **ד״ר א. מוקדוני** — אין וואַרשע און אין לאָדזש

(פרעמירט מיט דער האָפּער־לייב־פּרעמיע ביים יידישן קולטור־קאָנגרעס, ניו־יאָרק 1956).

112) **ברוך האַגער** — מלכות חסידות

(פרעמירט מיט דער מרדכי סטאָליאַר־פּרעמיע ביי „די אידישע צייטונג״, בוענאָס־איירעס 1956).

113) **ב. שעפנער** — נאַוואַליפּיע 7 **(זכרונות)**
114) **פּנחס שטיינוואַקס** — ייִדן צום געדענקען
115) ק. **צעטניק** — דאָס הויז פון די ליאַלקעס
116) **מאַקס ווײַנרײַך** — פון בײדע זײַטן פּלויט
117) **אליעזר וויזל** — ...און די וועלט האָט געשוויגן
118) ש. **בערלינסקי** — ירושה
119) **ד״ר יוסף טענענבוים** — צווישן מלחמה און שלום
120) **יוסף אָקרוטני** — סוף קאַפּיטל **(ראָמאַן)**
121) **זיגמונט טורקאָוו** — טעאַטער־זכרונות פון אַ שטורמישער צײַט
122) **בער י. ראָזען** — פּאַרטרעטן
123) **אברהם טענענבוים־ארזי** — לאָדזש און אירע ייִדן
124—125) **משה קאַגאַנאָוויטש** — די מלחמה פון ייִדישע פּאַרטיזאַנער אין מזרח־אייראָפּע
126—127) **אברהם זאַק** — קנעכט זענען מיר געווען...

## עס דרוקט זיך און דערשײַנט בקרוב:

**יעקב גלאַטשטיין** — ווען יאָש איז געפאָרן

## עס גרייט זיך צום דרוק:

**ד״ר יצחק שוואַרצבאַרט** — זכרונות

**שלמה פראַנק** — טאָג־בוך פון לאָדזשער געטאָ

**דוד פלינקער** — יאַנקל באַלעגאָלעס צײַטן **(ראָמאַן)**

**פּנחס וועלנער** — דערציילונגען

**מלך באַקאַלטשוק־פעלין** — זכרונות פון אַ ייִדישן פּאַרטיזאַן

# דאָס פּוילישע יידנטום

**הלל ראָגאָף** שרייבט וועגן ב. שעפנערס בוך „נאָוואָליפּיע 7“ („דער פאָרווערטס“, ניו־יאָרק, 18טער דעצעמבער 1955):

אין דער פאָררעדע צום בוך שרייבט ב. שעפנער: „נאָוואָליפּיע 7“ איז אַ זאַמלונג פון פעליעטאָנען און אַרטיקלען, וואָס זענען געשריבן געוואָרן אין ניו־יאָרק, די מייסטע אין די לעצטע צוויי־דריי יאָר. כמעט אַלע זענען געווען געדרוקט אין „פאָרווערטס“. זיי אַלע האָבן אַ שייכות, מאַנכע אַ דירעקטע און אַנדערע אַן אומדירעקטע, צו נאָוואָליפּיע 7 — דאָס הויז פון דער וואַרשעווער „פאָלקסצייטונג“, ווו איך האָב פאַרבראַכט די שענסטע יאָרן פון מיין לעבן. דאָס הויז איז שוין מער נישטאָ, אָבער די פ ע נ צ ט ע ר זענען מיר געבליבן און אַזוי לאַנג ווי מיינע אויגן וועלן זיין אָפן, וועל איך דורך זיי קוקן אויף דער וועלט.“

גענוי וואָס שעפנער מיינט מיט דעם אויסדרוק „די פענצטער“ איז מיר שווער צו וויסן. די „פאָלקסצייטונג“ איז געווען דער אָרגאַן פון פוילישן „בונד“. שעפנער איז געווען איינער פון די חשובסטע און טאַלאַנטפולסטע מיטגלידער פון דער רעדאַקציע. אין די פעליעטאָנען און אַרטיקלען, וואָס זענען געזאַמלט אין דעם בוך, דערציילט ער זייער פיל וועגן דער צייטונג אין אַלגעמיין. ער דערציילט עס מיט ליבשאַפט און בענקשאַפט, ערטערווייז אַפילו מיט חסידישער התלהבות. איין אַרטיקל איז אינגאַנצן געווידמעט צום „בונד“.

דעם אַרטיקל האָט שעפנער געשריבן אין 1947, ווען די „בונד“־אָרגאַניזאַציע, אָדער באַוועגונג, האָט געפייערט איר 50־יאָריקן יובילעאום. אין די אַלע אַרטיקלען, וואָס האָבן אַ דירעקטע שייכות צום „בונד“, רעדט זיך כמעט גאָרנישט וועגן דער אידעאָלאָגיע, אָדער דער פּראַקטישער פּראָגראַם פון דער באַוועגונג. דאָס איז נישט געווען שעפנערס אויפגאַבע, זיין אויפגאַבע איז געווען צו שילדערן דעם גייסט, די אַטמאָספערע פון „בונד“, לויט זיינע היינטיקע דערינערונגען און שטימונגען. און, קענטיק, אַז אַלץ, וואָס איז פאַרבליבן אין זיין זכרון וועגן „נאָוואָליפּיע 7“, וועגן דער צייטונג, דער רעדאַקציע אין די יאָרן וואָס ער איז דאָרט געווען, איז געלייטערט געוואָרן ביי אים אין פייער פון ליבע און בענקשאַפט.

געשריבן זענען די דערינערונגען מיט אַזוי פיל האַרץ, מיט אַזוי פיל וואַרעמקייט, אַז ווער דער לייענער זאָל נישט זיין, צי אַ געוועזענער אָדער היינטיקער גלויביקער פון „בונד“, צי אַ גלייכגילטיקער, אָדער אַפילו גאָר אַ קעגנער, וועט ער אויף דעם מאָמענט, ווייניקסטנס, באַצוואונגען ווערן און מיטפילן און מיטלעבן מיט דעם שרייבער, און אפשר אים אויך מקנא זיין, וואָס אין דער איצטיקער גרויזאַמער צייט קאָן ער אויס־

כישופן אין זיין זכרון מאָמענטן און
בילדער פון דער פאַרגאַנגענהייט,
וואָס טרייסטן און דערהייבן.

אין דעם ערשטן טייל פון בוך,
וואָס האָט אַ „דירעקטע שייכות צום
„בונד", מאָלט שעפּנער אַ גאַלעריע
פון כאַראַקטער־פּאָרטרעטן פון זיינע
קאָלעגן אין דער „פאָלקסצייטונג":
אייניקע פון דער רעדאַקציע און איי־
ניקע פון דער פאַרוואַלטונג. אויפן
צעטל געפינען זיך: יוסף כמורנער,
וולאַדימיר קאָסאָווסקי, ערליך און
אַלטער, נח און „אַבראַם" (קאָסטע־
לאַנסקי). די נעמען זענען גוט באַ־
וווסט צו די יידן פון אַמאָליקן פּוילן
און אויך צו די יידן פון אַנדערע
לענדער, וועלכע האָבן זיך אינטערע־
סירט מיט דער בונדישער באַוועגונג
און אירע טעטיקייטן צווישן די צוויי
וועלט־מלחמות. אָבער זייער ווייניק
פון די, וואָס האָבן געהערט די נעמען
און אַפילו זיך באַטראַכט פאַר זייע־
רע אָנהענגער, אָדער חסידים, האָבן
געהאַט אַ געלעגנהייט צו באַקענען
זיך מיט זיי און צו לערנען וואָס פאַר
אַ מענטשן זיי זענען, די שטריכן פון
זייער כאַראַקטער. די אומשטענדן און
די באַדינגונגען, אונטער וועלכע די
מענטשן האָבן געלעבט און געטאָן
זייער אַרבעט זענען געווען אַזוינע,
אַז זיי האָבן זיך געמוזט האַלטן אין
הינטערגרונד, אין שאָטן; אַ סך זאַכן
וועגן זייער פאַרגאַנגענהייט און וועגן
זייערע קעגנווערטיקע טעטיקייטן
האָבן געמוזט בלייבן „צווישן זיך".

שעפּנער באַגרענעצט זיינע שיל־
דערונגען אויף בילדלעך אין דער רע־
דאַקציע, שווערע איבערלעבונגען,
לייכטע אָדער ערנסטע שמועסן, אַ
שפּאַציר אויף די טרעפּ, אַ „מעשהלע
מיט אַן עפּל", אָדער אַ קיבעץ איבער
אַ סיגאַרעט. אין די בילדלעך שפּיג־
לען זיך אָבער אָפּ שטריכן פון די
כאַראַקטערן פון די מענטשן און זיי
גיבן אויך דעם שרייבער די געלעגנ־
הייט אָנצודייטן אויף אינטערעסאַנ־
טע פּונקטן פון זייער פּערזענלעכן
לעבן.

שעפּנער איז געווען איינער פון
די גליקלעכע, וואָס האָט פאַרלאָזט
פּוילן קורץ נאָכן אויסברוך פון דער
מלחמה, איידער די נאַציס האָבן
אַריינגעכאַפּט די יידן אין זייער בלו־
טיקער נעץ. ער איז אַרויסגעפאָרן
פון וואַרשע מיט דער לעצטער באַן,
וועלכע האָט אַרויסגעפירט פון וואַר־
שע אַ צאָל געקליבענע זשורנאַליסטן
פון פּוילישע און יידישע צייטונגען.
פון דאָרט האָט זיין וועג געפירט
דורך סאָוויעט־רוסלאַנד, דורך סיביר,
דורך יאַפּאַן, כינע, ביז אַמעריקע. דער
וועג איז געווען נישט נאָר אַ לאַנגער
און מידער, נאָר אויך פול מיט גע־
פאַרן און מיט פיזישע ליידן. אונ־
טערוועגס האָט זיך שעפּנער אָנגע־
הערט וועגן די שרעקלעכע איבערלע־
בונגען און טראַגעדיעס פון טויזנ־
טער אַנדערע יידישע פּליכטלינגע,
היימלאָזע, וואָס האָבן געוואַנדערט
איבער פרעמדע לענדער, אָפּגעריסע־
נע פון זייערע היימען און פון זייע־
רע פאַמיליעס.

וועגן די יאָרן פון זיינע וואַנדע־
רונגען האָט שעפּנער אָנגעשריבן
צענדליקער אַרטיקלען אין „פאָר־
ווערטס", נאָכדעם ווי ער איז אָנגע־
קומען אין אַמעריקע און איז אַריינ־
געטראָטן אין אונדזער רעדאַקציע. די

אַרטיקלען האָבן דעמאָלט געמאַכט אַ טיפן איינדרוק און האָבן אַוועקגעשטעלט שעפּנערן אויף דער מזרח־וואַנט פון די „פאָרווערטס״־מיטאַרבעטער. אַ פּאָר צענדליק פון די פעליעטאָנען און פון שפּעטערדיקע פעליעטאָנען איבער דער זעלבער טעמע זענען איבערגעדרוקט געוואָרן אין דעם דריטן טייל פון בוך. דער טייל איז אַ וויכטיקער בייטראַג צו דער „חורבן־ליטעראַטור״, וואָס איז געשאַפן געוואָרן אין די פאַרגאַנגענע צען יאָר און וואָס וועט געלייענט ווערן אַזוי לאַנג ווי דאָס יידישע פאָלק וועט עקזיסטירן.

די געשיכטעס, וואָס שעפּנער דערציילט און די בילדער, וואָס ער מאָלט אין די חורבן־פעליעטאָנען, זענען קליינע עפּיזאָדן, וואָס דער דורכשניטלעכער מענטש וואָלט גלייך פאַרגעסן, אָדער נישט געהאַלטן פאַר וויכטיק אַפילו איבערצודערציילן אין אַ געשפּרעך. אָבער דאָס קינסטלערישע אויג פון דעם שרייבער זעט אין זיי אַ טיפן אינהאַלט, אַ טראָפּן אין וועלכן עס שפּיגלט זיך אָפּ אַ גאַנצער ים פון מענטשלעכע ליידן, אָדער אַ שליסל צו אַ רעטעניש אין דער מענטשלעכער פּסיכאָלאָגיע. עס איז פאַראַן אַן ענלעכקייט צווישן דעם ווי אַזוי שעפּנער שילדערט זיינע העלדן פון דער „פאָלקסצייטונג״ אין ערשטן טייל פון בוך און ווי אַזוי ער שילדערט זיינע אייגענע איבערלעבונגען און טראַגישע פּערזאָנען, וואָס ער האָט באַגעגנט אין דעם דריטן חורבן־טייל פון בוך. אין דעם דריטן ווי אין דעם ערשטן טייל באַנוצט ער געציילטע קורצע שטריכן צו שאַפן אַ בילד פון אַ מענטש אָדער פון אַ גאַנצן עפּיזאָד.

נישטאָ קיין שרייענדיקע, נערוון־רייסנדיקע שילדערונגען אין די חורבן־פעליעטאָנען. די מייסטע העלדן פון די רירנדע און טראַגישע פּאַסירונגען זענען שטילע מענטשן וואָס טראָגן זייער צער טיף אין האַרצן און וואָס האָבן צו קיינעם קיין טענות נישט און וואָס זוכן ביי קיינעם נישט קיין טרייסט.

שעפּנער, ווי יעדער טאַלאַנטפולער פעליעטאָניסט, האָט אַ פיינעם חוש פאַר הומאָר. ער זעט דאָס קאָמישע אין דעם טראַגישן און דאָס טראַגישע אין דעם קאָמישן. די בעסטע מוסטערן פון דעם זענען די עטלעכע פעליעטאָנען אין וועלכע ער אַליין איז דער העלד. דאָרט האַנדלט זיך וועגן אַזעלכע קאָמישע סיטואַציעס ווי „אַ ריס אין די הויזן״ אָדער „אַן אויסגעטראַכטן טאַטן״. אונטער נאָרמאַלע אומשטענדן וואָלטן אַזעלכע פּאַרלעגנהייטן אַרויסגערופן שפּאַס און געלעכטער, אָבער אין דער לאַגע, אין וועלכער דער העלד פון די פעליעטאָנען געפינט זיך, רופן זיי אַרויס שרעק און מיטלייד. און די קאָמישע סיטואַציעס שאַפן דעם עסענץ פון דער גרויסער טראַגעדיע, וועלכע דער העלד לעבט איבער, די גרויסע אומגערעכטיקייט און אכזריות, וואָס ווערן קעגן אים באַגאַנגען.

דער צווייטער טייל פון דעם בוך „אייגענע און נאָענטע״ אַנטהאַלט 6 אַרטיקלען וועגן שרייבער, וואָס זענען שעפּנערן געווען נאָענט און טייער. פינף פון די אַרטיקלען האָט ער געשריבן אַלס נעקראָלאָגן און

דעם זעקסטן אַלס אַ באַגריסונג. אויפן צעטל זענען: ב. יאושזאָן, שלמה מענדעלסאָן, דער טונקעלער, ז. סעגאַלאָוויטש, צביון און איציק מאַנגער. פיר פון די שריפטשטעלער זענען געווען קרבנות פון דער גרויסער קאַטאַסטראָפע און כאָטש זיי האָבן זיך פון דעם פייער אַרויסגעראַטעוועט, האָט די טראַגעדיע פאַרקירצט זייער לעבן. יאושזאָן איז געשטאָרבן אין ארץ ישראל און מענדעלסאָן, דער טונקעלער און סעגאַלאָוויטש זענען געשטאָרבן ביי אונדז אין ניו־יאָרק. כאָטש די זעקס עסייען זענען אין עצם ליטעראַרישע אָפּשאַצונגען, געהערן זיי צו דער חורבן־ליטעראַטור, אפשר נאָך מער ווי פעליעטאָנען פון דעם דריטן טייל.

פאַר מיר זענען די צוויי עסייען וועגן ז. סעגאַלאָוויטש און דער טונקעלער געווען אַן אַנטפּלעקונג. די צוויי שריפטשטעלער האָבן פאַרענדיקט זייערע לעצטע גלות־יאָרן אין ניו־יאָרק אַלס מיטאַרבעטער פון „פאָרווערטס“. ווען זיי זענען קיין ניו־יאָרק געקומען זענען זיי שוין געווען צעבראָכענע מענטשן. שעפנער האָט זיי אָבער געקענט אין וואַרשע, ווען זיי זענען געשטאַנען אויף די העכסטע שטאַפּלען פון זייערע שריפטשטעלערישע קאַריערעס. ער האָט זיי דעמאָלט און אויך שפּעטער געקענט אינטים אַלס קאָלעגן און פריינד. ווי עס ווייזט אויס, האָבן זיי געהאַט געוויסע שוואַכקייטן (און וועלכע מענטשן האָבן נישט קיין שוואַכקייטן?) וואָס האָבן געדינט פאַר שונאים און רכילות־טרייבער אין דער ליטעראַרישער וועלט זיי צו באַרעדן און פאַרלוימדן. די רכילותן האָבן באַגלייט די שריפטשטעלער אַזש קיין ניו־יאָרק.

שעפנער שטעלט זיך נישט אָפּ אויף די רכילותן, אָבער צווישן די שורות קען מען מערקן, אַז ער האָט זיי געהאַט אין זינען ביים שרייבן. און אַזוי ווי פאַרבייגייענדיק מאַכט ער זיי צו נישט.

כמעט אַלע פון די פעליעטאָנען און אַרטיקלען האָב איך געלייענט, ווען זיי זענען געדרוקט געווען אין „פאָרווערטס“. דאָס האָט אויף אַ האָר נישט געמינערט דעם אינטערעס און דעם פאַרגעניגן מיט וועלכן איך האָב זיי אַלע איצטער נאָך אַמאָל איבערגעלייענט אין בוך. גוטע ליטעראַטור בלייבט שטענדיק פריש.

---

**משה שענדעריי** שרייבט וועגן דעם בוך פון פּנחס שטיינוואַקס „יידן פון אַ גאַנץ יאָר“ („די אידישע צייטונג“, בוענאָס־איירעס, 5טער נאָוועמבער 1955):

אַ פאָלק שטאָלצירט מיט זיינע גרויסע לייט, אָבער זיין אמתע באַדייטונג ווערט גיכער באַשטימט לויט זיינע דורכשניטס־מענטשן.

ווען לעסינג איז אַרויסגעקומען מיט זיין „נתן דער ווייזע“ (דער חכם) אין וועלכן ער האָט אַרויסגעבראַכט די געשטאַלט פון אַן אויפגע־

קלערטן, פריידענקענדיקן, טאָלעראַנ־
טן יידן, האָבן די עקסטרעמע אַנטי־
סעמיטן געטענהט אַז אַזאַ יידישער
טיפּ איז גאָרנישט בנמצא, און די
ווייניקער עקסטרעמיסטן האָבן גע־
זאָגט, אַז אויב אַפילו אַזאַ טיפּ ייד
האָט זיך ערגעץ יאָ פאַרוואַלגערט
איז עס דער אויסנאַם, נישט דער
כלל, און אָפּלערנען קאָן מען זיך
נאָר פון כלל.

האָבן מיר איצט, שטעלנדיק די
גייסטיקע מצבה פאַרן פאַרשניטענעם
יידישן לעבן אין מזרח־אייראָפּע, זיך
אָפּגעגעבן מערסטנטייל מיט די אויס־
נאַם־מענטשן: רבנים און גאונים,
שרייבער און דענקער, קעמפער און
אידעאַליסטן. דער „ייד פון אַ גאַנץ
יאָר" איז ווייניקער דערמאָנט גע־
וואָרן און דאָס אויך בדרך אגב אין
די יזכור־ביכער פון שטעט און שטעט־
לעך.

האָט פנחס שטיינוואַקס געטאָן אַ
גוטע זאַך, ווען ער האָט זיין בייטראַג
צו די סעריעס „דאָס פוילישע יידנ־
טום" געווידמעט דעם „יידן פון אַ
גאַנץ יאָר", און האָט אַרויסגעפירט
אַ גאַלעריע פון יידישע דורכשניטס־
מענטשן, עכטע עמך, מיט זייערע
אייגנשאַפטן, מעלות און חסרונות,
שטרעבונגען און לעבנס־דרך.

די סעריע פיגורן זענען נישט קיין
קונסט־בילדער, אין וועלכע די פאַנ־
טאַזיע פון דעם מחבר וואָס וויל
אַרויספירן דאָס וואָס וואָלט געקאָנט
און געדאַרפט זיין, שפּילט די דעצי־
דירנדיקע ראָלע. פון די איינצלהייטן
מיט וועלכע פנחס שטיינוואַקס באַ־
שרייבט זיינע העלדן, באַקומט זיך
דער איינדרוק פון פאָטאָגראַפיעס
וואָס שטעלן פאָר דאָס בילד אַזוי ווי
עס איז, מיט אַלע פּיטשעווקעס, און
די פאָטאָגראַפיעס זענען גוט גע־
מאַכט, אמתע קונסט־פאָטאָגראַפיעס.

אָט האָט איר אַ גרופּן־בילד פון די
העלדן וואָס פנחס שטיינוואַקס פירט
אַרויס: „ר' פתחיה פלעגט גיין אין
בית מדרש אַריין אָפּוואַרטן דעם פריי־
מאָרגן. אַ מנין יידן האָבן זיך אַזוי
נוהג געווען אין שטעטל, ווי למשל:
יהודה הערש דער שניידער, איציקל
דער טרעגער, יעקב זבולינס דער קאַ־
ראַבעלניק, משה איטשע דער שוס־
טער, בערל דער טאַנדעטניק, יודל
דער בלעכער, צדוק דער בעדער,
שלום דער קצב, בעריש דער טשעס־
לער און ר' פתחיה דער פאַרבער".
וואָס טוען יידן אין בית מדרש אַזוי
שפּעט אין דער נאַכט, ערב באַגינען?
מען זאָגט תהילים, און ר' פתחיה איז
דער ראש המנין, דער זאָגער. פסוק
ביי פסוק, און דער עולם זאָגט נאָך
וואָרט ביי וואָרט"...

האָבן מיר פאַר זיך די עמך־יידן
פון שטעטל, די אַזוי גערופענע „דוד
המלכס גוואַרדיע", ווייל זאָגער פון
זיין תהילים, פשוטע יידן, פשוטע
מתפללים, אָבער אַ בילד באַקומט
זיך. נישט קיין אויסטערלישעס, נאָר
אַ דורכשניטלעכעס, אַזאַ וואָס מען
האָט געקאָנט געפינען אין אַלע יידי־
שע שטעט און שטעטלעך פון דער
אַלטער היים. און אין דעם איז טאַ־
קע די וויכטיקייט.

און אָט שטייט אויף פאַר אונדז
דער עקאַנאָמישער עני ואביון און
דער גייסטיקער גביר־אדיר ר' הער־
צקע, וועלכער טענהט אַז ער איז רייי־
כער פון אַלעמען ווייל ער האָט דאָך

זיין אויסקומעניש פון אייגענער פּראַצע; און אַ מצוה האָט ער זיך גענומען איינבינדן ספרים:

„פאַר איינבינדן אַ ספר האָט ר׳ הערצקע קיין געלט נישט גענומען. די מצוה איז געווען זיין שכר. שפּעט ביינאַכט, נאָך אַן אַרבעטס־טאָג, פלעגט ער שטיין ביי אַ קעראָסין־לאָמפּ און מיט כוונה פון עבודת הקודש איינבינדן ספרים. אַזוי ווי דער סופר וואָס שרייבט די תורה איז מדקדק אויף יעדן אות אַזוי האָט ער, הערצקע, אויך מכוון געווען אויף יעדעס וואָרט וואָס די שמות האָבן אַנטהאַלטן“.

דאָס איז שוין אַ קונסט־פאָטאָגראַפיע פון אַ נשמה, פון די זעלישע הצטרכותן פון איינעם וואָס האָט שטרעבונגען וואָס שטייגן ווייט אַריבער די השגות פון אַ באָנטשע־שווייג, כאָטש ער איז סאָציאַל פון דער זעלביקער קאַטעגאָריע.

און אָט איז דער פּרוש ר׳ אהרן בעל איסור, וואָס זינגט אַריין אין לעבן דאָס פאָלקס־לידל „פאָ כסידאַצקאָמו“.

„אַז וואָס מען מעג.
טאָר מען אויך נישט אַביסעלע“...

אַ מענטש וואָס פאַרגינט זיך אַפילו נישט צו פאַרווילן מיט אַ ניגון ביים גמרא־לערנען. אָט דער האַרטער אַסקעט האָט דאָך געפיל און פאַרשטענדעניש פאַרן לעבן און גרויל און עקל פאַר מלחמה וואָס נעמט צו דאָס לעבן. טייטשט ער איין די פראַגע פון אַ יידישן מלך צו אַ נביא מיט אַ דריטהאַלבן טויזנט יאָר צוריק: „מי יאסור המלחמה?“ — ווער זאָל פאַרקניפּן — דאָס הייסט אָנצינדן — די מלחמה? טייטשט ר׳ אהרן בעל איסור דאָס וואָרט יאסור פון לשון איסור, אסרן, פ אַ ר ב אָ ט ן. ווייל מלחמה טאָר מען נישט פ אַ ר ב י נ ד ן. מלחמה מוז מען פ אַ ר ב אָ ט ן . . .

און אַזוי גייען זיי דורך פאַר די אויגן פון לייענער. די קונסט־בילדער פון די „יידן פון אַ גאַנץ יאָר“ פון דער אַמאָליקער וועלט, 30 אין צאָל, דריי מנינים. שקול קעגן די דריי זיילן אויף וועלכע זיין יידישקייט האָט זיך געהאַלטן: תפילה, לימוד התורה און צדקה, מיט אַ צוגאָב פון בטחון און התלהבות.

אָבער פנחס שטיינוואַקס האָט אויך אַן אויג און פאַרשטענדעניש פאַרן נייעם יידן, וואָס באַגרינדעט זיין וועלט אויף די זעלביקע יסודות נאָר אַביסל אַנדערש פאָרמולירטע.

אויפן גרענעץ צווישן ביידע וועלטן שטעלט ער אַוועק דעם ד״ר שלאָסמאַן אַ גרויסער טעראַפּעוטיקער און אַ יודע ספר, תורה און חכמה געפּאָרט צוזאַמען, און אָנגעפילט מיט מעשים טובים: „ער האָט זייער שווער געאַרבעט“, „גאַנצע זעכציק יאָר פּראַקטיצירט מעדיצין“, די גאַנצע באַפעלקערונג אין שטאָט, סיי יידן סיי קריסטן, האָבן געפייערט דעם יובליי פון אַ שאָק יאָרן מעדיצינישע פּראַקטיק“.

און ווען עס קומט זיין לעצטע שעה, איז ד״ר שלאָסמאַן דער פאָלקסטימלעכער ייד, וואָס „דינגט“ זיך מיט חברה קדישא אַז זיי זאָלן נ ע מ ע ן באַצאָלט פאַר מטהר־זיין דעם גוף. פאַר קבורה טאָר מען דאָך קיין געלט נישט נעמען, עס איז דאָך אַ

מצוה. האָט ער „קוים געפּועלט אַ
גייעם פּאַרקאַן אַרום בית עולם" פּאַרן
געלט וואָס ער לאָזט איבער.

לייענט מען די דערציילונג מיט
אַלע אירע איינצלהייטן און דעטאַלן,
פילט מען בחוש, אַז ד"ר שלאָסמאַן
איז נישט קיין קינסטלערישע אויס־
געטראַכטעניש, נישט קיין „טיפּ",
נאָר אַ ייד פון פלייש און בלוט און
נשמה, וואָס האָט געלעבט און איז
געשטאָרבן ווי אַ פאָלקסטימלעכער
עמכניק, כאָטש אַ מעדיצינער און אַ
יודע ספר.

און אָט איז חבר מנחם, אַ זון פון
אַ גערער חסיד וואָס האָט געלערנט
אין ישיבות און איז געוואָרן אַן אַר־
בעטער־טוער, אַ מורד במלכות, אַזאַ
איינער וואָס „האָט זיך מיט לייב און
לעבן, מיט אַ סך ברען און פלייס
אַריינגעוואָרפן אין דער טעטיקייט,
טאָג און נאַכט געזעסן מיט אַרבע־
טער, באַטראַכט פלענער פון אָרגאַ־
ניזירן בשותּפותדיקע אַרבעטער־וואַר־
שטאַטן" — קאָאָפּעראַציע, הייסט עס
אויף דער מאָדערנער שפּראַך, התּ־
להבות און התפּעלות פאַר אַ גוטער
און גערעכטער זאַך רופט מען עס
אויף חסידים־לשון. עס איז היינו הך.

און וואָס פעלט דעם יתום און
שפּעטערדיקן טרעגער משה קאָוולער?
גענוג זיך אָנגעפּלאָגט ביז ער האָט
זיך דערשלאָגן צו אַ שטיקל תכלית
אין לעבן; „געוואָרן אַ שם־דבר אויף
דער יידישער אַרבעטער־גאַס אין
וואַרשע. אָרגאַניזירט דעם קאָלעק־
טיוון כוח פון די יידישע טרעגער־
אַרבעטער. צו משהס זאָרג האָט אויך
געהערט צו אָרגאַניזירן די יידישע
זעלבסטשוץ, וואָס זאָל זיך אַנטקעגנ־
שטעלן די פאַרשיידענע פּאָגראָמ־
שטשיקעס, שיצן דעם יידישן כבוד,
פאַרטיידיקן יידישע לעבנס פון רוצ־
חישע נעגל. דער טרעגער משה קאָוו־
לער איז געוואָרן דער טרעגער פון
יידישן כבוד".

און חבר משה, אַ זון פון אַ סופר,
ווערט אַ האַלבער אינטעליגענט וועל־
כער „שרייבט בריוו פון כלהס צו
חתנים, „פּראָשעניעס" און אַדרעסן
אין די ווייטסטע לענדער" און
לסוף אַ סעקרעטאַר פון אַ פּראָפע־
סיאָנעלן פאַריין פון יידישע טראַנס־
פּאָרט־אַרבעטער אין וואַרשע. ער
לויפט אַרום „פון איין אַמט אין
צווייטן, אָפּצושרייען פאַרשיידענע
גזירות, פאָדערן שוץ, רעכט אויף אַר־
בעט און מענטשלעכע עקזיסטענץ
פאַר די מיטגלידער, און ביינאַכט איז
ער פאַרנומען מיט פאַרזאַמלונגען,
באַראַטונגען, קאָנפערענצן", אַזוי האָט
ער אַריינגעצויגן אין די סאַמע היט־
לער־טעג און „אין די רומפולע טעג
פון אומפאַרגעסלעכן, הערויאישן
יידישן ווידערשטאַנד אין וואַרשע־
ווער געטאָ, איז חבר משה געווען
מיטבאַטייליקט". „דער זעלבער מוט
און יידישער שטאָלץ, וואָס האָט באַ־
גלייט חבר משה אַלע יאָרן פון זיין
לעבן — האָט באַגלייט משהן אַלס
מיטבאַטייליקטן אין גרויזאַמען קאַמף
פאַר אַן ערנהאַפטן, שטאָלצן און
הייליקן טויט"...

די העלדן פון דער גאַלעריי פון
קונסט־פאָטאָגראַפיעס וואָס פנחס
שטיינוואַקס פירט אַדורך אין זיין בוך
„יידן צום געדענקען", האָבן געקאָנט
נישט נאָר שיין לעבן, נאָר אויך שיין
שטאַרבן.

צי איז עס דער קרעמער ר׳ ווענוול, וועלכער שטעלט זיך קעגן די ס. ס. „האָט פאַר יעדן קלאַפּ צוריקגעשלאָגן" און פאַלט „צוזאַמען מיט די בראַווע געטאָ־קעמפּער", צי ס׳איז חבר משה, דער האַלבער אינטעליגענט וואָס פאַלט אין קאַמף, אָדער דער ד״ר שלאָסמאַן וואָס שטאַרבט אויף זיין אייגן בעט, מיט ווידוי און צוואה ווי אַלע יידן פון זיין דור, אַלע האָבן זיי געקאָנט שיין לעבן און אויך שיין שטאַרבן. און אויף אַזעלכע פיגורן קאָן יעדעס פאָלק שטאָלץ זיין.

דערביי האָט מען דאָס געפיל אַז עס זענען נישט קיין אויסגעטרוימטע פיגורן, נאָר שטיקערווירקלעכקייט, וואָס פנחס שטיינוואַקס האָט פאַרגעדענקט און פאַרצייכנט און באַשריבן, און דער פאַרלאַג „דאָס פוילישע יידנטום" האָט אַרויסגעגעבן „צום געדענקען"... — דער מחבר ווי די אַרויסגעבער פאַרדינען אַ יישר־כוח פאַר די פּרעכטיקע קונסט־פאָטאָגראַפיעס.

---

*ABRAHAM ZAK*

# ESCLAVOS FUIMOS...

## Tomo II



Editado por la
**Unión Central Israelita Polaca en la Argentina**
Buenos Aires, 1956